# אנרי באַרבוס
# קלאַרקייט

Henri Barbusse

Klarkeyt

א ראָמאַן

איבערגעזעצט פונ׳ם פראַנצויזישן פון

רפאל זעליגמאַן

1 9 2 2

יידישער קולטור־פאַרלאַג/בערלין

# איך



לע טעג פון דער וואך זענען גלייך איינער דעם אנדערען, פון אנהויב ביז צום סוף. אין אבענד הערט מען, ווי דער זייגער שלאגט זיבען מיט א שטילען קלאנג, און ווי עס פאלט דערנאך אריין די גלאק פון דער פאבריק מיט א גרויסען ליארם. איך מאך צו דעם גישעפטסבוך, ויש אב די פעדער, און לייג זי אוועק אן א זייט. איך נעם דעם האלזטוך און דעם הוט און כאפ דערנאך א קוק אין שפיגעל אריין, וועלכער ווייזט מיר מיין גלייכען לענגליכען פנים, מיינע גלאטיגע האהר און מיינע דינינקע וואנצעס. עס איז ניכּר, אז איך בין עפעס מעהר ווי א פשוטער ארבייטער. איך לעש אויס דאס ליכט און פארלאז מיין קליינעם ביורא, וואס איז ארומגערינגעלט מיט פענסטער. איך געה אדורך דעם גרויסען זאל, וואו עס שטעהען די קעסלען, און ווער פארכאפט פון דער געדיכטער ארבייטערמאסע וואס איז נאך אין גאנצען פארהילכט פון דעם באפרייענדיגען קלאנג פון די גלאקען. פון דער דאזיגער פינסטערער און צונויפגעפרעסטער מאסע, וועלכע צוגיסט זיך אין די קארידארען און לאזט זיך אוועק צו די טרעפ, רייסען זיך ארויס א פאר שטימען, וועלכע רופען מיר צו פארבייגעהענדיג „א גוטען אבענד אייך, הער סימאָן” אדער נישט אזוי מחותנדיג „א גוטען אבענד אייך, הער פּאָלען”. איך ענטפער אמאל דעם, אמאל יענעם, און לאז זיך טראגען פון דעם גאנצען עולם.

גלייך ביים שוועל פונ׳ם פאבריקטויער, וועלכער געהט ארויס אויף א פעלד מיט בלאסע ליניעס, זעהט מען ארויסשטארצען די פירקאנטיגע און דרייקאנטיגע מויערן פון דעם פאבריקגיביי, וואס זעהען אויס ווי גרויסע שטיקער פון דעקאראציעס; מען זעהט דעם פארלאשענעם פאבריקקוימען, איבער וועלכען עס הענגט איצט אראב א טראפענדיגער נאַכטוואלקען. איך ווער איינגעוויקעלט אין דער פינסטערער כמארע פון דער גאס. א לאנגע שורה פון ווייבער, וועלכע זיצען אנגישפארט ביים מויער, וואס אנקעגען דער פאבריק,

# איך



לע טעג פון דער וואך זענען גלייך איינער דעם אנדערען, פון אנהויב ביז צום סוף. אין אבענד הערט מען, ווי דער זייגער שלאגט זיבען מיט א שטילען קלאנג, און ווי עס פאלט דערנאך אריין די גלאק פון דער פאבריק מיט א גרויסען ליארם. איך מאך צו דעם גישעפטסבוך, וויש אב די פעדער, און לייג זי אוועק אן א זייט. איך נעם דעם האלזטוך און דעם הוט און כאפ דערנאך א קוק אין שפיגעל אריין, וועלכער ווייזט מיר מיין גלייכען לענגליכען פנים, מיינע גלאטיגע האהר און מיינע דינינקע וואנצעס. עס איז ניכר, אז איך בין עפעס מעהר ווי א פשוטער ארבייטער. איך לעש אויס דאס ליכט און פארלאז מיין קליינעם ביורא, וואס איז ארומגערינגעלט מיט פענסטער. איך געה אדורך דעם גרויסען זאל, וואו עס שטעהען די קעסלען, און ווער פארכאפט פון דער געדיכטער ארבייטערמאסע וואס איז נאך אין גאנצען פארהילכט פון דעם באפרייענדיגען קלאנג פון די גלאקען. פון דער דאזיגער פינסטערער און צונויפגעפרעסטער מאסע, וועלכע צוגיסט זיך אין די קארידארען און לאזט זיך אוועק צו די טרעפ, רייסען זיך ארויס א פאר שטימען, וועלכע רופען מיר צו פארבייגעהענדיג „א גוטען אבענד אייך, הער סימאָן” אדער נישט אזוי מחותנדיג „א גוטען אבענד אייך, הער פאָלען”. איך ענטפער אמאל דעם, אמאל יענעם, און לאז זיך טראגען פון דעם גאנצען עולם.

גלייך ביים שוועל פונ׳ם פאבריקטויער, וועלכער געהט ארויס אויף א פעלד מיט בלאסע ליניעס, זעהט מען ארויסשטארצען די פירקאנטיגע און דרייקאנטיגע מויערן פון דעם פאבריקגיביי, וואס זעהען אויס ווי גרויסע שטיקער פון דעקאראציעס; מען זעהט דעם פארלאשענעם פאבריקקוימען, איבער וועלכען עס הענגט איצט אראב א טראפענדיגער נאַכטוואלקען. איך ווער איינגעוויקעלט אין דער פינסטערער כמארע פון דער גאס. א לאנגע שורה פון ווייבער, וועלכע זיצען אנגישפארט ביים מויער, וואס אנקעגען דער פאבריק,

און ווארטען, ציהט זיך אין שאטען ווי א פארהאנג. קוים זעהט מען ארויס זייערע בלאסע, מאנאטאנע געשטאלט. מען קוקט זיך איין אין די פנימער און מען דערקענט זיך ביסלעכווייז. מען בויגט זיך צו צואנאנד און מען רופט זיך אן ביים נאמען. באלד באהעפטען זיך פארלאך, איינער מיט׳ן אנדערען. איך קוק נאך, ווי די ארביי־טערמאסע צוזייט זיך אויף דער פארחלומטער גאס. א בלאסער סליאד אין די ווייטע פעלדער אריין. דעד סליאד פיהרט דורך א שורה פון דארע בוימער, פאררויכערט ווי אויסגעלא־שענע ליכט, דורך טעלעגראפענסלופעס מיט זייער שפינוועב פון דראהט, דורך קוסטעס אדער אויך דורך פארקאנעס, וואס זעהען אויס ווי שקעלעטען פון קוסטעס. און אין דערמיטען א פאר הייזער, א בלאס־געלבליכער פאס הימעל ציהט זיך אין דער הויך איבער דער פארשטאט, אוואו עס קלעטערט איצט ארויף די פארקויטיגטע מאסע, וואס איז ארויס פון פאבריק. דער מערב ווינד לאזט פאנאנדער אונזערע בלויליכע, שווארצליכע און ערדפארביגע העמדלאך, ער טרייסעלט די עקען פון אונזערע האלזטיכער, און עפעס משונהדיגע, ווילדע ריחות כאפען ארום אונזערע גישטאלטען, וועלכע צושווימען אונטער דעם נאכטהימעל. פון פארשיידענע זייטען קוקט ארויס, באלד דאָ, באלד דארט, א שיינקעל, און ציהט צו צו זיך. די טירען זענען צוגעמאכט, אבער איבער די טירען און איבער די פענסטער ליגט א גאלדענער אבגלאנץ. צווישען די שיינקען שטארצען ארויס אלטע, נידעריגע און נישט באוואהנטע הייזער; אנדערע הייזער זענען שוין כמעט אין גאנצען איינגעפאלען, און די חורבות שניידען ארויס פון א שטיקעל הימעל, וואס זעהט זיך אין דער הויך, דעם וויסטען טאל פון די מענשענוואהנונגען. ארום מיר, איבער דעם שליאך, הערט זיך א קלאפעריי פון פיס אין שיך, בא־שלאגען מיט צוועקעס; עפעס אזוי ווי עמיצער וואלט דא גיפויקט אדער גיבראזגעט מיט קייטען. און הגם איך געה מיט אנ׳אראבגע־לאזאנעם קאפ הער איך דאך נישט דאס טאָפּען פון מיינע אייגענע טריט, ווייל זיי ווערען אין גאנצען פארמישט מיט די טריט פון מיינע חברים.

מען איילט זיך ווי אלעמאל, און פּלוצים הויבט מען אן אראָב־צוגעהען און דער פוס גיט זיך א שטעל ווייטער — דאָס איז אויף דעם אָרט, וואו א גרויסער בוים שאָקלט זיך מיט אימפּעט ווי א לעבעדיגער אין א פעלד, וואָס איז שוואַרץ ווי טינט. פון אונטען זעהט מען, ווי עס פינקלען די פייערלאַך פון וויוויע. אַבגיאַרבעט א טאָג — לאָזען זיך די מענשען אַנקעגען אַט די דאָזיגע לייכטענ־דיגע שטערענדלאַך. יעדוועדען אַבענד די אייגענע אַרבייט, און יעד־וועדען אַבענד די אייגענע האָפענונג. מיר זענען אַלעמאָל דיזעלביגע, אַזוי ווי אַלע אַנדערע, און ווי איטליכען אַבענד, גייע איך מיר אַנ־קעגען דעם ליכט פון אונטען.

מיר לאָזען זיך אַראָב אין דער ריכטונג צום טאָל, ביז דער אַב־האַנג הערט אין גאַנצען אויף, און די גאַס צולייגט זיך פאַר אונז בהרחבותדיג אַקוראַט ווי א טייך, וועלכער ווערט וואָס ווייטער אַלץ ברייטער און פיהרט אונז צום סוף אין שטאָט אַריין. צווישען די צווייגען פון די אַלטע פּלאַטאַנען, וועלכע שטעהען נאָך גאַנץ נאַ־קעט אין די לעצטע טעג פון מאַרט (מערץ), קוקען אַרויס די הייזלאַך, צו־וואָרפען איבער דעם גרויסען שטח, אַזוי ווי עפּעס פאַנטאַסטישע, אין נעפּעל איינגעוויקעלטע, און פון ליכט דורכגילעכערטע שאַכבּרע־טער. צווישען די בין השמשותדיגע אַלעס פון די בוימער דער־נענטערן זיך די מענטשען צו זייערע וואָהנונגען. זיי גייען זיך צונויף צו די עפענונגען פון די טירען, שטופּען זיך אַריין אין די הייזער, פאַרשווינדען אין זיי, און ווערען אַליין שטיקלאַך ליכט.

איך גייע מיר ווייטער צווישען א פאַר חברים, ס׳רוב מייסטערס און משרתים, וואָרום מיט פּראָסטע אַרבייטער חבר איך זיך נישט. דערנאָך גיב איך זיי די האַנד, און גייע ווייטער אַליין. א פאָר פאַר־בייגעהענדיגע מענשען ווערען נעלם אין דעם נאַכטשאָטען. ווען נישט ווען הערט מען די קלאַפּערייי פון א שלאָס און פון א צוגימאַכ־טען לאַדען. די הייזער זענען שוין איצט אַלע צוגישלאָסען, און די גאַנצע, אין נאַכט און פינסטערניש פּאַרזונקענע שטאָט ווערט ווי א טיפע וויסטעניש. איך הער שוין מעהר נישט ווי דעם טאָפּען פון מיינע אייגענע טריט.

ווי א סך אנדערע שטעט מן הסתם איז אויך ווייוויע צעטיילט אויף צוויי העלפט: די רייכע שטאט מיט דער גרויסער גאס, וואו עס געפינען זיך דאס גרויסע קאפעהויז, אויסגעפוצטע האטעלס, הייזער מיט שניצערייען, א קלויסטער, און דער פריצישער פאלאץ אויף א בערגל; די אנדערע העלפט פון דער שטאט באשטעהט פון דעם קווארטאל, וועלכער געהט אראָב בארג, און אין וועלכען איך לאז זיך איצט ארײן. דאס איז א גאנצע נעץ פון קליינע געסלאך, אין וועלכע עס פארענדיגט זיך יענע גאס, וואס פיהרט אזש ביז צו דער פאבריק, און וואס איז פוןביידע זייטען ארומגעשטעלט מיט ארבייטער־הייזלאך. אט דאס איז דאס דער וועג, אויף וועלכען איך לאז זיך ארויף איטליכען פריהמארגען און איטליכען אבענד, שוין זייט א משך פון צעהן יאהר, זייט איך בין אויף א שטעל ביי מיינע בעלי־בתּים, די גאזשאנס. איך בין נאך שטארק צוגעוואוינט צו מיט׳ן ארבייטערקווארטאל. אבער עס ווילט זיך מיר דאך א מאל וואהנען אין דער אנדערער העלפט פון שטאט. די ביידע העלפט פון דער שטאט זענען אבגעטיילט איינע פון דער אנדערער דורך א מין גרע־ניץ, וועלכע איז אלעמאל געווען און וועט אלעמאל זיין.

אויף דער גרינער גאס טרעף איך נאך איין איינציגע לאטערנע, און דערנאך זעה איך, ווי א קליינע, אשקאליערענע מיידעלע געהט ארויס פון דער פינסטערניש און ווערט ווידער אין איהר נעלם. זי דריקט צו צום בוזים א 3־פונטיגען לעביל ברויט, ווי א ליאלקע, און אט באלד איז די עטאפּענגאס. דארט וואהן איך טאקע. אין דער טונקעלקייט פונ׳ם אבענד קוקט ארויס די שטוּב פונ׳ם פאריקמאכער מיט איהרע באלויכטענע און פארהויכטע פענסטער, אויף וועלכע עס מאלען זיך אב די באוועגונגען פון די קונדען. און גראד ווי איך געה פארביי עפענט זיך אויף א ווייליע די דורכזיכטיגע טיר מיט דער קיילעכדיקער אויפשריפט, עס גיט א זעץ פון דארט א פארפומעדיגע העלקייט, און אין דערזעלביגער צייט באווייזט זיך אויפ׳ן שוועל אונטער דעם פאריקמאכערסקען שילד דער בעל הבית זשוסטען פיקאר בכבודו ובעצמו. אט גיזעגענט ער זיך מיט א קונד און זאגט דערביי ארויס עטליכע ווערטער, און איך האב צייט גיהאט צו באמערקען,

ווי דער קונד האט צום צייכען פון הסכמה א שאקעל גיטון מיט׳ן קאפ׳ און ווי הער פיקאר גלעט מיט זיין באלויכטענע האנד זיין בלאנדע׳ אייביג פרישע און פארפוצטע בארד׳ איך געה ארום די איינגעפא־לענע בלעכווארשטאט מיט איהרע איינגעבויגענע׳ צושפאלטענע און פארשטויבטע ווענד׳ מיט איהרע פארלאשענע פענסטער׳ פון וועלכע עס קוקט צייטענווייז ארויס עפעס א מין שווארצקייט. עס דוכט זיך מיר אויס׳ אז מיט א פאר טריט ווייטער זעה איך דעם לייכטען שא־טען פון דער קליינער אנטאָאַנעטע מיט איהרע קראנקע אויגען וועל־כע מען האט נאך עד היום נישט געקאנט אויסהיילען. אבער אויף געוויס ווייס איך דאס נישט׳ און איך געה מיר אריין אין מיין הויף.

ביי דער טיר פון זיין ווארשטאט׳ וועלכע געפינט זיך אינעווייניג אין הויף שטעהט הער קרייאָן. דעם גאנצען טאג איז ער פאר־טון אין קליינע ארבייטען. איטליכען אבענד שטעהט ער פאר מיר׳ ווי א סלופ. ווי ער דערזעהט מיך נאר׳ אזוי גיט ער א שאקעל מיט זיין גיגאלטען פרצוף — די גרויסע נאָז אין דער מיטען און די לאנ־גע אויערען אונטער דער פיערקאנטיגער היטעל. ער פיהרט מיך אוועק צום ברעג גאס און קוועטשט מיך צו צו א סלופ; ער פאטשט מיט די הענט איבער זיין פארטוך׳ וואס איז הארט ווי א ברעט׳ און זאגט מיר שטיל מיט א טיפען אויסדרוק אין זיין שטים: „אט דער דאזיגער פעטרארך׳ ווי איהר זעהט איהם אן׳ איז דאך אין דער אמת׳ן א ליידאק״. ער פאררוקט די היטעל׳ גיט א מאך מיט זיין צושויבערטען קאפ אין דעם וועהענדיגען אבענדווינד׳ און רעדט ווייטער: איך האב פאררוכט זיין טייסטער׳ וואס איז אין גאנצען קאליע געווארען; איך האב דארט אריינגיזעצט א קנאָפּקע׳ וועלכע האט מיר גיקאסט 30 סאנטים׳ און דאס גאנצע צוגישטעפּט; אזעלכע ארביי־טען׳ פארשטעהט איהר מיך׳ קאסטען געלט; און וואס מיינט איהר? ווי נאר איך עפען דעם מויל׳ כדי איהם צו דערמאהנען מכוח דער נייהמאשינע׳ וועלכע טויג דאך נאר פאר מיר׳ ווארום ער׳ דער שלימזל׳ ווייס דאך אפילו נישט׳ ווי צו באגעהען זיך מיט איהר׳ מאכט ער זיך כלא ידע! היינט׳ וואס זאגט איהר דערצו? ער דערצעהלט מיר פון דעם משוגהדיגען מקח׳ וועלכער דער שוסטער

טראָמפּסאָן פארלאנגט פון איהם פאר א פאר זוילען, און פון דער מאדנער אויפפיהרונג פון דעם הער בעקרע, וועלכער האט איהם פשוט אנ־געפייפט, ווארום ער האט איהם פאר דעם פאריכטען פון א דאכרינע באצאהלט מיט א מעסער, וואס שנייט, ווי ער האט איהם געזאגט, אלץ וואס מען זעהט נאר. און דאס איז דאס הער בעקרע, וואס א־ז כלומרשט א שיינער בעל־הבית! ער דערצעהלט מיר אויס אלע וויכטיגע פרטים פון זיין לעבען, און דערנאך זאגט ער מיר: „איך בין אפילו נישט קיין גרויסער נגיד, אבער דערפאר בין איך אנ׳עהרלי־כער מאן. מיין טאטע האט גיהארעוועט, מיין טאטענס טאטע האט גיהארעוועט, און מהאי טעמא הארעווע איך טאקע אויך. אנדערע קריכען אין די הויכע פענסטער; איך בין נישט פון די, וואס איך טו, טו איך”. פלוצים דערהערט זיך א טאָפּען איבער דער גאס, און עס קריכט עפּעס פון ערגיץ ארויס א שווערע מאסע, וועלכע פאלט פון די פיס און זוכט זיך אן עפּעס אנצוהאלטען, און ווייל זי געפינט נישט אן וואס, האלט זי זיך אן אן זיך אליין. עפּעס קומט אויס, אז זי ווערט גישטופּט פון א מין באהאלטענעם העכערען כוח. די מאסע דערנעהנטערט זיך צו אונז שפרינגענדיג. דאס איז דער שמיד בריבי, שכור ווי דער שטייגער איז. ווי נאר ער דערזעהט אונז, אזוי הויבט ער אן תיכף צו ליארעמען, און בעת ער קומט צו צו אונז גאנץ נאהענט בלייבט ער א וויילינקע שטעהען. פלוצים אבער קומט אויף איהם אן א געדאנק, און ער גיט זיך א שטעל מיט זיינע שטיוואלעס אויפ׳ן ברוק ווי א גוטע פאר פערד. ער שטעלט אויס א פאר אויגען און מעסט מיט זיי די לענג פון דעם טראטואר. ער וויל עפּעס זאגען, האלט זיך אבער איין, צונויפקוועטשענדיג די קולאקעס. דאס געזיכט איז ביי איהם אין רויטע פלעקען. וואקלענדיג טרעט ער אב אן א זייט. עס זעצט פון איהם א פארע פון בראנפען און שנאה.

»דער אנארכיסט!« זאגט קרייאָן מיט א מינע, אזוי ווי עס וואלט איהם גיעקעלט. »דאס זענען דאך טאקע מיאוסע גידאנקען, הא ווי מיינט איהר? אוי, רבונו של עולם, ווען וועט מען שוין פטור ווערען פון דער גאנצער חאלאסטרע!« און ער גיט מיר די האנד. »נו, א גוטען אבענד אייך . . . . .« איך טענה אלץ צום שטאטראט,

טענה איך, אז מען דארף זיך אקארשט צו זיי נעהמען, צו די חברה קאמוניסטלאך, ווי נאר זיי הויבען אָן אריבערצוטרעטען די גיזעצען איבער שכרות. נעכטיגע טעג! אין שטאטראט זיצען קאקערס, איך בעט איבער אייער כבוד! זיי ווילען ארדענונג, און ווי נאר מען דארף עפּעס טון, אזוי הערט מען פון זיי קיין פּיפּס נישט.«

הער קרייאָן איז שטארק אין כעס. ער טרייסעלט מיט׳ן קו־לאק, ווי מיט א גיצייג. ער ווייזט מיר אן די ריכטונג, אין וועלכער בריבי איז אקערשט נעלם גיווארען, שטרויכלענדיג אין דער פינסטער־ניש פון דער נאכט.

»אט דאס זענען דאס די סאציאליסטען, זאגט ער ווייטער, מען האלט זיך פאר מוראדיג גרויס און וויכטיג, און מען קאן קוים אייג־שטעהען אויף די פיס. וואס איז נוגע צו מיר, בין איך פאר ארדע־נונג און רוהיגקייט, און דערפאר פּראצעווע איך טאקע..... און וואס מאכט עפּעס די מוהמע זשאָזעפינע? איך האב האָלט, עס זאל זיין שטיל און רוהיג, און דערפאר האב איך קיינמאל קיין מגע ומשא מיט דער גאנצער חברה נישט גיהאט. האסט דו א ביסעל גיזעהען, ווי דאס ריהרט זיך פון ארט, אקוראט ווי א יונגע מיידעלע, אזוי לעבעדיג, אזוי פריש! הא, וואס זאגט איהר?« ער געהט אריין צו זיך אין ווארשטאט, אבער באלד קומט ער צוריק און רופט מיך. ער רוימט מיר איין א סוד: »זיי זיינען דאך שוין אלע גיקומען דארט אויבען אין פּאלאץ, ווייסט איהר שוין דערפון?«

פון גרויס דרך ארץ רעדט ער מיט א שטילען קול. ער מיינט די פריצים, און בעת ער גיזעגענט זיך מיט מיר, פארבויגט ער זיך נישטווילענדיג.

זיין ווארשטאט באשטעהט פון אנ׳ענגער קאמער מיט פענסטער ארום און ארום. אינעווייניג דוכנט קרייאָן מיט זיינע ברייטע פּלייצעס איבער א גאנצען הויפען פון אלערליי שטיקלאך אייזען, וואס וואלגערען זיך ארום אויף דער פּאדלאגע. איבער די כלערליי גיצייג, וואס ליגען אויפ׳ן טיש, און איבער אלץ, וואס הענגט אויף דער וואנד איז אויסגיגאסען א ליכטיגקייט, און אין דער מיטען פון דער דאזיגער העלקייט, ווי אין א גאלדפארביגער, אביסעל פאר־

נעפילטער פארצירונג זעהט זיך ארויס די גישטאלט פון אונזער פילאזאף, װעלכער איז פארטון אין זיין מלאכה װי זיין טאטע און טאטענס טאטע מיט א נשמה װאס איז פריי פון שנאה און קנאה.

איר הויב זיך ארויף אויף די טרעפ פון אונזער הויז און גיב אנ'עפען די גרויע טיר, פון װעלכער עס שטעקט ארויס דער שליסעל. די טיר גיט א קרעכץ און לאזט מיך אריין אין א פינסטערען קארידאר, װעלכער איז א מאל אויסגיברוקירט גיװען מיט שטיינער, אבער דער־נאך אזוי אויסגיטראטען גיװארען, אז ער זעהט איצט אויס װי א סטעזשקע. איך גיב זיך א זעץ מיט'ן קאפ אן דער לאמפ, װאס הענגט אויפ'ן װאנד. די לאמפ איז אויסגילאשען און עס שטינקט פון איהר מיט פעטראָל. קיינמאל זעהט מען איהר נישט, אבער אלעמאל גיט מען זיך אן איהר א שטויס. איך הויב אן צו טרעטען פאװאליער, הגם איך האב זיך דאך אזוי גיאיילט צו קומען װאס גיכער א היים. אזוי װי איטליכען אבענד װער איך ביים אריינגעהען א ביסעל אפ־גינארט אין מיין ערװארטונג. איך געה אריין אין דעם חדר, װאס איז ביי אונז די קיך און דאס שלאפצימער פון מיין מוהמען. דאס צימער איז כמעט אין גאנצען פארזונקען אין פינסטערניש.

»גוטנ'אבענד, מוהמע!«

פון דער בעט, װעלכע שטעהט פאר דער בלויער, פירקאנטיגער עפענונג פונ'ם פענסטער, דערהערט זיך א זיפץ, און דערנאך אויך א גיװיין. איך דערמאן זיך, אז איך האב זיך היינט אין דער פריה גלייך נאכ'ן קאפע, צוקריגט מיט מיין אלטער מוהמען. דאס טרעפט זיך צװיי אדער דריי מאל א װאך. היינטיגעסמאל האט זיך דאס אנגעהויבען איבער דער פאדלאגע, װעלכע איך האב גיהאט פאר־פאצקעט, לויט דעם װי די מוהמע זאגט. ארויסגיבראכט פון גידולד דורך איהרע טענות און דורך איהר קלאגען זיך, האב איך עפעס א װארף גיטון א נישט פאסענדיג װארט און אװעקגיגאנגען צו דער ארבייט, א קלאפ טוענדיג ביים אװעקגעהען שטארק מיט דער טיר. פארשטעהט זיך, אז די מוהמע האט שוין דעם גאנצען טאג גיװיינט. און איך שטעל מיר פאר, װי זי האט, ארומשמייענדיג אין שטוב, גיזופט איהרע טרעהרען און אויפגיבורעט איהר װעהטאג. און אז

עס איז גיקומען דער אבענד׳ האט זי פארלאשען דעם לאמפ און זיך אוועקגילייגט אין בעט׳ כדי צו ווייזען׳ אז זי ליגט נעבאך אין גי־האקטע וואונדען׳ אז איך בין אריינגיקומען האט זי גיהאלטען אין שיילען קארטאפלעס׳ אומעטום ליגען די דאזיגע קארטאפלעס׳ אויף דער פאדלאגע צווישען די מעביל אין די קליידער׳ אומעטום פאר־טשעפעט מען זיך אן זיי מיט׳ן פוס׳ ווי נאר איך קום אריין׳ אזוי צוויינט זיך די מוהמע מיט הייסע טרעהרען׳ איך דערוועג זיך נישט צו זאגען א ווארט׳ און זעץ זיך אנידער אין מיין ווינקעלע׳ ווי גיוועהנטלאך׳ אויף די פארהאנגלאך׳ וועלכע שאקלען זיך ארום פענסטער׳ זעה איך׳ ווי עס צייכנט זיך אפ א מין שפיציגע׳ אין עפעס איינגעוויקעלטע גישטאלט׳ אזוי ווי מען וואלט אויפגיהויבען אין דער הויך א שטעקען צוגידעקט מיט א טוך׳ מיין מוהמע זשאָזעפינע איז די מאגערקייט אליין׳ ביסלעכווייז דערהערט זיך אין דער שטילקייט איהר קול׳ און זי הויבט אָן צו זיפצען׳

»דו האסט א הארץ פון א גזלן׳ א הארץ פון א גזלן האסט דו׳ ניין׳ איך וועל דאס נישט אויסהאלטען! א שיינעם ווערטעלע האסט דו עס מיר גיזאגט···· דו האסט גיזאגט: מאך צו דעם מויל! לייט וויסען גאר נישט׳ וואס איך טראג אריבער פון דיר׳ ביסט א רוצח׳ א בעל עגלה····«

איך שווייג און הער׳ ווי פון איהר פיגור׳ וואס ליגט אויפ׳ן קיסען ווי א שווארצער פלעק׳ שיטען זיך ווערטער׳ אנגיזאפט מיט טרערען׳ אין דער טונקעלקייט פונ׳ם צימער׳ איך הויב זיך אויף׳ זעץ זיך ווידער אוועק און פריוו א זאג צו טון:

»אפשר וועט שוין זיין גינוג····« זי פלאצט ארויס מיט א גישריי:

»גינוג׳ זאגסט דו? ניין׳ עס וועט קיינמאל נישט זיין גינוג!«

זי טוליעט זיך איין אין די בעטגיוואנד׳ וואס זעהט אויס שווארץ אין דער טונקעלקייט פון דער נאכט׳ פארדעקט זיך דאס גיזיכט׳ שאקעלט שטארק צו מיט׳ן קאפ׳ ווישט זיך די אויגען און גיט צו פארשטעהען׳ אז צווישען מיר און איהר וועט שוין קיינמאל קיין שלום נישט זיין׳

קיינמאל נישט. אזא ווארט פארגעסט זיך נישט, פון אזא ווארט, ווי דו האסט מיר גיזאגט, קריגט מען אנ׳אייביגע וואונד אין הארצען. נאר פונדעסטוועגען מוז איך דאך אויפשטעהען און דיר געבען עסען. איך האב דיך גיהאדעוועט, בעת דו ביסט נאך גיוועזען א קליינינקער. (איהר שטים הויבט אן צו ציטערן). איך האב מיך פאר דיר מקריב גיוועזען, און דו באגעהסט זיך מיט מיר, אזוי ווי איך וואלט עפעס גיוועזען איינע פון דער גאס.»

איך הער דעם שארך פון איהרע דארע פיס, וואס שטעלען זיך אוועק איינער נאך דעם אנדערען אויף דער פאדלאגע ווי צוויי קעסטלאך. זי זוכט צונויף איהרע זאכען, וואס וואלגערען זיך ארום אויפ׳ן בעט און וואס זענען אראבגיפאלען אויף דער ערד. זי פארשטיקט איהר גיוויין. אט שטעהט זי שוין אין שאטען, ווי אנ׳אומגילומפערטע מאסע. אבער איך זעה דאך, ווי איהר שטארק מאגערע פיגור שנייט זיך ארויס אין דער טונקעלקייט פונ׳ם אבענד. זי טוט אָן א לייבעל און א קאפאט; און שטיקער וועש, וואס שפרייטען זיך אויס ארום די שטעקענס פון איהרע ארעמס און דעם גיביי פון איהרע פלייצעס פינטלען מיר פאר די אויגען אזוי ווי רוחות ביי נאכט.

אנטוענדיג זיך רעדט זי נאכאנאנד מיט זיך אליין; און ביסלעכווייז טרעט ארויס אין די ווערטער פון דער אומגליקליכער פרוי מיין גאנצע פארגאנגענהייט. זי איז די איינציגע נאהענטע נשמה, וואס איך האב אויף דער וועלט, וואס איז מיר אי א מוטער, אי א דינסט. זי רייבט אָן א שוועבעלע. די פלאם פון דער לאמפ רייסט זיך ארויס פון דער פינסטערניש און טאנצט ארום אין צימער ווי א פעיע. מיין מוהמע ווערט באלויכטען פון אלע זייטען, און איצט זעהט מען ארויס איהרע בולטע אויגען, איהרע גרויסע ברעמען, ווי די שוואמען, און איהר ברייטען מויל, וואס רעדט אהן אן אויפהער פון איהרע צרות. דורך די פרישע טרעהרען ווערען איהרע אויגען גרעסער ווי זיי זענען, זיי קריגען א באזונדערען בליאסק, און די שפיצען פון איהרע באקען זענען ווי אבגילאקירט. זי הויבט אן ארומצוגעהען אין צימער הין און צוריק, שפאלטענדיג די פינסטערניש מיט דער

לאמפּ אין דער האַנד. איהר געזיכט איז פול מיט קנייטשען. אַרום האַלז אין דעם אונטערען טייל פון געזיכט צולייגען זיך די קנייטשען ווי דרייבעס, און דאָס אַלץ זעהט אויס ווי פאַרבּלוטיגט אין דער שאַרפער העלקייט. בּיי דער ליכטיגקייט פון לאַמפּ טרעטען אַרויס אַ פּאָר ווינקעלאַך פון דעם גאַנצען חושך, אין וועלכען מיר וואָהנען. אָט איז דער מאַטראַץ פאַר דעם פענסטער, צוגישלאָגען מיט צוויי צוועקעס, כּדי אָבצוהיטען פון שטויב; אָט איז דער טירשלאָס, פאַר־שטאָפּט מיט אַ שטיק פּאַפּיר, וואָס שטאַרצעט אַרויס. די לאַמפּ סאָזשעט, און די מוהמע שטעלט זי אַוועק אויף דער ערד, ווייל זי געפינט פאַר איהר קיין אָרט נישט צווישען די אַנגיוואָרפענע זאַכען, זי וויל פאַרריכטען דעם קנויט. די אַלטע פרוי, איינגיטונקט אין פינסטערניש און העלקייט, איז שטאַרק פאַרטון אין איהר אַרבּייט, און פון איהר גאַנצער פאַרעניש הויבּט זיך אויף אין דער הויך אַ פּאַס פון געדיכטען רויך, וועלכער פאַלט ווידער אַראָבּ אויף דער ערד ווי אַ פּאַראַשוט. די מוהמע זיפצט, דער מויל מאַכט זיך בּיי איהר נישט צו.

»אז דו ווילסט נאַר, בּיסט דו דאָך אַזאַ איידעלער בּחור, דו פאַרדינסט דאָך שוין גאַנצע 180 פראַנק אַ חודש.... אַזאַ יאָהר אויף מיר וואָס פאַר אַנ׳איידעלער בּחור דו בּיסט, מעהר נישט עס פעהלט דיר שטאַטיק. אָט דאָס טענהט מען דאָך. אָט האָסט דו היינט אויסגעשפּיגען אויף דער פּאַדלאָגע, זאָל איך אַזוי לעבּען און גיזונד זיין, ווי דו האָסט אויסגעשפּיגען, איך קאָן שווערען בּיי מיין קאָפּ. דו האָסט דאָך אָבּער גיוואָלט זיך נוקם זיין אַן מיר, ווייל איך האָבּ דאָס אַרויסגיפונען, האָסט צו מיר אַ זאָג גיטון היינט אין דער פריה, אַז איך זאָל צומאַכען דעם מויל, וואָרום וואָס דען אַנדערס האָסט דו מיר גיזאָגט? א׳ דו ליידאַק איינער! די בּעלי בּתּים פון דער פאַבּריק זענען גוט צו דיר. דיין טאַטע נעבּאָך איז גיוועזען זייער בּעסטער אַרבּייטער. דו בּיסט אפילו איידעלער, ווי דיין טאַטע נעבּאָך, דו בּיסט מעהר מעשה ענגלענדער, דו האָסט אַלע מאָל דעם גישעפט האָלטער גיהאַט איידער דאָס לערנען, און לייט האָבּען גי־פונען, אַז דאָס איז קיין בּייז נישט. אָבּער די מלאכה קאָנסט דו

נישט׳ וואס איז דא פארהאן א סך וואס צו ריידען! זיי זיך מודה׳ אז דו האסט היינט אויסגעשפיגען אויף דער פאדלאגע . . . . «

מיין מוהמע טראגט זיך ארום מיט א לעפעל אין דער האנד אין צימער ווי א רוח און רעדט ווייטער: »דיין מאמע נעבאך — זי׳ האט שוין דוקא גיהאט א תאוה צו קליידער׳ אנ׳אמת מעג מען זאגען׳ דאס איז קיין בייז נישט׳ אבער ווען איז דאס גירעדט גיווארען? ווען מען האט וואס אנצוטון׳ זי איז אלעמאל גיוועזן א קינד׳ אין גאנצען איז זי דאך אלט גיוועזן 26 יאהר׳ ווען מען האט זי ארייג־ גילייגט אין קבר׳ אַי האט זי דאס האלט גיהאט היטעלאך! און פונדעסטוועגען האט זי דאך גיהאט איהרע מעלות׳ אט למשל ווען זי פלעגט מיר אפט א זאג טון: „קום זשאזעפינע׳ לאמיר געהען צו־ זאמען״׳ און דערנאך . . . דערנאך האב איך דיך אויפגיהאדעוועט און האב זיך מקריב גיוועזן פאר דיר׳« דא שטעלט זיך די מוהמע אב אויף א ווייליגקע׳ הערט אויף צו ריידען און צו עוסקן זיך׳ און ווערט אין גאנצען פארזונקען אין די זכרונות פון די פארגאנגענע יאהרען׳ זי פארשטיקט די טרערען׳ שאקעלט צו מיט׳ן קאפ און ווישט אב דאס געזיכט מיט׳ן ארבעל׳ איך גיב א פרווו צו זאגען שטילערהייט:

»אבער דאס אלץ ווייס איך דאך שוין פון לאנג אן׳«

די מוהמע ענטפערט מיט א זיפץ׳ זי הייצט איין אין אויבען׳ פון דעם פייער גיט א זעץ א שטארקער רויך׳ וואס ווערט אלץ גע־ דיכטער׳ קייקעלט זיך אראב אויף דער ערד׳ און באדעקט די פאָד־ לאגע ווי מיט א שלייער׳ די מוהמע איז פארטון אין הייצען׳ שטעהט מיט איהרע פיס אין דעם וואלקען פון רויך׳ און איהרע שיטערע ווייסע האהר׳ וואס קריכען ארויס פון אונטער איהר הויב׳ ווייזען אויך אויס ווי רויך׳ דערנאך זוכט זי איהר נאָזטיכעל׳ און פאטשט זיך איבער די קעשענעס מיט איהרע פארסאזשעטע פינגער׳ זי שטעהט מיט׳ן רוקען צו מיר און רוקט די טעפ אהין און אהער׳

»הער קרייאָן׳ איך מיין זיין פאטער׳ דעם אלטען דאָמיניק׳ איז גיווארען ביי אונז א תושב אין די 66 אדער די 67־גער יאהרען׳ דאס איז א מענש מיט א קאפ און דערפאר זיצט ער טאקע אין

שטאטראט. (מען דארף איהם געבען אנצוהערעניש, אז ער זאל אוועקנעהמען די קאסטענס, וועלכע שטעהען לעבען טיר). הער באָנעאַס איז זעהר רייך און רעדט גאנץ נישטקשהדיג, כאטש ער האט דאך א קראנקע האלז. אט מיט די אלע דארפסט דו זעהען צו לעבען גוט. דו ביסט א געבילדעטער, און מען גיט דיר שוין גאנצע 180 פראנק א חודש. עס איז פשוט א פארדראס, וואס דו האסט נישט קיין צעטעל, מען זאל קאנען זעהען, אז דו גיהערסט אן צו די שרייבער, און ביסט נישט קיין ארבייטער.«

»דאס זעהט מען שוין אזוי אויך.«

»פונדעסטוועגען איז א צעטעל בעסער.«

זי זוכט ארום א נאזטיכעל, ווארום זי קאן קוים עטעמען, און ציהט אין זיך אריין די גאנצע פייכטקייט פון איהר נאז. זי בלאנזעט ארום מיט איהר לאמפ. איך קוק איהר נאך, און דאס צימער לעבט פאר מיר אויף, וואס ווייטער אלץ מעהר. איך דערקען די פאדלאגע, אויסגיליינט מיט פירקאנטיגע שטיינדלאך, א שורה פון שטולען, אנגישפארט אן דער וואנד; איך זעה די עפענונג פון׳ם פענסטער מיט דעם בלאסען אבגלאנץ, וואס שלאגט פון איהם ארויס, און די נידעריגע בעט, וואס איז ענהליך צו א הויפען פון ערד און גיפס; איך זעה די זאכען, וואס וואלגערען זיך ארום אויף דער פאדלאגע און זענען אנגיווארפען ווי גריבלאך פון א מוילווארף; אויף די ברעגען פון די טישען און אויף די קאנטען פון די ברעטער זענען אנגישטעלט אלערליי טעפלאך, פלעשלאך און קענדלאך; פארשיידענע טיכער הענגען ארום אומעטום; און צום סוף דער טירשלאס מיט׳ן שטיקעל לייווענט אין לאך.

»איך האב אזוי האָלט ארדענונג,« זאגט די מוהמע ארומ־שוועבענדיג צווישען די אנגיווארפענע זאכען, וואס זענען באדעקט מיט א ווייכען שטויב.

ווי גיוועהנטליך ציה איך מיר אויס די פיס און שפאר אן אן א בענקעל, וואס בלאנקט ווי ניי דורך א באנוצונג פון לאנגע יאהרען. איך קוק נאך דעם דינען שאטען פון מיין מוהמען, פארוויגט דורך איהר ארומשמייען און דורך איהרע ווערטער, וועלכע ציהען זיך אהן א סוף.

פלוצים געהט זי צו מיר צו אין איהר קאפאט מיט די ווייסע און גרויע פאסקעס, וואס הענגט אראב איבער איהרע דארע פלייצעס. זי לייגט ארויף איהרע הענט אויף מיין האלז און זאגט מיר מיט א ציטעריגען קול.

»מיט אזא גוטען קאפ, ווי דו האסט, קאנסט דו נאך ווערען א גאנצער מאכער! דו וועסט נאך אפשר קומען צווישען מענטשען, כדי ארויסצוזאגען זיי דעם גאנצען אמת. נישטקשה, מען האט שוין גיזעהען אזעלכענע זאכען. מען האט שוין גיזעהען מענשען, וועלכע זענען גירעכט געבליבען, כאטש די גאנצע וועלט איז גיוועזן אנקעגען זיי. פארוואס זאלסט דו אויך נישט ווערען ווי איינער פון די, וואס שרייען ארויס דעם אמת אין די גאסען!«

און צושאקעלנדיג מיט׳ן קאפ, וועלכער איז נאך גאנץ איינ־גיווייקט אין טרערען, ווארפט זי א פארחלומטען קוק און זעהט מיך שוין אין גידאנק, ווי איך טענה אין די גאסען פאר א צוהערענ־דיגען עולם.

קוים איז דער דאזיגער חלום אדורכגיפליגען דורך אונזער קיך, אזוי הויבט אן די מוהמע ווייטער צו ריידען, קוקענדיג מיר אין די אויגען:

»זעה, מיין טייערינקער, זוך נישט קיין גרויסע גליקען, און נעם זיך נישט פאר זאכען, וואס זענען נישט פאר דיינע כוחות; דו ביסט שוין א שטיקעל בעל הבית מיט בעל הבתישע גענג. דאס איז וואהל און גוט. זוך נישט צו ווערען אנדערש ווי לייט.«

»נו מוהמע, איך מיין, אז אין דעם פרט האסט דו נישט וואס מורא צו האבען.«

ניין, די מוהמע דארף בודאי נישט מורא צו האבען. איך וואלט וועלען בלייבען אלעמאל, אזוי ווי איך בין איצט. עס איז עפעס פארהאן אזוינס, וואס האלט מיך צו אין די ד׳ אמות פון די קינדערשע יאהרען. געוויס האף איך א סך פונ׳ם לעבען, איך האף... אזוי ווי אלע מענשען האפען. פרעגט מיך בחרם צו איך ווייס אליין, אויף וואס איך האף דא אזוינס. אבער צו גרויסע שינויים אין מיין לעבען וואלט איך אויך נישט גיוואלט, אין תוך גירעדט וואלט

איך גיוואלט, אז אלץ זאל בלייבען אויף זיין ארט — דער אויבען, דער הילצערנער אַלמער, דער וואסערקראן און מיין אברוה, וועלכער קומט איטליכען אבענד. די מוהמע ווארעמט אן דאס גיבראטענס און מישט עס אויס מיט א הילצערנער לעפעל. ווען נישט ווען כאפט זיך ארויס פונ׳ם אויבען א פייערדיגער צינגעל און באלייכט די גישטאלט פון מיין מוהמען. איך שטעה אויף און גיב א קוק אין טעפיל. דאס פייערל זשומעט און אינ׳ם טעפיל זעהט מען בלאסע פענעצלאך פון קארטאפלעס, באגאסען מיט א שוים פון גיבראטענע ציבעלעס. די מוהמע שיט ארויס דאס גיקעכץ אין א גרויסען ווייסען טעלער. מיר זעצען זיך ארום דעם שווארצליכען טיש פוןביידע זייטען. די מוהמע הויבט זיך אן צו פארען אין איהרע קליידער. איהר דארע, שווארצליכע האנד, פול מיט גריבלאך, טיילט זיך אב פון איהר קעשענע. זי נעהמט ארויס א שטיקעל קעז, סקראבעט איהם אב מיט׳ן מעסער, וועלכען זי האלט ביי דער ליאמקע, און הויבט איהם פאמעליך ארונטערצושלינגען. אין די שטראהלען פון דער לאמפ, וועלכע שטעהט לעבען אונז, זעה איך, אז די מוהמע האט נאך נישט אויסגעפעיט אבצווישען די טרערען. אויף איהר באק ליגט נאך א בליאסקעדיגער טראפען, וועלכער בלאזט זיך אויף ביי איטליכען ביסען. איהר ברייטער מויל באוועגט זיך אין אלע זייטען און שלינגט צייטענווייז אראב איבערגעבליבענע שטיקלאך טרערען. אט אזוי זיצען מיר דאס פאר אונזערע טעלער מיט דעם ביסעל זאלץ אויף א שטיקעל פאפיר און דעם קאמפאט אין א גלעזיל פון זענעפט. מיר זענען איצט גאנץ נאהענט איינער צום אנדערען, צוגירוקט מיט די הענט און די געזיכטער אין דער העלקייט פונ׳ם לאמפ.

א חוץ אונז איז אלץ אין שטוב איינגיטונקט אין שאטען. און ווי איך זיץ מיר אזוי אויפ׳ן שטול, איינגימאטערט פון דער ארבייט, מיט די הענט אויף דעם הינקענדיגען טיש, וואס אז מען שפארט זיך אויף איהם אן פון איין זייט, גיט ער זיך א שאקעל פון דער אנדער זייט, אזוי פיהל איך, ווי איך בין מיט שטארקע ווארצלען צוגעשמידט צו מיין אָרט, אט צו דעם דאזיגען אלטען, אבגילאזענעם צימער, וואס זעהט אויס ווי א וויסטער גארטען, איז איינגיטונקט אין א ווייכע

טונקעלקייט, און איבער וועלכען עס שוועבט א וואלקענדיל פון שטויב.

נאך דעם עסען רעדט מען שוין אביסעל ווייניגער. דערנאך הויבט אן די מוהמע ווידער עפּעס צו ברומען אונטער דער נאז. עס פארכאפּט איהר ווידער ביים הארצען, און אין איהר געזיכט, וואס זעהט אויס ווי א יאפּאנישע מאסקע באדעקט מיט וואטע, גיסען זיך ווידער אן איהרע אויגען פול מיט טרערען, וועלכע קייקלען זיך אראב איבער איהרע ברייטע ליפּען, אויסגעשניצט אין דער פארם פון א הארץ. זי בויגט זיך צו צו מיר אזוי נאהענט, אז עס דוכט זיך מיר אויס, דאס זי באריהר'ט מיך. זי איז די איינציגע אין דער גאנצער וועלט וואס האט מיך אין אמתן האָלט. גישט קוקענדיג אויף איהר כאראקטער און איהרע קרעכצען איז זי דאך אין תּוך גירעדט תּמיד גירעכט.

זי רוימט אב פון טיש און וויל אוועקשטעלען די ברודיגע גיפעס ערגיץ אין א פינסטערען ווינקעל. איך הויב אן צו געניצען. זי גיסט אן וואסער אין א כלי און שטעלט עס אנווארעמען אויפ'ן פייער.

איך האב אבגירעדט מיט אנטאניען זיך צו טרעפען מיט איהר נישט ווייט פונ'ם קיאסק 8 א זייגער אין אבענד. איצט איז שוין 10 מינוטען נאך 8. איך געה ארויס פון שטוב. אט איז דער קארידאר, אט איז דער הויף. אלע די דאזיגע צוגיוואהנטע זאכען נעהמען מיך ארום אין דער פינסטערגיש. הינטער די אנגיווארפענע קאסטענס מיט גיצייג בליאסקעט ארויס אין מיטען נאכט קרייאָנס יווארשטאט ווי א קארפונקעל. איך זעה, ווי קרייאָן שלייפט עפּעס, ווי ער באטראכט זיין ארבייט ביי דער ליכט, וואס ציטערט מיט איהר פלאם ווי א באַבאָצקע, בעת מען האלט איהר צו די פליגעלאך, און ווי ער ציהט אויס די האנד נאך א טעפּיל קלעי אויפ'ן פייער. מען קאן ארויסזעהען זיין רוהיגע און פארעוסקטע מינע, די מינע פון א פועל פון די אמאליגע צייטען; זיינע באקען זענען שטארק פארוואקסען, און פון זיין היטעל הענגען אראב הארטע האהר. ער הוסט און די שויבען ציטערן.

אין גאס איז שטיל און טונקעל. ביסלעכווייז ווייזען זיך פארשיידענע גישטאלטען, וואס געהען ארויס און געהען אריין, און מען הערט עפּעס א מין גיברום. אויף די טרעפּ פון די הייזער

טאנצט ארום א ליכטיגקייט׳ וועלכע הויבט זיך באלד ארויף און באלד אראב׳ צוויי טריט פון מיר׳ אויפ׳ן ראָג פון גאס׳ ווערט הער באָנעאַס פלוצים נעלם. איך האב דערקענט די ווייסע פאטשיילע׳ וואס פארדעקט די פרישצעס און די געשווירען אויף זיין האלז. און גראד ווי איך געה פארביי׳ ווי ביים ערשטען מאל׳ גיט זיך אנ׳עפען די טיר פון דער פאבריק־מאכערסקע. איך הער ווי דער בעל הבית זאגט מיט זיין בנעמותדיגער שטים: „ביי א סוחר׳ פארשטעהט איהר מיך״ . . . „און פונדעסטוועגען״ ענטפערט איהם א קונדי׳ וועלכער געהט אוועק׳ און פון וועלכען מען זעהט נאר די קליינינקע פיגור. און דאך איז דאס גאר א וואזשנער פארשוין, ווארום הער פאָקאַר׳ דארפט איהר וויסען׳ איז תמיד פארנומען מיט גרויסע גישעפטען און טראגט זיך ארום מיט גרויסע פלענער. אביסעל ווייטער שטעהט א הייזעל מיט א פענסטער אין גראטעס. דארט זיצט איצט פעטער עֶידאָ׳ עפעס א שטיק שלימזל׳ אנ׳אלטער תרח מיט א קראנקער אויג׳ וואס הוסט און זיפצט אהן אנ׳אויפהער. אפילו זיצענדיג אין דער היים נעהמט ער פון זיך נישט אראב זיין פעלערינע׳ וואס ווארפט אָן אנ׳אומה׳ און דעם גרינען דאשעק׳ וואס פארשטעלט איהם דאס ליכט פון דער לאמפ. מען האלט איהם אין שטעטיל פאר א שפּיאָן׳ און מען קאן נישט זאגען׳ אז דאס איז א בלבול סתם אין דער וועלט ארייו. און אט איז דער קיאסק׳ וועלכער שטעהט ווי א למך מיט׳ן שפיץ איבער׳ן דעכיל. אנטאני איז היינט נישט געקומען׳ ווארום זי וואלט דאך בודאי גיווארט אויף מיר. א פריהער פארדריסט דאס מיך אביסעל׳ דערנאך אבער טוט עס מיר הנאה. ברוך שפטרני.

בודאי אנטאניע קאן נאך שטארק גיפעלען. זי האט אין זיך א פייער׳ וועלכער פלאקערט אין איהרע אויגען׳ און אז איהר גיט נאר א קוק אויף איהר מאגערער גישטאלט׳ אזוי ווערט אייך אזש הייס. אבער עפעס קאן איך מיט איהר נישט אויסקומען. זי איז תמיד פארנומען מיט איהרע אייגענע עסקים׳ וועלכע ארען מיך ווי דער פאריאהריגער שנעע. שוין הונדערט מאל בעסער די גראבע וויקטארינע׳ וואס איז אלעמאל צו אלץ גרייט׳ אדער די פארחלומטע און צולאזענע פרוי לעֶקאַיי׳ כאטש זיי האבען מיר שוין אויך דערעסען. און דעם אמת

גיזאגט לאז איך מיך שוין צו פיל אריין אין ליבעס, וועלכע קומען מיר אויס לאחר המעשה אָהן טעם. אבער איטליכעס מאל מוז איך נאכגעבען דעם כשוף פון דעם יצר הרע, וועלכער רעדט מיר אן נאך אמאל אויסצופּרובירען אזא מין ליבע.

דאס מאל אבער וועל איך נישט ווארטען. איך געה פאר־ביי פאר דער ווארשטאט פון דעם שמיד בריבי א מיאוסער נפש. דאס איז דאס לעצטע הויז אין דער שורה פון די פלאכע בערגלאך, פון וועלכע עס באשטעהט די גאס. אונטער דעם שווארצען נעץ פון די גראטעס שיינט ארויס א פּירקאנטיגע ליכטיגקייט, און אין דער מיטען צייכענט זיך אב, באלד שווארץ און שטייף, באלד ברייט און צישוואומען, די אומגילומפּערטע גישטאלט פון דעם שמיד. ער טראגט זיך ארום אזוי ווי עפּעס א רוח, און קלאַפּט מיט א פאר־ביסענעם כעס אויף דער קאָוואַדלע! ער שטעהט קוים איין אויף די פיס, און שאקעלט זיך אהין און אהער, ווי דער מת אויף אחערעָנס שיפעל. וואס מעהר ער איז שכור, אלץ מעהר ווילדעוועט ער אקעגען פייער און אייזען. איך געה צוריק אהיים. ווי נאר איך האלט ביים ארייגעהען אין שטוב אריין, אזוי הער איך ווי מען רופט מיך מיט נישט קיין זיכערען קול:

»סימאָן!«

דאס איז אנטאניע. זי קאן לאנג ווארטען, א מצוה אויף איהר. איך אייל זיך, און פיהל הינטער מיר איהר שוואכען הויך. איך געה ארויף אין מיין שלאפצימער. דארט איז פּוסט און קאלט, און עס ווארפט מיך א צאָהן אָן א צאָהן, איידער עס קומט אין צימער אריין א ביסעל לעבען. בעת איך מאך צו די לאדענס, זעה איך נאך אמאל די גאס: פאר מיינע אויגען זענען דעכער פול מיט קוימענס, וועלכע צייכנען זיך אב אויף דער שארפער טונקעלקייט פון דעם הימעל אין א געדיכטע און משופעדיגע מאסע. אט זענען אפאר שוואך באלויכטענע, מילכפארביגע פענסטער, וואו מען איז נאך משמעות אויף, און צום סוף דער שמיד מיט זיינע ווילדע העויות, וואס זעהט אויס פון דער ווייטענס אזוי ווי פארבלוטיגט. איבער דעם קלויסטער זעהט זיך נאך ארויס דער שפּיץ פון דעם צלם

וועלכער שנייט זיך אריין ווי אנ׳עגבער אין די הויך פון די הימלען, גאנץ ווייט זעהט זיך נאך דער שטארק באלויכטענער פאלאץ ווי א קרוין באזעצט מיט טייערע שטיינער. דאס אויג פארלירט זיך אין די שוואַרצע חורבות, וועלכע זענען אנגיפאקט מיט מאנסבילן און ווייבער, וועלכע איך קען נישט, און וועלכע זענען דאך אזוי עהנלאך צו מיר.

II.

היינט איז זונטאג. א פרעהליכער שטראהל פון דער אפרילזון רייסט זיך אריין אין מיין צימער. די פאפיר פון די טאַפעטען מיט די פארוויאנעטע בלומען באקומען עפעס אנ׳אנדער אויסזעהען און די גאלדרויטע טוך, וועלכע באדעקט מיין וואשטיש, ווערט ווי באנייט.

היינט טו איך זיך אן מיט כונה. איך שטעה לענגער פאר׳ן שפיגעל איידער אין די טעג פון א גאנץ וואך. נאך אין גאנצען איינגעמוליעט אין זייף באטראכט איך זיך אין איהם פון דער נאהענט און פון דער ווייטענס. איך פרוביר אויס, צו האב איך גרויסע אדער קליינע אויגען, אבער עס דוכט זיך מיר אויס, אז אין זיי פינקעלט א חנודיגער בליאסק. דערנאך קוק איך ארויס דורכ׳ן פענסטער. עס דוכט זיך אויס, אז אין דער טיפקייט פונ׳ם טאל שלאפט נאך די שטאט, איינגעטוליעט אין נעפיל, בעת די מענשען זענען שוין לאנג אויף.

זיי לאזען זיך אראב פון די טרעפ און געהען זיך פאנאנדער איבער די גאסען, כדי צו מקים זיין די מצוה פון זונטאגדיגען שפאַצירגעהען. אויף דעם ערשטען קוק דערקענט מען זיי נישט אין זייערע יום־טובדיגע קליידער. די ווייבער זענען אויסגעפוצט אין פארשיידענע קאלירען און ווייזען אויס גרעסער און ברייטער איידער אין די אינדערוואכענדיגע טעג. ביי די אלטע לייט האט זיך א ביסעל אויסגיגלייכט דער רוקען, און אפילו גאר די ארעמע ווערען א ביסעל אנדערס דורך די זונטאגדיגע ציכטיגקייט. א שוואכער אבגלאנץ פון דער זון לייגט זיך איבער די רויטע און גרינע דעכער, איבער דיִ טראָטואַרען, איבער די שטיינער פונ׳ם ברוק, וואס ליגען זיך איינער לעבען דעם אנדערען ווי יום־טובדיגע קיכלאך. עס הערט זיך א סקריפעניש פון גיפוצטע שיך.

דאס אלטע הויז אין דעַם ווינקעל, וואס איז קיילעכדיג ווי א

לוויכטטורם, און א וואו עס הויבט זיך איצט אויף די פינסטערע גי־שטאלט פֿון דעם פעטער עידאָ, ווארפט א פלעק אין דער פארם פון א היטעל צוקער, און זעהט אויס אזוי ווי אנ׳־אויסגעקריצטע גימעהל. א ביסעל ווייטער זעהט זיך ארויס דאס הויז פון פרוי פירא אין זיין גאנצע בולטע קיילעכדיגייט. דאס הויז איז פריש גיפארבט און זעהט אויס ווי א שורה פון נייע טעפּ. צווישען די דאזיגע אויסטערלישע וואהנונגען פארלירען זיך כמעט אלע אי־בעריגע הייזער מיט זייערע גרויע ווענט און בלאנקע לאדענס, הגם פון זיי באשטעהט דאך די גאנצע שטאט.

אין דער מיטען פון דעם בערגיל איבער דעם טייך, אקוראט אקעגען דער פאבריק, שפרייט זיך אויס דער פּלאץ מיט זיינע גלייכע און ווייסע ליניעס. א גרינע ראם פון גערטענער און כלערליי בוימער מיט געדיכטע, א ביסעל רויטליכע בלעטער נעמט ארום זיין ווייסען קערפער פון אלע זייטען. נאך א ביסעל ווייטער ציהען זיך לאנקעס, וועלכע געהערען צום פריצישען הויף. און אז מען געהט אב נאך א שטיקעל וועג, דערזעהט מען צווישען גרינע פּאַסען פון פרישע ערד דעם בית עולם, פון וואנען עס וואקסען ארויס איטליכעס יאהר אזוי פיל מצבות.

איידער מיר געהען אין קלויסטער אריין, מוזען מיר אריינ־געהען צום שמיד בריבי, ווארום מיר דארפען איהם געבען צו פארריכטען א קאליע געווארענעם שליסעל. איך ווארט אויף דער מוהמען אין הויף, און זעץ זיך אנידער אויף א קעסטיל לעבען דער ווארשטאט, וואס איז היינט קאלט און טויט, און אוואו עס וואלגערן זיך פאר־שיידענע גיצייג. די מוהמע איז קיינמאל נישט פארטיג צו דער צייט. אט האט זי זיך שוין צוויימאל געוויזען אויפ׳ן שוועל אין איהר שיינעם קלייד מיט דער סאמעטענע פעלערינע און איז ווידער אריינגילאפען אין שטוב, ווי א מוילווארף אין זיין לאך, ווייל זי האט עפּעס ווידער פארגעסען. סוף כל סוף ווייס איך דאך, אז זי וועט מוזען ארויפגעהען צו מיר אין צימער פאר׳ן אוועקגעהען, כדי עס צו באקוקען צום לעצטען מאל. נאר אט האט זי אלץ אבגיפּטרט און מיר געהען שוין גאט צו דאנקען, איינער לעבען דעם אנדערען. זי

נעמט מיך אונטער׳ן ארעם מיט גדלות. ווען נישט ווען ווארפט זי אויף מיר א קוק, אויף וועלכען איך ענטפער אויך מיט א קוק. אין דעם שיין פון דער זון באקומט איהר שמייכעל א בחנטען אויסזעהען, אז מיר זענען שוין אבגיגאנגען עטליכע טריט, שטעלט זיך די מוהמע פלוצים אב.

» געה א פריהער, איך וועל דיך שוין אניאגען. «

זי פארפיהרט א שמועס מיט דער גאסענקעהרערין אַפּאָלינע, א הויכע און דיקע פרוי, וואס שטעהט און גלאָצט ווי א גולם אויפ׳ן ברעג פונ׳ם טראטואר. זי מאכט מיט איהרע ביידע ארעמס אין דער לופט, און קאן פאר זיך קיין ארט נישט געפינען אין דער סביבה פון דעם יום־טובדיגען ליידיגגעהען; זי ווייס זיך נישט, פשוט, וואו אהינצוטון און מען זעהט, אז זי פיהלט זיך אהן דעם בעזים ממש ווי א קאזאק אהן א פערד. די מוהמע שלעפט איהר מיט זיך אוועק. איך קעהר זיך אום און כאפ א פאר ווערטער פונ׳ם שמועס. איך הער ווי די מוהמע רעדט פון מיר אין דעם טאָן פון א וויכ־טיגען סוד. אפאלינע געהט נאך, אויפגיבלאזען ווי א ראק, און איהרע ביידע ארעמס באמבלען זיך ארום איהר קערפער.

» אט דער יונגעל « זאגט מיין מוהמע » קאן גאר נישט האל־טען קיין ארדענונג אין זיין צימער. און א חוץ דעם פארפאצקעט ער צו פיעל קראגענס. ער ווייס נישט אפילו, ווי מען שנייצט אויס די נאז. די קעשענע איז ביי איהם אלעמאל אנגישטאָפּט מיט נאזטיכ־לאך. אז איך שלעפ זיי ארויס, זענען זיי הארט ווי שטיינער. «

» און פונדעסטוועגען איז ער א וואהלער בחור, « ענטפערט די גא־סענקעהרערין נאכשלעפענדיג זיך אין מאכענדיג מיט די הענט אין דער לופטען. זי שאקעלט זיך אויף איהרע שיך מיט דרייגארענדיגע קנייטשען, וואס שטעקען ארויס פון א גרויסען שלומפער.

אט אזא טבע האט שוין מיין מוהמע, אז זי שטעלט זיך אוועק מיט איטליכען ריידען וועגען מיר און דערצעהלט איהם אלץ, וואס טוט זיך ביי מיר אין דער היים. דאס ברענגט מיך ארויס פון גע־דולד. איך רוף איהר צוריק שוין א ביסעל מיט כעס. זי גיט א ציטער, קומט צוריק און ווארפט אויף מיר א קוק פון א קרבן. זי

געהט מיט אנ׳אראבגילאזענער נאז אונטער דעם שווארצען הוט מיט די גרינע בלעטלעך און איז שטארק באליידיגט, וואס איך האב איהר צוריקגערופען און מביש גיווען פאר מענשען. עס פלאמט אין איהר אויף א פארביסענער כעס:

»אנוסטען, ברומט זי אונטער, האסט דו אויסגעשפיגען אויף דער פאדלאגע.«

זי קאן זיך אבער פארט נישט איינהאלטען און טשעפעט זיך ווידער אָן אָן עפעס א פארשוין, וועלכער שטעהט אויפ׳ן טראטואר אין א העמדילי, שטייף ווי א שטיין, און אין שטייפע זונטאגדיגע הויזען, וועלכע זעהען אויס ווי צוויי נייע סלופעס. איך לאז זיי שטעהען און געה שוין אריין אליין צום שמיד בריבי.

אין דער בודקע פונ׳ם שמיד באלייכט דאס פייער א ווארשטאט, וואו עס ליגען אנגיווארפען כלערליי שווארצע חפצים, טונקעלע שקעלעטען פון גיצייג הענגען אויף די וועגד און אויף דער סטעליע, און אין דער מיטען פון זיי שטעהט זיך דער שמיד, אזוי ווי ער וואלט גיווען אויסגיגאסען פון מעטאל. די הענט זענען ביי איהם גרוי ווי בליי, און זיין שווארצער פארטוך איז באשאטען מיט א שטויב פון מעטאל. עס איז שוין ביי איהם א פרינציפ, אז זונטאג דארף מען זיין פארפאצקעט, און ער איז טאקע פארדריפעט פון קאפ ביז די פיס. ער איז נאך ניכטער, און זיינע באוועגונגען זענען אהן לעבען. אבער ער קאן זיך קוים דערווארטען, אז די גלאקען פונ׳ם קלויסטער זאלען שוין אנהויבען צו קלינגען, און ער זאל קאנען נעהמען אביסעל משקה, און דוקא ביחידות.

צווישען די שווערע און פארנעפלטע פענסטער פון דער ווארשטאט שטעהט א פענסטער אין גאנצען אפען, און פון דארטען זעהט זיך ארויס א טייל פון דער גאס מיט שטיקלאך מענשען אין פרישע און לייכטע פארבען, אזוי ווי פון דער שמאלער עפענונג פון א ספאקטיוו. עס מאלען זיך אב לייכטע גישטאלטען, וועלכע קומען צונויף און ווערען ווידער נעלם, און אפטמאל זעהט מען אויך א הוט מיט א פעדער, וואס וויגט זיך איבער דעם קאפ פון א פרוי. אט איז א קליינער יונגעל מיט א הימעלבלויען האלזטוך און שיך וואס

קנעפלען זיך צו; פון זיינע קיילעכדיגע הויזלאך, וואס גרייכען איהם נישט מעהר ווי א ביסעל איבער די קני שטעקט ארויס דאס מאגערע ווייכע פון די פיס; צוויי פארחושכטע יענטעס מיט אויפגיבלאזענע קליידלאך קומען זיך צונויף, ציהען זיך צו איינע צו דער אנדערער און צולאזען זיך אין א גישמאקען שמועס, עפעס אזוי ווי צוויי טראַ־פען טינט וואלטען זיך דא צונויפגעגאסען אין איינעם. די גישעהע־ניסען אויף דער גאס זעהען דא אויס ווי סצענקעס אין א קינאמאַ־טאגראף מיט פארביגע בילדער. דער שמיד בריבי קוקט אויף די דאַ־זיגע בילדער אראב און בילט ווי אלעמאל. זיין געזיכט איז אין רויטליכע פלעקען, זיינע האהר זענען פארפעטיגט, זיין שטימע איז הייזעריג און אין גאנצען איז ער ווילד און רויט ווי א בוראק. אט געהט ער איצט ארויף און אראב אין זיין קאַ־מערל, נאכשלעפענדיג נאך זיך די גרויסע שיך מיט די אפענע מיי־לער, און רעדט צו מיר אונטער דער נאָז. אבגירעדט א פאר ווערטער, בלייבט ער ווידער שטעהען, און הויבט דערנאך ווידער אָן. בריבי קאן נאר שרייען, ריידען ווי א מענש קאן ער נישט. נאר דער כעס קאן פון איהם ארויסקוועטשען א פאר הייזעריגע קולות.

עס קומט אריין די מוהמע, זי זעצט זיך אוועק אויף א ביינקעל, עטעמט אב און פאָכט מיט דעם פארבויגענעם שליסעל, וועלכען זי דריקט צו אין דער האנד. דערנאך הויבט זי אן ארויסצושטויסען פון זיך האסטיגע ווערטער; זי דערצעהלט פון דעם שליסעל, ווי אזוי ער איז קאליע גיווארען און אלץ וואס האט מיט איהם פאסירט. מען זעהט, אז אלע די פארשיידענע קלייניגקייטען פלאנטערין זיך ביי איהר אין קאפ אהן אן אויפהער. אבער דער שמיד הערט איהר נישט, ווארום ער איז איצט פארנומען מיט עפעס, וואס ער האט אקארשט ערשט דערזעהען אויפ'ן גאס.

»א, דער דבר אחר!«

דאס מיינט ער דעם הער פאָנטאַן, דעם שיינקער, וואס געהט איצט פארביי. דאס איז א מענש מיט ברייטע פלייצעס, א הדרת פנים, און זיין פעטע צורה גלאנצט ווי אנ'אויסגיקאלכטע הויז. ער איז בטבע א שווייגענדיגער, און נישט קיין מעורב עם הבריות. אבער

ער האט אין שטעטיל א גרויסע דעה׳ ווארום ער פארדינט א סך געלט׳ מען זאגט׳ אז ער האט שוין אנגעקליבען א פאר הונדערט־טויזענד פראנק׳ צו מיטאגצייט און אין אבענד וועט איהר איהם נישט זעהען; דעמאלט זיצט ער אין דעם הינטערשטען חדר פון זיין שיינק און עסט ביחידות׳ א חוץ מיטאג־ און אבענדצייט שטעהט ער אין שיינק און שארט אריין די לייזונג אין זיין קאסע׳ אין טיש־ביי וועלכען ער נעמט צו די קונים׳ איז פארהאן א לאך׳ אין וועל־כער ער לאזט אריין דאס געלט׳ זיין שטוב שטאפט זיך אן מיט גאלד פון אין דער פריה ביז אין אבענד אריין׳

»דאס איז א שמאלצגרוב׳« זאגט די מוהמע׳

»ער איז אנ׳עושר׳« זאג איך פון מיין צד׳

בריבי שפריצט מיט גיפט:

»נאך דיינע ווערטער דערקענט מען׳ וואס פאר א פויגעל דו ביסט׳ בורזשוק שבבורזשוקעס! דו ביסט טאקע א קבצן ווי אלע דיינע חברים׳ אבער די בורזשוקישע נשמה׳ די שטעקט נאך אין דיר׳ נישקשה!« פארדראסיג גיב איך א מאך מיט דער האנד׳ דאס איז נישט אמת׳ און דער שמיד דערעסט מיר מיט זיין שנאה׳ וואס ווארפט זיך בלינד אן אויף אלץ אין דער וועלט און טרעפט גארנישט ווען מען באדארף׳ און נאך מעהר פארדריסט דאס מיך׳ ווייל ער אליין האט׳ בלי ספק׳ נישט ווייניג אבשיי פאר דעם דאזיגען פארשוין׳ וואס איז רייכער פאר אלעמען׳ דער רעוואלוציאנער שטעלט אן א פאר אויגען׳ וואס זענען הארט ווי שטאהל׳ און ווערט אנשוויגען אזוי ווי מיר אלע׳ ווי נאר דער אדיר פון שטעטיל דערנענטערט זיך צום וואר־שטאט׳ הער פאָנטאַן געהט פארביי פאר דער אפענער׳ טיר׳ מען שפירט דעם הויך פון דעם דאזיגען גביר׳ וואס לעבט פאר זיך׳ ווי נאר ער קעהרט אב דעם גראבען רוקען׳ וואס איז באדעקט מיט שמאלץ ווי מיט א פעריִנע׳ און געהט אב א ביסעל ווייטער׳ אזוי הויבט זיך אן דער שמיד ווידער צו זידלען׳

»האסט דו א ביסעל געזעהען א מארדע׳ הא? זיין מויל דערגרייכט דאך שוין ביז צו די אויערן׳ א דבר אחר׳ עס זאל נאר פעהלען א האהר׳«

און דערנאָך מאַכט ער מיט דער צופרידענקייט פון אַ פּראָסטען מענשען·

»עס איז נאָך אַ גליק, וואָס ער וועט, מן הסתם, אין גיכען איינעהמען אַ מיתה משונה!«

ער לאַכט פאַר זיך· די מוהמע זעצט זיך אַוועק אַ ביסעל אָן דער זייט· זי האָט פיינט תכלית שנאה דעם שמיד, וועלכער איז אויסגעקנאַטען פון קנאה, שלעכטסקייט און גראָבקייט· אַגב האָבען איהם אַלע פיינט פאַר זיין ווילדקייט און אויך פאַר זיינע רעוואָלו־ציאָנערע גידאַנקען· אָבער אַז מען דאַרף איהם האָבען, געהט מען זיך צו איהם אַריבער אַ זונטאָג אין דער פריה און מען בלייבט שוין דאָרט זיצען· מען ווייסט אַז מען וועט זיך שוין דאָרט טרעפען, און די וויזיטען זענען שוין געוואָרען אין שטעטעל אַ מנהג·

»עס איז אַ סברה, אַז מען וועט באַלד אויסקורירען אַנטאָאַנע־טען,« זאָגט בענאָאַ, וואָס באַווייזט זיך אין טיר·

אַט דער דאָזיגער בענאָאַ איז ווי אַ צייטונג· מיט איהם אַליין פּאַסירט קיינמאָל גאָרנישט און מהאי טעמא לעבט ער טאַקע נאָר פון דעם, וואָס ער זאָגט אָן די פּאַסירונגען פון אַנדערע·

»איך ווייס דאָס שוין,« רופט זיך אָן די מוהמע· »היינט אין דער פריה האָב איך דאָס גיהערט· זיבען אַ זייגער אין דער פריה האָבען שוין דאָס אַ סך מענשען גיוואוסט· צום פריץ וועט באַלד אַראָבקומען אַ גרויסער דאָקטאָר, וואָס איז אַ שפּעציאַליסט אויף אויגען· ער וויל דאָ געהען אויף גייעג אין די פריצישע מאַיאָנטקעס·«

»דאָס קליינע שעפּעלע נאָבאָך,« גיט אַ זיפץ אַ פרוי, וואָס איז אָקערשט אַריינגעקומען·

דער שמיד מישט זיך פלוצים אַריין, און הויבט אָן ווידער צו שפּריצען מיט גאַל ווי דער שטייגער איז·

»אַ די קליינינקע, וועלכע מען האַלט תמיד ביים אויסקורירען· אַזוי זאָגט מען דאָך· אָבער ווער דאַגהט וועגען איהר?«

»אַלע,« ענטפערן צוויי פרויען אין איין קול· זיי פיהלען זיך באַליידיגט·

בריבי הויבט אָן איבערצוקייען זיין גיוועהנטליכע פראַזע, וואָס

איז נאריש און אויפגעבלאזען ווי דער אלטער מזמור, וועלכען מען חזרט איבער אויף איטליכער ארבייטערפארזאמלונג:

»זי איז א קרבן פון דער געזעלשאפט!«

צום שמיד איז אריינגעקומען הער באָנעאַס. ער איז דארט אנ׳אפטער גאסט, ווייל ער האלט עס נישט פאר קיין פחיתת הכבוד פאר זיך באקאנט צו ווערען מיט די לייט פון דעם ארבייטערקווארטאל. הער פאָקאַר און קרייאָן זענען דערווייל אויך אנגעקומען. קרייאָן האט זיך אקערשט ערשט אבגיגאלט און די שטייף אנגעצויגענע הויט אויף זיין געזיכט האט גיגלאנצט אזוי ווי מען וואלט איהר אבגיהאבליעוועט. אחוץ זיי אלעמען זענען גיזעסען ביים שמיד נאך אנדערע בעלי בתים פון שטאט. צווישען זיי אלעמען האט ארויסגישיינט דער פערעלמוטערפארביגער שטערן פון דעם הער מיעלוואַקאט דער דאזיגער מיעלוואַק איז א בושת פנים און היט שטארק אב שטאַטיק, ווי נאר ער האט אריבעגיטרעטען די שוועל האט ער אראבגינימען די היטעל. ער איז א משרת אין דער פאבריק ביי דער אבטיילונג פון דער עקספעדיציע, ער טראגט נישט קיין גאנץ נייע וועש און אנ׳אבגינוצטען סורדוט, אין וועלכען ער געהט תמיד.

פאר הער באָנעאַס האב איך גרויס דרך ארץ. איך פארקוק זיך אויף די איידעלע שטריכען פון זיין געזיכט, אויף די ווייכע טונקעלקייט פון זיין שווארצען קאָסטיום און אויף זיינע גלאנציגע שווארצע הענטשקעס, אין וועלכע עס ליגט איצט א פירקאנטיג בייכעלע מיט גאלדענע קאַנטען. ער האט אראבגינומען דעם הוט. איך טו איהם נאך שטילערהייט, זיצענדיג אין מיין ווינקעלע.

דאס איז א זיידענער יונגערמאנטשיק, וואס מאכט א שטארקען רושם דורך זיין נאטירליכע פיינקייט, און נישט קוקענדיג אויף דעם איז ער קראנק; זיי הויט איז פול מיט געשווירען. מען זעהט אים תמיד ארומגעהען מיט אנ׳איינגעבויגענעם קאפ אדער מיט הענט, וואס זענען ביי די גילענקען אנגעלאפען מיט ווייסליכע פרישצעס. אבער אין דעם דאזיגען שוואכען גוף שטעקט א נשמה מיט א קלארען און געזונטען פארשטאנד. איך האב פאר איהם אבשיי, ווייל

ער איז א בר דעת, פול מיט גידאנקען, און דריקט זיך אויס אזוי גלאטיג, אז עס איז א מחיה צו הערען. אט האט ער מיר דא נישט לאנג גיהאלטען א גאנצע סאציאלאגישע לעקציע מכּוח דער קרובשאפט צווישען דעם היינטיגען און דעם אמאליגען פראנקרייך. זיינע סברות זענען גיוועזן אזוי קלאר און האבען זיך אזוי גרינג גילייגט אויפ׳ן שכל, אז זיי האבען מיר ממש געעפענט די אויגען. איך זוך זיך מיט איהם צו חבר׳ן, פלייס זיך איהם נאכצוטון, און ער אליין ווייסט גאר נישט, וואס פאר א שטארקע השפּעה ער האט אויף מיר.

איצט רעדט ער דערפון, אז ער קלערט צו ארגאניזירען אין וויוויע א געזעלשאפט פון יונגע לייט. אלע הערען זיך צו. דער־נאך וועגדט ער זיך צו מיר:

» וואס ווייטער איך געה, אלץ מעהר זעה איך, ווי קורצזיכטיג די מענ־שען זענען. זיי קאנען נישט זעהען ווייטער פאר זייער נאז.« »יא,« זאג איך.

איך פיהל אז מיין תשובה איז צו קורץ, און עס דוכט זיך מיר אויס, אז איך הער זי נאך לאנג אין דער ארומיגער שטילקייט. בודאי פיהלט ער עס אויך, ווארום ער הויבט אן צו שמועסען מיט אנדערע, און איך ווער רויט פאר חרפּה אין מיי׳ן ווינקעלע.

קרייאָן לאזט זיך אריין אין א וכּוח מיט׳ן שמיד וועגען אנ־אלטע היטעל, וואס מען באדארף צורעכט מאכען. די היטעל געהט ביי זיי איבער פון איין האנד און די אנדערע און זיי באטראכטען איהר מיט א טיפער אויפמערקזאמקייט און איבערגעגעבענקייט. קרייאָן האט זיך אוועקגעזעצט, און לאזט נישט אראב קיין אויג פון דעם חפץ. ער גיט זיך אב צום וכּוח מיט לייב און זעל. ווייל דער האנדעל מיט אלטווארג פארטראגט נישט קיין פעסטע מקחים, מוז נעבאך אונזער טאנדעטניק באווייזען מיט אותות ומופתים, אז די סחורה איז ווערט דאס געלט. ער פאטשט מיט זיינע קולאקעס אויף די קני אין די הויזען מיט די גרויע פאסקעס, זיינע הארטע האהר אויף זיין ברייטען האלז שטעלען זיך איהם קאפויר און ער באקומט דאס אויסזעהען פון א ווילדען חזיר.

» אט דער דאזיגער פילץ,« מאכט ער מיט א קרעכץ, »איך וועל אייך דערצעהלען, וואס די מעשה דערפון איז. ער איז אין גאנצען,

פארשטעהט איהר מיך, דורגיווייקט פון רעגען. אט דער פילץ איז דאך אין תּוך גירעדט א שמאטע, א ברודיגע נאזטיכעלי. היינט קאנט איהר שוין פארשטעהען, וויפיל איך האב דאס געהאט צו ארבייטען מיט׳ן פלעטאייזען, וויפיל איך האס דאס גידארפט צונויפקלעבען, ווי־פיל צייט איך האב איבערגעפיהרט!«

הער זשוסטען פּאָקאר רעדט מיט דריי פויערים. זיי האלטען די היטלאך אין די הענט און שטעלען אן נאז און אויערען. ער רעדט אין זיין בנעמותדיגען לשון פון די גרויסע פינאנציעלע פּלע־נער, מיט וועלכע ער טראגט זיך ארום. אין דעם עולם צינדט זיך פלוצים אן א פייערל: מען באקומט א שטארקען חשק צו סוחרישע ספּעקולאציעס. אפילו קרייאָן הערט אויף א ווײלע אויף צו .בע־טראכטען די היטעל און גיט א זאג: „מען וועט שוין דאס אבי־סעל מאכען גישעפטען!“ הער באָנעאַס זאגט מיר שטילערהייט, און דאס טוט מיר שטארק הנאה: „הער פּאָקאַר איז אפילו נישט קיין געבילדעטער מענש, אבער אין מילי דעלמא האט ער א שארפען חוש הריח; דאס איז א טייערער פּלאן, אויב נאר ער וועט דאס מאכען אזוי ווי איך פארשטעה עס.“

און איך זיץ מיר אין מיין ווינקעל און טראכט, אז ווען איך גיוואלט גיווען עלטער אדער געהאט מעהר דעה אין שטעטיל, וואלט איך אפשר אויך אנטייל גינומען אין פּאָקאַרס גישעפטען, וועלכע נעמען שוין אן א באשטימטע פארם און וועלען זיך צוּוואקסען זעהר גרויס.

דערווייל אבער הויבט דער שמיד אן צו קנייטשען דעם שטערן. ער ווערט זעהר צוטראגען, הגם ער ווייסט אליין נישט וואס דאס באַ־טייט. צוליב דעם עולם קאן ער נישט אוועקגעהען פון שטוב, און ער חלשט א טרונק, ער געהט ממש אויס מיט די כּוחות. ער קאן זיך נישט איינהאלטען און ווארפט פון דער זייט א קרומען קוק אויף דעם פארזאמעלטען עולם. אינדערוואכען אין דער צייט, פלעגט ער שוין אָנהויבען צו לעשען זיין דארשט. אנ׳אויסגעטריקענטער, שלעפּט ער זיך פון איין גרופּע צו דער אנדערער. ער האט שוין נישט מעהר קיין כּוח צו ווארטען.

פלוצים טוען אלע אקוק אויפ׳ן גאס דורך די אפענע טירי.
א גרינע קאטש מיט זילבערנע לאמטערנעס פוןביידע זייטען פאהרט אין דער ריכטונג צום קלויסטערי. אויף דער קעלניע זיצט אנ׳אלטער קוטשער אין גרויסע העניטשקעס, אין וועלכע עס שטעקט א דינער שטעקעל פון א בייטש. דער קוטשער איז אזוי אנגיפעלצט, אז עס דוכט זיך אויס, אז דא זיצען עטליכע מענשען איינער איבער דעם אנדערען. דער שווארצער פערד בליאסקעט.
»די קאטש בליאסקעט אזוי ווי א פיאנע,« רופט זיך אב בענאַאַ.
אין קאטש זיצט די באראנעסע, וועלכע מען זעהט נישט ארויס מחמת די אראבעגלאזענע פארהאנגען, אבער אלע פארנייגען זיך פאר דער קאטש.
»עבדים כנענים זענען דאס,« הויבט אן דער שמיד זיין אלטען פזמון, »זעהט נאר א ביסעל, ווי מען בוקט זיך דאס, ווי מען ווערט פלוצים הויקער׳דיג, און ווי מען ווייזט דאס די פליעכעס, ווי באלד עס פאהרט נאר פארביי די אלטע גבירנטע.«
»זי גיט צדקה,« גיט א זאג איינער פון דעם עולם.
»נאט אייך א שמעק טאבאק פאר איהר צדקה« קאכט זיך דער פארביסענער מענש מיט א פארשטיקטען קול און צאפעלט, אזוי ווי מען וואלט איהם דא צוגיהאלטען. »איך רוף דאס אן באריהמעריי, אט ווי אזוי איך רוף דאס אן.«
מען קוועטשט מיט די פלייצעס. באַנעאַס, וועלכער בלייבט גילאסען אין אלע סיטואציעס שמייכעלט אונטערי. דער דאזיגער שמייכעל גיט מיר צו מוט און איך רוף זיך אן פון מיין צדי.
»רייכע מענשען זענען אלע מאל גיוועזן, און וועלען אלע מאל זיין. עס קאן אנדערש נישט זיין.«
»אודאי וואס דען?« איז מסכים מיט מיר קרייאַן אויף זיין דינעם קולי.

דא איז ער אויף זיין אָרט, ווארום אין דעם פרט האט ער פארטיגע גידאנקען, וועלכע מען קאן איטליכעס מאל אנטאפען, ווען מען ציהט נאר אויס די האנד. »די מעשה איז אבער אזוי,« זאגט קרייאַן ווייטער, »עס זענען פארהאן, פארשטעהט איהר מיך, מענשען, וועלכע ווערען

צופוקעט פון קנאה. וואס איז נוגע צו מיר, גיהער איך נישט אָן צו אזעלכע מענשען.«

מיעלוואק טוט אן די היטעל אויף זיין פארשטיינערטען קאפ און געהט צו צו דער טיר. באַנעאַס קעהרט שוין אויך אב דעם רוקען און וויל געהען. מיט אמאל גיט קרייאָן א געשריי: „אט איז פעטרארק!" און לאזט זיך נאך עפעס א גרויסען, מגושמדיגען מענשען, וועלכער עפענט, בעת ער דערזעהט איהם, דעם לאנגען צירקעל פון זיינע פיס און דערווייטערט זיך אין א קרומער ליניע.

» און אזא פאסקודניאק זיצט דאס אין שטאטראט!« מאכט דער שמיד מיט א משונהדיגע העויה, בעת קרייאָן ווערט נעלם. »א, פאר־ברענט זאל דאס ווערען!«

ער טרייסעלט זיך פון כעס און א פיענע לויפט איהם איבער׳ן מויל. ער קוקט אויף דער ערד און האלט זיך קוים אויף די פיס. צווישען זיינע פינגער דרעהט ער א נאס גיווארענעם און צובראכענעם פאפיראס, וועלכער צופאלט, און וועלכען ער קלעבט אלע מאל ווידער צונויף.

קוועטשענדיג מיט די פלייצעס, און דעם מויל פול, מיט זיד־לעריען כאפט זיך דער שמיד צום האמער און גיט א ציה דעם שטריק פונ׳ם בלאַזזאק. ער הינקט ארום אין זיינע צוריסענע שיך אזוי ווי דער מיטאָלאָגישער וואולקאַן. ביי איטליכען ציה פונ׳ם שטריק שפייט דער בלאזזאק פון זיין פייערשטויביגען האלז א בלויליכע פלאמעדיגע כוואליע, דורכגיצויגען מיט ווייסע פאסקעס. די כוואליע צושיט זיך אין פונקען מיט א טראסק. דער שמיד ארבעט. איינ־גישפארט אין זיין קאמעריל קאכט ער זיך און עסט זיך אליין אויף. ער בונטעוועט אליין אנקעגען די גאנצע וועלט.

די גלאקען קלינגען, מיר געהען אלע אוועק און לאזען איהם איבער איינעם אליין. אז איך בין ארויסגיגאנגען, האב איך נאך גיהערט, ווי בריבי מורמעלט עפעס. „איך האב אליין מיין אייגענעם פעקיל צרות, טראכט איך מיר, וואס וויל ער נאך פון מיר האבען."—

אויפ׳ן פלאץ פאר דעם קלויסטער קומען אלע ווידער צונויף. אחוץ עטליכע ארבייטער, וועלכע מען האט אין אויג, געהען אלע

בײַ אונז אין קלויסטער, סײַ מאנזביל, ווי ווײַבער. אנדערע געהען, ווײַל עס איז שוין אזא מאדע, אנדערע ווידער, ווײַל מען וויל גי־פעלען די פּריצים און די בעלי בתּים פון די פאבריקען, נאך אנדערע געהען, ווײַל זײ גלויבען טאקע. צו דעם דאזיגען פּלאץ פיהרען צוויי וועגען, באזעצט מיט בוימער פון בײדע זײַטען, און אויך צוויי גאסען, דורך זײ קומען דאס שטאט־ און דארפלײַט אין קלויסטער ארײַן. דער פּלאץ האט א פארם פון א הארץ. ער איז זעהר שײן. ער שטעהט אין א שאטען פון א גרויסען געדיכטען בוים, אונטער וועלכען מען פלעגט פארצײַטען משפּטן, און דערפאר רופט מען איהם דעם גרויסען בוים, הגם עס זענען פאראן גרעסערע פאר איהם אין שטאט. ווינטערצײַט איז ער שווארץ ווי א דורכ־גילעכערטער רעגענשירם, זומערצײַט גיט ער א לופטיגען, גרינעם שאטען ווי א זונענשירם. לעבען בוים שטעהט תּמיד א בילד פון קריסטוס.

אויפ׳ן פּלאץ איז איצט אנ׳אמתער יריד. אויפ׳ן ראג פון דער נײַער גאס שטעהען די פויערים פון די ארומיגע דערפער אין זײַערע גלאטע, באוועלנע היטלאך, אנגישטעקט ווי אײַער אין א קארבי. אלע זענען זײ באלאדען מיט עסענווארג. א פויערטע געהט אדורך דורך דעם פּלאץ אין אלכסון, האלטענדיג אין דער האנד א גרויסען נעץ פאר דער אויבערשטער הענטיל. דאס נעץ הענגט אראב און שלעפּט זיך ביז צו דער ערד. אינעווײניג אין קלויסטער הויבען זיך אויף פון דער פאדלאגע בילדער פון הײליגע. בײַ אנדערע פון זײ זענען די פּנימער שווארצליך און פארשטויבט, בײַ אנדערע ווידער קלאר און רויט ווי עפּעלעך. גאנצע מחנות פון קינדער שפּרינגען ארום אין קוויטשען. קלײנע מײדעלעך שפּילען זיך אין ליאלקעס, ווי מאמעס מיט איהרע קינדער, און קלײנע יונגלאך שפּילען זיך אין גזלנים. חשובע בעלי בתּים שטעהען מיט מעהר שטאטיק אײדער דער פּראָסטער עולם און שמועסען מיט גרויס כּוונה פון זײַערע גישעפטען. ווײַטער ציהט זיך דער שליאַך, וועלכען די שטראהלען פון דער אפּרילזון באפּוצען אין דער גאגצער לענג פון די בוימער, דא מיט א זוים פון גאלד און דא מיט א זוים פון שאטען; עס קלינגען די גלעקלאך פון די וועליסאפּעדען,

און עס רעשן די דעכער פון די וואגענס. עס בליאסקעט דער טייך, צוגאסען אין דער ברייט, אויף וועלכען די זון שפרייט אויס מאסען פון ליכט, און אויף וועלכען עס טאנצען ליכטיגע פינטעלעך, און ווען מען קוקט לאנג אויף דעם שליאך, זעהט מען א ביסעל אָן א זייט פון דעם הארטען, שטייניגען וועג די ווייכע, באזארבעטע ערד, שטיקער ערד אנגעליטעוועט איינער אָן דעם אנדערען אין פארשיידענע פארבען, וואס ווערען וואס ווייטער אלץ בלאסער. די וועגען זענען באזעצט מיט בוימער, וואס ציהען זיך פוןביידע זייטען בתמימות א שורה נאך א שורה.

ווי ליב איז אונז די דאזיגע נאטור, מיט וועלכער מיר זענען צונויפגעוואקסען פון קינדהייט אָן... היינטיגע נאכט האט א ביסעל גערעגענט און דאס גאנצע זעהט אויס ווי א לייכטע גימעהל — מיט זיינע אבגעוואשענע שטיינער, זיינע אבגילאקירטע ציגעל, זיינע דעכער האלב אין שאטען, האלב אין ליכט, זיין בליאסקעדיגען ברוק, ערטער־ווייז דורכגילעכערט פון קליינע טייכלאך, און די פיינע בלויקייט פון זיין הימעל, אויף וועלכען עס שווימען לייכטע וואלקינדלאך ווי פון זיידענעם פאפיר; צווישען צוויי געלע מויערן, איבער דעם טיף־בלויען סאמעט פון די ווייטע וועלדער, הויבט זיך אויף דער שפיץ פון דעם שכנותדיגען קלויסטער, וואס איז אזוי גלייך צו אונזערען און דאך אזוי פארשיידען. מען כאפט ארום מיט'ן קוק דאס גאנצע בילד, וואס איז פיין און איידעל ווי א רעגענבויגען.

פונ'ם פלאץ, וואו מען פיהלט זיך ברייטלאך ביי זיך אין דער היים, געהט מען אריין אינעווייניג אין קלויסטער. פון צווישען די ברענענדיגע ליכט מורמעלט אונז דער גוטמוטיגער גלח עפּעס אויף דער גרויסער אומענדליכער שפראך, בענטשט אונז, און נעמט ארום איטליכען איינציגען פון אונז און אלע צוזאמען אין איין איינציגער ברכה, אי ווי א פאטער, אי ווי א מוטער. אויפ'ן סאמען אויבען אָן, אויף דער פריצישער באנק, זעהט מען דעם מארקיז מאָנטייאָן, וועלכער זעהט אויס ווי אנ'אפיצער, און זיין שוויגער, די באראָנעסע גריי, וואס איז אנגיטון ווי א גיוועהנטליכע דאַמע. ארויס פון קלויסטער, געהען זיך די מאנסביל גלייך אוועק א היים, און די

ווייבער פארהאלטען זיך נאך א ביסעלע. דערנאך צושיטען זיך די דאזיגע זשומענדיגע קופקעלאך אויך און עס ווערט שטיל. צו מיטאג־צייט ווערען די קראָמען צוגימאכט. די רייכע קראמען מאכען זיך צו פון זיך אליין, און ביי די ארימע מוז עמיצער ארויסגעהען און פארען זיך מיט די לאדענס.

נאכ׳ן עסען בלאנזע איך ארום איבער די גאסען. אין דער היים איז מיר נודנע און אויפ׳ן גאס ווייס איך אויך נישט וואס צו טון. איך האב נישט קיין באקאנטע און קיין גוטע פריינד, צו וועמען איך זאל קאנען ארייננגעהען. פון איין צד האלט איך זיך צו גרויס, און חבר זיך נישט מיט אבי וועמען, און פון דעם אנדער צד בין איך א צו קנאפער יחסן, איך זאל קאנען מאכען וויזיטען ביי וועמען איך וואלט גיוואלט. די קאפעינעס און די שיינקען הויבען שוין אָן צו זשומען און צו קלינגען און אנצופילען זיך מיט רויך. איך געה אבער נישט אין קיין קאפעינעס און שיינקען, ראשית ווייל עס איז ביי מיר אזא פרינציפ, און והשנית, ווייל איך זשאלעווע טאקע אויס־צוגעבען געלט. דאס איז ביי מיר א קימא לן פון מיין מוהמען. און דערפאר געה איך ארום אהן א ציל אין די פוסטע גאסען, וועלכע געניצען מיר אנטקעגען ביי איינליכען ראג. עס שלאגט עריגץ א זייגער, און איך פיהל אז עס איז עפעס אהן א טעם, ווייל איך ווייס נישט וואס איך זאל מיט דער צייט מאכען. איך גיב זיך א נעהם א ן דער ריכטונג פון די רייכע סעדער, וואס לאזען זיך צום טייך אראב. איך פארקוק זיך מיט קנאה אויף די מויערן פון די רייכע פארקען און אויף די שפיצען פון די געדיכטע בוימער, אויף וועלכע עס הענגען נאך א פאר בלעטער פון דעם פארגאנגענעם זומער, ווי אלט־מאדישע צירונגי. אין א צייט ארום טרעף איך אן טוזאָרען דעם משרת פון דער אַפטייק. ער שטעהט און איז זיך מישב, וואוהין ער זאל געהען. אלע זונטאג טראגט ער דעמזעלביגען אביגיקראכענעם קראגען, וואס איז שוין שווארץ גיווארען ביי די קאנטען. ווי ער גלייכט זיך אויס מיט מיר, שטעלט ער זיך אב, ווי איינער, וואס עס איז איהם קיין נפקא־מינה נישט, צו ער זאל געהען, צו בלייבען שטעהען. צווישען די ציין שטעקט ביי איהם א האלב פארלאשענער פאפיראָס —

קוים וואס ער לעבט. ער באגלייט מיך. איך טראג אויף מיר די גאנצע משא פון זיין שווייגען, ביז אזש צום פלאץ פון די פלאַטאַ־נען. עס הויבען זיך אָן צו באגעגנען א פאר גישטאלטען אין דער מאָנאָטאָנער שטילקייט. איך פארקוק זיך אויף יונגע מיידלאך, וואס ווייזען זיך ביי די פענסטער און אין דער פינסטערקייט פון די צו־גימאכטע גישעפטען. עס זענען פארהאן צווישען זיי אפאר שיינע, עס שטעהען לעבען זיי זייערע מאמעס, וואס זעהען אויס, ווי קארי־קאטורעס פון זיי.

טודאָר איז אוועקגיגאנגען, און איך האב דאס נישט גימערקט.

כמעט אומעטום ווערט שוין ליכטיג אין די שיינקען, פון וועלכע עס לאזען זיך הערען פארשיידענע קולות. אין די בין השמשותדיגע גרויקייט קאן מען אונטערשיידען א געדיכטען עולם, וואס קאן זיך בשום אופן נישט איינהאלטען און שפארט זיך אריין אין די שיינקען. עס זאמעלט זיך דארטען אָן א מין פינסטערער שטורם, פון וועלכען עס שיסען ארויס בליצען.

און אט איז, גאט צו דאנקען, דער אבענד, וואס מאכט א ביסעל ווייכער די שטיינערנע גאסען. ארום טייך, צו וועלכען איך לאז זיך איצט אראב איינער אליין אין מחשבותן, הויבען זיך אָן אבצוצייכנען, נישט גאנץ קלאר, אידילישע סצענקעס. פארשיידענע גישטאלטען, וואס זוכען און פאראייניגען זיך, טרעטען ארויס פון דער טונקעל־קייט. עס באווייזען זיך פארלאך און ווערען ווידער נעלם, אנט־לויפענדיג פון די ביסעל ליכטיגקייט, וואס איז נאך פארהאן. דער אבענד פארדעקט מיט א געדיכטען שלייער די פארבען, די שטריכען פון די געזיכטער און דאס אויסזעהען פון די פארבייגעהענדיגע. איך דערזעה א פרוי, וואס שטעהט ווארטענדיג אויפ'ן ברעג פון טייך. זי שנייט זיך ארויס פון דעם פערילגרויען גרונט, און עס דוכט זיך אויס, אז זי טראגט די גאנצע משא פון דער טונקעלקייט אויף זיך. איך סטארע זיך צו דערמאנען, ווי זי הייסט, אבער איך קאן נאר דערקענען די שיינקייט פון איהר אומבאוועגליכער פיגור, דער פיגור פון א פרוי. נישט ווייט פון דעם דאזיגען פארשטיינערטען בילד, דרעהען זיך ארום צונויפגיפלאכטענע פארלאך צווישען די

שווארצע סלופּעס פון די גרויסע בוימער מיט געדיכטע צווייגען, וואס זעהען אויס ווי ארויפגיקלעבט אויף דאס ביסעל איבעריגעבלי־בענער בלאָהקייט: קוים וואס מען קאן דערקאנען די צוויי העלפטען, פון וועלכע די פארלאך באשטעהען. די פינסטערקייט פון דער נאכט נעמט זיי ארונטער אונטער איהר גיצעלט. אויף דעם גראזיגען אבהאנג זעהט זיך אנ׳אלטע חאטקע פון א פישער. א ביסעל ווייטער רוישען אין דעם נאכטווינד געדיכטע קוסטעס פון שילף; נאך א ביסעל ווייטער ווערען זיי שיטערער און שאקלען זיך אהין און אהער איבער די בליאסקעדיגע און לויפעדיגע אויבערפלאך אין קרומע ליניעס, וואס דרעהען זיך אריין איינע אין די אנדערע. די גאנצע נאטור דא האט עפּעס אויסטערלישעס אין זיך אדער זי דערמאנט אָן נאטור־בילדער פונם אַלטערטום. מען ווייס נישט אויף וועלכען ארט מען איז, און אין וועלכער צייט מען איז, מען לעבט ערגיצוואו אין א ווינ־קעלע פון דער אייביגער וועלט, אוואו מאן און פרוי קומען זיך צונויף און באהעפטען זיך מיטאנאנד, איינגעוויקעלט אין א טיפען סוד־פארטראכטערהייט געה איך מיר צוריק ארויף צום געפילדער

און דעם פלאנטער פון דער שטאט. דארטען טרעטען ארויס די באגעגענישען פון זונטאג אבענד — דער וויכטיגער ענין פון די מאנס־בילן — א ביסעל אפענער און פרייער. אויפ׳ן גאס און אויפ׳ן טראָ־טואר צושפּילען זיך די תאות שארפער און האַמאָטנער. מען רעדט הויך אויפ׳ן קול, מען שיסט אויס מיט א גילעכטער, און אפילו דורך טירען און טויערען הערט מען זינגען און שרייען. אין דער שארפער ליכטיגקייט פון די גאזרעהרען, אין דעם אבשיין פון די פענסטער אנטפּלעקען זיך די גישטאלטען און די געזיכטער. אנטאָניע געהט פארביי, ארומגערינגעלט מיט א קאמפּאניע מאנסבילן, וועלכע קוקען איהר אין די אויגען אריין, ארויסציהענדיג די העלזער; מען זעהט אז זיי האבען א שטארקען חשק צו דער מיידעל. באמערקענדיג מיך, וויל זי מיך א רוף טון. אבער איך קעהר זיך אב און לאז זי געהען. און אז זי האט זיך אבגיטראגען מיט איהר גישפּאן פון די מאנסבילן, דערפיהל איך אין דעם סליאד, וואס זיי האבען איבער־גילאזען דעם ריח פון פעטראלוס. פעטראלוס פוצט די לאמפּען אין

דער פאבריק· מיט זיין געלען׳ ערדפארביגען פנים און פרישצעס׳ מיט זיין פארקאשערטער הויט פון דער אויג׳ טראגט ער מיט זיך ארום דעם ריח פון פעטראל׳ און עס דוכט זיך אויס אז ער דער־נעהרט זיך פון פעטראל· ער איז א מענש׳ וואס לעבט תמיד אין שאטען· זעהען זעהט מען איהם ווייניג׳ מען דערשפירט איחם נאכ׳ן ריח· עס זענען נאך דא אויפ׳ן גאס אויך אנדערע פרויען· אין א סך פון אזעלכע זונטאגען׳ האב איך זיך ארייגגילאזען אין די אלע דאזיגע ליבעס·

צווישען אלע די דאזיגע פארשוינען׳ וואס שמועסען און באַ־העפטען זיך מיטאנאנד הויבט זיך אויף די גישטאלט פון א פרוי׳ וואס שטעהט איינע אליין׳ גלייך און אומבאוועגליך ווי א סלופּ· ארום איהר איז א ליידיגער פלאץ· דאס איז לואיזע די גרינע׳ וואס איז אזוי מיאוס׳ אז זי ווארפט אזש אָן אנ׳אימה׳ און וואס איז א מאל גיוועזן א גרויסע צנועה׳ אין א צייט׳ בעת זי האט עס גיקאנט נישט זיין׳ אזוי זאגט מען לכל הפחות· זי האט חרטה׳ און זאגט עס ארויס גאנץ אפען׳ כדי נקמה צו נעהמען פון דער צניעות· עס גילוסט זיך איהר צו זעהר צו פארפיהרען א ליבע מיט וועמען עס איז׳ אבער קיינער וויל אויף איהר נישט קוקען׳ מחמת זי איז דאר ווי א קאטשערע׳ און איהר געזיכט איז באדעקט מיט א מין קרעץ· די קינדער מאכען חוזק פון איהר׳ ווייל איהר באגעהר איז פאר זיי קיין סוד נישט· זיי ווייסען דאס פון די גרויסע· א קליינע פינפ־יאהריגע מיידעלע טייטעלט אויף איהר מיט׳ן פיטשינגען פינגער׳ל און זאגט אויף א דינינקען קולכיל: „זי וויל! וויל האַבען א מאן·״ אט טראגט זיך ארום וועראָן איבער׳ן פלאץ ווי א פארוויאנעט בלעטעל· ווערען דרעהט זיך ארום אנטאָניען׳ ווען עס גיט זיך נאר איין· הויך און דאר׳ מיט א וואקעלדיגען הלך׳ מיט א קליינינקע קעפעלע׳ וואס איז ביי איהם תמיד פארבויגען אָן א זייט׳ און מיט א פוסטען שמייכעלע אויף זיי׳נע ליפען׳ געהט ער ארום פוסט און פאס׳ און לעבט פון געלט אין באנק· ער איז בטבע א מזג טוב און אפטמאל צוגעהט ער ממש פאר רחמנות· ווי גאר לואיזע און ווערען דערזעהען זיך׳ אזוי קעהרען זיי אב דעם קאפ איינער פון

דעם אנדערען, זיי האבען מורא איינער פאר דעם אנדערען. און אט איז נאך איינער אויף דעם גייעג נאך ליבע — הער באָנעאַס; עס איז אויף איהם נעבאך א גרויסער רחמנות, הגם ער איז קלוגער און געבילדעטער פאר אלע אנדערע. צווישען די אראבגילאָזענע ברעגעס פון זיין הוט און זיין האלזטוך, וואס איז גראב ווי א טישטוך, שטעקט ארויס א געלער פנים.

ווי טוט מיר וועה דאס הארץ אויף די אלע דאזיגע עלענטע און פארוואגעלטע, וואס זוכען, וואס זוכען זיך אליין! עס טוט מיר וועה דאס הארץ אויף די דאזיגע צוריסענע אומגליקליכע, אויף די דאזיגע שאטענס פון מענשען, וואס בלאנזען ארום אהן קיין שום פעסטיגקייט אין זיך, ווי נשמות פון יענער וועלט.

וואו בין איך איצט?

פאר די הייזער פון די ארבייטער, די גרויסע, פלאַציגע, פון פענסטער דורכגילעכערטע מאסע. דארטען וואהנט מאַרי טיסאָן. איהר פאטער איז אויף א שטעל ביי די אייגענע בעלי בתים וואס איך. אין זיין האנד ליגט די פיהרונג פון דער גאנצער בעלי הבתישקייט אין די מאיאנטקעס פון די הערען גאָזלאן. עפּעס א מין אינסטינקט האט מיך געטריבען אהער. עפּעס אינטערעסירט מיך דא אלץ וואס איך טרעף אויפ׳ן וועג, מענשען און זאכען, און איך ווייס אליין נישט אויף קלאר פאר וואס.

הגם מארי איז מיר א שוועסטערקינד, זעה איך זי דאך זעהר זעלטען. ווען מיר טרעפען זיך, זאגען מיר גוט מארגען אדער גוטנ׳אבענד איינער דעם אנדערען, און זי שמייכעלט מיר בשעת מעשה צו.

איך שפאר זיך אָן אָן א פלאַטאַנענבוים און טראכט וועגען מאַרי. זי איז א גרויסע, א בלאנדע, א געזונטע, און זעהט אויס מיט איהרע ברייטע לענדען, ווי א ווענערא. זי האט א גוטען כאראקטער און געהט תמיד פּראסט אנגיטון. איהרע שיינע ליפּען שיינען ווי איהרע אויגען.

ווייל איך ווייס, אז זי געפינט זיך דא נישט ווייט פון מיר, ווער איך א ביסעל אומרוהיג. איך וואלט געוואָרען פארציטערט, ווען

זי וואלט זיך איצט פלוצים דא פאר מיר באווייזען, אזוי ווי זי איז גיוועזן אנוסטען, אז איך האב איהר גיטראפען דאס לעצטע מאל, ווען זי וואלט למשל איצט ארויסגיקומען, האלטענדיג איהר קליינע שוועס־טעריל ביי דער האנד, און איך וואלט דערזעהען דעם שיין פון איהר געזיכט און דאס וויגען זיך פון איהר אבגיטאקטער טאליע, וואס זעהט אויס ווי א זיידענע ליניע.

אבער זי באווייזט זיך נישט. אין דער קאלטער, בלויליכער מאסע, וואס אקעגען מיר, זעה איך מעהר נישט ווי די צוויי שוואך באלויכטענע פענסטער פונ׳ם צווייטען שטאק. עס קאן גריילך זיין, אז זי זיצט איצט אין איינעם פון די דאזיגע פענסטער. די ליכטיג־קייט נעמט נישט אָן קיין באשטימטע פארם, און עס דוכט זיך אויס, אז זי קומט פון עפּעס אנ׳אנדער וועלט. צום סוף קעהר איך אב די אויגען פון דעם אויסגישטערענטען פארנט פונ׳ם הויז צווישען די בוימער, איך קעהר אב די אויגען פון דעם הימעל, וועלכער שטעהט שטום און גלייך איבער מיין קאפּ. איך געה אהיים אין דעם דאזיגען לעצטען אבענד פון מיין ביזאהעריגען לעבען.

איך טרעף אויפ׳ן וועג די קליינע אנטאָאַנעטע. ווי קומט עס, אז מען לאזט איהר איינע אליין? זי שטעלט זיך אוועק אקעגען מיר און ציהט אויס די האנד נאך א נדבה. דאס איז איהר פלאץ, וואו זי בעטעלט. איך פיהר איהר אב אהיים. איך פארקליינער מיינע טריט, בויג זיך צו איהר איין, פרעג איהר אויס און הער זיך איין, וואס זי ענטפערט מיר. זי איז אבער צו קליין, בעבעט צו פיל און איך קאן נישט פארשטעהען, וואס זי זאגט מיר. איך פיהר אב פארזיכטיג דאס שוואך זעהענדיגע קינד ביז צו דער טיר פון איהר עלענטער וואהנונג.

איך בין שוין אין מיין גאס. פעטער עֶידאָ שטעהט פאר זיין הויז מיט דער פענסטער׳ל אין גראטעס, וואס איז גיבויט אין דער פארם פון א לאמטערנע. פון אונטער זיין קאפּושאָן קוקט ארויס א טרויריגער און פארחושכטער פנים. ער איז אין גאנצען שפּיציג אזוי ווי זיין הויז. דעם אמת זאגענדיג, האב איך פאר איהם א ביסעל מורא. מיט קיין כשרע גישעפטען פארנעמט ער זיך נישט. אבער

עס איז דאך אויף איהם א רחמנות ווי זינדיג ער זאל נישט זיין, און איך שטעל זיך אב, כדי איהם צו זאגען א פאר ווערטער. ער הויבט אויף מיר ארויף פון אונטער זיין שווארצען קאפושאָן א ווייסליכען, האלב־טויטען פנים. איך רייד פון דער פאַגאדע, און פון דער וויעסנע־צייט, וואס קומט אן. ער הערט מיך אויס אין מחשבות׳ן, און זאגט מיר „יע" מיט די שפּיץ ליפּען.

»אט איז שוין 12 יאהר,« זאגט ער מיר »זינט מיין ווייב איז מיר אוועקגישטארבען, צוועלף יאהר ווי איך בין אײַנער אליין; צוועלף יאהר זענען פארגאנגען, זינט איך האָב גיהערט די לעצטע ווערטער פאר איהר טויט.« און איך זעה ווי דער עלענטער מענש, כמעט א האלבער משוגענער, רוקט זיך אוועק פּאוואליענקע ווייטער. ער האט בודאי נישט גיהערט, ווי איך האָב איהם גיזאגט א גוטע נאכט.

אין דעם אונטערשטען צימער פון אונזער דירה איז איצט איינגעהייצט. אין דעם אבשיין פון די ברענענדיגע קוילען זיצט די מוהמע אויף א ביינקעלע לעבען אויבען און האלט די הענט ביים פייער. ביים אריינגעהען וואַרפט זיך מיר אין די אויגען די קיילעכדיגקייט פון איהר רוקען. איהר מאגערער געניק איז ווייס ווי א ביין און זעהט אויס ווי צובראכען. די מוהמע איז שטארק פארטראכט און נעמט אין מחשבות׳ן אנ׳אבצווייגע, וועלכע זי באדארף גאר נישט. איך זעץ זיך אנידער אויף מיין ארט. דער מוהמען פארדריסט, וואס איך שווייג. זי לאזט ארויס די אבצווייגע פון האנד, וועלכע גיט ביים פאלען א בראזג. דערנאך הויבט זי אן האסטיג צו ריידען פון די גאסיגע שכנים:

»וואס איז דא נישט דא? אז עס קומט דער ליבער זונטאג, שפּרינגען זיי אלע ארויס: „אט בין איך." מען דארף גאר נישט פאהרען קיין פּאריז, און אפילו נישט קיין אויסלאנד. די גאס, דאס איז א קליינע וועלטיל, וואס טאנצט נאך די גרויסע,« זאגט זי שאקעלנדיג איהר אלטען קאפּ מיט א מין גאוה. »אבער ווער זענען דאס? קליינע מענשעלעך, וואס האבען נישט מיט וואס. עט, נאכ־טאנצערס. און צוריקגיקערט, אז מען זאל קוקען אין תּוך אריין,

זענען דאס אפשר גאר נישט קיין נאכטאנגצערס. דאס זענען פשוט מענשען, וואס קלערען וועגען זיך, ווארום על פי יושר, מיין קינד, מעג איטליכער זיין גליקלאך. עס איז אומעטום איין וועלט, און עס זענען אומעטום פארהאן צוויי סארטען מענשען. עס זענען פארהאן אזעלכע, וואס זענען נישט צו גאט און נישט צו לייטען, און ווידער אזעלכע, וואס זענען ווי עס באדארף צו זיין, אי צו גאט, אי צו לייטען. עס איז אומעטום איין וועלט, מיין קינד, און עס וועט אלעמאל בלייבען, ווי עס איז גיוועזן.«

# פרימארגען און אבענד

איך גידענק אזוי ווי היינט אלע פרטים. דאס איז גיוועזן גראד אין דער מינוט, ווען איך האב פארטיג גימאכט די רעכענונג פון סעמעזאן. מיט אמאל לאזען זיך הערען טריט און שטימען, עפעס נישט אזוי ווי גיוועהנטלאך, און איידער איך האב צייט גיהאט אבצוקעהרען דעם קאפ, כדי צו זעהען, וואס דא טוט זיך, הער איך דורך די גלעזערנע טיר, ווי עמיצער גיט א זאג: „מיט פאלינ׳ס מוהמען האלט עס זעהר שמאל“. די דאזיגע ווערטער האבען מיך גיטראפען, ווי מיט א האק איבר׳ן קאפ. איך הויב זיך אויף פון מיין פלאץ... ערשט איינער שטעהט שוין אנטקעגען מיר. דער ווינד קלאפט צו די אפענגעבליבענע טיר. מיר לאזען זיך ביידע געהען. דאס איז גיוועזן בענאַ, וועלכער איז גיקומען מיר אנזאגען די ביטערע בשורה. מיר איילען זיך לויפען אזוי, אז איך קאן קוים אבכאפען דעם אטעם. אין דער פאבריק, וואו עס ווערט איצט גישמאק גיארבעט, געהען מיר פארביי פאר גלייכגילטיגע מענשען וועלכע ווייסען נישט וואס עס האט זיך מיט מיר דא גיטראפען און שמייכלען מיר פריינדליך צו.

עס איז א קאלטע נאכט, און אין דרויסען איז בלאטיג. עס בלאזט א שארפער ווינד. פון אויבען גיסט זיך פאווליע א דראבנער רעגען. מיר געהען און שפרינגען אריין און לוזשעס. איך שלעפ זיך

הינטער די ברייטע פלייצעס פון בענאַ און די פּאלעס פון זיין סורדוט; דער ווינד טרייסעלט מיך און נעמט מיך אדורך. אין דער פאַרשטאט בלאזט דער ווינד צווישען די פּאר הייזלעך אזוי שטארק, אז די קוסטעס, גיטרייסעלט פון דעם שטורם, גיבען זיך אלע א קעהר צו אונז און ווייזען אויס, אזוי ווי זיי וואלטען גיוועזן באדעקט מיט שוים. ניין, דער מענש איז נישט באשאפען גיווארען פאר אויסטערלישע גישעהעניסען!

אין צימער איז א היץ, אז עס ווערט אזש נישט גוט, און מען הערט ווי עס קנאקען די ברענענדיגע שייטלאך האלץ אין אויבען. א שטארקער ריח פון קאַמפער און עטער גיט מיר א זעץ אין נאז און כאפּט מיך אזש אן ביי דער גארגעל. פרעמדע מענשען שטעהען ארום בעט. זיי ווענדען זיך צו מיר און הויבען אן צו ריידען אלע מיט אמאל. איך בויג זיך צום בעט, כדי צו באטראכטען דער מוהמען. זי איז איינגיגראבען אין די בעטגיוואנד און איז שטייף ווי א מירמעלשטיין. איהר געזיכט איז איינגעטוליעט אין א גריבעלע פון דעם קאפּקישען. די האלב צוגעמאכטע אויגען זענען אומבאוועגליך. די הויט איז שווארצלאך. איטליכס מאל ווען זי גיט אנ'עטעם הויבט אן צו כארכלען ביי איהר אין האלז, און אחוץ די שוואכע באוועגונג פון איהר ושט און איהרע ליפּען, איז איהר קליינער, שוואכער גוף כמעט אזוי אומבאוועגליך ווי א ליאלקע. זי ליעגט מיט א בלויזען קאפּ און גרויע האר צולייגען זיך אויף איהר שטערן אזוי ווי הויפלאך שטויב.

עטליכע מענשען דערצעהלען מיר אויף איין קול ווי דאס איז גיקומען: דאס איז, זאגען זיי אינאפּאָפּלעקסיע, וואס עס האט זיך איבערגעחזרט צוויי מאל, און האט אויך אנגעריהרט דאס הארץ. עס האט זיך ביי איהר פארדרעהט דער קאפּ און עס האט איהר גיווארפען נאכאנאנד אין היץ און אין קעלט. זי האט גירעדט פון היץ, האט גירעדט וועגען מיר און דערנאך איז זי פּלוצים אנטשוויגען גיווארען. דער דאקטאר האט זיך מיאש גיוועזן פון איהר לעבען. ער וועט באלד ווידער קומען. דער גלח איז שוין גיוועזן דא 5 א זייגער.

עס ווערט שטיל. צווישען דעם העלען, פייערדיגען קנויל פון דעם זשומענדיגע פלאמען אין אויבען רוקט א פרוי ארייַן א שייט האלץ, און דאס גאנצע צימער ווערט באגאסען מיט א ליכטי־גען אבגלאנץ.

א לאנגע צייט באטראכט איך דער מוהמעס געזיכט, אין וועלכען גוטסקייט און מיאוסקייט מישען זיך אזוי מאדנע צונויף, אז עס הויבט אן וועה צו טון דאס הארץ. איך זוך איהרע האלב פארמאכטע אויגען, וואו דאס ליכט ווערט שוין פארגליווערט. עפּעס א מין פינסטערניש געהט פון איהר ארויס און פארשפּרייט זיך איבער איהרע גאנצע גישטאלט, עפּעס אזוי ווי א מין שאטען פון אינעווייניג וואלט איהר פארמיאוסט. מען זעט ווי ווייט זי איז אבגישוואכט גיווארען פון אלטקייט, און אז זי האט זיך גיהאלטען די גאנצע צייט מיט נסים.

אט די דאזיגע פארמשפּטע, די דאזיגע פארמוטשעטע, דאס איז דאך גיוועזען די איינציגע, וואס האט זיך מיט מיר אבגיגעבען אין א משך פון צוואנציג יאהר. זי האט מיך געפּיהרט ביי דער האנד, ווען איך בין גיוועזען א קליין קינד, זי האט מיך גיהאלטען פאר׳ן ארעם, ווען איך בין גיווארען א ביסעל עלטער, און דאס אלץ אין א משך פון צוואנציג יאהר. זי האט נישט דערלאזען, אז איך זאל פיהלען, דאס איך בין א יתום. ווי שוואך און קליין זי איז נישט גיוועזען, איז זי דאך אלץ גיוועזען גרעסער, שטארקער און בעסער פאר מיר! און ארומכאפּענדיג מיט איין איינציגען קוק מיין גאנצען עבר דער־זעה איך ערשט, אז זי האט עפּעס ווי מיט א מין כישוף אויסגיגאסען א חן אויף די גאנצע סביבה פון מיינע קינדערשע יאהרען. און איך טראכט מיט אנ׳אראבגעלאזענעם קאפּ וועגען איהר שטענדיגער ליבע צו מיר, ווארום זי האט מיר האָלט גיהאט כמעט אהן א גרע־ניץ. אלץ הייסט האָלט גיהאט! איך מיין, אז זי האט מיך אוודאי איצט אויך האָלט, אמת אויף א נישט גאנץ קלארען אופן, ווען עס שטעקט נאר א פונקען פון באוואוסטזיין אין איהר נשמה, און איצט בלייב איך איינער אליין — וואס וועט דאס ווערען פון מיר? זי איז גיוועזען איידעל אין איהרע געפּיהלען און דערביי פול מיט באווע־

גונג. איהרע בריהשקייט לעבט איצט פאר מיר אויף אין הונדערטער פרטים. איך באטראכט, ווי א מבולבעלער די קאכלעפעל, די אבצווייגנגע און די גרויסע טעעקאַן, מיט וועלכע זי האט זיך גיעוסקט פלוידערענדיג, און וועלכע ליגען איצט אויף דער ערד שטום און אהן לעבען.

און בעת איך באטראכט דעם פלעק פון איהר שווארצליכער האנד, וואס ליעגט אויף דער בעטגיוואנד ווי א שאטען פון א האנד, לעב איך ווידער איבער אזוי ווי א מין חלום יענע צייטען, ווען זי פלעגט ריידען, שרייען, יענע טעג פון מיינע יונגע יאהרען, די טעג פון דעם אנקומענדיגען זומער און די זונטאגדיגע שפאצירגענג. מיינע אויגען ווערען נאס פון טרערען. איך דערזעה נאך אמאל פאר מיר אונזער גארטען אין די ערשטע שיינע טעג, אונזער גארטען, וואס א חוץ א פאר קוסטעס מיט אגרעסען, באשטעהט ער סך הכל אין א פאר וואזאנעס, און וואס איז אזוי קליין און שמאל, אז דער אבגלאנץ פון דער זון אין די שויבען פון אונזערע צוויי פענסטער שפיגעלט איהם אין גאנצען אב. אט שפרינגט א רויטהאלזיגע פייגעלע, וואס זעהט אויס ווי א צאצקע, אויף די צווייגלאך פון די קוסטעס אין א געדיכטען נעץ פון שטראהלען. אט ווארעמט זיך אויף דער זון אונזער געלער יאגדהונד מירליטאן, וואס איז באדעקט מיט שטויב. און איז אזוי דאר און דין, אז מען וואלט טאקע גיקאנט מיינען, דאס ער קאן געשווינד לויפען. אין זונטאגדיגע טעג פלעגט ער זיך יאגען נאך קראליקעס אין די פעלדער. אבער אסור אויב ער האט גיכאפט איין איינציגען קראליק, ווארום א חוץ פלוי האט ער אין זיין גאנצען לעבען בכלל גארנישט גיכאפט... און אז איך פלעג אין די שפאצירגענג בלייבען פון הינטען, ווייל איך בין נאך גיווען קליין און שוואך, פלעגט זיך די מוהמע אומקעהרען, זיך אבשטעלען אויף דעם ברעג פון וועג און אויפהויבען די האנד אין דער הויך. איך פלעג זיך א לאז טון צו איהר שפרינגענדיג, און זי פלעגט זיך איינבויגען צו מיר און מיך אנרופען ביים נאמען.

»סימאָן! סימאָן!«

פאר מיר שטעהט פלוצים א פרוי. איך רייס זיך ארויס פון

מיין חלום, וואס איז אריינגידרונגען אין צימער און האט אנגינומען א ממשותדיגע גישטאלט. דאס איז מיין שוועסטערקינד מארי. זי גיט מיר די האנד צווישען די טאנצענדיגע פלאמען פון די ליכט ארום בעט. אין דעם שוואכען שיין זעהט מען א פארוויינטען און פאר־אומערטען פנים. מיין מוהמע האט איהר האָלט גיהאט. איבער דער שורה פון איהר ווייסע ציין ציטערן איצט איהרע ליפען. איהר ברוסט הויבט זיך אויף און לאזט זיך אראב אין איהר גאנצער ברייטקייט.

איך בין צוריקגיפאלען אין מיין שטוהל. דער אטעם פון דער קראנקער ווערט אלץ שווערער און ציהט זיך אלץ מעהר אין דער לענג, איהרע אומבאוועגליכקייט ווערט וואס אמאל אלץ שטייפער, און איך הויב ווידער אן צו חלומען. איך דערמאהן זיך ווידער אן די ווערטער, וואס זי פלעגט מיר זאגען. דערנאך הויב איך אויף די אויגען, הויב אן מיט זיי צו זוכען, און שטעל זיי אויס אויף מאַריען.

זי האט זיך אנגישפארט אָן דער וואנד און בלייבט שטעהען ווי א דערשלאגענע. זי טראגט אריין אין איהר ווינקעלע אנ׳אויסטער־לישע שיינקייט. איהרע קאשטאנברוינע האהר, וואס בייטן איהר פארב און זעהען אויס א מאל ווי גאלד און א מאל ווי בראנזע, גרייזלען זיך אָהן אנ׳ארדענונג איבער איהר שטערן און איהרע ווייסע באקען. באזונדערווארפט זיך מיר אין די אויגען איהר האלז, איהר ווייסער האלז. ווייל די היץ אין צימער איז אזוי שווער, אז מען קאן זי ממש אנטאפען, און מען ווערט שיר דערשטיקט, האט זיך מארי דעקאלטירט. אין דעם אבשיין פון די ברענענדיגע שייטלאך האלץ ווערט איהר האלז באגאסען מיט ליכטיגקייט. איך שמייכעל איהר שוואך צו. מיינע בליקען בלאנזען ארום איבער איהרע ברייטע און בולטע לענדען, איבער איהרע נאקעטע פלייצעס, און שטעלען זיך אב אויף איהר האלז, וואס שיינט ווי די שטראהלען פון דער אויפגעהענדיגער זון, און באשיינט די חרוב געווארענע שטוב.

דער דאקטאר איז גיקומען צום צווייטען מאל. שווייגענדיג האט ער באטראכט דאס בעט. וואס לענגער ער קוקט, אלץ מעהר

ווערען פארגליווערט אונזערע הערצער, ער זאגט, אז היינטיגע נאכט וועט שוין קומען דער סוף און לייגט צוריק אריין אין קעשענע די פלעשעלע מיט די רפואות. דערנאך ענטשולדיגט ער זיך, וואס ער קאן לענגער נישט בלייבען, און געהט אוועק. מיר בלייבען אליין ביי דער גוססת, וואס איז אזוי שוואך, אז מיר דערוועגען זיך נישט זיך אנצוריהרען אן איהר אדער ריידען צו איהר. פרוי פייא האט זיך אוועקגיזעצט אויף א שטוהל, האט פארלייגט די הענט, אראבגעלאזען דעם קאפ, און אזוי איז זיך די צייט פארגאנגען. צייטענווייז באווייזען זיך פארשיידענע גישטאלטען פון דער זייט פון דער טיר; מענשען געהען אריין פאוואליע, אויף די שפיץ פינגער, ריידען שטיל און ווערען ווידער פארשוואונדען. די גוססת הויבט ביסלעכווייז אויף דא א האנד, דא א פוס. זי מאכט העויות. פון איהר האלז, וואס זעהט זיך קוים הינטער איהר אויסגעצויגענעם און צוגעשפיצטען פנים, רייסט זיך ארויס א פארשטיקטער כארכלען. זי ווערט בלאס. מען זעהט, ווי עס ווערט בלייך איהר הויט, וואס איז אריבערגיצויגן איבער איהר ביינערנע פיגור ווי תכריכים. מיר ביידע שטעהען צונויפגעדריקט לעבען איהר בעט און הארכען ווי זי עטעמט. מיר ווייסען נישט, וואס צו טון, און שטרעקען אויס אנטקעגען איהר אונזערע הענט, וואס זענען דוכט זיך, אזוי נאהנט צו איהר, און דאך אזוי ווייט. איך גיב א קוק אויף מאריען. זי האט זיך אוועקגיזעצט אויף א קליינעם בענקעל, וואס ווערט פארשוואונדען אונטער דער משא פון איהר יונגען, בליהענדיגען קערפער. האלטענדיג דאס נאזטיכעל צווישען די ציין, שטעהט זי ווידער אויף, כדי צורעכטצומאכען דעם קיסען ביי דער קראנקער. און ווי זי שטעהט אזוי איינגעבויגען איבער'ן בעט לייגט זי נישט ווילענדיג ארויף איהר קני אויף דעם שטוהל, און אנטפלעקט דערביי א טייל פון איהר בלויזען פוס, וואס זעהט אויס אין זיין בולטער קיילעכדיגקייט ווי אנ'אלטער גריכישער קרוג; דורך דעם דורכזיכטיגען שווארצען זאק שיינט ארויס די הויט אין א גאלדיגען אבגלאנץ... אוי, ווי האט עס מיך א ציה געטון צו איהר איבער דער קראנקער בעט, וואס וועט באלד ווערען א קבר! איי האב קוים

צייט געהאט צו פארשטיקען אין מיר אנ׳אויסגעשריי, וואס האט זיך ארויסגעכאפט פון מיין ברוסט. דער זוים פון איהר טרויערקלייד האט זיך ווידער אראבגעלאזען, אבער איך קאן נישט אברייסען די אויגען פון דער דאזיגער טיפער טונקעלקייט. איך באטראכט מאריען, און איך קוק זיך אין איהר איין. דוכט זיך, אז איך קען זי שוין פון לאנג אָן, און דאך ווייזט עס מיר אויס, אז איך האב זי אקערשט ערשט ארויסגעפונען.

»מען הערט שוין גאר נישט,« זאגט א פרוי.

»ניין, מען הערט יא.«

»איך זאג אבער, אז ניין,« חזרט איבער די אנדערע.

איך דערזעה פאר מיר פלוצים דעם ברייטען און קרומען רוקען פון קרייאָנען. די מוהמע עפענט אויף א ווילע די ליפען, און דער מויל בלייבט אפען. איבער דעם פארגליווערטען שיין פון איהרע אויגען, וואס ווארפען א קרומען קוק אונטער א גרויער, ביינערנער מאסקע, הויבט זיך אויף די אויבערשטע הויט אויף דריי פערטיל. איך זעה ווי קרייאָן לייגט ארויף זיין ברייטע האנד אויף דעם קליינעם פארשטיינערטען געזיכט, און ווי ער מאכט איהר צו די אויגען. מארי גיט א געשריי ווען זי דערקענט נאך דער דאזיגער באוועגונג, אז די מוהמע איז שוין טויט. אט פאלט זי אנידער, און איך כאפ איהר אונטער און נעהם זי ארום. האלב פארחלשט האלט זי זיך אָן אָן מיר, און איך טראג אויף מיר, אויף א ווילע, די שווערע זיסע משא פון דער יונגער מיידעל. דער אויבערשטער טייל פון איהר בלוזקע האט זיך אבגעשפילעט. ער שטעהט איצט אפען און זעהט אויס ווי אנ׳אבגעשלאגענע הושענה; איך דערזעה די קיילעכדיגקייט פון איהר בלויזער ברוסט, ווי זי הויבט זיך אויף און לאזט זיך אראב אין א געפיהל פון שווערען אומעט. איהר קערפער ציטערט; זי דעקט צו איהר געזיכט מיט די הענט, און גיט זיך דערנאך א קעהר צו מירי. און גראד איז אוסגעקומען, אז אונזערע געזיכטער האבען זיך באגעגענט, און איך האב דער־שפירט דעם אויסטערלישען טעם פון איהרע טרעהרען!

דאס צימער איז גיווארען פול מיט יללות. עס דרעהען זיך

ארום שכנים, וואס זענען פלוצים געווארען פריינד, נאר קיינער קוקט נישט אין זייער זייט.

און דאן . . . נישט קוקענדיג אויף דערויף, וואס איך סטארע זיך איינצוהאלטען מיינע געפיהלען אין דעם דאזיגען הייליגען ווינקעל, וואו דער טויט שטעהט נאך א פריש־צאפּעלדיגער, ציהט זיך דאך מיין הארץ צו דער יונגער מיידעל. זי ליגט איצט אויף די קני ווי אלע אנדערע אין שטוב, און דאך זעהט זי אויס ווי א מלכּה, און קיניגט נישט קוקענדיג אויף אלץ וואס טוט זיך ארום איהר. איך פיהל ווי איך ווער מבולבל און פארכאפּט פון א מין שרעקליכע שכּרות. איך פיהל ווי עס צינדען זיך אָן אין מיר מיינע גידערם אין דער פינסטערניש ארום מיר. און לעבּען דער בעט פון דער אומגליקליכער באשעפעניש, וואס איז געווען אזוי צונויפגעוואקסען מיט מיר, און וואס ווערט איצט איינגעשלונגען אין פינסטערניש פון אייביגקייט, ווער איך פלוצים דערהויבען דורך א כוואליע פון א נייער האפענונג.

איך סטארע זיך צו קוקען אויף דער אומבאוועגליכקייט פון דער בעט, און דורכדעם אומבאוועגלאך מאכען מיין אויפמערקזאמקייט. איך פארדעק די אויגען מיט דער האנד, כּדי נישט צו טראכטען פון קיין אנדערע זאך ווי פון דעם מת, וואס ליגט שוין איצט אויף דער ערד, אין וועלכע מען וועט איהם באלד אריינלייגען. אבער איך ווער פארכאפּט פון א מין איבערמענשליכער נייגיריגקייט, און צווישען די פינגער ציהען זיך מיינע בליקען צו דער דאזיגער נייער פרוי, וואס האט זיך מיר באוויזען אין דעם חורבן פון דעם אומעט, און איך קאן זיי שוין מעהר נישט אוועקנעהמען פון איהר.

פרוי פייאָ בייט איבער די ליכט אין בינדט ארום ביי דעם מת דעם אונטערשטען טייל פון געזיכט מיט א טוך, וועלכען זי פארקניפּעלט אויף דעם שפּיץ פון דעם שאַרבען צווישען די גרויע האהר. איינגיראַמט אין דעם דאזיגען טוך זעהט דער פּנים פון דער טויטער אויס ווי א גרינבראָנזענע מאַסקע מיט אנ׳אויסגעבויגענעם נאז און מיט פארגליווערטע אויגען. פון אונטער דער קאלדרע שטארצען שפּיציג ארויס די אויפגעהויבענע קניע;

מען זעהט קלאר די צוויי דינע שטעקלאך פון די פיס; און די צוויי סטאפניעס שפארען אונטער די ליילאך ווי צוויי פעסט איינגעזעצטע צוועקעס. מארי קלייבט זיך צו געהען. זי פארשפילעט די בלוזקע, טוט אָן דעם מאנטעל, און טוליעט זיך גאנץ אין איהרע זאכען. זי דערנענטערט זיך צו מיר און שמייכעלט מיר שווייגענדיג צו. קיין טרעהרען אין די אויגען זעהט מען ביי איהר נישט. אבער זי איז אינגאנצען א צוועהטאגטע און א פאראומערטע. איך הויב זיך האלב אויף, און מיינע הענט ציהען זיך ציטעריג צו איהר שמייכעל, אזוי ווי איך וואלט איהם גיקאנט אנטאפען; פון הינטען איז גיבליבען מיין גאנצער עבר, פון הינטען איז אויך גיבליבען דער קבר פון מיין צווייטער מוטער.

די נאכט איז שוין פאריבער, דער פארלאשענער פייער וואַרעמט שוין נישט מעהר און די ווייבער צוגעהען זיך איינציגווייז. א שעה אדער צוויי בלייב איך אליין. איך געה ארום אהין און אהער און דערנאך גיב איך א קוק אויף דעם ברמינן, און א שוידער לויפט מיר איבער'ן לייב. מיין מוהמע איז שוין מעהר נישט דא. דאס וואס עס איז איבעריג געבליבען פון איהר טראגט א גרויע אונטערערדישע פארב און האט נישט קיין שום ממשות. איהר פלאץ איז ליידיג. איצט ווען איך שטעה לעבען איהר בין איך שוין איינער אליין! איינער אליין, נאר באלייט פון מיין טרויער, א בעל הבית איבער מיינע קומענדיגע יאהרען, שטעה איך צוטומעלט און דערשראקען פאר די נייע צייטען, וואס הויבען זיך פאר מיר אָן.

די פענסטער הויבען אן ווייסליך צו ווערען און די סטעליע באדעקט זיך מיט א גרויע פארב — די ערשטע צייכענס פון דעם מארגענדיגען טאג, מיט וועלכען עס מישען זיך אויס די פלאמען פון די ליכט.

איך פריר שרעקלאך, און שטעהענדיג אזוי אין דעם שוואכען און גרויען שיין פון דעם מארגען, אין דער מיט פון דעם צימער, אין וועלכען איך גידענק מיך פון אייביג אן, רוף איך ארויס ווי מיט א מין כישוף דאס בילד פון א פרוי, וועלכע זאל עס אויס־

פילען — א פרוי וואס זאל שטעהען לעבען אויבען, אוואו עס פלאקערט א פרעהליכער פייערל, באפוצט דורך דעם פורפורנעם אבשיין, מיט א ראזאפארביגער בלוזקעלע, דאס געזיכט באגאסען מיט א גאלדיגען אבגלאנץ אויסציהענדיג אקעגען דעם פייער איהרע ווייסע און איידעלע הענט, וואס זענען אליין שיין ווי די פלאמען, איך שטעה אין שאטען און קוק נאך איהר אויס.

די ביידע אנדערע נעכט האב איך פארבראכט אין מרהשחורה־דיגע אומבאוועגלאכקייט, און נאר די ציטערדיגע פלעמלאך פון די ליכט האבען כלומרשט אריינגיבראכט א ביסעל לעבען אין דער פארחושכטער סביבה. די ביידע טעג בין איך געווען פארנומען מיט פארשיידענע עסקים, וואס האבען מיך אין אנהויב אריינגע־בראכט אין א שטימונג פון יאוש, און דערנאך אין א שטימונג פון עלענדקייט און אומעט.

די לעצטע נאכט האב איך אויפגיעפענט א קעסטעלע מיט צירונג, וועלכע האט גיהערט דער מוהמען, און וואס איז גישטאנען אויפ'ן קאמאד צווישען א גאנצען הויפען פון אלטווארג. איך האב דארטען גיפונען אלטמאדישע טאָפּאזענע אויהרינגלאך, א קליינעם און שמאלען גאלדענעם ציילעמעל פון פארצייטענס, וואס א קליינער יונגעלע אדער א קליינע מיידעלע האט דאס אמאל אוודאי גי־טראגען און דערנאך א פארטרעט פון מיר אין די קינדערשע יאהרען, איינגעוויקעלט אין א שטיקעל פאפיר פון זייד אזוי ווי א בילד פון עפעס א הייליגען. זוכענדיג ווייטער האב איך צום סוף גיפונען אנ'אנגעשריבענעם בויגעלע פאפיר, וואס איז ארויס־געריסען געווארען פון מיינע העפטען, און וואס די מוהמע האט בשום אופן ניט געקאנט פועלן ביי זיך אוועקצווארפען. דאס אויסגעריבענע בויגעלע פאפיר וואס איז שוין גיווארען דורכזיכטיג ביי די קנייטשען, איז גיוועזן פיין און דין ווי קרייזלעך און האט אויך גימאכט דעם איינדרוק פון א מין זעלטענעם און אויס־טערלישען חפץ. דאס איז גיוועזן דער גאנצער אוצר פון מיין מוהמען. אין דער דאזיגער קעסטעלע האט גישטעקט די גאנצע ארעמקייט פון איהר לעבען און די גאנצע רייכקייט פון איהר נשמה.

דעם טאג פון דער לויה האט גיגאסען א שטארקער רעגען· פון פריהמארגען אן האבען זיך אין צימער אנגיהויבען צו קלייבען פארשיידענע מענשען· מען איז אריינגיגאנגען און ארויסגיגאנגען· און מען האט געזיפצט און גיקרעכצט אָהן אנ׳אויפהער· ארום צוויי א זייגער האט מען דעם ברמינן ארויפגילייגט אויף דער מטה· דערנאך האט מען די טרונע אדורכגיטראגען דורך דעם קארידאר· וואו די באזוכערס האבען אנגיטראגען בלאטע פודענווייז· מען האט נאך גיווארט אויף א קראנק· וואס האט זיך א ביסעל פארשפעטיגט· דערנאך האט מען אויפגימאכט די רעגענשירמען און די לויה האט זיך א לאז גיטון געהען אונטער דעם דאזיגען שווארצען און באוועגליכען גיצעלט·

ארום פיר א זייגער איז מען ארויס פון קלויסטער· דער רעגען האט נישט אויפגיהערט· און די גאנצע צייט· וואס די לויה האט זיך באוועגט אין גאס האט עס גיגאסען פוןביידע זייטען· עס זענען גיווען א סך בלומען· און די עגלה האט אויסגעזעהען זעהר שיין· עס איז גיוועזן א גרויסער עולם· איך האב זיך עטליכע מאל אומגידרעהט· באזונדער האט זיך מיר גיווארפען אין די אויגען פעטער עידא אונטער זיין שווארצען קאפושאן; ער איז ארומגע־שפרונגען אין בלאטע· איינגיהויקערט ווי א וואָראָנע· מאַרי איז גיגאנגען צווישען די ווייבער אין דער צווייטער העלפט פון דער גאנצער קאמפאניע· וועלכע האט זיך גישלעפט אונטער דעם טרא-פענדיגען דאך נאך דער מטה און נישט קיין גלייכען טראט· דא אבשטעלענדיג זיך און דא ווידער אנהויבענדיג צו געהען. זי איז גיוועזן דערשלאגען· זי האט רק גיטראכט פון אונזער אומגליק· מחמת דער שלעכטער פאגאדע· האט אלץ ארום מיר גיקראגען נאך א פרחושכטערען פנים·

דער בית עולם איז גיוועזן באדעקט מיט לוזשעס און פול מיט בלאטע· וואס האט געקוויטשעט אונטער די פיס· שטום און נאקעט שטעהען ארום די בוימער· דער הימעל איז פארברודיגט און באזייט מיט ראבען·

מען נעמט אראב די טרונע מיט איהר אומגעלומפערטער

מענשליכע פארם פון דער מטה און מען לאזט זי אראב אין דער פרישער ערד.

און דערנאך הויבען אן די אנטיילנעהמער פון דער לויה פארבייצוגעהען פאר מירי. מארי און איהר פאטער שטעלען זיך אוועק לעבען מירי. איך דאנק איטליכען באזונדער אין דעמזעלביגען טאן. זיי זענען אלע גלייך איינער דעם אנדערען — ביי אלעמען דערזעלביגער פנים מיט אנ׳אראבגילאזענער נאז. דיזעלביגע אב־העננטיגקייט, דיזעלביגע שווארצע קליידער און דיזעלביגע צוגיגרייטע ווערטער. פון דעם פריצישען פאלאץ איז קיינער נישט גיקומען. און פונדעסטוועגען האט זיך אנגיזאמעלט א גרויסער עולם, און דאס אלץ צוליב מירי. איך ווער א ביסעל האפערדיגער.

הער ליוסיאן גאָזלאן מאכט א פאר טריט אקעגען מיר און רופט מיך אן „ליבער הער”; ער ברייגגט מיר איבער דאס באדויערין מצד זיינע פעטערס פאר אלעמען אין די אויגען.

באָנעאַס זאגט מיר „ליבער פריינד” און דאס מאכט אויף מיר א שטארקען רושם. הער פאָקאַר האט מיר געזאגט: „ווען איך וואלט געוואוסט א פריהער, וואלט איך גיזאגט א פאר ווערטער. א שאד . . .” נאך אנדערע . . . און דערנאך זעהט מען שוין מעהר נישט ווי רוקענס אין דעם ווינד און דעם רעגען.

»נאך אלעמען . . . לאמיר געהען.«

מאַרי הויבט אויף מיר איהר געזיכט, וואס איז איינגע־ווייקט אין טרעהרען. זי איז גוטהארציג, איידעל, אומגליקלאך, אבער זי האט מיך נישט ליב . . .

מען צוגעהט זיך אהן אנ׳ארדענונג פארביי די בוימער מיט זייערע שקעלעטען, וואס זענען פארקאהלט דורך דעם ווינטער.

אז מיר קומען אריין אין אונזער גאס איז שוין טונקעל. איך הער ווי מען רעדט ביסלעכווייז פון פאָקאַרס פלענער. עט, מענשען לעבען ווי גיווען, און נאך א מין! מען זוכט גליקען.

די קליינע אנטאָאנעטע וואס טאפט זיך איצט פארזיכטיג פארביי א גרויסען מויער דערהערט דעם עולם. זי שטעלט זיך אב און זי וואלט אודאי גיקוקט, ווען זי וואלט גיקאנט. מען

דערזעהט אין דער טונקעלקייט איהר שוואכע גישטאלט, וואס איז דין ווי א שטיינגעל פון א בלום.

»דאס קליינע שעפעלע נעבאך!« מאכט א פרוי, וואס גערהט גראד פארביי.

אז מיר קומען אקעגען דער שיינק פון ראַמפּאַיי בלייבען ביי מיר מעהר נישט ווי מארי און איהר פאטער. א פאר אנטייל־נעהמער פון דער לויה זיצען זיך פאר טישלאך און טרינקען.

איך קום אָן א היים. מארי גיט מיר די האנד. זי קוויינקעלט זיך, צו זאל זי ארייננגעהען.

»קום אריין.«

זי געהט. מיר באטראכטען דעם וויסטען צימער. דער רעגען האט אריין גיקאפּעט, און עס בלאזט א ווינד ווי אויפ׳ן גאס. ביי אונזביידען שטעהען נאך טרעהרען אין די אויגען. זי זאגט מיר: „מארגען קום איך, כדי צו מאכען ארדענונג . . . ביז מארגען“. מיר גיבען זיך די האנד איינער דעם אנדערען א ביסעל צורודערט און עפּעס כלאחר יד.

א ביסעל שפּעטער הער איך, ווי עמיצער קראצט ביי דער טיר. מען קלאפּט אן מיט נישט קיין זיכערער האנד און איינער א לאנגער, א הויכער באווייזט זיך אויפ׳ן שוועל. דאס איז ווערן. ער געהט אריין א ביסעל צומישט מיט זיין לאנגער גישטאלט, אויף וועלכער עס הענגען אראב די קליידער, און וועלכע שאקעלט זיך ווי א שילד פון א קראם אין דעם ווינד. דאס איז א מאדנער נפש מיט א ווייכער און סענטימענטאלער נשמה. קיינער האט קיינמאל נישט גיזוכט צו דערגעהען וואס ער איז אזוינס. ער הויבט אן.

»מיין ליבער פריינד, מיהער*) (נאך איטליכע דריי ווערטער חזרט ער איבער דעם דאזיגען ווארט, אזוי ווי ביי געוויסע נערוועזע מענשען חזרט זיך איבער א צוקעניש אין געזיכט). מען דארף אמאל געלט, אדער עפּעס אנדערש . . . מען דארף א מאל געלט . . . מיהער,

*) אַנשטאט מיין הער. לויט דעם מחבר רעדט דער באשריבענער פּרשוין נישט קלאר ארויס די דאזיגע פאר ווערטער.

מיהער · · · ער פארשט אויס און חזרט זייןווערטעל: „מיהער.״ מיט טרעהרען אין די אויגען טרייסעל איך איהם די האנד. ניין, קיין געלט באדארף איך נישט, אבער די דאזיגע איבערנאטירליכע גוטהארציגקייט וועל איך קיינמאל נישט פארגעסען.

און אַז ער געהט אוועק מיט זיין וואקעלדיגען הלך, פארשעמט און א ביסעל איינגעשראקען דורך מיין אבזאג, נישט וויסענדיג וואס צו טון מיט זיינע גרויסע פיס און זיין גרויסע נשמה, זעץ איך זיך אוועק אין איין ווינקעלע, און א קאלטער שוידער לויפט מיר אדורך דורכ׳ן לייב. דערנאך קארטשע איך מיך צונויף אין אנ׳אנדער ווינקעלע, וואס איז אויך אזוי וויסט און חושך ווי דער ערשטער. עס דוכט זיך מיר אויס אז מארי האט מיט איהר אוועק־געהען צוגינומען אלף וואס איך פארמאג. איך פאל אריין אין א מרה שחורה, איך בין איינער אליין, איינער אליין דורך איהר.

# מארי

**א**יך האב געזאגט מאריען, אַז איך וועל קומען און ווארטען אויף איהר אין אבענד אויף דער באנק לעבען דער גרויען מויער, אויף דעם ארט וואו איבער דער מויער וואקסט א קוסט מיט רויזען, און וואו דער וועג הויבט זיך אן אראבצולאזען צום טייך צו.

א צייט נאכאנאנד האב איך אלץ נישט גיקאנט פועל׳ן ביי זיך איהר צו זאגען, אַז איך דארף מיט איהר וועגען עפּעס ריידען. סוף כל סוף אבער האב איך פארט באשלאסען זי צו בעטען צו קומען אהער היינט אין אבענד. זי איז אפילו געווען אביסעל פארוואונדערט און האט געשוויגען, אבער אבגעזאגט האט זי מיר נישט. דערווייל זענען אנגעקומען פרעמדע מענשען און זי איז זיך אוועק. און איצט וואַרט איך דאס אויף איהר. איך געה מיר אראב פאמעלאך צום טייך, און דערנאך קעהר איך זיך אום צוריק. איך דער־זעה ביים ארויפגעהן, ווי עמיצער זיצט גאנץ ברייטלאך אויפ׳ן באנק אונטער דעם שאטען פון די צווייגען. איך קאן די גישטאלט נישט גאנץ קלאר אונטערשיידען, אבער איך דערזעה פונדעסטוועגען אנ־

אנ׳אויסגעשניטענע שטיקעל ברוסט פון אונטער א שווארצער בלוזקע און דעם אונטערען טייל פון א ברייט פאנאנדערגעלאזענער קלייד־ ז׳יך בויג זיך איין און הער ווי זי זאגט צו מיר שטיל:

»נו זעהסט דו שוין אט בין איך געקומען.«

איך ענטפער:

» מארי! «

איך זעץ זיך אוועק לעבען איהר. מיר שווייגען. אט איז זי אין גאנצען פאר מיר. פון אונטער איהרע שווארצע קליידער דערזעה איך דייטלאך די ווייסקייט פון איהר געזיכט, פון איהר האלז און פון איהרע הענט. עס אנטפלעקען זיך פאר מיר איהרע הענט. עס אנטפלעקט זיך פאר מיר איהרע גאנצע שיינקייט ווי די שטראהלען פון א פאנאנדערגעריסענער ליכטיגקייט.

זי איז די גאנצע צייט געווען פאר מיר נאר דאס בילד פון א מין כשופדיגען חלום, אבער א בילד, וואס האט גילעבט זיין איי־גענעם לעבען און האט קיין שום שייכות מיט מיר נישט געהאט. איצט אבער האט זי באפרידיגט מיין פארשלאג, זי איז געקומען צו מיר, ווען איך האב זי גערופען און האט זיך מיר אנטקעגען גע־טראגען.

עס איז געווען זעהר א הייסער טאג און אין אבענדצייט האט פלוצים א גאס גיטון א שטארקער שטורמדיגער רעגען און האט דערנאך ווידער אויפגעהערט. פון די צווייגען, וואס הייננען איבער׳ן מויער קאפען אראב פארשפעטיגטע טראפענס. די לופט איז אנגעזאפט מיט א ריח פון ערד, פון צווייגען און פון בלומען, און עס בלאזען נאך שווערע ווינטען.

זי הויבט אן צו ריידען אפריהער — פון דאס און פון יענץ.

איך ווייס נישט אויף קלאר וואס זי זאגט. איך רוק זיך צו נעהנטער צו איהר, כדי צו זעהן איהרע ליפען.

איך ענטפער:

» איך טראכט נאר פון דיר. «

זי הערט וואס איך זאג איהר, און זי שווייגט. איהר שווייגען וואקסט זיך שרעקלאך פאנאנדער אין דעם שאטען פון די צווייגען.

איך רוק זיך צו איהר צו נאך נעהנטער, אזוי נאהענט, אז איך שפיר אויף מיין באק דעם הויך פון איהר אטעם און אז איך פיהל, ווי איהר שווייגען נעמט מיך ארום מיט אנ'אנגענעהמער ווארימקייט. און דערנאך צינד איך אן א שוועבעלע כדי צו פאררויכערען א פאַפּיראָס, אדער אפשר אויך כדי צו פארטרייבען דעם געפיהל פון מיין נישטזיכערקייט, אבער איך באנוץ זיך גאר נישט מיט דעם פייעריל וואס ברענט צווישען מיינע פינגער, איך דערזעה מעהר נישט ווי מארי זיצט א בלאסע, אביסעל ציטערדיג און באלויכטען מיט א גאלדיגען אבשיין. אויף איהרע ליפען שווימט ארויף א שמייכעלע, וועלכער פילט איהר אין גאנצען אויס.

מיינע אויגען ווערען פארשלייערט, מיינע הענט הויבען אן צו ציטערן. איך וואלט שטארק גיוואלט, אז זי זאל ריידען.

» זאג עפּעס. «

זי הויבט אויף איהר האלז מיט די שיינע פולע ליניעס, זי הויבט אויף דעם קאפּ און וויל עפּעס זאגען.

דערווייל האלט איך נאך צווישען די פינגער דאס קליינע פלעמיל, אוז וואלט עס געוואלט האלטען וואס לענגער צוליב זיין פיינקייט, מיט וועלכער עס אנטפלעקט מיר א סך ליבע פּרטים — און פלוצים דערזעהען מיר אין זיין אבשיין א פּאר צייכענס, וואס זענען איינגיגראבען אין מויער: א הארץ און אין דעך מיט צוויי ראשי תּבותן ה.ס א, די דאזיגע צייכענס האב איך אליין איינגיגראבען איינמאל אין אנ'אבענד. די קליינע העלענע איז דאן גילעגען אויף די קני אויף דער אייגענער באנק און איך האב גימיינט, אז איך געה ממש אויס נאך איהר. איך ווער אויף א ווייליע מבולבל בעת איך דערזעה דעם לעצטען סליאד פון א פארגאנגענעם און א פארגעסענעם טעות. מארי ווייסט נישט וואס דאס באטייט, אבער דערזעהענדיג די דאזיגע ראשי תּבות'ן, וועלכע האבען זיך איינגערוקט צווישען אונז ווו א לעבעדיגער נפש, דערוועגט זי זיך נישט צו זאַגען א ווארט.

די שוועבעלע ווערט פארלאשען און איך ווארף זי אוועק. זי פלאקערט אויף מיט איהר קליינער פלעמיל צום לעצטען מאל און

אנטפלעקט פאר מיינע אויגען דעם זוים פון א פראסטער קלייד, וואס איז שוין אזוי אבגיטראגען, אז זי בליאקעט אביסעל אפילו אין אבענד, און א שוך, אין דעם ארט, וואס איבער די קנעכעל, האט די זוים א לאך, און מירביידע זעהען דאס. מארי פארשעמט זיך און באהאלט געשווינד איהר פוס אונטער'ן קלייד. אנריהרענדיג מיט די אויגען א שטיקעל פון איהר באהאלטענער הויט, א שטיקעל פון איהר אמתר ווייסקייט, הויב איך אן נאך שטארקער צו ציטערן.

זי הויבט זיך אויף שטילערהייט. דאס איז א סמן, אז די דאזיגע ערשטע באגעגעניש, וואס טראגט אריין א טיפען שינוי אין לעבען, איז שוין פארביי. מיר קעהרען זיך אום, און די טונקעלקייט באדעקט אונז ארום און ארום, מיר קלייבען זיך צוריקצוקומען אין אונזערע וואהנונגען, וואו עס איז איצט נישט ווייניגער טונקעל. איך זעה, ווי עס וויגט זיך איהר גישטאלט אויף דעם שוואך באלויכטענעם גרונט פון דער מויער. זי איז אינגאנצען איינגעוויקעלט אין דער פינסטערניש פון דער נאכט, און איהר שווארצע קלייד ווערט אויך א שטיק פינסטערניש און נאכט. אט איז זי אין גאנצען פאר מיר, ווי זי שטעהט און געהט! עס הוזשעט ביי מיר אין די אויער'ן; די גאנצע וועלט איז פול מיט לויבגיזאנגען. אויפ'ן גאס זעהט מען שוין נישט מעהר קיין מענשען, און זי געהט אויפ'ן ברעג טראטואר, כדי מיין געזיכט זאל בלייבען אויף איין הויך מיט איהר געזיכט. געה איך לעבען איהר אין דער לוזשע, און דאס קאלטע וואסער נעהמט מיך אדורך דורך די שטיוועל.

היינטיגער אבענד צוברענט זיך אין מיר א מין ווילדער באגעהר. איך בין אזוי בטוח אין מיר, אז איך האב אפילו פארגעסען איהר צו דריקען די האנד. שטעהענדיג פאר איהר הויז זאג איך איהר: „ביז מארגען". זי ענטפערט מיר „יע".

אין איינעם פון די שפעטערדיגע טעג בין איך עפעס פריי געווארען פון דער ארבייט אין א נאכמיטאג, און איך האב זיך גענומען געהען אין דער ריכטונג פון יענער שטארק באוואהנטער הויז, וואו עס געפינט זיך די דירה פון איהרע עלטערען. איך האב זיך ארויפגעהויבען אויף די שמאלע טרעפ צום צווייטען שטאק און אדורכגע־

געגאנגען א קרומען קארידאר. אט דא איז דאס. די טיר שטעהט אביסעל אפען. איך קלאפּ אן און געה אריין. מען הערט נישט קיין פּיפּס, קיינער איז נישט דא. איך ווער מיאוס אבגינארט אין מיינע האפנונגען און דערווארטונגען, און די דאזיגע ביטערע ענטטוישונג נעמט מיך אדורך אזש ביז אין דעם מארך פון די ביינער. איך מאך א פּאר נישט זיכערע טריט אין דעם פּוסטען קליינעם פּירהויז, וואס ווערט באלויכטען דורך די גלעזערנע טיר פון די קיך, פון וואנען עס הערט זיך איצט א גירויש פון רינענדיגען וואסער. איך עפען א טיר און דערזעה א צימער מיט פענסטער, וואס זענען באפּוצט מיט אויסגעשטיקטע פארהאנגלאך; עס שטעהט א בעט צו־גידעקט מיט א בלויע זיידענע קאלדרע, וואס בלאנקט ווי די פארבען פון א פרישען גימעהל. דאס איז מאריס צימער! איהר גרויער זיידענער הוט הענגט אויף א היינגער ביי א וואנד, וואס איז באלייגט מיט טאפּעטען און בלומען; זינט די מוהמע איז געשטארבען טוט זי דעם הוט מעהר נישט אן; אבער עס הענגען לעבען איהם איהרע שווארצע קליידער. איך גנבע זיך אריין אין דעם דאזיגען העלען און בלויען ווינקעלע, וואו אלץ איז אויסגילייגט אין אזא ארדענונג, אזוי ווי עס וואלט גיוועזן אויסגימאלט אויף א בילד און וואו עס איז פארשפּרייט א קאלטע, כמעט שנייאיגע ליכטיגקייט. איך ציה אויס די האנד ווי א גנב, און טאפּ אן אלע דאזיגע זאכען, וועלכע באריהרען איהר לייב. איך דרעה זיך אום צום בלוי באצוי־גענעם בעט. אויף אנ׳עטאזשארקע שטעהען ביכער, וועלכע דערוועקען אין מיר א נייגעריקייט. וואס טראכט זי, מיט וואס פארנעהמען זיך איהרע גידאנקען? אבער איך לאז דאס; מיך אינטערעסירט מעהר דאס בעט... מיט א האלב דערשראקענע, האלב ציטערדיגע, האלב ווילדע באוועגונג הויב איך אויף די קאלדרע. איך שטעל אויס די אויגען און מיינע בליקען עגברן זיך אריין אין דאס אינעווייניגסטע פון׳ם בעט; איך שפּאר אן מיינע ציטערדיגע קני אן די קאנטען פון דער דאזיגען גרויסען שטיק מעביל, וועלכע פארמאגט פארשיידענע חפצים און זאכען, און צווישען זיי א זיסען און עלאסטישען לייב.

איך פיהר דעם גיוועהנליכען לעבען פון א גאנץ יאהר און

מיין ארבייט איז תמיד דיזעלביגע. איך הער אויס פארבייגעהענ־
דיג די שמועס׳ן פון קרייאָנען מיט זייער בעל הבתישער חשיבות, די
שטורמדיגע זידלערייען פון דעם שמיד בריבי, וועלכער שיט מיט פעך
און שוועבילי די גישפרעכען ארום פאָקאַרס פלענער און ארום די
נייע חברה ״נקמה״ וועלכע הער באָנעאַס האט דא נישט לאנג גע־
גרינדעט, א חברה, וואס זוכט צו דערוועקען דעם נאציאנאלען גיפיהל.
איך ווער ארייגעצויגען אין דעם פארפלאנטערטען און מאנאטאנען
לעבען, ווי אלע אנדערע. אבער זינט יענער טראגישער נאכט, בעת
מיין טרויער איז מגלגל גיווארען אין פרייד אין דעם צימער פון דער
טויטער, איז די וועלט, אין תוך גירעדט, פאר מיר נישט דאס וואס
זי איז גיוועזן. אומעטום, וואו איך זאל נישט זיין און וואס איך
זאל נישט טון, האבען מענשען און זאכען אנגיווארען פאר מיר זייי־
ער ממשות און קומען מיר אויס עפעס מאדנע ווייט און פרעמד —
צי איך געה ארויס אויפ׳ן גאס און מיש זיך אויס מיט מענשען, צי
איך מעסט אן אין דער היים א נייען בגד, וואס איך געפין אז ער
קליידט מיר זעהר גוט, צי איך זיץ ביים טיש א פארטראכטער און
לאז מיך באשטראהלען פון דער זון. ווען נישט ווען דערמאהן איך זיך
קלאר אן מיין מוהמען. אמאל רעדט עמיצער ארויס דעם נאמען
מארי, און איך גיב א ציטער מיט מיין גאנצען קערפער הערענדיג,
ווי די מענשען זאגען ארויס דעם ווארט מארי און ווייסען נישט
וואס זיי זאגען. עס זענען פארהאן צייטען, וואאו דער מרחק צווישען
מיר און איהר איז אזוי אנגעפילט מיט לעבען,אז איך ווייס אליין נישט
אויף קלאר צי זי איז דא ביי מיר צי נישט.

אז מיר געהעןביידע שפאצירען לייגט זיך דער זומער און די
גאנצע זיסקייט פון לעבען ווי א מין משא אויף מיינע פלייצעס, וואס
איז מיר שווערער צו טראגען איידער אין די פריהערדיגע צייטען.
איהר גרויסע הויז וואס איז אזוי פול מיט באוועגונג אין באשטימטע
שעהן פון טאג איז אנאנדערמאל אזוי שרעקלאך פוסט, מיט דעם
אפענעם שטח פון זיינע שווארצע טרעפ, מיט זיינע פלעצער, פון
וואנען עס צווייגען זיך אב די שמאלע געסלאך פון קארידארען און
די פארשיידענע ווינקאלאך, וואו וואסערקראנען קאפען אין בעקענס.

מיר זיינען ביידע צוזאמען אין גאנצען פאר זיך, און די דאזיגע יחידות אונזערע נעהמט אונז א דורך מיט איהרע ברייטע נאקעט־קייט. בעת מיר הויבען זיך ארויף אויף דעם גלייכען וועג פון די טרעפ וואס פיהרט אין דער הויך, ווער איך פארכאפט פון א מין געטליכען געפיהל. די טרעפ, וועלכע דרעהען זיך ארויף מיט א פינקטלאכער אויסגערעכענטקייט, מיט די שטיגען, וואס זענען אקו־ראט צוגימאסטען איינע צו די אנדערע, האט אין זיך עפעס מענטש־ליכס. פון דעם משופעדיגען דאך קוקט ארויס א קיילעכדיג פענ־סטערל; פון דאנען באקומט דער אינוויינינגסטער טייל פונ׳ם הויז זיין גאנצען ליכט. בעת מיר הויבען זיך ארויף אויף די טרעפ צו דעם שמאלען שפאלט פון דעם דאזיגען ליכט ווערען מיר באגלייט פון שיטערען שאטען, וועלכער רינט אראב איבער די ווענט פון דעם דאזיגען ארבייטערהויז, וואס איז מעהר עהנליך צו א קעלער. ארומגערינגעלט פון אלע זייטען פון א סודותדיגע טונקעלקייט, דוכט זיך מיר אויס, אז מיר הויבען זיך ארויף צום הימעל.

עס דריקט אונז א נאגענדיגער פארלאנג, און מיר זעצען זיך אוועק אויף א שטיג, איינער לעבען דעם אנדערען. אונטער דעם קיילעכדיטען פענסטערל איז אלץ ארום אונז שטיל און רוהיג. מחמת דער שמאלקייט פון די טרעפ שפארען מיר זיך אן איינער אן דעם צווייטען. דיווארעמקייט פון איהר קערפער רינט אריין אין מיר, און איך פיהל מיך א ביסעל באאומרוהיגט דורך דעם שוואכען ליכט וואס שטראהלט פון איהר ארויס. איך שפיר איהר ווארימקייט, איך שפיר איהרע געפיהלען און גידאנקען. אויף אונז לאזט זיך אראב די טונקעלקייט פון ארום. קוים זעה איך די פרוי, וואס זיצט איינ־געבויגען לעבען מיר, ווארם און טיף ווי א נעסט. איך רוף איהר אן ביים נאמען שטילערהייט, און מען וואלט גיקאנט מיינען, אז איך שריי אויס אויפ׳ן קול א דערקלערונג פון ליבע צו איהר! זי קעהרט זיך אום, און מיר דוכט זיך אויס, אז איך זעה איהר אפענעם פנים צום ערשטען מאל. איך לייג איהר ארויף מיין האנד אויף די פליי־צעס. זי זאגט מיר „גיב מיר א קוש״. מען רעדט נישט, אין אומר ואין דברים, מען שושקעט זיך און מען לאכט.

מירביידע באקוקען איצט פון אלע זייטען א פירקאנטיג שטי־
קעל פאפיר. איך האב עס געפונען אויף דער באנק נישט ווייט פון
דעם וועג, וואס געהט אראָב צום טייך. דאס שטיקעל פאפיר איז
זעהר פיין צונויפגילייגט; א פנים אז עמיצער האט איהם פארגעסען.
דער ווינד האט איהם שיר גיהאט אוועקגעבלאזען, אבער זיין צי־
טערדיגע קליינע מאסע האט איהם אויף א רגע עניוותדיג צוגיהאל־
טען. עס איז גילעגען און גיווארט. עס איז באדעקט מיט עטליכע
שורות פון אנ׳אויסגעשריבענער האנד. מיר לייענען: „איך קען נישט
דעם לשון פון כשרע נשמות, איך ווייס גאר נישט; איך בין דער
קרבן און די תפילה, איך ווייס נאר, אז בעת איך זעה, ווי דיין
שיינקייט גיסט זיך צונויף מיט דיין שמייכעל, קומען מיר טרעהרען
אין די אויגען אריין.״

מיר לייענען איינמאל און נאך אמאל, און ווערען פארכאכט
פון א מין מיסטישער שטימונג. מיר עוסק׳ן זיך לאנג מיט דעם דא־
זיגען שטיקעל פאפיר, וואס איז על פי מקרה אריינגעפאלען צו אונז
אין די הענט, הגם מיר ווייסען נישט וואס עס באטייט און פאר־
שטעהען נישט אויף קלאר דעם מיין פון זיינע ווערטער.

אז איך האב זי גיבעטען, צו געהען היינטיגען זונטאג אויפ׳ן
בית עלמן האט זי מסכים גיווען, ווי מיט אלץ וואס איך פארלאנג פון
איהר. איך האב גיזעהען, ווי זי איז גיקומען דורך די גערטענער פאר־
ביי די רויזענקוסטעס. א היבשע ביסעל צייט זענען מיר גיגאנגען
שווייגענדיג און האבען אפילו קיין איינציגווארט מיטאנאנד נישט אויסגי־
רעדט; וואס מעהר מיר זענען צוזאמען, אלץ מעהר גיוואהנען מיר
זיך אב צו ריידען. מיר האבען באטראכט דאס פארצאמטע שטיקעל
ערד, וואו עס ליגט איצט אונזער מוהמע, און וואס איז אין גאנצען
באוואקסען מיט בלומען. אז מיר קומען צוריק פון בית עלמן דורך
די פעלדער, שטעהט שוין די זון טיף אין מערב־זייט; מיר נעהמען
זיך אן פאר די הענט, און א מין נצחונדיגע פרייד צוואקסט זיך ביי
אונז אין הארצען. זי טראגט איצט א שווארצע לייווענטענע קליי־
דעל. פון ערגיץ וואו בלאזט א לייכטער ווינד, און דער אונטער־
שטער טייל פונ׳ם קלייד, די ארבעל אין דער קאלנער לאזען זיך ביי

איהר ברייט פאנאנדער; ווען נישט ווען קערט זי זיך צו מיר אום מיט איהר געזיכט, וואס איז אזוי ליכטיג, אז מיט איטליכען קוק, וואס זי טוט אויף מיר, ווערט עס כמעט נאך ליכטיגער. זי געהט לעבען מיר צווישען די גאט־גיבענטשטע פעלדער און לאנקעס, הויך און גרויס ווי א ריזין: דעם קאפּ האלט זי איצט א ביסעל איינגיבויגען און דער שטערן און די באקען ווערען באשיינט פון א גרינלאכען אבגלאנץ. מיר ווערען באלייט אויף אונזער וועג פון א באבאצקע, וועלכע דרעהט זיך פאר אונז אין א מין מצוה־טענציל; אט זעצט זי זיך אויף עפּעס פאר אונזערע אויגען, און אז מיר קומען נעהנטער צו צו איהר פליהט זי ווידער אוועק, און זעצט זיך צו א ביסעל ווייטער, כדי ווידער אנצוהויבען איהר טענציל; מיר שמייכלען צו דער דאזיגער באשעפעניש, וואס טראכט איצט וועגען אונז.

די זון האלט שוין אין פארגעהען און באגילט אונז מיט איהרע משופּעדיגע שטראהלען. האלטענדיג זיך פאר די הענט געהען מיר ביז צום שטיינערנעם בילד פון א בלומענגעטין, וואס א פארצייטיגער פריץ האט א מאל אויפגעשטעלט אויפ׳ן ברעג פונ׳ם וואלד. די גע־טין שטעהט א האלבנאקעטע אין דער שיינער און פולער ליכטיגקייט; איהרע העלע לענדען זענען פארדעקט מיט א שטיינערנעם שלייער, וואס איז נאך ווייסער ווי א ווייסע ליילאך. און דא האב איך פּלו־צים א דריק גיטון מאריען מיט א ווילדען אימפּעט צו מיין הארץ; אין דער שטילקייט פון דעם הייליגען וועלדיל האב איך זיך צום ערסטען מאל צו איהר דערנענטערט. איך האב איהר אבגעשפּיליעט די שווארצע בלוזקע, איהר אראבגעצויגען די בענדלאך פונ׳ם העמדי, און כדי זי זאל ווערען מיט דער געטין צוגלייך האב איך אבגידעקט איהרע ברייטע פולע און בולטע ברוסטען. זי לאזט זיך ליבען. זי זיצט אראבגילאזען דעם קאפּ, רויט פון דער זון און פון איהר יונגען בלוט, און ווארפט אויף מיר א צומישטען קוק, וואס האט פאר מיר אין דער סאמער צומישטקייט איהרער דעם זיעבענטען חן.

איך דריק מיינע ליפּען צו איהרע ליפּען. ביז אהער, אז איך פלעג זי א קוש טון פלעגט זי זיך אפילו לאזען, אבער קיין צו גרוי־סע איבערגיגעבענקייט האט זי נישט ארויסגעוויזען. דאסמאל אבער

האט זי מיר גיענפערט מיט א הייסען קוש׳ און האט אזש צוגימאכט די אויגען פאר גרויס הנאה׳ און דערנאך איז זי געבליבען זיצען׳ ארומנעהמענדיג מיט איהרע הענט איהר ווייסען האלז און האלטענ־דיג די רויטע פייכטלאכע ליפען א ביסעל אפען; זי זיצט איצט פאר זיך׳ אבגיטיילט פון מיר׳ און פארט דורך און דורך אויסגיבונדען מיט מיר׳ פול מיט זידיגען לעבען׳ און די באוועגונגען פון איהר הארצען שפיגלען זיך אב אויף איהרע ליפען׳

זי שפילעט זיך ווידער צו׳ דער ווינט ווערט פלוצים שטאר־קער׳ מען זעהט ווי די עפעלבוימער אין די גארטענס שיטען פון זיך אראב זייערע ווייכע און לייכטע בליטען און ווי עס טרייסלען זיך אויף א שטריקעל אויפגיהאנגענע וועש׳ דער הימעל באדעקט זיך מיט א כמארע׳ גראד היינט איז א ווינדיגער טאג׳ דער ווינד ווערט וואס ווייטער אלץ תקיפער און הויבט צום סוף אן צו בעלהבתעווען גאר אויפ׳ן פיינעם אופן׳ ער פאלט אויף אונז אן בעת מיר געפינען זיך אויף דער זייט פונ׳ם אבהאַנג׳ ער קומט ערגיץ פון די טיפענישען פון דער אומענדליכקייט׳ די געל גיוואראענע בלעטער פון די וואלד־בוימער הויבען אן צו רעש׳ן און מען זעהט ווי זיי שאקלען זיך אונטער דעם געדיכטען נעץ פון די שווארצע דראנגעס׳ דער הימעל פאררוקט זיך אלץ ווייטער מיט זיינע גרויע שלייערס׳ און אז מען גיט אויף איהם א קוק פון אונטען ארויף פארדרעהט זיך אזש דער קאפ׳ אט שפרינגט אריבער א פויגעל פון איין וואלקען צום אנדערען׳ און פאלט אויף איהם ארויף ווי א שטיין׳ זיך האלטענדיג פאר די הענט לאזען מיר זיך געהען צום טאל און שפארען זיך אן מיט די פיס אן דעם אבהאנג׳ ווארום מיר זענען איצט אין גאנצען אין דעם רשות פון דעם שטארקען אטעם פון דער נאטור׳ וועלכער שטויסט און טרייבט אונז אָהן אן אויפהער אלץ ווייטער און ווייטער׳ אדורכגי־נומען פון ווינד׳ צעדולט פון דעם וועלט־קאנצערט׳ וועלכער האט זיך צושפילט און דעם פרייען שטח פון דער נאטור׳ לאזען מיר זיך לוי־פען צום ברעג פון טייך׳ דאס וואסער ציהט זיך צווישען די בוי־מער מיט די געדיכטע צווייגען׳ וועלכע פארפלעכטען זיך מיטאנאנד דורך די אויבערשטע שפיצען׳ מיר שפאצירען

אויף א נאסע און ווייכע סטעזשקעלע אונטער דעם האלב־קײלעכדיגען דאך פון די צווייגען, אין דער גרינבאשאטענטער סוכּה מיט די קריסטאלענע שויבען פון אויבען. מיר דערזעהען א שיפעל מיט א פלאציגען דעק, וואס גיהערט די פישער. איך זעץ אריין מאריען אין דעם דאזיגען שיפעל, וואס בויגט זיך און סקריפּעט אונטער דער משא פון איהר קערפּער. מיר לאזען זיך דעם טייך אראב, באלייט פון דעם טאקט פון צוויי וויאסלעס. אונזערע אויגען און אונזער כּוח הדמיון האבען אין זיך א שעפּערישע קראפט, און עס דוכט זיך אונז אויס, אז די ברעגען לויפען פוןביידע זייטען. דאס איז די פאנאראמע פון די בוימער און די קוסטעס, וואס רוקט זיך אב אלץ ווייטער און ווייטער. מיר אליין בלייבען! אבער דאס שיפעל פארהאקט זיך אויף א פלאציגען ארט צווישען הויכע גראזען. מארי ליגט האלב אויסגיצויגען און רעדט נישט ארויס קיין איינציג ווארט. איך שלעפּ זיך צו איהר אויף די קני אויף דעם דעק פון׳ם שיפעל, וועלכער ציטערט מיט אלע זיינע אברים אזוי ווי איך. איהר געזיכט ווינקט מיר שווייגענדיג צו. זי רופט מיך מיט איהר גאנצען צוּוואָרפענעם און פאנאנדערגילאזטען קערפּער, מיט איהר האלב־אפענעם שויס, מיט איהרע שטייף אנגיצויגענע בריסטען, וואס לעבען איהר לעבען אונטער איהרע לייכטע מלבושים. זי האט זיך איבער־גיגעבען אין מיין רשות. האלב פארחלשט, גיהארכזאם און דערהויבען אין דער סאמער גיהארכזאמקייט האט זי זיך גילאזט ליבען מיט א ברענענדיגער און דורכדרינגענדיגער ליבע. היינט איז זי מיינע, זי איז מיינע אויף אלעמאל! פוּזְ היינט אן מעג קומען וואס עס וויל. די צייטען מעגען זיך פארבייגעהען, די ווינטערס מעגען קומען נאך די זומערס, זי איז מיינע, מיין לעבען איז באשיינט און באקרוינט! מיט א מין גדלות טראכט איך פון אלע יענע פארליבטע, וועלכע האבען גיקראגען א שם אין דער געשיכטע, און צו וועלכע מיר זענען איצט עהנליך. איך זעה, אז עס זענען נישט דא אזעלכע מיני גיזעצען, וואס זאלען קאנען באשטעהען פאר דעם כּוח פון דער ליעבע. און אונטער די פארגענגליכע פליגלאך פון די צווייגען און די בלעטער, אין דער פאנאראמע פון דעם

הימעל און דער ערד, וואס בייט זיך אהן און אויפהער, חזר׳ן מיר איבער „קיינמאל נישט״, מיר חזר׳ן איבער „אלעמאל״ און מיר שריי־ען ארויס די דאזיגע ווערטער אין די אייביגקייט אריין.

די בלעטער פאלען אראב. דאס יאהר דערנענטערט זיך צו זיין סוף. מען האט אבגישטעלט די חתונה אויף ווייהנאכטען. דער דאזיגער באשלוס שטאמט פון מיר. מארי איז מסכים ווי גיוועהנטלאך, און איהר פאטער, וואס איז תמיד פארטאן אין זיינע חשבונות, שווימט ארויס אין אבענד פון זיינע ציפערס א צוטומולטער און אנ׳אבהענטיגער, ווי א מענש, וואס האט זיך אקארשט ערשט ארויסגיראטעוועט פון א פארזונקענעם שיף, אחוץ א פאר מאל, וואו ער פלעגט זיך איינשפארען ביז צו משוגעת צוליעב אומבאקאנטע טעמים.

באגינען, ווען איך פלעג געהען צו דער ארבייט דורך דעם בערגיל שאטעניע, פלעגט זיך מארי אפטמאל באווייזען ביי א ראג פון א גאס אין דעם בלאס־רויטליכען ליכט פון דעם פריהמארגען. איינגיטונקט אין דער פרישער ליכטיגקייט פלעגען מיר דאן געהען צוזאמען און אראבקוקען אויף די שטאט, וואס פלעגט אויפשטעהען תחית־המתים. אנ׳אנדערמאל ווידער פלעגט זי פלוצים אויסוואקסען ערגיץ וואו ביי א ראג און איך פלעג זי באגלייטען אהיים. אונ־זער ליבע צואנאנד איז גיוועזן צו שטארק, מיר זאלען תמיד קאנען ריידען מיטאנאנד. קוים פלעגען מיר זיך דורכווארפען מיט א פאר ווערטער, כדי צו הערען, ווי אונזערע שטימען פארפלעכטען זיך מיט־אנאנד. ריידענדיג פון אנדערע פלעגען מיר צושמייכלען איינער דעם אנדערען.

ויהי היום און דעם מארקיז מאָנטייאָן איז איינגיפאלען א שיי־נער גידאנק אונז ביידען צו פארבעטען אויף אנ׳אבענד צו זיך אין פאלאץ אין איינעם מיט עטליכע חשובע בעלי בתים פון אונזער גאס. אז אלע געסט זענען שוין גיוועזן פארזאמעלט אין דעם גרויסען זאל, וואס איז גיוועזן באפוצט מיט גיפסענע פיגורען צווישען זיידענע פארהאנגען, האט זיך דעם מארקיז, וועלכע האט האָלט גיהאט צו פראווען פריצישע שטיק, פלוצים פארגלוסט צו פארלעשען דאס

עלעקטרישע ליכט· איך האב שוין געהאלטען דערביי צוצווארפען א שמייכעל מיין כלה מארי׳ וועלכע איז געשטאנען לעבען מיר צווי־שען א געדיכטען עולם׳ ווי עס איז מיט איינמאל געווארען פינסטער· אין דער טונקעלקייט האב איך אויסגעשטרעקט דעם ארעם׳ זי אנגע־כאפט פאר דער טאליע און צוגעצויגען צו זיך· זי האט זיך אווארף געטון אויף מיר מיט מעהר אימפעט׳ ווי געוועהנטלאך· אונזערע ליפען האבען זיך צוגעדריקט איינע צו די אנדערע מיט מעהר ברען ווי אלעמאל׳ אונזערע קערפער׳ צונויפגעפלאכטען אין איינעם׳ האבען זיך א וואקעל געטון׳ און אין דערזעלביגער צייט האט מען ארום אונז געשריגען׳ און מען האט אונז געשטויסען פון אלע זייטען· עס איז ווידער געווארען ליכטיג· מיר האבען זיך אבגעלאזען··· און שטעלט אייך פאר׳ דאס איז נישט געוועזען מארי! פון חרפה און כעס האט די פרוי א געשריי געטון מיט א פארשטיקטען קול און א לויף געטון צו יענעם׳ וועלכען זי האט געוואלט ארומנעהמען און וועלכער האט לחלוטין גאר נישט געזעהען· א מבולבעלער בין איך ווידער צוגעגאנגען צו מאריען׳ אבער עס איז מיר זעהער שווער געוועזען צו קומען צו זיך· סוף כל סוף האט דער דאזיגער קוש׳ וועלכער האט מיך אזוי נאהענט צוזאמענגעפיהרט מיט א ווילד פרעמדער׳ געהאט פאר מיר אן אויס־טערלישע און טייוועלשע מתיקות· לאחר המעשה האט זיך מיר אויס־געדאכט׳ אז איך דערקען די פרוי נאך איהר בלויער קלייד׳ וועלכע האט זיך אנטפלעקט פאר מיר אין איינעם מיט איהר ווייסען געניק אין דער רגע׳ ווען עס איז געווארען ליכטיג· אבער עס זענען גע־ווען צווישען די פארבעטענע געסט דריי אזעלכענע פרויען· איך האב קיינמאל נישט געוואוסט אויף קלאר׳ וועלכע פון די דאזיגע אומבאקאנטע האט איינגעזאפט אין איר פארליעבטען קערפער יענעם שוידער׳ וועלכער איז מיר אדורכגעלאפען דורכ׳ן לייב׳ און פון וועל־כען איך האב נישט געקאנט פטור ווערען דעם גאנצען אבענד·

אויף אונזער חתונה איז געוועזען א גאנץ גרויסער עולם· דער מארקיז און די מארקיזע מאָנטייאָן זענען געקומען אין קלויסטער· דער שמיד בריבי׳ א פארברענטער חסיד פון זיין פארטיי׳ וואס האט לויט די פרינציפען פון דער דאזיגער פארטיי מבטל געוועזען אלע

זיווגים מיט חופה און קדושין, איז צום גליק געבליבען זיצען אין דער היים. איך האב זיך א ביסעל פארשעמט, בעת איך האב גי- זעהען, ווי אלע יענע פרויען, וועלכע איך האב אמאל געליבט, זענען פארבייגיגאנגען פאר מאריען, און זיך גילאזען באשיינקען פון איהר פריינדליכען שמייכעל. אט איז פרוי לאַקאַיי, א נערווישע, א מיסטי- שע, אזוי ווי זי וואלט גיוועז אנגיעלעקטריזירט. אט איז די דיקע וויקטארין, א קיילעכדיג און וואהל ווייביל, וועלכע פלעגט מיך צונע- מען, וויפיל איך האב גיוואלט און וואו איך האב גיוואלט; אט איז מאַדעלען שעֶן; און אט איז די מאגערע און דארע אַנטאָניע מיט איהר ליכטיגען און פאראדנעם איטאליענערקאפ אין דעם קראנץ פון פעכשווארצע האהר אונטער א שיינער פאריזער היטעלע. זינט זי האט חתונה גיהאט פאר ווערנאען געהט זי בכלל אנגיטון לויט דער לעצטער מאדע. איך האב זיך נישט גיקאנט איינהאלטען און גימוזט אביסעל צווינקען מיט׳ן אויג בעת איך האב גיזעהען, ווי דער דאזיגער אויסגעטריקינטער גוף, וועלכער האט זיך כמה מאל אזוי פעסט צוגע- דריקט צו מיר אין פארשיידענע אבענדען און פארשיידענע צימערס, האט גיהאוועט און גיטאנצט ארום אונזי. אבער רבונו של עולם, ווי ווייט איז דאס אלץ פון מיר אצונד!

# איינדערוואכען



עַז האט ביי מיר אין שטוב אריינגיבראכט נייע פּאַראָנדקעס. מען האט נישט איבערגעאנדערשט דעם סדר פון דעם גאנצען; אויך האט מען נישט איבערגישטעלט די גרויסע און שווערע מעבעל; דאס וואלט געווען א צו גרויסער ״שנוי אין מיין לעבען. אבער מען האט ארויסגעווארפען אלע פארשטויבטע שמאָכטעס פון מלך סאָביעסקיס יאהרען, וועלכע די מוהמע האט אנגיזאמעלט פאר איהר גאנצען לעבען, אלע פארצייטיגע צאצקעס און קלייניגקייטען וועלכע זענען איצט גאר נישט ווערט גיוועז. מען האט ארויסגינומען פון די רעמלאך די געלגֵיווארענע פאטאגראפיעס, וועלכע זענען גיהאנגען פארשמאַכט אויף די ווענד, און אויף וועלכע עס איז אחוץ

דעם מחמת אלטקייט נישט געבליבען קיין זכר פון קיין צורה· די אלע דאזיגע זאכען האט מען פארגראבען ערגיצוואו אין א טישקעסטיל·

איך האב גיקויפט נייע מעבעל· איינזאפענדיג אין זיך דעם ריח פון פרישער פארב· וועלכער האט זיך גיטראגען פון דעם אונטערשטען חדר· האבען מיר גיזאגט: „דאס איז אנ׳אמתער זאַל״· אין דער אמתן אבער איז אונזער שטוב נישט גיוועזן קיין סך אנדערש ווי אלע בעלהבתישע הייזער פון שטאט· באשטעהט דען נישט דער גאנצער יחוס אין דעריין· וואס מען קאן זאגען: „איך בין מיט לייטען צוגלייך״·

די יאהרען געהען זיך· אין אונזער לעבען קומט נישט פאר קיין וויכטיגע פאסירונג· אז איך פלעג קומען אין אבענד פון דער ארבייט· פלעג נאך מארי שטעהען אין איהר שלאפראק מיט צונויפגידרעהטע צעפ· זי פלעגט מיר זאגען: „היינט האט זיך גאר נישט גיטראפען״· אין יענער צייט פלעגען ארומפליהען אעראפ־לאנען אין דער לופטען· מען האט פון זיי גירעדט· און די צייטונ־גען פלעגען ברייגנען פאטאגראפיעס פון זיי· איינמאל· א זונטאג· האבען מיר פון אונזער פענסטער דערזעהען אנ׳ארעאפלאן· אפריהער האבען מיר גיהערט ווי עס פארשפרייטען זיך ארום און ארום אונטערן גאנצען הימעל די אבגיהאקטע קלאפערייען פונ׳ם מאטאר; די שטאטלייט זענען גישטאנען אויף די פריזבעס פון זייערע הייזער און גיהויבען די קעפ אין דער הויך; דער זשומענדיגער הימעל איז אין איין איינציגען ארט גיוועזן פארצויגען מיט א שווארצען פינטעל; מיר האבען פון איהם נישט אראבגינומען די אויגען און האבען גיזעהען ווי די גרויסע פליג מיט איהרע צולייגטע פליגלאך· וואס הוזשעט אהן און אויפהער· ווערט אלץ גרעסער און גרעסער און צייכענט אב די שווארצע ליניעס פון איהר געביי און איהרע ווינקלאך אויף דעם לייכטען שלייער פון די וואלקענס· אז ער איז שוין גיוועזן אוועקגיפלויגען· און האט זיך וואס ווייטער אלץ מעהר אבגירוקט פון אונזערע אויגען און אונזערע אויערען אין דעם מיטעלפונקט פון א נייע וועלט פון רעש· וואס ער האט

נאכגישלעפט נאך זיך, האט מארי פארחלומט א זיפץ גיטון -עס גלוסט זיך מיר, מאכט זי, אויפצוהויבען זיך אויף דעם אעראפלאן אין דעם הימעל, אין די וואלקענס אריין!"

איינמאל אין אנ׳אנהויב פון א זומער האבען מיר שטארק גישמועסט ·מכוח א נסיעה, וואס מיר וועלען א מאל מאכען. די מעשה דערפון איז געווען אזוי: אויף די ווענט פון דער אמאליגער בלעכ־ווארשטאט זענען גיווען אנגיקלעבט מודעות פון דער אייזענבאהנ־גיזעלשאפט, און מיר ביידע האבען זיך פארבייגעהענדיג פארקוקט אויף די פרישע בילדער אין די שפאגעלנייע, בליאסקעדיגע פארבען, וועלכע האבען נאך גישמעקט מיט קלעי; מעהר פון אלץ איז אונז גיפעלען גיווארען דאס בילד פון קארסיקע, אויף וועלכע עס זענען גיווען אויסגימאלט פארשיידענע קאנטען אויפ׳ן ברעג פון ים, פארטאווע שטעט, א שווערע מאסע פון א באפורפערטען בארג צווישען בייטען פון בלומען, און אויבען אן א גאנצע מחנה פון מענשען, אנגיטון אין קליידער פון פארשיידענע קאלירען, און א לאנגע צייט נאכדעם האט אונז דאס שטיקעל פאפיר גיצויגען צו זיך, הגם עס איז שוין גיווען צוריסען און פארברודיגט און האט זיך גיטרייסעלט ווי א שמאטע אין דעם ווינד.

עס זענען פארהאן זכרונות, וואס לעבען איבער אלע אנדערע, מען ווייס נישט פאר וואס. איינמאל אין אבענד, אז מיר זענען גיווען גיקומען אהיים, איז מארי גישטאנען אין קיך מיט איהר היטעלע אויפ׳ן קאפ, און איינהייצענדיג די הרובע, פארענדיג זיך אין די קוילען מיט איהרע שווארצלאכע פארשמירטע הענט, האט זי מיר א זאג גיטון:

»שפעטער א ביסעל, וועלען מיר די נסיעה מאכען!«

אפטמאל פלעגען מיר אין מיטען וואך ארויסגעהען צוזאמען שפאצירען. איך פלעג זיך צוקוקען צו אלצדיגג ארום מיר, און פלעג איהר ארויסזאגען מיינע השערות. בטבע א שוויגעדיגע, פלעגט זי מיך רוהיג אויסהערען. אויפ׳ן ראג פונ׳ם קלויסטערפלאץ, וועלכער האט אנומאלט גימאכט אויף אונז אזא שטארקען רושם, נישט ווייט פון שטיין, וועלכער ווייזט אן דעם וועג, דארט וואו

עס וואלגערט זיך א אלטע קעסטיל פון קאנסערוועןּ פלעגען מיר אפט אנטרעפען זשאן און זשענאוועווע טראמפסאן וואס די שטאט האט גישמועסטּ אז זיי וועלען זיך באלד צושיידען. „אט דאס קומט עס ארויס פון די הייסע ליבעס. איך האב דאס שוין לאנג גיזאגט.“ הערענדיג די דאזיגע ווערטערּ וואס זענען צום באדויער׳ן גיוועןּ אנ׳אמתּ פלעגט מארי אונטערמורמלען מיט א מין איינגע־שפארטער ווייכקייק: „די ליעבע איז הייליג“. צורוקגעהענדיג א היים פלעגען מיר פארבייגעהען פאר דער גארבארניעּ וואו עס האט גיוואהנט דער פרא אדםּ פעטער עֶידאּ און פלעגען הערעןּ ווי עס הוסט דער פאפאגייּ דאס איז גיוועןּ אנ׳אלטער עוףּ הוילע הויט און ביינערּ מיט אנ׳אבגיבלאקירטער גרינער פארבּ ער פלעגט אהן איין אויפהער נאכמאכען דאַס הוסטען פון דעם שווינדזיכטיגען אדאלף פייאָּ וועלכער איז גילעגען קראנק מיט צוויי יאר צוריק און צום סוף גישטארבען ביי זיך אין דער היים אין זעהר א טרוי־ריגען מצב. אין יענע טעג פלעגען מיר קומען א היים כמעט ווי צודולטעּ די אויערען האבען אונז גיקלונגען פון די פארעק־שנטע גישרייען פון דער דאזיגער באשעפעניש, וועלכע האט זיך ארנייגינומען אין קאפ צו פאראייביגען א גירוישּ וואס איז איינמאל אדורכגיפלויגען דורך די וועלטּ און אויפצוריהרען דעם אבקלאנג פון אנ׳אלטער צרהּ אין וועלכע קיינער גלויבט שוין איצט נישט.

ארום אונז געפינען זיך סך הכל מאַרטאַּ מיין קליינע שוועגערןּ וועלכע איז אינגאנצען אלט זעקס יאהרּ און וועלכע איז עהנליך איהר שוועסטערּ פונקט ווי א קליינע פאטאגראפיע פון א מענשען איז עהנליך צו א גרויסע פאטאגראפיע פון דעמזעלביגען מענשעןּ מיין שווערּ וועלכער איז שוין כמעט עובר בטל און קרייאָןּ דער דאזיגער קרייאָן לעבט זיך אין דעם משך פון דער גאנצער צייט אין זיין קלייטעלּ פונקט ווי זיין טאטעּ זיין טאטענס טאטע און דער שוסטער אין די מעשות פאר קינדערּ זיין אייבי־גער עלטערזיידע. ער איז תמיד צופרידעןּ תמיד א שמח בחלקו. ער פיהרט זיינע שמועסען מיט זיך אליין אונטער זיין פירקאנטיגער

היטעל, ביי דער טיר פון זיין גלעזערנערביידיל, רויכענענדיג די זאפטיגע פּיפּקע, וועלכע רעדט און שפּייט מיט איהם צוזאמען, אזוי ווי ער וואלט גישמועסט מיט איהר. דאס לעבען פון אנ׳עלענ־טען פועל, וואס ער פיהרט, ווערט שווערער פון טאג צו טאג. עס איז כמעט א לעבען אין דלות און דחקות. ער קומט אפט צו אונז אריין, כדי צו מאכען פארשיידענע קליינע ארבייטען, דהיינו: פאררירכטען דעם פיסעל פון א טיש, אריינפלעכטען נייע שטרוי אין א צוריסענעם שטוהל, אריינשטעלען א נייע שויב אין פענסטער וכדומה. ער גיט א מאל א זאג:

»וואס האב איך אייך גיוואלט זאגען . . .«

און ער הויבט אן אויסצודערצעהלען די פאסירונגען פון דער גאס, ווארום וועדליג ער איז זיך אליין מודה, פיהלט ער זיך אזוי ווי אין עפּיס שולדיג, ווען ער זאגט נישט ארויס דאס וואס ער וייס. און פאסירונגען זענען ביי אונז אין שטאט פארהאן אהן א שיעור און אהן אנ׳ערך! דער גאנצער עולם ביי אונז, סיי מאנסביל, סיי וייבער, איז פון אויבען ביז אונטען ארומגיפלאכטען מיט א נעץ פון רכילות, לשון הרע און אינטריגעס. מען זאגט „א גרויל! ווער וואלט עס געגלויבט? „און תיכף ומיד געהט מען אריבער צו אנדערע זאכען.

ער אליין ווערט פון קיין זאך נישט נתפעל און שמייכעלט צו צו אל דאס שלעכטס, וואס ער זעהט ארום זיך. איך האב האָלט צו זעהען דעם דאזיגען שיינעם, תמעוואטען שמייכעל אויף זיין געזיכט, דעם געזיכט פון א פשוטען פועל. ער איז בעסער פאר מיר, און מיט זיין גיזונטען חוש, וועלכער נארט אים קיינמאל נישט אב, פארשטעהט ער אחוץ דעם דאס לעבען בעסער, ווי איך.

איך זאג איהם א מאל:

»צי זעהען מיר נישט אין לעבען עולות, מיאוסע תאוות, אט למשל שכרות?«

»אודאי,« ענטפערט קרייאָן, »אבער מגזם זיין דארף מען אויך נישט. איך, ווי איהר זעהט מיך, האב פיינט מגזם צו זיין, און איך געפין ארויס, אז הן ביי די אפּטימיסטען, הן ביי די פעסימיסטען,

זענען דא א סך גוזמאות· שכרות זאגט איהר? עט· עס איז פשוט נישט דא ביי אונז די מדה פון רחמנות· מען האלט זיך פאר א גרויסען חכם· ווען מען איז מבזה אט די אלע פארוואגעלטע נפשות וועלכע שיכּר׳ן אונטער· און אגב שטעקט טאקע אויך א ביסעל קנאה אין דערין: ווארום אז נישט· טא ווער זאל זאגען א שטייגער· וואלט דאס גיארט· וואס עס טוט זיך ביי פּיער׳ען און פויל׳ען· עס ווענדט זיך אלץ אן אונז אליין· אט הערט וואס איך וועל אייך זאגען: מילא· פון טערמיטען· דעם ליידאק· וויל איך שוין גאר נישט ריידען; ער געהט דאך אויף גייעג אין די פּריצישע וועלדער· אהן די ערלויבעניש פון דעם פריץ· און טוט איהם אן כל ההיזיקות אין דער וועלט; אבער אפילו· דעם אנארכיסטיל בריבי· דעם ימחשמוניק וואס אלע האבען פאר איהם מורא· בין איך אויך נישט מוחל· וואס ער גיסט זיך אן ווי א פויק און קאן זיך נישט אויסניכטער׳ן די גאנצע וואך; נישט מחמת ער טרינקט; טרינקען איז גראָד קיין עולה נישט· אדרבה· טרינק גיזונטערהייט· אבער פראווע נישט קיין הינטישע שטיק און זיי א פשוטער שכור אָהן קונצען אין אָהן חכמות· מיט אלע שכורים צוגלייך· מען דארף האבען א ברייטען קוק· ווי עס זאגט הער זשאזעף· מען דארף האבען סבלנות אין זיך און נישט מקפּיד זיין אויף איטליכעס פּיצעל! ווי זאגט איהר· בויטיגען מיר זיך דען נישט אלע אין א ביסעל סבלנות?«

»איהר זענט א וואהלער מענש·« ענטפער איך איהם·

»איך בין א מענש· ווי אלע אנדערע·« זאגט קרייאָן מיט א מין גדלות· »מיינט נישט· אז איך האלט שטאהל און אייזען· פאר אלץ· וואס מיר האבען באקומען בירושה פון אונזערע זיידעס· אבער איך בין בטבע א מעורב עם הבריות· און האב פיינט זיך אבצוזונדער׳ן· אויב איך הארעווע· איז דאס דערפאר· וואס איך בין נישט אַנדערש פון אלע אנדערע· נישט ערגער·« מאכט ער און שטעלט זיך אויף·

דערנאך שטעלט ער זיך נאך העכער אויף און איז מוסיף·

»און אויך נישט בעסער·«

אין די צייטען· ווען מיר שמועסען נישט· לייענען מיר אויפ׳ן

קול איינער פאר דעם אנדערען. אין דער פאבריק איז פאראן א גאנץ שיינע ביבליאטעק, וועלכע פרוי גאָזלאַן האט צוזאמענגעשטעלט פאר די משרתים. ס׳רוב זענען דאס ביכער מיט א מוסרדיקען אינהאלט. מארי, וועלכע האט נישט אזוי פיעל דאגות אויפ׳ן קאפ ווי איך, און פארמאגט אחוץ דעם א פרייערען און באוועגליכערען כוח הדמיון, קלייבט אויס די ביכער. זי עפענט א בוך, הויבט אן פארצולייענען, און איך זיץ מיר פארלייגט די הענט אויפ׳ן שויס און קוק אויף דעם בילד, וואס הענגט אקוראט אנטקעגען פענסטער. די פארהענגלאך וויגען זיך אין דעם לייכטען ווינד און שפיגלען אב זייערע באוועגונגען אין דער גלעזערנער רעמיל פון דעם בילד! און די אומבאוועגליכע שטריכען ווערען פארצויגען מיט אבגיהאקטע ליניעס און מיט א מין מאדנעם אבגלאנץ.

ביים סוף פון קאפיטעל גיט מארי אפט א זיפץ:

»אט די אלע אויסטערלישע פאסירונגען קומען דאך אין לעבען נישט פאר.«

»א דאנק גאט,« ענטפער איך.

»א שאד!« מאכט מארי.

אפילו אז מען לעבט צוזאמען, איז דאך דער חלוק אין די כאראקטארען א סך גרעסער און טיפער, ווי מען שטעלט זיך דאס פאר.

אנ׳אנדער מאל ווידער לייענט מארי פאר זיך, און איך טרעף זי אפט זיצענדיג איבער א בוך און פארטון אין לייענען. אפטמאל זענען דאס שירים, וועלכע זי לייענט מיט גרויס התמדה. איהר געזיכט איז איינגעבויגען און ווי פארגליווערט, און איהרע אויגען באוועגען זיך אהין און אהער איבער דער זייטעל מיט די קורצינקע שורות. ווען נישט ווען הויבט זי אויף דעם קאפ און פארקוקט זיך אויפ׳ן הימעל, אדער נאך ווייטער, דארטען וואו עס לעבט אלץ, וואס לאזט זיך נישט אויסדריקען דורך ווערטער.

און א מאל ווערט טאקע א ביסעל נודנע אויך.

איינמאל אין אבענד האט מיר מארי אנגיזאגט די בשורה, אז דער קאנארייציג איז גישטארבען. זי האט אנגיהויבען צו וויינעז

און האט מיר באוויזען דעם אפענעם שטייג, אוואו דאס פייגעלע איז גילעגען מיט פארקרימטע פיסלאך, צוזאמענגיקנייטשט און פארגליווערט ווי א קליינע ליאלקע, מיט וועלכע עס שפילען זיך קליינע קינדער. איהר צער האט מיך לכתחילה גערירט, אבער אז איך האב גיזעהען, ווי איהרע טרעהרען גיסען זיך אָהן אן אויפהער, האב איך איהר גיגעבען צו פערשטעהען, אז זי נעהמט זיך די זאך צו פיעל צום הארצען. „מיילע, זאג איך איהר, סוף כל סוף איז דאס דאך מעהר נישט ווי איין עוף, א פינטעל וואס האט זיך באוועגט אין א קליינעם ווינקעל פונ׳ם צימער, היינט וואס זאלען מיר שוין זאגען צו די טויזענטער פויגלאך וואס שטארבען אוועק, און די טויזענטער מענשען וואס געהען אוועק פאר דער צייט, און אלע אנדערע עלענטע און אומגליקליכע באשעפענישען?“ אבער זי האט גישאקעלט מיט׳ן קאפ, האט פארעקשנט ווייטער גיקלאגט און זיך גיסטארעט צו בריינגען ראיות, אז זי איז גירעכט. א רגע בין איך געבליבען ווי א צומישטער פאר דעם חלוק צווישען דעם אופן ווי זי פיהלט און ווי איך פיהל. פאר מיר איז דאס גיוועזן נישט קיין אנגינעהמע אנטפלעקונג פון אנ׳אומבאקאנטע זאך, ביי פארשיידענע קלייניגקייטען וואלט מען גיקאנט מאכען גאנצע בערג פון השערות, ווען מען וואלט נאר גיוואלט. אבער מען וויל נישט.

אין דער פאבריק און אין שטאט ווער איך וואס ווייטער אלץ תקיפער. ווייל מען האט מיר גיהעכערט די שכירות קאנען מיר אבלייגען א ביסעל געלט אויף להבא, מיט אלע בעלי בתים צוגלייך.

איינמאל אין אבענד, ביים צוריקקומען פון דער ארבייט שלעפט מיך קרייאָן מיט זיך אוועק און זאגט מיר:

»הערט א מעשה, איך מוז אייך זאגען, אז מען האט פון אייך גירעדט אלס א מיטגליד פון דעם נייען שטאטראט. דאס וועט ווערען א חשובער ענין, דער הער מארקיז שטעלט זיין קאנדידאטור צו די קומענדיגע וואהלען אין פארלאמענט. אבער מיר זענען איצט אין אנ׳אנדער גאס, מאכט קרייאָן און שטעלט זיך אב. קומט צוריק.«

מיר געהען און קעהרען זיך אום א ביסעל צוריק.

»די פאטריאטישע גיזעלשאפט פון דעם הער זשאָזעף,« מאכט קרייאָן ווייטער, »האט די אלע אנארכיסטלאך ארייגגילייט אין דער ערד. אבער מען דארף זיך נעהמען א ביסעל לעבעדיגער און פריי־שער צו דער ארבייט. דאס איז נויטיג ווי די אויג. איהר שטעהט דאך שוין, דוכט זיך, מיט איין פוס אין דער פאבריק, נישט אזוי? ובכן, זעהט זיך נאר אקארשט מיט די ארבייטער, און גיט מיט זיי א שמועס. ווערט מיט זיי א גוטער ברודער, א קשיה אויף א מעשה, אפשר וועלען זיך געפינען פון זיי עטליכע וואס וועלען שטימען פאר אייך. ווארום די גאנצע סכנה קומט דאך נאר פון זיי.«

די דאזיגע פלענער מאכען אויף מיר א רושם און איך גיב א ברום אונטער דער נאז:

»דאס איז טאקע אנ׳אמת, איך בין ביי זיי זעהר אנגילייגט.«

ער האט זיך אבגישטעלט פאר א באד.

»היינט האבען מיר דעם זיבעצעהנטען,« מאכט ער, »דאס איז דער טאג פונ׳ם חדש, ווען איך געה אין מרחץ. איהר געהט אין מרחץ אלע דאנערשטאג, איך ווייס, נישטקשה! איך האלט נישט פון א זעלכע זאכען. אבער איהר זענט דאך נאך א יונגער מאן. היינט די ליבע! אבער פארלאזט זיך נאר אויף מיר, זעהט זיך אקארשט מיט די ארבייטער. מען דארף זיך אנטון א כוח און זיך קעהרעווען! טאקע אין דער אמתן! איך האב שוין מיין פאליטישע קאריערע פארענדיגט. איצט איז די צייט פאר אייך.«

כ׳לעבען, ער איז גירעכט. איך באטראכט איהם. ער ווערט נעבאך אלט. זיין חוט השדרה איז אביסעל איינגיבויגען, אויף זיינע אויסגידארטע און ווי עס איז אבגיסקראָבעטע באקען שטאר־צען ארויס דא און דארט איינציגווייז ווייסע האהר. אין זיין קליינער סביבה האט ער אלץ גיטון, וואס ער האט נאר גיקאָנט און וואס זיין חוב האט פון איהם גיפאדערט. איך טראכט פון די קליינע אופטואונגען, וואס קומען ארויס פון קליינע מענשעלאך, פון אלע יענע שטילע און אומבאקאנטע קרבנות, וואס זאמלען זיך אן אין דעם משך פון די דורות. די וועלט בויט זיך אויף אויף דער מאסע

פון אלע די קליינע נפשות, וואס זענען אזוי עהנליך איינער דעם אנדערען, פונקט אזוי ווי די שטעדט בויען זיך אויף דער ארימער חברשאפט פון די ברוקשטיינדלאך און זאמדקערענדלאך.

א שאלה צי ער איז גירעכט, איך — וואס איך בין נאך אזוי יונג, און וואס פארמאג א גרעסערע בילדונג ווי זיינע, מוז זעהען נישט אנדערש שפילען וועלכע נישט איז ראלע און גובר זיין אין זיך יענע נטיה, וועלכע מאכט, אז מען לאזט די וועלט געהען, ווי זי געהט זיך.

דורך מיין גאנצען ביזאהעריגען נארמאלען לעבען לויפט אדורך א פונק פון א שטארקען רצון.

# א שטימע אין דעם אבענד

אין מיינע באציהונגען צו די ארבייטער האב איך אריינגילאזט אזוי פיעל ליעבשאפט, וויפיל איך האב נאר פארמאגט. אגב ריהרט אָן דאס לעבען פון די ארבייטער אסך אינטערעסאנטע פראבלעמעס וועלכע מען מוז קענען. איך פרעג זיך אויס ביי די ארומיגע מענשען פון מיין נאהענטעסטער סביבה.

»איהר ווילט זעהען, ווי עס ארבייט א מאשינענשמירער?« זאגט מיר מארקאסען מיט דעם צונאמען פעטראל, »טא נעמט מיך, א שטייגער, וועט איהר וויסען. איך בין בטבע א לאמפענפוצער. פריהער בין איך גיוועןן א מאשינענשמירער. וואס איז בעסער ווייס איך נישט. פרעגט מיך בחרם. דא האלט מען זיך און מען לעבט ווי עס איז. מיין ארט וועט איהר געפינען, אז איהר וועט זיך לאזען פיהרען דורכ'ן חוש הריח.«

און דעם אמת זאגענדיג איז אין דעם ווינקעל פון דער פאבריק, וואו ער פיהרט מיך איצט אריין די לופט אזוי פארעפושט, אז מען ווערט שיר צוזעצט. דאס איז א מין קעלער מיט אומגילומפערטע

ווענט. אויף די ווענט זענען אנגישלאגען ברעטער, און אויף די ברעטער זענען אנגישטעלט לאמפען, וואס שוויצען נאכאנאנד און וואס זענען ברודיג ווי ווילדע חיות. אין א קאסטען מיט גיצייג זענען, אנגיווארפען קנויטען און גיפעסען פון לאמפען. לעבען א הילצערנער שאפע, וועלכע איז גרוי ווי אייזען, וואלגערן זיך ארום לאמפענגלעזער, איינגעוויקעלט אין שטיקלאך פאפיר. א ביסעל ווייטער זענען אויס־גישטעלט גאנצע שורות פון פעטראללאמפען. אין דעם דאזיגען ווינקעל פון דעם מוראדיג גרויסען גיביי, וואו עס ווערט אויסגי־ארבייט דאס ליכט, איז אלץ צובראכען און צושטאכען, ברודיג און פארחושכט. ערגיץ פון דער זייט גלאָצט א משונהדיג הויכע און ברייטע פענסטער, אזוי ווי דער פרצוף פון א נישטגוטען. די שויבען זענען אין א סך ערטער גיפלאצט און אזוי פארקויטיגט, אז עס דוכט זיך אויס, דאס זיי זענען פארקלעבט מיט געלע פאפיר. די שטיינער פון די ווענט זענען פארשמירט מיט שטיקער פעטקייט, ווי דער דעק פון א פליישטאפ, און בעהאנגען מיט קופּקעלאך שטויב. אויף דער פאדלאגע בליאסקען שווארצלאכע לוזשעס, און דאס פוצען פון די לאמפען האט ערטערווייז איבערגילאזט לאנגע פאסען פון קויט.

און אונזער בעל דבר בעלהבתיוועט אין זיין קורצען רעקילי, וואס איז באלייגט מיט אזא געדיכטער פעטקייט, אז ער איז שווארץ ווי דער אבזאץ פון קאפע. צווישען די פינגער האלט ער פעסט זייןָ ארבייטסגיצייג — א שטיק שווארצע שמאטע. סליאדעס פון פעטקייט בלאנקען אויף זיין אשגרויער האנד, און פארברודיגען זיינע נעגעל, וואס זעהען איצט אויס ווי קנויטען פון לאמפען. דעם גאנצען טאג איז ער פארנומען מיט פוצען, שייערן, פאררריכטען, אבשרויפען, אנפילען און אויסווישען די לאמפען. ער זאמעלט אויף זיך אן דעם גאנצען קויט פון דער גאנצער מחנה גיצייג, וואס וואלגערט זיך ארום, און ארבייט ווי א נעגער.

»ווייל אלצדינג, פארשטעהט איהר מיך, דארף גימאכט ווערען מיט א טאָלק, זאגט ער מיר, און אפילו ווען עס געהען שוין אויס די כוחות, מוז מען רייבען און שייערן מיט ליעבשאפט.«

»אז מען זאל צורעכענען די שיינע לאמפען, וואס הענגען אין

די ביראָס און די לאַמטערנעס אין דעם האַלצשפּייכלער און ביי די שומרים, האָבען מיר אַ קיימאַ לן פון זעקס הונדערט דריי און זעכציג לאַמפּען, מיין הער. (בעת ער לאָזט זיך אריין אין טעכנישע הסברות זאָגט ער מיר אַלעמאָל, מיין הער). וועט איהר דאָך מסתמא פרעגען אַ קשיה: סטייטש, פאַר וואָס באַנוצט מען זיך נישט מיט עלעקטריש ליכט, וואָס ברענט פון זיך אַליין? איז דער תירוץ, אַז עלעקטריש ליכט, פאַרשטעהט איהר מיך, קאָסט געלט, און פּעטראָל קריגט מען כמעט ווי אומזיסט. אַזוי האָבען, משמעות, די בעלי בתים פון אויבען אויסגערעכענט. איך, ווי איהר קוקט מיך אָן, בין תמיד אויף די פיס, פון פריהמאָרגען אָן, ווען איך בין נאָך פאַרשלאָפען, ווייל איך האָב די נאַכט שלעכט גישלאָפען, און פון נאָכמיטאָג אָן, ווען עס ווערט מיר נישט גוט, מחמת איך האָב אַקערשט אָבגיגעסען, ביז אין סאַמע אָבענד, ווען עס ווערט מיר שוין אַלץ מיאוס און מאוס. «

די גלאָק פון דער פאַבריק האָט גיקלונגען, און מיר געהען אַרויס צוזאַמען. ער האָט אויסגיטון זיינע בלויע הויזען, און דערנאָך זיין העמדילי, און האָט די אַלע דאָזיגע זאַכען, וואָס זענען שווער און פאַרזשאַווערט אַזוי ווי די גיצייג, מיט וועלכע ער באַנוצט זיך, אַ וואָרף גיטון אין אַ ווינקעלי. די מלבושים, אין וועלכע ער אַרבייט, האָבען איהם געדריקט. איצט עטעמט ער אָביסעל פרייער, הגם ער איז נאָך אַלץ איינגיקוועטשט אין אַ שמאָלע קאַמיזעלקע. זיינע אויס־גידאַרטע פיס אין די ברייטע, אָבער צו קורצע הויזען פאַרענדיגען זיך אין שוואַרצע, לאַנגע, מרה־שחורהדיגע שטיוועל מיט אַ מאָסע קניי־טשען און פאַלבעס, שווער און גרויס ווי די בערען. זיינע פּאַדעש־ועס, אַנגיזאַפּט מיט פּעטראָלי, לאָזען איבער אין דער ווייכער, טייגיגער בלאָטע גלאַנציגע פּעטע סליאַדעס.

עס קאָן זיין, אַז מיין טרויעריגער באַגלייטער, וואָס שפּאַנט לע־בען מיר פּאַוואָליע מיט זיינע לאַנגע פיס אין דער ברוגזדיגער גרויקייט פון דעם אָבענד האָט גורם גיווען דערצו, אַז דאָס טראַגישע בילד פון׳ם פאָלק איז מיר פּלוצים דורכגיפלויגען ווי אַ בילד דורכ׳ן קאָפּ. אט רייסט זיך פאַנאַדער דער טויער פון פאַבריק אויף צוויי העלפט, וואָס זעהען אויס אין דער פינסטערניש ווי רוחות פון יענער וועלט, און עס

שיט זיך פון זיי ארויס א געדיכטע און שווארצע מחנה· דער דאזיגער גאנצער עולם צולאזט זיך אויף א פעלד; דאס פעלד איז באצויגען מיט א שיטערען נעץ פון גלייכע ליניעס און באזייט מיט שווארצע קוימענס, אייזערנע לייטערס און קראַנען, וואס הויבען זיך אויף אין דער הויך אזש אין די וואלקענס אריין· דאס איז דער וועג פון אש און אייזען· דער הארטער און שטייניגער וועג פון דער פאבריק, וואס ווערט נישט קוקענדיג אויף זיינע הארטקייט, אזוי שטארק אויסגינוצט· ארום דער פאבריק זענען ערטערווייז אנגיווארפען בערגלאך מיט מיסט און שטיקלאך פון אלטען, קאליעגיווארענעם אייזען; זיי ברענען און פלאקערן און שטויסען פון זיך ארויס טונקעלרויטע פלאמען און גרויע שלייערס פון רויך· די גרויסע און לאנגע קוימענס שפייען ארויס שווארצע וואלקענס, וואס גיסען זיך צונויף, אזוי, אז עס ווערען פון זיי ברייטע בערג, וואס ריהרען אן מיט זייערע אונטערשטע טיילען די אויבערפלאך פון דער ערד, און באדעקען זי מיט א שטורעמדיגען שלייער· און אין דערמיט פון דעם דאזיגען שלייער צאפלען זיך די מענשען· די גאנצע געדיכטע מאסע פון די מענשען לאזט זיך מיט א געפילדער און א ליארם אין דער ריכטונג פון דער פארשטאט· מען ווערט דערטרונקען אין א ים פון קולות און גישרייען· עפעס אזוי ווי א גאנצער גיהנום וואלט גיארבייט אויף יענעם בראנזענעם ברעג פונ׳ם הימעל, וואס ווייזט זיך פון דער ווייטענס· אין דער דאזיגער רגע האב איך מורא גיהאט פאר דער מאסע· זי באשאפט פון זיך ארויס עפעס אזוינס, וואס ווארפט אויף אונז אן א שרעק, און אין וואס מיר ווערען בטל ומבוטל, און עס דוכט זיך מיר אויס, אז איטליכער, וועלכער געהט נישט מיט איהר, וועט פון איהר פריהער אדער שפעטער צו־קוועטשט ווערען· איך פארטראכט זיך און לאז אראב דעם קאפ· איך געה טראט ביי טראט לעבען מאַרקאסענען, וועלכער קומט איצט אויס אין מיינע אויגען עפעס ווי א מין חיה, וואס פליהט ארום שפרינגענדיג אין דער פינסטערניש· וואס סע האט גורם גיווען צו דעם דאזיגען רושם, ווייס איך נישט; עס קאן זיין אז דאס איז מחמת זיין נאמען, און עס קאן זיין אז דאס איז מחמת דעם עפוש, וועלכען ער פארשפרייט ארום זיך·

דער אבענד ווערט וואס ווייטער אלץ טונקעלער. דער ווינד רייסט אראפּ די בלעטער פון די בוימער, ער לאָדט זיך אן מיט רעגען און הויבט אן צו שניידען. עס דערהערט זיך דער קול פון מיין צרה־דיגען באגלייטער; דער קול דערגרייכט מיך שטיקלעכווייז. ער וויל מסביר זיין דעם גיזעץ פון דער שטענדיגער ארבייט, ער מורמעלט אונטער, און זיינע לעצטע ווערטער שלאגען מיר גלייך אין פנים אריין.

»··· מען האט גאר קיין השגה נישט פון דעם, וואס טוט זיך אפּ ארום אונז. ווייל דאס איז אזוי נאהענט צו אונז, באמערקט מען עס פּשוט נישט.«

»יע ענטפער איך איהם, דאס איז טאקע אנ׳אמת.« זיין שטענדי־געס קלאגען זיך האט מיר שוין דערעסען.

איך טרייסט איהם מיט א פּאר ווערטער. איך ווייס, אז ער האט דא נישט לאנג חתונה גיהאט. איך זאג איהם.

»לכל הפּחות זענט איהר רוהיג אין די ד׳ אמות פון אייער דירה. דארטען טשעפּעט מען אייך נישט. סוף כּל סוף זענט איהר ביי זיך אין דער היים; אייער ווייבווארט אויף אייך: איהר זענט גליקליך···«

»איך האב קיין צייט נישט דערצו, און דעם אמת גירעדט האב איך נישט קיין כּוח דערצו··· אז איך קום אין אבענד אהיים, בין איך שוין צופיל פארמאטערט··· נו, איהר פארשטעהט דאך שוין מן הסתם וואס איך מיין, איך בין צופיעל פארהארעוועט, כּדי צו קאנען זיין גליקלאך מיט איהר, איהר פארשטעהט שוין··· איטליכען פריה־מארגען האף איך, אז היינט וועט דאס אראבגעהען כּשורה, איך האף ביז נאכמיטאג, און אז עס קומט אן דער אבענד בלייב איך שוין אהן כּוחות פון א גאנצען טאג ארומשמייען: פּוצען אין שייערען. און ווער־רעדט אז עס קומט דער זונטאג, דאן בין איך שוין גאר א צובראכע־נער שארבען פון א גאנצע וואך הארוואניע. אפּטמאל טרעפט זיך, אז איך וואש נישט אפילו די הענט, בעת איך קום אהיים, און אזוי בלייב איך שוין די גאנצע צייט מיט ברודיגע לאפּעס. זונטאג וואש איך זיך אב כּדבעי, און דאן מוז איך אויסהערען, ווי מען זאגט מיר: „וואס ווילט איהר, איהר זעהט דאך גאנץ גוט אויס.״

איך הער אויס דעם דאזיגען טראגי־קאמישען ראפּארט, וועלכען

ער גיט מיר אב, נישט ווארטענדיג אויף קיין ענטפער פון מיין צד, אזוי ווי ער וואלט די גאנצע צייט גירעדט צו זיך אליין. און אין תוך גי־רעדט, בין איך דערמיט צופרידען, ווארום איך ווייס אליין נישט וואס מען קאן איהם דא ענטפערן. אגב דערמאהן איך זיך טאקע, אז אינדי יום־טוב׳דיגע טעג געהט פעטראל ארום אנ׳אויסגיצוואגטער און א ציכטיגער.

» אחוץ דעם « מאכט ער ווייטער, פארגראבענדיג דאס קין אין דעם גרויען טוך פון זיין ברייטען, אביסעל צו ברייטען קאלנער, » אחוץ דעם איז שארלאָטע א וואהלע ווייביל ביז גאר. זי עוסקט זיך ארום מיר, רוימט אויף אין שטוב און צינדט אן די לאמפ ביי אונז אין דער היים. זי באהאלט פון מיר די ביכער פון דער ביבליאטעק, ווייל איך פאר־שמיר זיי, און ווייל מיינע פינגער לאזען אויף זיי איבער סליאדעס, ווי די פינגער פון א רוצח. זי איז זעהר א וואהלע, אבער קיין גוטס וועט דערפון פארט נישט ארויסקומען, און אז מען האט נישט קיין מזל, קריכט מען שוין פון די צרות נישט ארויס. «

ער שווייגט א וויילינקע, און איז דערנאך מוסיף — דאס איז דער סך הכל פון אלץ, וואס ער האט ביז אהער גיזאגט, און פון אלץ וואס מען קען נאך זאגען: —

» אז מיין טאטע איז אלט גיווארען פופציג יאהר האט ער גי־מאכט א שטארב. אז איך וועל אלט ווערען פופציג יאהר וועל איך אויך מאכען א שטארב, און אפשר נאך פריהער. «

ער ווייזט אן מיט׳ן שפיץ פינגער אויף די שווארצע, אייביגע מאסען, וואס באוועגען זיך פון דער ווייטענס אין דער טונקעלקייט פון דעם בין השמשות:

» אט יענע דארטען זענען אנדערש. פארהאן צווישען זיי אזעלכענע, וואס ווילען אלץ איבערמאכען און לעבען זייער גאנצען לעבען מיט דעם דאזיגען גידאנק, און עס זענען אויך פארהאן אזעלכענע וועלכע שכור׳ן און זיפצען און פארברייגגען אויך זייער גאנצען לעבען דערמיט. «

קוים וואס איך הער, ווי ער איז מיר מסביר דעם חלוק צווישען די פארשיידענע גרופעס פון ארבייטער און די דאגות, וואס זענען פארבונדען מיט איטליכע סארט ארבייט.

פריהער, אז איך פלעג זיך צוקוקען צו אלע די דאזיגע פאבריק־מענשען, פלעגט מיך אזש אנכאפּען א מורא, עס פלעגט זיך מיר אויסדוכטען, אז אט די אלע דאזיגע ארבייטער זיינען פון איין אנדער סארט איידער יענע קליינע פארדינערס, וועלכע לעבען אין מיין סביבה. איצט אבער, בעת איך באטראכט דעם פארשוין מיט וועלכען איך געה צוזאמען, קלער איך מיר: „דאס זענען דיזעל־ביגע מענשען, זיי זענען נישט אנדערס פון אלע אנדערע." אז מען קוקט אויף זיי פון דער ווייטענס, און אז זיי זענען צוזאמען, באקומט מען פאר זיי פחד. באזונדער איז דאס זייער קבוץ, וואס ווארפט אנ'אימה. אז מען באטראכט זיי אבער פון דער נאהענט און איינציג־ווייז זעהט מען, אז דאס זענען דיזעלביגע מענשען ווי מיר אלע. מען טאר זיי נישט באטראכטען פון דער ווייטענס.

פעטראָל צוהיצט זיך און מאכט מיט די הענט. ער גיט אלע ווייל א זעץ מיט זיין קולאק אין זיין היטעל אריין, און גלייכט דער־נאך דאס גריבעל ווידער אויס. דאס היטעל זיצט איהם באלכסון אויף זיין קאפּ, וואס האט די פארם פון א הוטצוקער, און איבער זיינע אויערען, וואס זענען צוגעשפּיצט ווי די בלעטער פון אנ'ארטישאָק. ער געהט א פריהער און איך געה איהם נאך, און איך זעה דערביי, ווי זיינע פאדעשוועס זופען אין זיך אריין דאס קויטיגע וואסער פון דער צווייקטער ערד.

»די גיווערקשאפטען,« הויכט ער אויס זיינע ווערטער אין דעם ווינד אריין, »דאס זענען ממש סכנת נפשות. מען טאר נישט האבען קיין אייגענע גידאנקען, און דאס רופען זיי אן פרייהייט. מען טאר נישט זאגען קיין גוט ווארט בנוגע צו די גלחים. מילא, זאל שוין זיין אזוי, אבער איך בין א בעלן צו וויסען, וואס איז דאס שייך צו דער ארבייט? וואס פאר א סמיכת הפרשות? אבער דאס איז נאך גאר נישט,« איז מוסיף דער לאמפען־פוצער און זיין קול האקט זיך פלוצים איבער און נעהמט אן אנ'אנדער אינטאָנאַציע, »עס זענען פאראן ביי זיי ערגערע זאכען: מען טאר נישט ווייזען קיין ליעבשאפט צו דער ארמיע . . . צו דער ארמיע!«

אין דעם קאפּ פון דעם אומגליקליכען לאמפענפוצער ווערט

פלוצים פארטיג א באשלוס. ער בלייבט א רגע שטעהען און שטעלט אויס א פאר אויגען פון א דאָן קישאָט אין זיין אויסגידארטען און פאר־חושכטען פנים. ער זעהט איצט אויס, ווי א מענש, וואס האט זיך אין גאנצען אויסגיטון פון דער וועלט, ער זאגט מיר: „וואס איז נוגע צו מיר, טראכט איך תמיד וועגען איין זאך. וועט איהר דאך פרעגען — וועגען וואס טראכט איך דאס אזוי? וועל איך אייך טאקע דערצעהלען. איך בין א מיטגליד פון די חברה פון די פאטריאטען.״ זיינע אויגען צינדען זיך אן ווי צוויי קליינע פייערלאך, וואס שניידען אדורך די פינסטערנישן.

»דערולעד! רופט ער אויס, אט דער דאזיגער מענש, דאס איז מיין גאט.«

פעטראל רעדט הויך אויפ׳ן קול און מאכט שטארק מיט די הענט לכבוד זיין אבגאט, צו וועלכען ער איז א ביסעל עהנליך דורך זיין מאגערקייט און זיינע לאנגע, בויגעדיגע ארעמס. אויף דעם בלאטיגען, קלאגעדיגען וועג, וועלכען ער טרעט מיט זיינע אפענע פאדעשוועס, מאלט זיך אב זיין שאטען, א צוגעשמידעטער צו דער ערד, עס מאלען זיך אב די פאָלעס פון זיין סורדוט, פון וועלכע עס ציהען זיך פעדים.

»ער וויל האבען די מלחמה, נישט אנדערש, ער וויל האבען עלזאס־לאטרינגען, אט דאס ווילט זיך איהם און טאקע נאר דאס. און איך זאג אייך, אז דאס איז דער עיקר. מען מוז, פארשטעהט איהר מיך, מאכען פון די טייטשען א תל, ווארום אז נישט, וועלען זיי פון אונז מאכען א תל. אדער זיי א טויט, אדער אונז א טויט. איך פארשטעה נישט קיין חכמות! אז עמיצער הויבט מיט מיר אן א פא־ליטישען שמועס, גיב איך איהם קודם כל א פרעג: „צי זענט איהר פאר דערולעדען אדער נישט?״ מעהר דארף מען נישט. איך בין א פראסטער מענש און פארשטעה גאר נישט אין די קליינע אותיות, אבער איך געפין, אז וואהל איז דעם מענשען, וועלכער טראכט תמיד וועגען דעם. און הגם איך בין דאך מעהר נישט ווי מישטעהענס גיזאגט א לאמפענפוצער, וועל איך דאך זיין א רעזערוועאדיוטאנט, כמעט אנ׳אפיצירי.«

ער דערצעהלט מיר, אז זיין התפעלות פאר דערולעדען הויבט זיך אן פון דעם טאג, ווי פאָל דערולעד האט עפּעס ביי א פאטריאטישען פאראד צו איהם גירעדט. ווייל עס האט גיבלאזען א שטארקער ווינד האט ער די דאזיגע ווערטער מעהר ארויסגעשריען און גיגעבען צו פארשטעהען דורך צייכענס, איידער ארויסגירעדט.«

» ער האט גיהאלטען אַ דרשה פאר׳ן גאנצען עולם, דערנאך אבער האט ער גירעדט צו מיר אליין, אט אזוי ווי איך רייד איצט מיט אייך, פנים אל פנים, ווי איהר זעהט מיך א לעבעדיגען! איך האב זיך גינויטיגט אין א גידאנק, און דעם דאזיגען גידאנק האט ער מיר גיגעבען. «

» דאס איז וואהל און גוט, רוף איך זיך אב, זעהר וואהל... איהר זענט א פאטריאט, דאס איז א וואהלער ענין. «

איך געפין, אז די דאזיגע התפעלות אנטפלעקט א שיינעם און איידעלען שטריך, הגם איך האב נאך קיינמאל נישט גיטראכט וועגען אזעלכע זאכען. זי איז העכער פאר די עגאיסטישע אינטערעסען פון דער ארבייט.

דערזעהענדיג פון ווייטען די שפּיציגע ביידעל פון דעם פעטער עֶידאָ צוקאכט זיך פעטראל א לעצטען מאל און שרייט אויס אויפ׳ן קול, אז ווען עס וועט קומען דער טאג פון דער גרויסער נקמה, וועט מען זיך שוין אברעכנען מיט געוויסע חברה לייט. אבער וואס ווייטער מיר געהען ווערט די התלהבות פון אונזער אידעאליסטען אלץ מעהר אבגעקיהלט, ביז זי ווערט אין גאנצען פארלאשען. איצט האט פעטראל א פנים פון א שווארצען האָהן מיט אבגעפליקטע פעדערען, וואס האט שוין נישט קיין כוח צו פליהען. זיין געזיכט פארלירט זיך אין דער פינסטערניש. ער שלעפּט זיינע פיס און בויגט איין זיין שוואכען און לאנגען חוט השדרה, און אז ער דערגרייכט שוין מיט מזל די טיר פון זיין הויז, וואו עס ווארט אויף איהם די פרוי מאַרקאַסען, האט ער שוין מעהר קיין כוח נישט צו עטעמען.

# דער סך הכל



י ארבייטער פון דער פאבריק ווייזען מיר קיין צוטרוי נישט ארויס און אפטמאל זעהט מען באשיינפערליך, אז זיי קאנען מיך פשוט נישט סובל זיין. פאר וואס איז דאס, ווייס איך נישט, אבער ביסלעכווייז ווער איך אבהענטיג.

איינער נאך דער אנדערער פארנעהמען די פרויען ווידער א פלאץ אין מיין לעבען. פרייהער פאר אלעמען — אנטאָניא וועראָן. דאס וואס זי האט שוין א מאן, און איך א ווייב, דאס צונויפגעשמידט זיין צו דער שטוב, די מניעות, וועלכע ליגען צווישען אונז ביידען — דאס אלץ האט אונז ווידער צוזאמענגעפיהרט ווי אין די אמאליגע יאהרען. ויהי היום און מיר זענען ביידע געבליבען זיצען אין דער היים, וואו עס האט זיך ביז אהער נישט גיטראפען קיין איינציגע וויכטיגע פאסירונג. א חוץ אונז ביידען איז קיינער נישט גיוועהן אין דער היים, — און דא האט זי מיר פלוצים דערלאנגט איהרע ליפען צו א קוש, ווי א מענש, וואס קאן בשום אופן ניט גובר זיין דעם פארלאנג. דערנאך האט זיך איהר באגעהר צונויפגיפלאכטען מיט מיין באגעהר, און פון דעמאלט אן האט מיך אנגיהויבען צו ציהען די תאוה צו איהר, וועלכע פלעגט תמיד גיבארען ווערען אויפסניי, און פלעגט מיך שטופען אין איהרע ארעמס. אבער דאס פלעגט זיך תמיד פארענדיגען מיט טרויריגע דערניכטערונגען. זי איז תמיד געבליבען די אייגענע אומפארשטענדליכע צודרעהטע עגאאיסטקע. אז איך פלעג אוועקגעהען פון איהר ביינאכט דורך די שטילע גאסען, וואו עס פלעגען לויפען בגנבה צו זיך אהיים א סך אזעלכע פארשוינען ווי איך, פלעגט מיר בלייבען אין זכרון סך הכל איהר נערווישער, שטעכעדיגער גילעכטעריל און דער נייער קנייטש, וואס פלעגט אין דער לעצטער צייט צונויפ־קוועטשען איהרע ליפען ווי אנ׳אבצווייגונגע.

עס קומען אן נייע תאוות, וועלכע פאריאגען די אלטע, און די ליבעס קייטלען זיך איינע אן די אנדערע אהן אן אויפהער. איך מאך א סוף צו אלע ליבעס, וועלכע איך האב פריהער געשפילט דא

מיט דער, דא מיט יענער. אז איך טרעף זיך ווידער מיט עטליכע פון די דאזיגע פרויען פארחידוש איך זיך שטארק און קאן בשום אופן נישט תופס זיין, ווי אזוי מען קאן דאס זאגען פון זיי: „אַי בין איך דאס א מאל געווען פארקאכט אין איהר” און באותו רגע „ווי קאלט איך בין צו איהר איצטער”.

דערפילענדיג מיין טעגליכען חוב, און סטארענדיג זיך מיט אלע מיטלען, אז מארי זאל זיך נישט דערוויסען און זאל חלילה נישט האבען קיין עגמת נפש, זוך איך מיט אלע כוחות הנאה צו האבען פון לעבען. און ווען איך דערפיהל אז ערגיץוואו אין דער וועלט ווערט געבארען א נייער באגעהר צו מיר, אדער ווען איך געה צו א נייער באגעגעניש פיהל איך זיך דערהויבען צו א מוראדיגער הויך און מסוגל צו אלדינג.

דאס פילט אויס מיין לעבען. פון א סך תאוות ווערט דער מוח פונקט אזוי אבגינוצט ווי פון א סך קלערען, אבער די ליבע באנייט אלץ און פרישט אלץ אב. מיט אלע חושים קוק איך אויס די געלע־גענהייט אויסצושטראהלען מיינע געפיהלען אין אלע ריכטונגען. אז איך הער, ווי מען זאגט פון א יונגע פרוי: „זי איז נישט גליקלאך” ווער איך אזש צושפרונגען פון שמחה.

אין די זונטאגדיגע טעג, שפאצירענדיג צווישען דעם עולם, און באטראכטענדיג די פארבייגעהענדיגע אומבאקאנטע פרויען, פארקלעמט זיך דאס הארץ פון גרויס צער. אפטמאל חלום איך אב א גאנציגען טאג פון אזא מין אומבאקאנטע, וואס איז אדורכגעפלויגען און נעלם געווארען, איבערלאזענדיג אין מיין פאנטאזיע דאס בילד פון איהר צימער מיט די פארמאכטע לאָדענס, דאס בילד פון איהר אויסגיצויגענעם קערפער, ווערכער ציטערט ווי א הארף, און פון דער פלוצים אנגעצונ־דענער תאוה. אט גראד די ווארט איך אפשר האָלט גיהאט מיין גאנצען לעבען, אט גראד די זוך איך דאס אפשר מיט אזא פארביסע־נעם אימפעט, טאפענדיג די ווענט און ארומשפרינגענדיג פון איינער צו דער אנדערער... אַך וואס פאר א תענוג דאס איז א פרוי פון דער ווייטענס פאר די אויגען און פאר דער פאנטאזיע, מעג זי זיין אבי ווער.

צייטענווייז האָב איך יסורים, און עס איז טאַקע אַ רחמנות אויף מיר. אמת, אַז מען וואָלט וויסען וואָס עס טוט זיך אָב ביי מיר אין האַרצען, וואָלט קיינער קיין רחמנות אויף מיר נישט גיהאַט. און פונדעסטוועגען זענען דאָך אַלע מאַנזבילען אַזוי. אויב זיי זענען נאָר ניט קיין פאַרזעהענישען, חלומען זיי תּמיד פון ליבעס, און לאָזען זיך טאַקע אין זיי אַריין. אונזער האַרץ שטעלט זיך קיינמאָל נישט אָב, אָבער קיינער איז זיך אין דערין נישט מודה, קיינער נישט, און קיינמאָל נישט.

פונדעסטוועגען זענע איך גיוועען פרויען, וואָס האָבען ניט גיוואָלט וויסען פון מיר. אַט למשל פרוי פיערראָן, אַ שיינע בעלי־בתּישע ווייביל פון אַ יאָהר 25, מיט שוואַרצע שלייפען אין די האָהר און מיט אַ פּנים, ווייס ווי אַ מירמעלשטיין. נאָך איהרע נישט זיכערע באַוועגונגען און איהרע פוסטע אויגען האָט מען גיקאָנט דערקענען, אַז זי האָט דאָ נישט לאַנג חתונה גיהאַט. זי איז אַרומגיגאַנגען אַ שטילע, אַ רוהיגע, אַ מיושבדיגע, און האָט נישט גיקוקט אין מיין זייט, כאָטש איך האָב אויף איהר גיוואָרפען פאַרליבּטע בליקען.

פון דער דאָזיגער קאַלטקייט האָט זיך מיין באַגעהר נאָך שטאַרקער צופלאַקערט. איינמאָל האָב איך אין אַ זומערדיגען פריהמאָרגען דערזעהען, ווי אויף דעם גרינעם צוים פון ערגיץ אַ גאָרטען האָט זיך געטריקענט פרויענוועש, און איך דערמאָהן זיך, אַז איך בין אַ פאַר־ציטערטער גיוואָרען און עס האָט מיך אַזש גיוואָרפען אין היץ און אין קעלט. די דאָזיגע איידעלע און ווייסע חפצים, וואָס זענען גיוועען פאַנאַנדערגישפּרייט אויפען פאַרקאָן וואַרטענדיג אויף עמיצען, האָבען זיך גישאָקעלט אין דעם ווינד אין איינעם מים די בלעטער, און די וויעסנע־לופט האָט זיי צוגיגעבען אַ באַוועגליכע פאָרם, האָט זיי צוגי־געבען אַ באַזונדערען חן, און זיי האָבען דערפון באַקומען לעבען. איך דערמאָהן זיך אחוץ דעם, ווי איך שטעה איינמאָל פאַר דעם אויסגע־טריקענטען פאַרנט פון אַ הויז, וועלכער ברענט און שרפעט אין דער הייסער תּמוזדיגער זון — און פלוצלונג עפענט זיך אַ פענסטער, גיט אַ שאָס מיט אַ בליץ פון אַ פּאָר אויגען, און מאַכט זיך ווידער צו. דאָס פענסטער איז שוין געבליבען פאַרשלאָסען אַ גאַנצען

טאג, ווי א קבר; ארום און ארום האט גיוועלטיגט א טויטע שטיל־קייט; און די לעבענדיגע נשמה, וואס האט גיוואהנט אינ׳ם הויז, די דאזיגע נשמה אין איהר גאנצער פראכטפולער שיינקייט, איז דארט גיבליבען פארגראבען דעם גאנצען טאג. און צום סוף דערמאהן איך זיך אן אנ׳אבענד אין אונזער שטאט, וועלכע ליגט איינגעטונקט אין גרינע פארצאמטע גערטנער, און שימערירט אין בלויליכע, גרינליך־שווארצע און קרייטיג־ווייסליכע קאלירען, און פלוצים ווערט פון דער ווייטענס ערגיץ וואו העל אין פענסטער — דאס אייגענע פענסטער; עס ווערט באצויגען מיט א שמאלען פאס פון ראזא און גאלדפארביגער ליכטיגקייט און אין דערמיט פון איהר דערקען איך די פיגור פון א פרוי, וואס באוועגט זיך פאר מיינע אויגען. אבער דער וועג צו איהר גנאָד איז פאר מיר פארשפארט, א לאנגע צייט דערנאך האב איך מיט ציטער־דיגע קני, אנגעשפארט אן א מויער פון א גארטען איבער דער שטאדט באטראכט דאס דאזיגע פענסטער, וואס האט פלוצלינג אויפגעבליהט אין דעם ווייטען און פרייען שטח, אזוי ווי א פאסטאך באטראכט דעם שטערן ווענוס, וואס באווייזט זיך אין דער הויך. אין יענעם אבענד בין איך אויף א רגע געבליבען איינער אליין אין אונזער שלאפצימער, וואס האט שוין אנגיווארען זיין פריהערדיגען חן — מארי איז גראד גיוועזען פארנומען אין קיך — און איך האב נאכגעקוקט דעם גישטער־נען פענסטער, אין גאנצען פארזונקען אין אויסטערליש הויכע גידאנקען: רבונו של עולם, וואס פאר א מאוימדיגע ווייטקייטען עס רינגלען אונז ארום פון אלע זייטען און צושיידען אונז איינע פון די אנדערע, וואס פאר אומענדליכע ווייטקייטען הן אין שטח, הן אין צייט, וואו מיר ווערען בטל כעפרא דארעא, און וועלכע ווארפען אויף אונז אן אזא אימה, אז עס כאפט אונז אן א גרויל! דאס אלץ האט אין זיך א מין שרעקליכע שיינקייט, א מין מאוימדיגע פראכט, פון וועלכע מיר זוכען זיך צו באהאלטען.

איך גידענק נישט אויף קלאר, ווען דאס איז גיוועזן, איך גי־דענק נאר אז איך האב גיהאט יסורים א גאנצען יאהר צוליב א חשד, וואס איך האב גיקראגען אנטקעגען מאריען. לויט געוויסע פאקטען און געוויסע קאפריזען פון מאריען האט זיך מיר אוסגעדוכט,

אז עמיצער איז גישטאנען צווישען איהר און מיר. א חוץ אבער די דאזיגע שוואכע סימנים און די טיפע סליאדעס, וואס זיי האבען איבערגילאזט אין מאריעס כאראקטער, האב איך גאר נישט גיוואוסט. דער אמת ארום מיר איז מעהר נישט גיוועזן ווי א שאטען פון אנ־אמת. איך האב געפיהלט א טיפען און שארפען וועהטאג, איך האב געפיהלט בזיונות, חרפה און כעס. איך האב מיט אלע מיינע כחות מלחמה גיהאלטען קעגען דעם דאזיגען סוד, וועלכען איך האב נישט גיקאנט בייקומען, אבער סוף כל סוף איז מיין חשד ביסלאכווייז פון זיך אליין גיווארען איינגישטילט. איך האב זיך אנגיטון א כח און האב פארטריבען דעם דאזיגען בייזען חלום, וואס האט מיך געדריקט ווי א בארג. עס קאן גריילך זיין, אז מיין אויפווארף קעגען מאריען האט קיין שום יסוד נישט גיהאט. עס איז דאך אבער א ציקאווע זאך, ווי גרינג מען גלויבט דאס אין אלצדינג, ווען מען וויל נאר גלויבען.

אין די סאציאליסטישע טיפענישען האט עס שוין פון לאנג אן אנגעהויבען צו רודערען. מיט אמאל איז אויסגיבראכען א שטרייק אין דער פאבריק, וועלכער האט זיך פארענדיגט מיט א דעמאנ־סטראציע. א כוואליע פון דעמאנסטראנטען האט זיך א גאָס גיטון איבער דער איינגישראקענער שטאט. אומעטום האבען זיך אראב־גילאזען די פארהאנגלאך איבער די פענסטער. קרעמער האבען פארמאכט די לאדענס אין אויסגילאשען דאס ליכט. די שטאט האט גיהאט א פנים, ווי עס וואלט זיך אנגירוקט אויף איהר א מין שרעקלאכער יום טוב.

אויפ׳ן שוועל פון אונזער שטוב האט זיך באוויזען בענאָאַ און האט ארויסגעשריען די נייעס, וואס ער האט גיהערט אין שטאט: „די מאסען גרייטען זיך ארויסצוטרעטען בפומבי״. „ווי קומט עס אז דו האסט פון קיין זאך נישט גיוואוסט אין דער פאבריק?״ איך מוז זיך מודה זיין, אז איך האב עס נישט באמערקט.

מיט א שעה שפעטער האט מען זיך דערוואוסט, אז בראש פון די דעמאנסטראנטען וועט ארויסטרעטען א דעלעגאציע פון די מסוכנדיגסטע מאכערס אין דער פארטיע. די דאזיגע דעלעגאציע

האט איבערגענומען די שליחות ארויסצורייסען פון די בעלי־בתים דורך פארשיידענע סטראשונקעס עפעס גאר גרויסע און משונהדיגע קאנצעסיעס פאר די ארבייטער.

די גאס האט בעקומען אנ׳אבגעלאזענעם אויסזעהען. די גע־וועהנטלאכע פארבייגעהער פון א גאנץ יאהר האבען זיך איצט גיגנבהט און גיסטארעט זיך צו כאפען פון ערגיץ וואו א ידיעה מוכח דער דע־מאנסטראציע. אויב עס האט זיך וואו נישט וואו גיעפנעט א טיר פון א הויז, האט זי זיך תיכף ווידער צוגיקלאפט. ערטערווייז זענען גישטאנען קופקעלאך און האבען זיך גיסודעט מכוח דעם, אז פאלי־ציע האט נישט אנגינומען קיין רעכטע מיטלען צו פארהיטען די דעמאנסטראציע. איבער דעם ערפאלג פון די דעמאנסטראנטען הא־בען זיך ארומגיטראגען פארשיידענע ידיעות.

» זיי געהען שוין אריבער דעם טייך. «

» זיי זענען שוין ביים ראג פון צלם־פלאץ. «

» זיי לאזען זיך צום פאלאץ! «

איך בין אריין צו פאנטאנען. פאנטאן איז נישט גיווען אין דער היים. אין שטוב ביי איהם איז גיווען טונקעל מחמת די צוגי־מאכטע לאדענס, און עס זענען דארט גיזעסען א פאר מענשען וועלכע האבען געפיהרט א שטיל׳ען שמועס.

» די באראנעסע איז אויסער זיך. זי האט פון דער וייטענס דער־זעהען די שווארצע מאסע. יונגע לייט פון דער אריסטאקראטיע הא־בען זיך באוואפענט און היטען דעם הויף. זי האט גיזאגט: „דאס איז א בונט!״ «

» דער אויבערשטער זאל שומר ומציל זיין! « מאכט קרייאָן,

» איז דאס א ביסעל א מהומה! «

» דאס איז דער אנהויב פונם סוף! « רופט אויס דער אלטער פאנס און טוט א שאקעל מיט זיין געלבלאך־גרויען שטערן, וואס איז פול מיט קנייטשען.

עס איז אוועק א היבשע ביסעל צייט, און מען האט נישט גיהערט קיין שום נייעס. וואס טוען זיי דארט, ביי די גאָזלאן׳ס? וועלכע ידיעות וועלען זיי ברייננגען?

ארום דריי א זייגער קומט פּאָסטער און שטעלט זיך אוועק אין דער סאמע מיט פון דער טיר. ער איז שטארק פארשוויצט און איז אויסער זיך פון התפעלות.

» א סוף אנ׳עק !« הויבט ער אן צו דערצעהלען מיט א פארכאפּטען אָטעם, איצט איז שוין אלץ כשר וישר, אַ׳ כאפּט זיי דער וואטעמאכער! אנגיקומען זענען זיי א גאנצע מחנה, און טאקע גלייך אריין צו די גאָזלאנס אין דער ווילע, אט ווי דו זעהסט מיך א לעבעדיגען. די גאָזלאן׳ס זענען דעמאלט גראד גיוועזן אין דער היים. און ווי נאר די דעלעגאציע קומט אריין, אזוי הויבען זיי דאס נישט אן צו ליארעמען און צו סטראשען, ווי דו זעהסט מיך א לעבעדיגען, אַ׳ כאפּט זיי דער וואטעמאכער! איינער פון די גאזלאן׳ס הויבט זיך אויף און גיט א זאג „שאט, רבותי, דאס איז נאך נישט אלץ, אבער פריהער דארף מען נעהמען צו ביסלאך משקה, לאמיר נאר אקערשט מאכען לחיים. איר מעגט זיין בטוח, אז דערנאך וועט זיך שמועסען א סך גישמאקער!" עס איז גישטאנען א טיש, און אויפ׳ן טיש זענען גיוועזן אנגישטעלט פולע פלעשער מיט שאמפּאניער, איך שווער דיר בנאמנות. מען האט זיי גיגעבען צו טרינקען, א יין מאל אין נאך א מאל, און א דריטען מאל. און איך שווער דיר בנאמנות, אז זיי האבען גימאכט א כוסה כדבעי, אַ׳ כאפּט זיי דער וואטעמאכער! עס האבען זיך באוויזען אלץ נייע פלעשער מיט שאמפּאניער, אזוי ווי זיי וואלטען ארויס ערגיץ פון דער ערד דורך א כישוף, אט ווי דו זעהסט מיך א לעבעדיגען. פּאַנטאן האט אן אנ׳אויפהער גיבראכט צושלעפּען אלץ נייע פלעשער, אזוי ווי ער וואלט זיי אויסגיטראכט. און זאגען מוז איך דיר, אז דאס איז גיוועזן שאמפּאניער כדבעי, מן המובחר, טאקע וואס שאמפּאניער הייסט. פאר אזא שאמפּאניער, ברודער־לעב, דארף מען זיך היטען. אין 3/4 שעה ארום איז די גאנצע דעלעגאציע געוועזן שכור ווי לוט. זיי האבען זיך גישאקעלט, האבען עפּעס גיבעבעט מיט דער צונג, האבען זיך ארומגענומען און גיקושט, ווי דו זעהסט מיך א לעבעדיגען. עס זענען צווישען זיי יא גיוועזן א פּאר, וועלכע האבען זיך נאך ווי עס איז גיהאלטען, אבער זיי זענען בטל גיווארען ברובא. די אנדערע האבען אפילו נישט גיוואוסט, צוליב וואס זיי זענען גיקומען אהערצו.

און די בעלי־בתּים וועלכע האבּען זיך פריהער גישראקען, האבּען זיך איצט גיהאלטען ביי די זייטען לאכענדיג גאנץ אפען, איך שוּוער דיר בנאמנות, און מארגען אויב זיי וועלען ווידער אנהויבּען, וועלען שוין זיין סאלדאטען אין דער פאבּריק.«

עס האט זיך דערהערט א פריילּיכער זשומען. דער שטרייק איז פארטרונקען גיווארען אין וויין! און מען האט זיך גיזאגט, איינער דעם אנדערען:

»מארגען וועלען שוין זיין סאלדאטען!«

»א! « שטאמעלט קרייאן, דרעהענדיג מיט פארוואונדערטע אויגען, »אט דאס איז א שטיקעל ארבּייט! זעהר וואהל, טאקע א ממזריש שטיקעל ארבּייט.« און ער לאכט מיט דעם גראבּען און צופרידענעם גילעכטער פון א מענשען, וואס נעהמט נקמה. ער חזרט איבּער זיין פזמון מיט׳ן פולען האלז: „אט די חברה לייט, וועלכע האלטען פון זיך אנ׳עולם ומלואו, און קענען קוים איינשטעהען אויף די פיס.״

* * *

אחוץ א פאר בעלי־בתּים פּחדנים, וועלכע האבּען שוין זייט דעם היינטיגען פריהמארגען אָן אומגעביטען זייערע פאליטישע מיינונגען, זעה איך א גרויסע גישטאלט פאר מיינע אויגען: דאס איז פאָנטאַן. איך דערמאהן זיך אָן יענע נאכט אנוסטען, ווען איך האב על פי מקרה דורך א לאך אין זיין וויינקעלער דערזעהען גאנצע קאסטענס מיט פלעשער שאמפאניער, שפּיציג ווי די גראַ־נאטען, וועלכע זענען גישטאנען צוגיגרייט און גיווארט. ער האט שוין מיט עטלאכע טעג צוריק פארויסגיזעהען דעם היינטיגען נצחון. אט דאס איז טאקע אין דער אמת׳ן א גרויסער מענש, מיט א שארפען און ווייטען קוק. דורך א מין גאונישען חוש האט ער פארשטאנען, ווי אזוי צו ראטעווען און אבּצוהיטען די ארדענונג.

דעם גאנצען טאג האט מען זיך איינגיהאלטען, ווארום מען האט גילעבּט אונטער דעם יאָך פון א מורא, וועלכע האט גיבּונ־דען די צינגער און די באוועגונגען. איצט אבּער האט דאס געפיהל פון גיבּונדענקייט ארויסגיפלאצט אין א געפיהל פון פרייד.

מיט א רעש און א געפּילדער וואַרפט מען פון זיך אַראָב די סודות,—און חשדפולע מינעס, וועלכע מען האָט גיהאַט אויף זיך אָנגיצויגען פון אין דער פריה אָן, די פּענסטער, וועלכע זענען גיוועזען פאַרמאַכט בשעת דעם בונט, ווערען ווידער ברייטלאַך פאַ־נאַנדערגיעפענט, די הייזער עטעמען אָב.

»מען איז פּטור גיוואָרען פון דער דאַזיגער באַנדע«, זאָגט איינער דעם אַנדערען, ווען מען טרעפט זיך אויפען גאַס.

פון דעם דאַזיגען באַפרייאונגס־געפיהל ווערען פאַרכאַפּט די קלענסטע מענשעלאַך, לעבען דעם בלוטיג־רויטלאַכען שיינק דערזעה איך דעם הער מיעלוואַך, וועלכער טאַנצט אַזש פאַר גרויס נחת, ער פּרירט אונטער זיין גרויען, דינען מאַנטעלע, און פון זיין אויסגידאַרטען פּנים קאָן מען, דוכט זיך, אַרויסלייענען אַלע יענע בויגעלאַך פּאַפּיער, וועלכע ער שרייבט איבער צווישען זיינע לאַנגע טעג און קורצע נעכט, כּדי צו פאַרדינען א פּאָר גראָשען, צוליב געוויסע טעמים געהט ער אין שיינקעל גופא נישט אַריין, אָבער עס איז קאָנטיג, אַז ער קלייבט נחת פון דעם גיזעלשאַפטלאַכען סך הכּל, וועלכען דער היינטיגער טאָג האָט גיבראַכט מים זיך! און פריילין קאָנסטאַנטין, אַנ׳אָרימע אַרבייטאַרין וועלכע ווערט פאַרשוואַרצט ביי איהר ניימאַשין, ווייס זיך נישט וואו אַהינצוטון פון גרויס שמחה, א בלאַסע, א ברודיגע, א צו־קראַכענע און פאַרחושכטע, עפענט זי ברייט פאַנאַנדער איהרע אויגען, וועלכע זעהען אויס תּמיד ווי פאַרצויגען מיט טרערען, און פּאַטשט מיט די הענט.

מאַריע און איך — מיר דערהערען פון דער ווייטען די שרעקלאַכע קלעפּ פון דעם שמידס האַמער אויף דער קאַוואַדלע, און מיר פּלאַצען ביידע אַרויס אין א הויכען גילעכטער, מיר האָבען שוין לאַנג אַזוי נישט גילאַכט.

ביי נאַכט, אַז איך האָב זיך גילייגט שלאָפען, האָב איך זיך דערמאַהנט אָן מיינע דעמאָקראַטישע נטיות פון אַנוסטען, איך בין, גאָט צו דאַנקען, ניצול גיוואָרען פון א גרויסע סכּנה! און אַז עס איז גיוועזען א סכּנה, דאָס זעה איך דאָך באַשיימפּערלאַך

אָן דעם גרויסען שרעק וועלכען די פאדערונגען און סטראשונקעס פון די ארבייטער האבען פארשפרייט אין די בעלי־בתּישע קרייזען, און אין דער אלגימיינער שמחה, וועלכע האט באלייט זייער מפּלה.

פון היינט אן געפין איך זיך שוין אין גאנצען אונטער דער שליטה פון מיין אייגענער טבע, און אלץ איז ווידער ווי גיוועןָ.

* * *

עס זענען פארגאנגען א שאָק מיט יאהרען. אט איז שוין צעהן יאהר, ווי איך האב חתונה גיהאט, און אין דעם משך פון דער גאנצער צייט איז נישט פארגיקומען קיין איינציגע חשובע פּאסירונג אין אונזער לעבען, אחוץ דעם, וואס ביי מאריען איז גישטארבען א רייכע מוהמע, וועלכע האט אונז ביידען במחילה אנגיפייפט, ווארום זי האט אונז נישט איבערגילאזט אפילו קיין שוה פרוטה נישט. פון פּאָקאַר׳ס גישעפטען האט זיך אויסגילאזט א בוידעם; דאס איז סך הכל גיוועןָ א פשוטער שווינדעל, וועלכער האט בדיל הדל גישטעלט א סך קליינע מענשלאך, וואס האבען ביז אהער ווי עס איז גיצויגען זייער חיונה. די פּאליטיקע האט אויסגינוצט דעם דאזיגען סקאנדאל, און א סך בעלי־בתּים האבען וואס גיכער אוועקגילייגט זייער געלט ביי הער בולאַך, וועלכער האט אוועקגישטעלט זיינע גישעפטען אויף א פעסטען יסוד. וואס נאך? יע... נאך א לאנגער קרענק איז גישטארבען מיין שווער. דאס איז גיוועןָ א שווערער קלאפּ פאר מאריען. מיר ביידע האבען א צייט נאכדעם גיטראגען שווארצע מלבושים צום סימן פון טרויער.

איך גופא האב זיך כמעט ווי גארנישט פארענדערט. נאר אין מאריען איז פארגיקומען א גרויסער שינוי. זי האט זיך צולאזט אין דער ברייט, איז גיווארען דיק און שווער, און האט גיקראגען גישוואָ־לענע אויגען מיט אנגירויטעלט עזשאָסניעס. זי ווערט וואס ווייטער אלץ שטילער. פון די פריהערדיגע אחדות, וואס האט גיוועלטיגט צווישען אונז בנוגע צו די פרטים פון׳ם הויזליכען לעבען איז איצט קיין זכר נישט געבלי־בען. פריהער פלעגט מארי תּמיד מסכים זיין מיט מיר, זי איז גיוועןָ מיט מיר, ווי מען זאגט דאס, אדרבּה ואדרבּה. איצט איז זי מיט מיר אויף קידער ווידער, און ביי איטליכער קלייניגקייט, וואס טרעפט זיך אין שטוב, הערט מען פון איהר רק ניין און ניין! אויב איך לאז נישט אָב, הויבט זי זיך אן

איינצושטעלען פאר איהר מיינונג מיט א ווילדע עקשנות׳ הגם זי ווייס אליין גאנץ גוט׳ אז זי איז אפטמאל אומגירעכט· אט למשל האט מען גירעדט מכּוח דעם׳ צי מען זאל איינוואַרפען די שירם־וואַנד פון דעם אונטערשטען חדר׳ צי נישט׳ און דערביי האבען מיר זיך ביידע אזוי צוּווערטעלט׳ אז א זייטיגער מענש וואלט מיינען׳ אז מיר האבען זיך ביידע צוקריגט· א לאנגע צייט נאך אזעלכע סכסוכים געהט מארי ארום א פארביסענע און זוכט זיך נוקם צו זיין׳ אדער זי מאכט א פּנים פון א קרבן׳ און אנ׳אנדערמאל טאקע האבען מיר זיך גאר פשוט פיינט·

אפטמאל גיט זי א זאג גאר נישט צו דער זאך:

» זעהסט דו׳ אז מיר וואלטען גיהאט א קינד וואלט גווען גאנץ אנדערש· «

איך ווער וואס ווייטער אלץ מעהר אבגילאזען· עפּעס א פוסטקייט צוגיסט זיך אין מיינע איברים׳ און איך געפין עס גאר נישט פאר נויטיג׳ אנצונעהמען מיטלען א קעגען איהר· אז מיר זעצען זיך צום טיש׳ האב איך אפטמאל נישט קיין גאנץ זויבערע הענד· מיינע וויזי־טען ביים דאנטיסט לייג איך אב פון טאג צו טאג און פון חודש צו חודש· איך פארלאז מיינע ציין׳ זיי ווערען קאליע און צוברעקלען זיך·

בנוגע צו מיינע ליבעס ווייזט מארי קיין אייפערזוכט אנטקעגען מיר נישט ארויס׳ אפילו נישט קיין חשד׳ איהר צוטרוי צו מיר האט נישט קיין גרעניץ! איינס פון די ביידע: אדער זי איז נישט איבערגע־שפּיצט׳ אדער איך האב ביי איהר קיין באטרעף נישט· איהר אפאטיע צורייצט מיך נאך מעהר.

און איצטער טרעפט זיך׳ אז איך זעה ארום מיר פרויען׳ וואס זענען צו יונג׳ כּדי זיי זאלען מיך קאנען האָלט האבען· דער חלוק אין די יאהרען׳ די גרעסטע מניעה אויף דעם וועג צו ליבע׳ הויבט אן צו דערווייטערן די ליבעבאדערפטיגע פרויען פון מיר· און נישט קוקענדיג אויף דערויף גאַר איך נאך ליבע און עס ציהט מיך צו דער יוגענד! מיין קליינע שוועגערין׳ מאַרטע׳ האט מיר א מאל א זאג גיטון: „איהר זענט שוין אלט״· אזא מין פשוטע׳ אהן־חכמותדיגע מיינונג פון א פופצעהניאהריגען׳ פריש אויפגעבליהטען קינד בנוגע צו

א מענשען פון פינף און דרייסיג יאהר איז די ערשטע התראה פונ׳ם גורל, דער ערשטער טרויריגער טאג, וואס זאגט אן אין מיטען זומער, אז עס וועלען קומען ווינטערדיגע טעג.

איינמאל אין אבענד, אריינגעהענדיג אין מיין צימער, האב איך עפעס דערזעהען אויף א נישט גאנץ קלארען אופן, ווי מאַרי זיצט פארטראכט ביים פענסטער. ביי מיין אריינקומען האט זי זיך אויפגיהויבען פונ׳ם ארט. דאס איז געווען מאַרטע! דאס בין־השמשותדיגע ליכט האט איהרע גאלדענע האהר באדעקט מיט א בלאסקייט, און דעם שמייכעל אויף איהרע ליפען פארצויגען צו א קנייטש. אין דעם מטושטשדיגען פלאנטער פון די אבענד־אבגלאנצען האט איהר האלז אויסגיזעהען ווי אנגישוואלען, און איהר געזיכט, ווי פארוויאנעט. ווייל זי האט גיגעניצט, האבען זיך איהרע אויגען באצויגען מיט א פייכטקייט און די זשאסניעס האבען זיך אנגיהויבען צו רויטלען.

די עהנליכקייט צווישען דיביידע שוועסטער האט מיר אנגימאכט גרויסע יסורים. מארטע מיט איהר פולען און רייכען קערפער, מיט די גישמאקע קאליארען פון איהרע ליכטיגע אויגען, איהרע פרישע ווארעמע באקען און זאפטיגע ליפען, דאס דאזיגע יונגע מיידעל מיט איהרע ברייטע לענדען און דאס קיילעכדיגע ווייכע פון די פיס אונטער דער קורצער קליידעל איז מגשם פאר מיר דעם בילד פון דער אמאליגער מאַרי. פאר מיר איז דאס א שרעקלאכע אנטפלעקונג. און אין דער אמתן איז מאַרטע א סך עהנליכער צו יענער מארי, וועלכע איך האב א מאל געליבט, איידער די מארי פון היינט, צו יענער מארי, וועלכע איז גיקומען פון אומבאקאנטע מקומות און איז גיזעסען אונטער די רויזענקוסטעס א שטילע און א ליכטיגע, פנים אל פנים מיט דער ליבע.

איך טו מיר אָן א שרעקלאכען כוח כדי זיך נישט צו באנארישען און צו זוכען א התקרבות צו מארטען: נעכטיגע טעג, א חלום פון חלום־לאנד! זי שפילט א ליבע מיט אֶ יונגען, א ביסעל קאָמישען בחור׳ל, וועלכער דרעהט זיך ארום איהר צייטענווייז; איינמאל האט זי זיך פלוצים צוזונגען, הגם זי איז בטבע נישט קיין גרויסע זינגערקע. דאס איז גיוועזן אין דעם טאג, ווען איהרע א קליינע קאנקורענטקע

איז קראנק גיווארען. איהרע מיידעלשע נצחונות און איהרע פאנטאזיעס זענען מיר אזוי פרעמד, אזוי ווי איך וואלט איהר גיוועען א שונא. איינמאל האט זי זיך באוויזען אויף דעם שוועל פון מיין חדר אין א קראנץ פון בלומען, און טאָפּענדיג מיט די פיס. זי איז דאן אויסגיקומען אין מיינע אויגען ווי א מין באשעפעניש פון אנ׳אנדער וועלט.

איינמאל אין א ווינטערדיגען טאג איז מארי ערגיץ וואו אוועקגיגאנגען און איך בין געבליבען איינער אליין אין דער היים. איך האב אנגיהויבען מאכען ארדענונג אין מיינע פאפירען און דערביי גיפונען א בריף, וועלכען איך האב אנומאלט אנגעשריעבען און וועלכער איז נישט אבגעשיקט גיווארען. איך האב דעם דאזיגען איבעריגען דאקומענט אריינגישליידערט אין אויבען. אז מארי איז אין אבענד צוריקגיקומען האט זי זיך אוועקגיזעצט לעבען הרובע, כדי זיך אבצוטריקענען און האט דערביי אויפגיבלאזען דעם פייער. דער בריף, וועלכער איז ערטערווייז נאך געבליבען גאנץ האט אנגיהויבען צו ברענען, און מיט אמאל האס א בליאַסק גיטון א שטיקעל פאפיר מיט א שטיקעל אויפשריפט: „איך האב דיך ליב אזוי שטארק, ווי דו האסט מיך ליב!"

די דאזיגע אויפשריפט, וועלכע האט גילויכטען אין דער פינסטערניש איז גיוועען אזוי קלאָר, אז אלע פירושים זענען גיוועען איבעריג.

מיר האבען נישט גיקאנט ריידען מיטאנאנד, מיר האבען אפילו נישט גיקאנט אנקוקען איינער דעם אנדערען! מיר האבען זיך אין דער דאזיגער רגע צום אונגליק אזוי גוט פארשטאנען, אז מיר האבען זיך אבגיקעהרט איינער פון דעם אנדערען, הגם עס איז גיוועען פינסטער. מיר האבען אויסגעמידען דעם אמת! אין אזעלכענע גרויסע מאמענטען ווערען מיר פרעמד איינער פאר דעם אנדערען, ווייל מיר האבען זיך פריהער צו ווייניג גיקענט. אזוי איז דאס שוין אויף דער וועלט: פון ווילד פרעמדע מענשען זענען מיר אבגיזונדערט דורך א דינע ווענטיל, און פון אונזערע נאהענטסטע אייגענע דורך א דיקע מויער.

נאך אלע די דאזיגע פאסירונגען האב איך אנגיהויבען צו לעבען ווי פריהער. אמת, איך בין נישט אזוי אומגליקלאך, ווי אסך אנדערע, וועלכע טראגען אנ׳אייביגע וואונד אין הארצען, מחמת זייער געוויסען פלאגט זיי, אָדער מחמת זיי קלאגען אויף דעם טויט פון א נאהענטען מענשען. אבער איך בין נישט אזוי גליקלאך, ווי איך האב מיר דאס פריהער פארגישטעלט. די ליבע פון די מאנזבילען און די שיינקייט פון די פרויען פארגעהען אזוי גיך, און פונדעסוועגען בלייבט דאך די ליעבע די איינציגע זאך צוליב וועלכע די מאנזבילען, און שיינקייט די איינציגע זאך צוליב וועלכע די פרויען לעבען. אמאל וואלט מען גיוועהן א בעלן צו זאגען, אז די ליעבע, די איינציגע ריינע און ציכטיגע זאך אויף דער וועלט, די איינציגע זאך צוליב וועלכע עס לוינט צו לעבען, איז דאך אין תוך גירעדט אנ׳ עבירה, ווייל זי ווערט דאך פריהער אדער שפעטער באשטראפט. איך קאן דאס נישט פארשטעהען. מיר זענען אלע עָלענטע מענשען, און אומעטום ארום אונז, אין אוּנזער גאנצער סביבה, אין אונזערע מעשים און באוועגונגעָן, אין אונזערע הייזער, אין אונזערע טעג און נעכט, וועלכע מיר פארברייגגען, איז עפעס פארהאן א מין קליינקעפעלדיגקייט, וועלכע דערשטיקט אונז. דעם מענשענס גורל איז גרוי און טרויריג.

און דערווײלע ווער איך וואס וויַיטער אלץ תקיפער. איך פארדין שוין 360 פראנק א חודש און אחוץ דעם האב איך אנ׳אנטייל אין דעם ריווח, אנ׳ערך פון 50 פראנק א חודש. זינט אנדערטהאלב יאר קוועטש איך שוין נישט מעהר די באנק אין מיין גלעזערנעם ביוראצימער, און מיין ארט פארנעמט איצט הער מיעלוואַקי, וועלכער איז עולה לגדולה גיווארען, אפט טרעפט זיך, אז מען זאגט מיר „כ׳לעבען, איהר האט מזל!״ פריהער האב איך אנדערע מקנא גיוועהן, איצטער איז מען מיך מקנא. לכתחילה איז דאס פאר מיר א חידוש, אבער דערנאך גיוועהן איך זיך צו דערצו.

מיין פאליטיקע האב איך אוועקגישטעלט אויף א נייעם דרך, אבער איצטער פלייס איך זיך אדורכצופיהרען א קלארען פלאן, וועלכער לייגט זיך אויפ׳ן שכל. מען האט מיך אנגימערקט פאַר

א מיטגליד אינ׳ם שטאטראט אויף קרייאָנס אָרט. פריהער אדער שפעטער וועל איך בלי ספק מיין ציל דערגרייכען. דאס לעבען אליין ברייננגט שוין מיט זיך, אז איך הויב אן צו ווערען א שטיקעל מענש, הגם איך גופא טו נישט אריין אפילו קיין פינגער אין קאלטע וואסער נישט, און אויך אנדערע סטארען זיך נישט פאר מיר.

הינטער מיר ליגט א פארענדיגטער טייל פון מיין לעבען. אנאנדערמאל, ווען איך גיב א טראכט וועגען דעם, ווער איך נשתומם, וואס פאר א שלל פון צייט עס איז שוין אוועקגיגאנגען, וויפיל טעג און יאהרען איך האב שוין אוועקגיפטערט. דאס אלץ איז עפעס גיקומען מאדנע גיך, און פון דעם אנדער צד, האב איך זיך קיין סך נישט פארענדערט. איך קעהר אב די אויגען פון דעם דאזיגען בילד, וואס איז אזוי ממשותדיג און אין דערזעלביגער צייט אזוי איבער דעם דרך הטבע. אבער ווי די מעשה איז — די קומענדיגע יאהרען מאלען זיך אויס קלאר פאר מיינע אויגען און נעהמען אן א פארטיגע פארם. מיין צוקונפט וועט עהנליך זיין צו מיין עבר. זי איז שוין צו איהם עהנליך. איך באטראכט דאס וואס איך בין, און דאס וואס איך וועל זיין.

# קול מבשר

ינט די גרויסע מאנעווערעס פון דעם חודש סענטיאבר 1913 איז וויוויע גיווארען א חשובער מיטעלפונקט פאר כלערליי סטראטעגישע קאמבינאציעס. אומעטום האט זיך גיעוסקט מיליטער און אין דעם גאנצען קאנט ארום און ארום האבען געגריבעלט און געשוויבעלט בלויע און רויטע מונדירען.

בריבי איז גיוועזן דער איינציגער, וועלכער איז נישט נתפעל גיווארען פון דעם גאנצען טאראראם, און גיהאלטען רק אין א י י ן זידלען זיך. און געזידעלט האט ער זיך מיט א טאלק, נישט אב־טרעדענדיג חלילה פון זיינע פרינציפען. אויף דעם בערגיל פון שאַטעֶניע איז גישטאנען א קופקעלע מענשען וואס האבען אראבגיקוקט אויף א סמאטרע. בריבי, וועלכער איז אויך גיוועזן צווישען די צוקוקערס האָט גיטייטעלט מיט׳ן פינגער אויף די מחנות סאָלדאטען און גיזאגט:

»ווייסט איהר צו וואס די דאזיגע מאנעווורעס זענען געגליכען? דאס איז דאך ממש א חוזק! רויטע קאקארדעס גראבען אויס גראבענס און בלויע קאקארדעס פארשטאפען זיי ווידער, נעמט אוועק דעם קריגסראט, און פון דער גאנצער זאך לאזט זיך אויס א שפיל פאר חדריונגלאך.«

»דאס שמעקט מיט מלחמה!« רופט זיך אב א מיליטערישער קאָר־רעספאנדענט, וועלכער איז דערביי גישטאנען, דער זשורנאליסט האט דערנאך אנגיהויבען צו שמועסען מיט זיינעם א חבר מכּוח די רוסען, בריבי מישט זיך אריין אין דעם שמועס.

»די רוסען!« ... זאגט ער, »ווארט נאר אקארשט, לאזען זיי נאר קריגען א רעפובליק ...«

»וואס פאר א שוטה דאס איז,« רופט זיך אב דער זשורנאליסט. דער שיכור הויבט אן זיין גיוועהנטליכען פזמון:

»יא מלחמה, נישט מלחמה, אבער א משוגעת איז דא לכל הדעות! קוקט נאר א ביסעל אן די רויטע הויזען, וועלכע מען דערזעהט פאר א מייל. פארוואס גיט מען זיי נישט קיין פשוטע הויזען, אהן קיין שום פארב? מן הסתם וויל מען זיי אלע אויסקוילענען, נישט אנדערש.«

א דאמע, וועלכע שטעהט דערביי, קאן זיך נישט איינהאלטען:

»סטייטש, וואס רעדט איהר? אומבייטען די רויטע הויזען פון אונזערע סאלדאטלאך! דאס קאן נישט זיין! זיי וועלען דאס קיינמאל נישט דערלאזען, זיי וועלען מאכען א רעוואלוציע.«

»אויף נאמנות!« רופט זיך אב א יונגער אפיציר, »מיר וואלטען זיך דאן אלע אבגעזאגט צו דינען! אגב זענען די רויטע הויזען גאר נישט אזא סכנה, ווי מען מיינט. אז מען וואלט זיי קאנען זעהען פון דער ווייטענס, וואלט דאס דער גענעראלשטאב אודאי שוין לאנג באמערקט און אנגינומען מיטלען. לכל הפחות בנוגע צו די מונדירען בשעת מלחמה. אבער די מונדירען בשעת א פאראד וואלט מען נישט גיטשעפעט.«

»אז עס וועט קומען דער יום הדין, דער טאג פון נקמה,« האקט אב אנ'אדיוטאנט קורץ און שארף, זיך ווענדענדיג צו בריבי מיט

א בטול אין זיין ציטערדיגער שטים, וועלען מיר זיך מוזען איינ־שטעלען מיט׳ן לעבען פאר אזוינע חברה־לייט, ווי איהר.»

בריבי האט עפעס אונטערגיברומט אונטער דער נאז. דער אדיוטאנט איז גיוועזן א גבר און דערביי א ביטערער יונג. באזונדער האט זיך דאס ארויסגעוויזען, ווען ער איז גיוועזן צווישען מענשען.

אין דעם פריצישען פאלאץ איז איינגישטאנען א שטאב. ביי דער דאזיגער גילעגענהייט איז מען גיגאנגען אויף גייעג אין די פריצישע מאיאנטקעס, און מען האט גיזעהען פארבייגעהען גאנצע פּראצעסיעס צווישען די גענעראלען און די שררות האט גישיינט אנ׳עסטרייכישער פרינץ, אנ׳אמתר פרינץ מלידה ומבטן, וועלכער האט גיטראגען איינעם פון די גרויסע נעמען פון גאָטאַ, און איז גיקומען קיין פראנקרייך צוקוקען זיך צו די תכסיסי מלחמה. צוליב דעם דאזיגען כלומרשט קיניגליכען גאסט פון דער בּאראנעסע האט א לאנגע צייט גישוועבט איבער דער מדינה א הויך פון א געשיכטליכען אידעאל. מען האט גיחזרט זיין נאמען, מען האט געוויזען די פענסטער אין דער מיט פון דעם הויזפארענט. מען האט עס גיהאלטען פאר א גליק, ווען מען האט גיזעהען, ווי עס רוקען זיך פאנאנדער די פארהענגלאך, א סך ארימע פאמיליעס האבען אין אבענד פארלאזען זייערע הייזער כדי אוועקצושטעלען זיך און ווארטען פאר דער וואנד פון דעם פאלאץ, וואו ער האט גיוואהנט.

מארי און איך, מיר ביידע האבען איהם גיזעהען פון דער נאהענט צווייםאל.

איינמאל אין אבענד, אין דער צייט פון א נאכמיטאג, האבען מיר איהם אנגיטראפען אין גאס, אט אזוי ווי מען שטויסט זיך אן אויף א פשוטען פארבייגעהער. ער איז גיגאנגען איינער אליין, אהן קיין שום באגלייטונג, און איז גיוועזן אנגיטאן און א גרויען רעגענמאנטעל. אויף דעם קאפּ האט ער גיטראגען א פילצערנעם הוט מיט א קורצע פעדער. אויף זיין פרצוף זענען בולט ארויסגיטראטען די סמנים פון זיין אבשטאמונג: א לאנגע פארבויגענע נאז און א משופעדיגער שטערן. אז ער איז שוין גיוועזן פארבייגיגאנגען

האבען מירביידע, איך און מארי, א ביסעל צומישט א זאג גיטאן אין איין קול: אנ׳אדלער!

דאס לעצטע מאל האבען מיר איהם גיזעהען ביי דער פאר־ענדיגונג פון א גייעג. אין דעם וואלד פון מאָרטע, האט מען אריינ־געטריבען א הירש. גיקוילעט האט מען איהם נישט ווייט פון דער מויער, אין א ליידיגען פלאץ פון דעם פארק. די בּאראנעסע, וואס האט תּמיד גיהאט אין זינען דעם עולם פון שטאט האט גיהייסען עפענען דעם קליינען טויער, וואס פיהרט ארויס אויף דעם דאזיגען טייל פון איהר מאיאנטעק, כּדי דער עולם זאל אויך הנאה האבען פון דעם פאראד. און דאס איז טאקע גיוועזן א פאראד כּדבעי. אבגעשפּילט האט ער זיך אין דער סאמער מיט פון דעם אלטען וואלד. דאס איז גיוועזן א קיילעכדיגער פּלאץ, באוואקסען מיט טונקעל גרינע גראז, אריינקומענדיג אהינצו פון דעם פרייען, זונבּאשיינטען פעלד האבען זיך קודם כּל גיווארפען אין די אויגען די גדלנותדיגע שפּיצען פון די בוימער, וועלכע האבען זיך אזש פארלארען אין די וואלקענס, און באדעקט דעם אויסגיהאקטען פּלאץ ווי מיט סכך, איינטונקענדיג אין א גרינלאכע, בּין־השמשותדיגע ליכטיגקייט. און אין דער פּראכטפּולער שיינקייט פון דער ארומיגער נאטור, אונטען אין דעם גראז, צווישען מאָך און שטיקלאך פוילע האלץ האט געשוויבעלט און געגריבּעלט אַ בלאנקענדיגע מחנה ארום די לעצטע הכנות פון דעם הירש׳ס שחיטה.

דער הירש איז גילעגען אויף דער ערד א דערשלאגענער און א צובראכענער. זיין גאנצע גישטאלט איז עפּעס אזוי ווי פאר־קליינערט גיווארען. מען האט זיך גישטופּט, מען האט ארויסגישטרעקט די העלזער אדורך די קעפּ און די פּלייצעס, כּדי צו כאפּען א שאר־פערען קוק. מען האט קלאר ארויסגיזעהען דעם גרויסען קוסט פון זיינע פארצווייגטע הערנער, זיין לאנגען צונג, וואס איז איהם ארויסגיהאנגען פון מויל. מען האט גיזעהען, ווי עס האבען זיך ביי איהם אויפגיהויבען און אראבגילאזען די זייטען, ווי ער האט מיט מאטערניש גיכאפּט דעם אטעם, וועלכער האט צו־ריסען זיין פארמאטערטען קערפּער. צו זיין ברוסט האט זיך גיטוליעט

א קליינער הירשעלע, פון וועלכען דאס בלוט האט זיך גיגאסען ווי פון א קוואל. די גאנצע צערעמאניע איז גיווען איינגיטיילט אין עטליכע שורות. די פארובקעס האבען אריינגיטראגען א רויטען און שרייענדיגען טאן אין די האלב גרינלאכע, האלב אשגרויע באלייכטונג. די יעגער, סיי מאנזבילען, סיי פרויען, אנגיטון אין רויטע רעקלאך און מיט שווארצע היט אויף די קעפ, זענען אראפגיקראכען פון זייערע פערד, און גישטאנען ארום אין געדיכטע קופקעלאך. אָן א זייט זענען גישטאנען רייט־ און קארעטען־פערד און האבען געבריקעט מיט די הינטערשטע פיס. מען האט גיהערט, ווי עס רייבען זיך אנאנדער די לעדערנע זאטלען, און ווי עס בראזשגענען די שטאלענע צוימען. וואס ווייטער, איז אלץ צוגעקומען א נייער ציקאווער עולם, וועלכער האט זיך גישפארט דוקא צום סאמען גילעגער פון דעם הירש, און פאר וועלכען מען האב פארצאמט דעם וועג דורך א שטריק, וואס מען האט איבערגיהאנגען אין איילעניש איבער שטעקענס.

דאס בלוט, וואס האט גירונגען פון דעם קליינעם הירשעלע האט ד ך ביסלעכווייז אנגיזאמעלט, אזוי אז עס איז דערפון גיווארען א רעכטע לוזשע. די דאמען, וואס האבען אנטייל גינומען אין דער גייעג, זענען צוגיקומען גאנץ נאהענט, כדי צו באטראכטען איהם פנים אל פנים. זיי האבען פארקאשערט זייערע קליידעלאך, כדי זיי זאלען זיך נישט חלילה פארפאצקען אין בלוט. דער הירש איז גילעגען א פארמאטערטער ביז אין טויט אריין, און האט וואס ווייטער אלץ טיפער אראבגילאזען דעם קאפ מיט די געדיכטע הערנער־צווייגען, פארטומעלט דורך די בילענדיגע הינט, וועלכע מען האט קוים גיקאנט איינהאלטען, און נישט קאנענדיג צוזעהען דעם צער פון דעם קליינעם חערשעלע, וועלכער האט זיך געדריקט צו זיין ברוסט מיט אנ׳אפענעם האלז.

איך האב באמערקט, ווי ביי די הכנות צו דער שחיטה האט זיך דער עולם עפעס מאדנע צוקאכט. ארום מיר האט מען זיך גישטויסען מיט די פלייצעס און די איילענבויגענס, כדי בעסער צו זעהען. א באזונדערען אימפעט האבען דערביי ארויסגעוויזען די

פרויען און די יונגע מיידלאך· זיי האבען אלעווילע א ציטער גיטון און זענען גיווען מלא שמחה· מען האט דיביידע חיות גיקוילעט· דעם גרויסען און דעם קליינעם הירש· ארום און ארום האט גיוועל־טיגט אנ אויסטערלישע· כמעט רעליגיעזע שטילקייט· די שטילקייט אין דער צייט פון א תפילה· פרוי לאקאַי האט געציטערט מיט אלע איהרע איברים פון קאפּ ביז די פיס· מארי איז גיווען רוהיג· אבער אין איהרע אויגען האבען זיך צייטענווייז געוויזען פייערלאך· די קליינע מארטא האט זיך אנגיהאנגען אן מיר· אזוי אז זי האט איינגיגראבען איהרע נעגעל אין מיין פלייש·

נישט ווייט פון אונז איז גישטאנען דער פּרינץ און האט זיך צוגיקוקט צו דעם לעצטען אקט פון דעם גייעג· ער איז געבליבען זיצען אויף זיין פערד· די רויטקייט פון זיין פיגור איז גיווען האפער־דיגער איידער די רויטקייט פון די אנדערע פיגורען· עפּעס איז ער גיווען באפורפערט מיט דעם אבשיין פון א טראן· גירעדט האט ער אויפ׳ן קול· ווי איינער· וואס איז גיוואהנט צו בעליבּתעווען אין האט האָלט צו דרשענען· זיין גאנצע פיגור האט גיהאט די פארם פון א באפעהל· פראנצויזיש האט ער גירעדט ווי אנ׳אמתר פראנצויז· מיט אלע פישצעווקעס· מיט אלע פיינקייטען פון דער שפראך· איך האב גיהערט· ווי ער האט גיזאגט:

„די גרויסע מאנעווורעס· דאס זענען אין תּוך גירעדט· נישט מעהר ווי א פורים־שפּיל· דאס איז א מלחמה פאר א צירק· געפיהרט דורך א רעזשיסאר· אט גייעג· זעהט איהר· דאס איז לגמרי אנ׳אנדער ענין· א בעסערער· ווייל דא זעהט מען לכל הפּחות בלוט· אין אונזער טרוקענער· יענטעוואטער און דברים־בטלים׳דיגער צייט האט מען זיך שוין צופיל אבגיוואהנט פון בלוט· ע׳ ניין· כל זמן די מענשען האבען האָלט גייעג· בין איך זיך נישט מיאש פון זיי!“

אין דער דאזיגער רגע האבען א דונער גיטון די טרומייטען און האבען זיך צולאזט די הינט· אלץ איז פארהילכט און פארהוקעט גיווארען דורך זיי· דער פּרינץ האט זיך גיגעבען א שטעל אויף אין די שטייגביגלען· האט א הויב גיטון זיין שטאלצען קאפּ מיט די רויטליכע וואנצעס איבער די מיט אין בלוט פארשמירטע מחנה פון

די הינט, און האט ברייט פאנאנדערגיעפענט זיינע נאזלעכער, אזוי ווי ער וואלט דערשמעקט דעם פלאץ פון די שלאכטען.

אויף דעם אנדערען טאג זענען מיר גישטאנען, איך און נאך עטליכע פארשוין, אויפ׳ן גאס לעבען דעם צושפאלטענעם וועג־ווייזער, אט דארט וואו עס ליגט נאך אלץ די אלטע קעסטיל פון קאנסערוועז און האבען מיטאנאנד וועגען עפעס גישמועסט. מיט אמאל געהט צו אונז צו בענאַא. מען זעהט, אז עס רופעט איהם עפעס צו דערצעהלען. ער קאן זיך קוים איינהאלטען און זיין אונטערשטע ליפ האלט אין איין ציטער׳ן. גירעדט האט זיך, פארשטעהט זיך, מכוח דעם פרינץ.

»ער האט גיהרגעט א בער!« רופט ער אויס, און אין זיינע אויגען צינדט זיך אן א פייערילי. און איך זאג אייך, אז עס איז גיווען וואס צו זעהען . . . א צוגיוואהנטען בער, פארשטעהט זיך. אט הערט ווי דאס איז גיווען: ער קעהרט זיך צוריק פון דער גייעג אין איינעם מיט דעם מארקיז און דער פריילין בערטע און דער גאנצער קאמפאניע פון זיין סוויטע, און פלוצים דארף ער זיך אנשטויסען אויף א בערענטרייבער. דאס איז גיווען א יאלד מיט לאנגע שווארצע האהר אזוי ווי פעדערן, לעבען איהם איז גישטאנען א בער אין א גארטעלי, וואס פלעגט זיך שטעלען אויף די הינטערשטע פיס און מאכען חנדלאך ווי א הינטעלי. דער פרינץ האט גיהאלטען זיין ביקס אין די הענט. איך גידענק שוין נישט אויף קלאר, ווי אזוי דאס איז גיקומען, אבער פלוצים פאלט איהם אריין א גידאנק אין קאפ. דעם פרינץ הייסט עס. ער גיט א זאג: „איך וואלט גיוועהן א בעלן אוועקצולייגען דעם דאזיגען בער. זאל זיך דוכטען, אז איך האב איהם גיהרגעט אויף גייעג. זאגט זשע מיר, פעטער לעב, וויפיל וואלט איהר, א שטייגער, גיוואלט פאר אייער בער? נישטקשה, איהר וועט דערביי גאר נישט אנווערען. איך בין אייך ערב דערפאר.״ אט דאס האט ער גיזאגט, אונזער חברהמאן, דער בערענטרייבער, הויבט אן צו ציטער׳ן. ער הויבט אויף די הענט אין דער הויך. ער האט האלט גיהאט דעם בער! „סטייטש, זאגט ער, וואס רעדט איהר, מיין בער איז מיר אקוראט ווי א לייבליכער ברודער!״ היינט זייט זשע

א חכם און טרעפט וואס דער מארקיז מאָנטייאַן האט גיטון? ער האט גאר פשוט ארויסגינומען דעם בייטעל פון קעשענע, האט עס אויפגיעפענט און האט עס אונטערגיטראָגען דעם יאלד אונטער דער נאז. די גאנצע קאמפאניע האט זיך ממש גיקייקעלט פון גילעכטער, בשעת זי האט באמערקט, וואס פאר א מינע דער בערענטרייבער האט גימאכט דערזעהענדיג פאר זיך א פאק מיט רויטינקע און בלויאינקע אסיגנאציעס. פארשטעהט איהר דאך שוין מן הסתם אז אונזער חברה־מאן האט זיך אבגיטראגען. מען האט אפילו גיזעהען ווי ער האט גילאכט פאר נחת, אט דערזעלביגער יאלד, וואס האט אקערשט ערשט גיוויינט! דער פרינץ האט אנגילאדעוועט זיין ביקס צעהן טריט פון דעם בער, האט ארויסגישאסען, און איהם אוועקגיליינגט מיט איין איינציגען מאל. דאס האט מען גידארפט זעהען! קיין סך זענען דערביי נישט גיוועזן. איך בין אבער יא גיוועזן דערביי.«

די מעשה מיט'ן בער האט גימאכט א שטארקען רושם. לכתחילה האט מען געשוויגען. דערנאך האט זיך איינער אבגירופען:

»בלי ספק פיהרט זיך דאס אזוי אין אונגארן אדער אין בעהמען און בכלל אין אלע יענע מדינות, וואו ער גיוועלטיגט. ביי אונז וועט מען אזוינס נישט זעהען.«

»ער איז אנ'עסטרייכער,« פארריכט טודארי.

»יע,« מורמעלט אונטער קרייאַן, »וואס איז די נפקא־מינה צי ער איז אנ'עסטרייכער, אנ'אונגאר אדער א טשעך. דער עיקר איז — ער איז א וואזשנער פארשוין. און דערפאר מעג ער טאקע טון וואס איהם ווילט זיך. נישט אזוי?«

פעטער עיידא, וועלכער האט דא נישט לאנג אויפגיהויבען פון וועג און גיהאדעוועט א קליינעם צוקאליטשעטען הירשעלע, וואס איז גיראטעוועט גיווארען, פון א גייעג (דאס איז אין די הויכע מקומות נישט גיפעלען גיווארען) האט אויך גיוואלט ארייַנשטעלען אפאר ווערטער. אבער ווי נאר ער האט גיעפענט דעם מויל, האט מען איהם פארהוקעט פון אלע זייטען: „עֶידא רעדט פון פרינצען! אויך מיר א מענש!"

אלע אנדערע האבען גישאקעלט מיט די אראבגילאזענע קעפ און אונטערגימירמעלט:

»א וואזשנער פארשוין, פש...«

די דאזיגע פאר ווערטער האבען זיך שטילערהייט אין א טאן פון אבשיי און דרך־ארץ אומעטום פארשפרייט.

א סך חשובע געסט זענען נאך פארבליבען אין פאלאץ אויף דעם יום טוב פון די „אלערהייליגסטע”. עס איז שוין ביי אונז א מנהג פון לאנג אָן, אז אין דער צייט פון דעם דאזיגען יום טוב פראווען מיר א צערמאניע מיט גרויס פאראד. ארום צוויי א זייגער אכמיטאג פארזאמלען זיך אלע חשובע בעלי בתּים פון שטאט אויף דעם וועג צום קלויסטער אדער פאר דעם בית־עלמן, וועלכער ליגט אויף דעם בערגיל פון שאַטעֶניע, מיט בוקעטען אין די הענט, כדי צו דאוונען אויף דער פרישער לופט און אבצוריכטען די צערמאניע.

ווי נאר דער נאכמיטאג האט זיך אנגיהויבען זענען מיר ביידע, איך אין מארי, אוועקגיגאנגען אהינצו. איך האב אנגיטון מיין שווארץ־ווייסע זשילעטקע. אויף די פיס האב איך גיטראגען נייאינקע לאק־שיך, אויף וועלכע איך האב אלע ווילע א קוק גיטון. עס איז גראד גיווען א שיינער טאג, און די גלאָקען האבען גיקלונגען. אומעטום האט זיך געשטופט א גרויסער עולם, וועלכער האט גיקלעטערט אויפ'ן בערגיל: פויערים אין פלאציגע היטלאך, יום־טובדיג גיקליידטע אר־בייטערפאמיליעס, יונגע מיידלאך מיט ווייסע און גלאטע געזיכטער ווי די ווייסע זיידענע חתונה־קליידער פון דער כּלה — דער קאליר פון זייערע גידאנקען — און יונגע לייט מיט בוקעטען אין די הענט. אלע זענען צונויפגעקומען אויף דעם קלויסטערוועג, וואו די אלטע ליפעס זענען גישטאנען אין איינעם ווי א פארזאמלונג. קינדער זע־נען גיזעסען אויף דער ערד.

עס געהט פארביי הער באָנעאַס מיט זיין מוטער. זיי געהען גיארמט. הער באָנעאַס איז אנגיטון אין שווארצען. אויף זיין גע־זיכט איז אויסגיגאסען אנ'אויסטערלישע איידעלקייט. איך פארנייג זיך פאר זיי און נעם אראב דעם הוט. ער ווייזט אן אויף דאס גאנצע בילד, וואס אנטפלעקט זיך פאר אונז, און זאגט מיר אגב אורחא:

»דאס איז דער יום טוב פון אונזער שטאט.«

די דאזיגע ווערטער זענען גורם דערצו, אז איך טראכט זיך א ביסעל טיפער אריין אין דעם, וואס שפילט זיך אב פאר מיינע אויגען: די דאזיגע רוהיגע און פארדבקהטע באוועגונג וואס וויקעלט זיך פאנאנדער אין דעם שויס פון דער יום־טובדיגער נאטור. דורך די צרות פונ׳ם לעבען און די ארבייט פון דעם גידאנקען בין איך גיווארען מיושבדיגער ווי פריהער. עס הויבט זיך אן ארויסצו־ארבייטען אין מיין מוח דער גידאנק פון א כלל, דער גידאנק פון א גרויסען קבוץ, וואס איז אומבאגרעניצט הן אין שטח און הן אין צייט. א קיבוץ, אין וועלכען איך געה אריין אלס א טייל, וואס האט ארויפגילייגט זיין שטעמפיל אויף מיין רוחניותדיגען פרצוף, וואס לאזט מיך נישט צו ווייט אוועקגעהען פון דעם כלל־טיפ, און וואס שלעפט מיך מיט אין זיין ריכטונג: מיינע קרובים, מיינע חברים.

נישט ווייט פון דעם פאראדנעם טויער פון דעם בית־עלמן שטעהט די בראָנעסע גריי. זי געהט אנגיטון אין איהר רייטקלייד, אין וועלכען זי האט זיך האָלט צו באווייזען פאר׳ן המון. דער מארקיז מאָנטייאָן איז אויך דאָ. ער שטעלט ארויס זיין פראכטפולע פיגור, זיין שיינעם און ענערגישען פנים. פעסט און גיפאקט, מיט די באוועגונגען פון א ספארטסמען, אין שפאָגעלנייע רייטערקאמאשען און שווארצע בלאנקענדיגע שטיוועל, געהט ער ארום און שמייכעלט. צווישען די אנגיקומענע געסט זעהט מען אויך א גיוועזענעם מיניסטער, א דעפוטאט, וועלכער שמועסט איצט מיט׳ן אלטען הערצאָג. עס זענען אויך דא די הערען גאָזלאן און נאך א סך אנדערע חשובע מענשען, וועלכע זענען דעם היגען עולם לגמרי נישט באקאנט. אנ־דערע פון זיי זענען מיטגלידער פון דעם אינסטיטוט און פון גרויסע ויסענשאפטליכע גיזעלשאפטען, אדער סתם מיליאנערן.

נישט ווייט פון די דאזיגע קופקעלאך, וואס זענען אבגיצאמט פון דעם איבעריגען עולם דורך א רויטע שורה פון פאראָבקעס מיט זייערע טרומייטערס, וועלכע הענגען זיי איבער די פלייצעס, שטעהט זיך אָן א זייט הער פאָנטאַן. דער דאזיגער סוחר מיט לעבענס־מיטלען, וואס איז אין דערזעלביגער צייט א בעל־הבית פון א שענק

געפינט זיך אין דער מיט צווישען די פני און דעם פשוטען המון· זיין געזיכט איז בלאס, פעט און גישטאַפּעלט ווי דער בויך פון א בודדא· ער שטעהט אומבאוועגליך ווי א מאָנומענט און רעדט נישט אויס קיין ווארט· ער שפייט און כראקעט נאכאנאנד ארום זיך; עס ארט איהם קיין זאך נישט·

ביי דער דאזיגער צערמאניע, וואס האט דעם פנים פון א גרויסען יום טוב, האבען זיך צונויפגעמישט די בכבודיגסטע בעלי־בתים און די איינוואהנער פון דעם פּראלעטארישען קווארטאל· זיי ווייזען אויס אזוי פארשיידען און זענען דאך אזוי עהנלאך צואנאנד· מען טרעפט אָן גאנץ גיוועהנטלאכע טיפּען, טיפּען פון א גאנץ יאהראט איז אַפּאָלינע, א פריש אויסגיצוואגטע, אנ׳אויסגיפוצטע, באגאסען מיט אָדעקאלאָן· די אויגען בלישצען, די הויט פון געזיכט איז זויבער, און די אויער׳ן רויטלען זיך ביי איהר פון הינטער די האהר אפיר· אין די טעג פון א גאנץ יאהר איז זי תמיד א ביסעל ברודיג, און די גילענקען פון איהרע הענט זענען גרוי ווי קאָרע פון בוימער· איצט טראגט זי זיידענע הענטשקעס· עס פעהלען אויך נישט קיין שאָטענס אויף דעם בילד: עס איז גיקומען בריבי מיט זיין חבר טערמיטען, דעם וואלד־גנבי, כדי צו פארשטערען דעם יום־טוב דורך זייערע אבגילאזענע און נישט פּאסיגע פיגורען· און אט איז נאך א פלעק: א פרוי פון אנ׳ארבייטער, וועלכע האלט דרשות אין פארזאמלונגען, און אויף וועלכע מען טייטעלט מיט די פינגער·

»וואס טוט זי דא, די פלוניתטע!«

»זי גלויבט נישט אין גאט,« גיט עמיצער א זאָג·

»א,« רופט זיך אב א מאמע פון קינדער, »דאס איז טאקע דערפאר, ווייל זי האט נישט קיין קינדער·«

»אבער זי האט דאך צוויי קינדער·«

»נו, איז דאס דערפאר,« זאגט די פרוי, »ווייל זי איז קיינמאל קראנק נישט גיוועזען·«

און אט איז די קליינע אנטאָאַנעטע, וואס דער גלח פיהרט פאר׳ן האנד· איצט מוז זי שוין אלט זיין א יאהר פופצעהן אדער זעכצעהן· זי איז נישט גרעסער גיווארען, לכל הפחות מערקט מען

דאט נישט. דער גלח פייאָ, וואס מורמעלט שטענדיג אונטער, א ווייסינקער און א ווייכער, איז אויך עפּעס קלענער געווארען. מען זעהט באשיינפּערלאך, ווי ער בויגט זיך אלץ טיפער אראב צום קבר.ביידע קומען זיי אן מיט דראבנע טריט.

» אסברה, אז מען וועט זי באלד אויסקורירען. מען טוט שטארק אין דעריין. «

» יע... מיינט איהר נישט אודאי יענעם אויסטערלישען, אומ־באקאנטען מיטעל, וועלכען מען וויל אויספּרווען? «

» ניין, פון יענעם מיטעל איז גאר נישט געווארען. איך מיין דעם נייען דאקטאר, וואס האט זיך באזעצט אין שטאט, און פון וועלכען מען זאגט, אז ער האט זיך גינומען דערפאר. «

» דאס ארימע שעפעלע נעבאך! «

דאס כּמעט בלינדע קינד, פאר וועלכעס מען דאגהט אזוי, געהט פארביי א פארגליווערטע, אזוי ווי זי וואלט געווען שטום און טויב פאר אלע אנווינשענישען, וועלכע באלייטען איהר.

נאך דער תּפילה טרעט איינער ארויס און נעמט דאס ווארט. דאס איז אן׳אלטער מאן, אן׳אפיצער פון דער עהרען־לעגיאן. ער האט א שוואכע שטים, אבער אן׳איידעל געזיכט.

ער רעדט פון די גישטארבענע, וואס מען איז היינט מזכּיר נשמות. ער דערקלערט אונז, אז מיר זענען נישט אזוי ווייט פון זיי, ווי דאס דוכט זיך אונז אויס. נישט נאר דערפאר, ווייל אזוי זאגט אונזער הייליגער גלויבען און ווייל עס איז דא א י ע נ ע וועלט, נאר מחמת אונזער לעבען אויף ד ע ר וועלט דארף זיין דער פּשוטער המשך פון דעם לעבען פון די גישטארבענע. מען דארף טון דאס וואס זיי האבען גיטון, מען דארף גלויבען אין דעם, אין וואס זיי האבען גיגלויבט, אויב מען וויל נישט אריינפאלען אין טעות׳ן און פאנטאזיעס. מיר זענען אלע אויסגי־בונדען איינע מיט די אנדערע, מיר זענען אלע צונויפגיבונדען מיט דעם עבר, מיר זענען אלע צונויפגיבונדען מיט א באשטימטען סכום פון מנהגים און גיבאטען. מיר דארפען זיך אבגעבען אין דעם רשות פון אונזער גיוועהנליכען גורל, וואס איז צוגיפּאסט צו אונזער טבע,

מיר דארפֿען געהען אויף דעם אויסגעטראַטענעם וועג און נישט צו־הערען זיך צו די פֿאַרפֿירונגען פֿון דער נייער וועלט, צו די פֿאַר־פֿירונגען פֿון שנאה און קנאה — באַזונדער פֿון קנאה, דער דאָזיגער נגע־צרעת, וואָס איז דער פֿיינד פֿון די דער גרויסער געזעלשאַפֿט־ליכער מעלה, דער דיסציפּלין.

ער איז אַנשוויגען געוואָרען. דער ווידערקלאַנג פֿון די דאָזיגע גרויסע, פּראַכטפֿולע ווערטער שוועבט אין דער אַרומיגער שטילקייט. נישט אַלע פֿאַרשטעהען דעם באַטייט פֿון דעם, וואָס איז אַקערשט ערשט אַרויסגעזאָגט געוואָרען, אָבער אַלע לעבען אונטער דעם שטאַר־קען רושם, אַז דאָ האָט זיך גערעדט פֿון פּשטות, פֿון חכמה, פֿון גע־האַרכזאַמקייט, און ביי דעם הויך פֿון די דאָזיגע ווערטער איז דורך די קעפּ פֿון די פֿאַרזאַמעלטע אַדורכגעלאָפֿען אַ באַוועגונג, עהנליך צו דער באַוועגונג פֿון די זאַנגען אין קאָרנפֿעלד ביי דעם בלאָז פֿון אַ ווינד.

»יע,« מאַכט קרייאָן, אַ פֿאַרטראַכטער, »ער דרשה'נט גאָר אַנ'אַנ־טיק. ער לייגט דיר אַרויס אויפֿ'ן טעלערל אַלץ וואָס דו טראַכסט אין האַר־צען. עס איז דאָ פֿאַראַן אי שכל הישר, אי דרך ארץ, מען פֿיהלט, אַז מען ווערט דורך עפּעס צונויפֿגעהאַלטען.«

»מען ווערט צונויפֿגעהאַלטען דורך די אָרדענונג,« זאָגט באָנעאַס.

»און והא ראיה אַז עס איז אמת,« האַלט קרייאָן אונטער, »אַז די גאַנצע וועלט זאָגט דאָס אייגענע.«

»כ'לעבען,« גיט בענאַאַ אַ צוגאָב, »וויבאַלד די גאַנצע וועלט זאָגט עס, און מען רעדט דערפֿון נאָכאַנאַנד, היינט איך מיין...«

אַרום דעם אַלטיטשקען גלח האָט זיך פֿאַרזאַמעלט אַ רעדיל, וועלכער הערט זיך צו צו זיינע ווערטער בדחילו ורחימו. דער גלח קייט עטליכע פּירושים צו דער אויבען דערמאַהנטער דרשה.

»אוודאי,« זאָגט ער, »עיקר הדבר, מען טאָר נישטרייידען קעגען דעם אויבערשטען. אַ, זעהט איהר, ווען עס וואָלט נישט געווען קיין גאָט ברוך הוא אויף דער וועלט וואָלט מען אפֿשר געקאָנט זאָגען אַ סך זאַכען. וויבאַלד אָבער מיר האָבען אַ פֿאָטער אין הימעל, מוזען מיר אַלץ אָננעהמען פֿאַר גוט, און אַלץ וואָס קומט איז מה טובֿ, אַזוי ווי עס פֿלעגט זאָגען דער אַרכיבישאָף. מען וועט מאַכען תיקונים, דאָס איז

קלאר ווי דער טאג׳ ארימקייט׳ מלחמות׳ קהלשע אומגל׳קען און אי־
בערקעהרענישען — מען וועט דאס שוין פאררעכטען׳ מען ווועט דאס
מתקן זיין׳ בלי שום ספק׳ לאזט אונז נאר אליין׳ קינדערלאך׳ מישט
זיך נישט אריין׳ ווארום איהר קענט אלץ קאליע מאכען׳ מיר וועלען
שוין דערמיט פארטיג ווערען׳ האט קיין צער נישט׳ אבער נישט ראפ־
טום׳ נישט באותו רגע׳ ווארט אב א ווײלענקע׳ «

» יע׳ אודאי׳ « ברומען אלע אונטער אין איין קול׳

» מיט א מאל גליקליך ווערען׳ « הויבט דער אלטיטשקער ווידער אָן׳
» מגלגל זיין צרות אין שמחות און ארימקייט אין רייכקייט! כ׳לעבען
דאס איז א אוממיגליכע זאך און איך וועל אייך טאקע תיכף זאגען פאר־
וואס: אז דאס וואלט גיוועז אזוי פשוט׳ וואלט מען דאס שוין לאנג
גימאכט׳ נישט אזוי? «

די גלאקען הויבען אן צו קלינגען׳ עס שלאגט פירי׳ דער
שפיץ פון גלאקענטורם ווערט שוין פארכאפט פון דעם נעפילי הגם ער
ווערט שפעטער פאר אלעמען פארטונקעלט׳ אין קלויסטער הויבט זיך
אן די אבענדתפילה׳ די שררות און די פני פון שטאט הויבען זיך
ארויף אויף די פערד אדער זעצען זיך אריין אין די קאראטען׳ מען
צופאהרט זיך אהיים׳ עס שימערירען די מונדירען און עס פינקעלט
מיט גאלד׳ אויף דעם שפיץ פון דעם בערגיל׳ וואו עס ליגען באגרא־
בען די מתים׳ באווייזט זיך נאך א מאל דאס קופקעלע פון אונזערע
תקיפים׳ איינציגווייז שווימען זיי ארויף אין דער הויך און פארשווינ־
דען׳ מיר אבער לאזען זיך אראב׳ ביידע צדדים אבער׳ סיי די פון
אויבען׳ סיי די פון אונטען׳ גיסען זיך צונויף אין איין איינציגע מאסע׳
וועלכע צייכענט זיך אב אין דער טונקעלקייט פון דעם
אבענד׳

זיי זענען דער פאדערשטער חיל׳ וואס באשירמט און באהיט אונז׳
זיי זענען די אייביגע ראַם׳ וועלכע נעמט ארום דאס לאנד פון אונזערע
אבות׳ זיי זענען די כוחות פון דעם עבר׳ וואס באשיינען איהם און בא־
שירמען איהם קעגען דעם שונא און די רעוואלוציעס׳ און נישט קו־
קענדיג אויף דערויף׳ וואס אונזערע נשמות זענען אזוי פארשיידען
איינע פון די אנדערע׳ זענען מיר דאך אלע עהנליך איינער צו די

אנדערע דורך די גרויסקייט פון די כלל־אינטערעסען און אפילו דורך די קליינקייט פון אונזערע פערזענליכע צילען. וואס ווייטער, הויב איך אן אלץ שטארקער צו פיהלען די דאזיגע אחדות פון דער מאסע אונטער דער ברייטער ממשלה, וועלכע רופט ארויס א געפיהל פון דרך־ארץ און אבשיי צו זיך. זי ברייננגט דער נשמה א מין שטאלצען טרויסט און איז גינוי צוגימאסטען צו דעם סארט לעבען, וועלכען איך פיהרי. די דאזיגע אחדות לייען איך ארויס פון מיינע אויגען גראד היינטיגען אבענדי, אין די שטראהלען פון דער פארגעהענדיגער זון, און איך פאל פאר איהר כורעים.

מיר לאזען זיך אלע צוזאמען אראב אין דער לענג פון די פעלדער, וואו עס וואקסט די ווייץ, אין דער לענג פון די אויבסט־גערטענער, וואו די פארפלאנצטע בוימער האלטען דערביי פארטיג צו מאכען זייערע פרות — די שמעקענדיגע בליטען און די פרוכטען, וואס פארשיינקען זיך. די פעלדער שפרייטען זיך אויס אין אומ־ענדליכע סטעפּעס, וואס פארטונקלען זיך און לאזען זיך ביסלאכווייז אראב צו די ברוינלאכע טאלען אונטער דער בלויקייט פון דעם הימעל מיט איהר גרינלאכען אבגלאנץ. א קליין מיידעלע, וועלכע איז אקערשט גיקומען פון ברונען האט אוועקגישטעלט דעם עמער און שטעהט אויף דעם ברעג פון דעם וועג. זי שטעלט ארויס א פאר גרויסע אויגען און קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען. ציקאווע בא־טראכט זי די מחנה, וואס געהט פארביי, און איהר פנימעל שיינט. ווי קליין זי איז, אזוי נעמט זיך דאך אין איהר קליינקייט ארום די גאנצע ברייטקייט פונ׳ם בילד, ווייל עס איז אין איהם דא א סדרי. א פויער, וואס האט גיארבייט נישט קוקענדיג אויף דעם יום טוב שטעהט איינגיבויגען איבער די שווארצע שטיקער פון זיין פעלד־ער הויבט אויף דעם קאפ פון דער ערד, וואס איז איהם אזוי עהנליך און גיט א קעהר זיין געזיכט צו דער זון.

פון וואנען אבער האט זיך פלוצים גינומען דער דאזיגער פרשוין, עפּעס א מין משוגענער. וועלכער שטעלט זיך אנידער אין מיטען וועג און איז זיך מכין צו פארצאמען דורך זיין פיגור דעם דורכגאנג? מיר האבען דערקענט דעם שמיד בריבי, וועלכער איז

איצט שיכּור ווי לוט און פאלט פון די פיס. עס לאזען זיך הערען א שארך און א זידלעריי.

»ווילסט דו אפשר איך זאל דיר זאגען, וואוהין דאס אלץ פיהרט?« שרייט ער ווילד ארויס — און עס ווערט פּלוצים אזוי שטיל, אז מען הערט מעהר נישט, ווי זיין קול — »דאס פיהרט צו אלדי שווארץ יאהר, צום כּף הקלע פיהרט דאט! דאס איז די אלטע צופוילטע גיזעלשאפט מיט די גזלות פון די, וואס פארמאגען, און די נארישקייט פון יענע, וועלכע לאזען זיך ראבּעווען! צו אלדי שווארץ יאהר, זאג איך דיר, אין ד׳רערד מיט די ביינער! מארגען וועט שוין זיין א סוף צו דעם אלעם, ווארט נאר אקארשט, מארגען!«

אין דעם דאזיגעם טומעל לאזט זיך הערען דער אויסגעשריי פון א פרוי:

»פארשטומט זאלסט דו ווערען, מיאוסער נפש איינער, מאך נישט אָן קיין שרעק!«

אבער דער שיכּור רייסט זיך אויף אלע כּלים:

»מארגען! מארגען! מיינט איהר אז דאס וועט אלע מאל אבגילטען? איהר זענט נישט ווערט וואס די ערד טראגט אייך. א מיתה משונה אויף אייך! אין ד׳רערד מיט די ביינער!«

צווישען דער קאמפּאניע האבּען זיך גיפונען אזעלכע, אויף וועלכע די דאזיגע ווערטער האבּען גימאכט א רושם. זיי האבּען זיך שטילינקערהייט אבגיטראגען. די וואס זענען געבּליבּען האבּען זיך מיטגעשלעפּט מיט דעם וואריאט און האבּען גימורמעלט.

»ער איז נישט נאר א רשע מרושע נאר פּשוט אַ משוגענער, א חסר דעה, דער פּאסקודניאק!«

»דאס איז א חרפּה און א שאנד!« רופט זיך אב א יונגער גלח׳ל. בּריבּי טוט זיך צו איהם א לאז:

»ווילסט דו אפשר איך זאל דיר נביאות זאגען, וואס עס וועט א מאל זיין דו יעזואיט, דו פארך איינער! נישטקשה, מען קען דיך מיט דיין גאנצער משפּחה פּאַרסמער׳ס!«

»זאגט עס אקארשט נאך א מאל.«

דעם דאזיגען אויסגעשריי האב איך גיטון. איך האב

אינסטינקטיוו אבגילאזונן מארי׳ס אָרעם און זיך אווארף גיטון צו דעם מאוימדיגען פארשוין. נאך דעם גימורמעל איז פלוצים ווידער גי־ווארען מאדנע שטיל. בריבי איז פלוצים גיווארען בלייך פאר שרעק און האט זיך אבגירוקט.

דער עולם האט זיך אביסעל בארוהיגט און האט אנגיהויבען לאכען.

»דו ביסט היינט גיוועזן א מאלאדיעץ,« האט מיר מארי גיזאגט, אז איך האב זי צוריק גינומען פאר׳ן ארים. גיקומען א היים בין איך היינט א ביסעל בגילופין, א שטאלצער און צופרידענער פון מיין גרויס בריהשקייט. איך האב גיפאלגט דער שטים פון דעם בלוט, דער גרויסער אינסטינקט פון מיינע עלטערזיידעס האט מיר צוגיפגעדריקט די פויסטען און האט מיך א ווארף גיטון קעגען דעם אלגעמיי־נעם שונא.

נאך מיטאג בין איך אוועקגיגאנגען הערען ווי דאס מיליטער שלאגט זאָרעס. דאס איז גיוועזן א פאטריאטישע מאניפעסטאציע, וועלכע באָנעאַס האט איינגעפיהרט. מחמת מיין אבגילאזענקייט פלעג איך זיי אפט פארפעהלען. דורך די הויפטגאסען פון שטאט איז דורכגילאפען א הילכעדיגער קלאנג, וועלכער האט אנגעפילט די הער־צער פון די ארומשטייענדיגדע און באזונדער פון די יונגע לייט מיט א מין התלהבות פאר די גרויסע אויפטואונגען אין קומענדיגע צייטען. בראש פון דער מחנה האט גישפרייזט פעטראלוס ביי דער רויטער פלאם פון די לעמפלאך. ער איז גיוועזן באגאסען מיט א פאנטאס־טישער רויטקייט.

איך דערמאהן זיך, אז איך האב אין יענעם אבענד א סך גי־דרשהנט, אפריהער אויפ׳ן גאס און דערנאך אין דער היים. אונזער גאס האט אין זיך א ביסעל פון שטאט, א ביסעל פון פעלד, א ביסעל פון אומעטום. עס איז דאס פארקליינערטע בילד פון אלע גיזעל־שאפטען אין אונזער וועלט, וואס איז אזוי אלט, פונקט אזוי ווי מיין פרט־לעבען איז א בילד פון דעם לעבען בכלל.

# דער שטורם



יינמאל אין א יולי אבענד באווייזט זיך בענאַא אויף דעם שוועל פון מיין טיר און זאגט מיר: באלד וועלען מיר האבען מלחמה.

»ניין,« ענטפערט קרייאָן, וועלכער איז גישטאנען דערביי. »איך ווייס גאנץ גוט, אז עס יועט אמאל זיין מלחמה, ווארום מלחמות זענען גיוועו זינט די וועלט איז אוועלט. אבער איצטער אָ, אין דער דאזיגער מינוט זאל פארקומען אזא גרויסע פאסירונג? עט, עס איז נישט אמת, ניין.«

עס זענען זיך אוועקגיגאנגען אפאר רוהיגע טעג, אזוי ווי די טעג פון א גאנץ יאהר. און מיט א מאל שווימט ארויף די גרויסע נייעס און וואקסט זיך פאנאנדער: עסטרייך, סערביען, דער אולטימאטום, רוסלאנד. באלד האט מען שוין פון דער מלחמה גירעדט אין אלע ווינקלאך. מען האט גיזעהען, ווי מענשען ווערען צוטראגען ביי זייער ארבייט פון דעם דאזיגען גידאנק. מען האט איהם געפיהלט הינטער די טירען און די פענסטער פון די הייזער. איינמאל א שבת צו נאכט, בעת איך און מארי האבען נישט גיוואוסט וואס איבערצוטראכטען, אזוי ווי דער סרוב פראנצייזען, און האבען גירעדט גלאט אין דער וועלט אריין, האבען מיר דערהערט דעם שטאטפויקער, וועלכער איז ארומגיגאנגען פויקענדיג אין די שטעטלאך און די דערפער.

»אוי,« גיט מארי א גישריי.

מיר געהען ארויס און מיר דערזעהען פון וויטען דעם רוקען פון דעם אויספויקער. דאס העמדעל איז ביי איהם גיוועו אויפגיבלאזען, עפעס אזוי ווי דער ווינד וואלט איהם א שטויס גיגעבען און געטריבען צו פויקען. און כאטש מען האט איהם שלעכט גיזעהען און קוים גיהערט, האט ער דאך געהענדיג דורך די גאסען גימאכט א שטארקען און גרויסען רושם.

אין א ווינקעל איז גישטאנען א רעדיל.

»מאביליזאציע!«

קיין אנדער ווארט האט מען שוין נישט גיהערט. איך געה פון איין

קופקעלע צו דער אנדערע׳ כדי גיוואהר צו ווערען מכּוח דעם ענין· אבער די מענשען ציהען זיך אב מיט פארשלאסענע פּנימער אדער מיט אויפגיהויבענע הענט· גיוואוסט האט מען שוין אפילו וואס דאס באטייט׳ אבער א קלארען חשבון ווענען דעם האט זיך קיינער נישט גיקאנט אבגעבען·

מיר געהען אין הויף אריין און קומען דורכ׳ן פירהויז אין אונזער צימער· איך זאג צו מארי:

»דעם ניינטען פאהר איך· איבערמארגען׳ אכט א זייגער שטעל איך זיך· אין דער קאזארמע פון מאָטוויל·« זי קוקט מיך אן און ווייס נישט וואס איבערצוקלערען·

פון דער גלעזערנער שאפע נעהם איך ארויס מיין מיליטערישען פּאס׳ און לייג איהם אוועק אויפ׳ן טיש· מיר שטעהען ביידע׳ איך און מארי׳ צנויפגעדריקט איינער צום אנדערען און באטראכטען זאלבאנאנד די רויטע בלעטלאך׳ אין וועלכע עס איז פארשריבען דער טאג׳ אין וועלכען איך דארף זיך שטעלען· מיר לייענען ביידע אות ביי אות׳ אזוי ווי מיר וואלטען זיך אקערשט גילערנט לייענען·

אויף דעם אנדערען טאג האבען זיך אלע ארויסגישאטען אויפ׳ן גאס און מען האט גיכאפּט צייטונגען· דארטען איז גישטאנען׳ אז גאנץ פראנקרייך איז פארכאפּט גיווארען פון איין איינציגע ציטערניש· דער קליינער עולם׳ וואס איז גישטאנען ארום איז אריין אין שטארקע התפּעלות· מען האט זיך אנגעקוקט איינע די אנדערע מיט גלאנציגע אויגען און מען האט זיך געפיהלט׳ אז מען איז איינס· איך אליין האב דערהערט ווי איך רוף אויס: „דערוואַרט זיך אמאל״· אונזער גאנצער פּאטריאטיזם איז ארויפגעשוואומען אויף דער אויבערפלאך·

די גאס האט זיך צוהיצט· מען האט גידרשהנט׳ מען האט מסביר גיווען׳ מען האט ארויסגיזאגט כּללים אין דעם פּרט פון מוסרי· דורך אונז איז אדורכגילאפען דער אבקלאנג פון אלע גרויסע און קליינע נייעס· אין די גאסען זענען ארומגיגאנגען די אפיצערען מיט אויפ־גיהויבענע קעפּ· מען האט גיבראכט די ידיעה, אז דער קאמאנדאנט פון טראנשא האט זיך ווידער גישטעלט בראש פון זיין חיל׳ נישט קוקענדיג

אויף זיין אלטקייט. מען האט גיזאגט, אז די דייטשישע ארמיעס זענען אויף אונז אנגיפאלען פון דריי זייטען.

מען האט גישאלטען דעם דייטשישען קיסר און מען האט שוין הנאה גיהאט פון דער מפלה, וואס ער וועט אין גיכען באקומען. אין די אויגען פון אלעמען האט פראנקרייך פלוצים גיקראגען א פנים פון א מענשען; מען האט גיקלערט וועגען זיין גרויסען לעבען, וואס האט זיך מיט א מאל אזוי בולט אנטפלעקט.

»די מלחמה האט גימוזט קומען, נישט אזוי, מען האט דאס גיקאנט וויסען פון לאַנג אָן,« זאגט קרייאָן.

הער באָנעאַס גיט דעם סך־הכל פון דער וועלט־דראמא:

»מיר זענען אלע ביז אהער גיווען אזעלכע שטילינקע און רוהיגע מענשעלאך, אלע זענען מיר גיווען רודפי־שלום, און דאס איז שוין דערגאנגען ביז צו שטות. איטליכער פון אונז איז גיווען א קליינער הייליגער. קיינער האט אין פראנקרייך שוין מעהר נישט גירעדט פון נקמה און קיינער האט דאס נישט גיוואלט. קיינער האט אפילו נישט גיטראכט וועגען דעם, אז מען זאל זיך לכל הפחות צוגרייטען צו דער מלחמה. מיר האבען אלע גיטראגען ביי אונז אין הארצען דעם חלום פון דעם מענשליכען גליק, דעם חלום פון פראגרעס. און דערווייל האט דייטשלאנד שטילינקערהייט אלץ צוגיגרייט, כדי א ווארף צו טון זיך אויף אונז בשעת הכושר. אבער,« האט ער מוסיף גיווען אריינ־פאלענדיג אין התלהבות, »מען וועט שוין איהם אנרייבען א מאָרדע, און א סוף אנ׳עק!«

אומעטום האט מען געשפירט א פארלאנג נאך העלדישקייט און אויסטערלישע מעשים. אומעטום האט מען געפיהלט, אז עס שטעהען אן נאַפּאלעאָנישע צייטען.

מעהר נישט די טעג און די אבענדען זענען געבליבען די אייגענע ווי פריהער. אחוץ זיי איז אלץ גישטאנען קאפויר און האט אויס־גיזעהען, אז עס לעבט אויף דערווייל. די ארבייטער האבען ארומ־גישמייעט און גידרשהנט, ארומגעהענדיג ליידיג, מיט די הענט אין די קעשינעס. מען האט אפילו באמערקט גאנץ קליינע שינויים אין אונזער טאל און אויף אונזער הימעל.

אין אבענד האט מען גיזעהען די קיראסירס פון אונזער גארניזאן ארויסגעהענדיג פון קאזארמע אויפ׳ן גאס· געדיכטע מחנות פון יונגע רייטער האבען זיך גיטראגען איבער די גאסען, און האבען פארהילכט דעם ברוק מיט זייער קלאפעריי, און הינטער זיי האבען זיך גיצויגען לאנגע שורות פון פארשיידענע וואגענס — וואגענס מיט פוראזש, וואגענס פון דעם פאלק, און סתם וואגענס· דאס אלץ האט גיבראזגעט און גיטראסקעט אהן א סוף· אויפ׳ן טראטואר זענען גישטאנען שורות מיט מענשען, וואס האבען דאס אלץ באטראכט· מיט א מאל האט זיך פון דעם עולם גילאזט הערען א הורראּ· דורך די פערד און די מענשען איז אדורכגילאפען א ציטער· די רייטער האבען זיך אויפגישטעלט אין די זאטלען, און אז זיי זענען צוריק אוועקגיפאהרען, זענען זיי עפעס גיווארען גרעסער, אזוי ווי זיי וואלטען שוין צוריקגיקומען מיט א פארטיגען נצחון·

»אוי האבען דאס די פראנצויזען א ביסעל האָלט מלחמה!« רופט אויס מארי א צוקאכטע און דריקט מיר דעם ארעם מיט אלע כוחות·

וואס ווייטער אלץ מעהר זעהט מען ווי איינציגע פארשוינען אדער גאנצע קופקעלאך פאהרען אוועק צו זייערע קאזארמעס· אזוי ווי עמיצער וואלט מיט אנ׳אומברחמנותדיגער האנד לויט א פעסטען פלאן גיווארפען גורל און ארויסגיכאפט פון דער באפעלקערונג אמאל דעם און אמאל יענעם· וואס ווייטער, איז די באפעלקערונג אלץ שיטערער גיווארען ארום די פרויען אין דער מיטען·

דער טומעל איז גיוואקסען פון טאג צו טאג· עס האבען זיך מיט א מאל אנטפלעקט אלע יענע מיטלען, וועלכע מען האט אנגינומען שוין פון לאנג אן; נייע מודעות האבען באדעקט די אלטע; מען האט רעקווערירט חיות, עופות און פארשיידענע וואהנונגען; עס זיינען אראבגיקומען קאמיסיעס; מען האט אויסגעצאהלט געלד; עס האבען זיך געטראגען מיט א הוזשעריי אויטאמאבילען איבער די גאסען; דאס לעבען פון א סך מענשען האט זיך איבערגיקערט מיט׳ן קאפ אראב און מיט די פיס ארויף; א סך אלטע, איינגעפונדעוועטע גיוואהנהייטען זענען פלוצים איבערגעהאקט גיווארען· אבער אלע דאגות זענען פארטריבען געווארען דורך דעם בליאסק פון איין איינציגער האפענונג· מען האט גיקוואלען און געקליבען נחת פון פראנקרייכס מיליטערישער

ארדנונג און צוגיגרייטקייט, פון פראנקרייכס מיליטערישע שיינקייט.

אויף די ראגען פון די גאסען פלעגען זיך אפטמאל באווייזען פארשוינען אין נייע מונדירען. הגם מען האט זיי גיקענט, האט מען זיי דאך נישט גיקאנט דערקענען. אט איז דער גראף ארשאן, א רע־זערוועאפיציר, אט איז דער דאקטאר באַרדו, א מאיאָר פון דער צוויי־טער קלאס. צו זיי אלעמען האט מען זיך פארהאלטען מיט א מין יראת הכבוד. דער אדיוטאנט מארקאסען, א שפאגעל נייאינקער, איינ־גיטונקט אין רויט און אין בלאה, מיט גאלדענע עפאלעטען, האט זיך פלוצים גיווארפען אין די אויגען אזוי ווי ער וואלט אקארשט ערשט ארויסגיוואקסען פון דער ערד. מען האט גיזעהען פון דער וויטען, ווי ער באכישופט די קאמפאניעס פון די ווייסע חברהניקעס און גאסען־קונדיסים, אזוי ווי עפעס א שררה, וואס איז אראבגיקומען פון אויס־לאנד. מיט אכט טאג צוריק האבען די אייגענע קונדיסים גיווארפען אויף איהם שטיינער.

»די גאנצע וועלט, סיי די גרויסע, סיי די קליינע, אלע ווערען סאלדאטען,« מאכט א פראסטע פרוי מיט א מינע פון נצחון.

אנ׳אנדער פרוי זאגט, אז עס ווערט גיבארען א נייע וועלט.

פון פרייטאג אן בין איך גאנצען פארנומען גיווען מיט מיין אוועקפאהר. אין יענעם טאג זענען מיר גיגאנגען איינקויפען שוכווארג. מיר האבען נישט גיקאנט זיך גינוג אנקוקען אויף די שיינע איינריכטונג פונ׳ם זאל, וואס איז לכתחילה גיוועזן א זאל פון א קינע־מאטעגראף, און דערנאך מגולגל גיווארען אין א שפיטאל פון דעם רויטען צלם.

»מען האט אן קיין זאך נישט פארגעסען,« האט גיזאגט מארי באטראכטענדיג די בעטען, די מעבעל און די טייערע קאסטענס, וואס זענען אנגיווארפען גיוועזן אין איין איינציגען הויפען. דער דאזיגער טייערער מאטעריאל איז דערנאך פון א קאמפאניע סאניטעטססאלדאטען אוועקגישטעלט גיווארען אויף זיין ארט אין דעם בעסטען סדר. די סאני־טעטס סאלדאטען האבען אונטער דעם באפעהל פון דעם יונגען וואַרען לויט דעם פראנצויזישען שטייגער זיך גענומען דערצו און מיט חשק און גישמאק גיארבייט.

ארום שפּיטאל האט זיך גירודערט· תּוך כּדי דבור איז דארט אויפגיבויט גיווארען א שיינקעל אויף דער פרישער לופט· אפּאלינע פלעגט אפּט אהינצוקומען, כּדי אנצוגרייטען זיך מיט משקה· זינט דער בהלה פון דער מאביליזאציע איז פאר איהר איטליכער טאג גיוואָ־רען א יום טוב· זי פלעגט זיך קומען צושלעפּען מיט די פּלעשלאך אין איהר קורצינקע און דיקע ארעמס און די רויטע שפּיצען פון איהרע באקענביינער זענען גיווארען נאך רויטער· זי פלעגט זיך שאקלען און געהען נאך איידער זי האט גיטרונקען·

קומענדיג א היים זענען מיר, ווי דער שטייגער איז, פארביי־גיגאנגען פאר דעם קאפעהויז פון פאָנטאנען· ער איז גיוועזן שטארק פארהאוועט, און אויף זיין געזיכט האט זיך ברייט פאנאנדערגיגאסען א פעטער שמייכעל· ער איז גישטאנען אין א וואלקען פון ציגארען־און פאפּיראסען־רויך, פון וועלכען עס האבען זיך ארויסגעריסען די קלאנגען פון דער מארסעליעזע· ער האט צוגינומען נאך א סך משרתים און ער אליין האט זיך ממש צוריסען אויף שטיקער, ער איז ארומ־גילאפען אהין און אהער און האט משמש גיוועזן דעם עולם· דער גאנצער מצב האט פון זיך אליין גיבראכט דערצו, אז זיינע עסקים זענען גיגאנגען גוט·

אין אונזער גאס איז אלץ שטיל און פּוסט גיוועזן, ווי פריהער· די ציטעריגע קלאנגען פון דער מארסיעלעזע, וועלכע מען האט גע־שפּילט פון דערווייטענס, זענען ביסלאַכווייז אבגישטארבען· מען האט גיהערט ווי בריבי בראזגעט מיט אלע כּוחות אויף זיין קאוואַדלע· אויף די הייזער ליגען די זעלבע שאטענס ווי אלעמאל, בלאָנקען ארום דיזעלביגע ליכטער· נאך א זעקס טאג פון א שלאַ־כדרך־הטבעדיגער איבעקעהרעניש האט דאס גיוועהנליכע לעבען פון א גאנץ יאהר משמעות אנגינומען דיזעלביגע פארמעס ווי גיוועזן· עס האט אויסגעוויזען, אז אין אונזער ווינקעלע האט דער עבר גובר גיוועזן דעם איצטיגען מאמענט·

איידער מיר האבען אנגיהויבען צו קלעטערין אויף די טרעפּ האבען מיר באמערקט דעם שווערען גוף פון קרייאנען, וועלכער איז גישטאנען איינגיקארטשעט ביי דער טיר פון זיין ווארשטאט· ער האט

זיך גיעוסקט ארום דער לאמפּ, וועלכע איז גיוועזן ארומגערינגעלט פון מאשקעס און האט גראד גיהאלטען דערביי ארויפצוזעצען אויף א שטעקעל א שטיק שמאטע. דאס האט גיזאלט זיין א סגולה קעגן די פליגען. ער איז גיוועזן שטארק פארטוך, און פון זיין האלבּ אפענעם מויל האט ארויסגיהאנגען א פייכטע צונג. דערזעהענדיג אונז האט ער אוועקגיווארפען זיין ארבעט. ער האט א זיפץ גיטאן און גיזאגט:

» נו איז דאס א ביסעל א האלץ. נישט קיין מעסער דארף מען דערצו נאר א פאדים, מיט וועלכען מען שנייט איבער פּוטער. «

ער האט שוין גיהאט אנגיווארען דעם מוט און האט זיך אויפ־גיהויבען פון׳ם ארט. עס איז איהם פלוצים אריינגיקומען אנ׳אנדער גידאנק אין קאפּ. מיט א פּנים, באלויכטען פון דעם שיין פון דער לאמפּ, האט ער אויפגיהויבען די האנד און מיר א פריינדליכען פּאטש גיטאן איבער פּלייצע!

» צום אנהויב האט מען כסדר גיטענהט: מלחמה, מלחמה, נו גוט, איצטער א האבען מיר שוין די מלחמה, האַ, וואס מיינט איהר? «

אין דער היים זאג איך צו מאריען

» נאך דריי טעג. «

מארי געהט ארום אין צימער און רעדט נאכאנאנד צונייהענדיג די מעטאלענע קנעפּ צו מיין נייען ראַניעץ. א פּנים, אז זי האט זיך גיסטארעט צו פארטרייבען מיינע אומעטיגע גידאנקען. זי האט גי־טראגען א בלאהען און אבגעניצטען זשאקעטעל, פון וועלכען עס האט זיך ארויסגיזעהען איהר בלויזער האלז. זי האט פארנומען א גרויסען ארט אין צימער. זי האט מיך גיפרעגט ווי לאנג איך וועל בלייבען ווייט פון דער היים, און אזוי ווי אלעמאל ביי דער דאזיגער פראגע האט זי מיניה־וביה אליין גיענטפערט: „דו אליין ווייסט אויך נישט, מן הסתם“. זי האט באדויערט, וואס איך בין נישט מעהר ווי א פּראסטער סאלדאט אזוי ווי אלע, זי האט אבער גיהאפּט, אז פאר דעם קומענדיגען ווינטער, וועט שוין אלץ זיין פארענדיגט. איך האב געשוויגען. זי האט גיווארפען אויף מיר בליקען פון דער זייט און האט מיך פּאר־שאטען מיט פארשיידענע נייעס, וואס זי האט אנגיזאמעלט פאר דער גאנצער צייט.

»דו ווייסט, דער יונגער גלח איז אוועקגיגאנגען אלס א פראַ־סטער סאלדאט, ווי אלע גלחים. און דער מארקיז, וואס איז שוין אייגענטליך אין גאנצען פטור פון סלוזשבע, ווארום נאך מיט א יאהר צוריק האט זיך פארענ, יגט דער סראָק, אין וועלכען ער באדארף זיך שטעלען, האט געשריבען דעם מלחמה־מיניסטער, אז ער וויל פארט געהען דינען, אבער דער מיניסטער האט איהם גידאנקט אין א באַ־זונדערען בריף.«

זי האט איינגיפאקט און צוגיבונדען מיט שנירלעך וועש און עסענוואַרג אזוי ווי פאר א נסיעה.

»דא האסט דו אלץ, וואס דו באדארפסט. עס וועט דיר קיין זאך נישט פעהלען. דו זעהסט דאך.«

זי האט זיך צוגעזעצט און א זיפץ גיטאן.

»נאך אלעמען איז דאך די מלחמה א סך שרעקלאכער, איידער מען שטעלט זיך דאס פאר.«

אפנים, אז דאס הארץ האט איהר גיזאגט, אז עס וועלען קומען שרעקליכע פאסירונגען. איהר געזיכט איז גיווען בלאסער ווי אלע־מאל. די גיוועהנליכע מאטקייט, וואס איז גילעגען תמיד אויף די שטריכען פון איהר פיזאנאמיע, איז גיווען פול מיט חן. די זשאס־נעס פון איהרע אויגען זענען גיווען ראָזא רויט. זי האט א שוואכען שמייכעל גיטון און גיזאגט:

»עס זענען פארהאן יונגע לייט צו 18 יאהר, וואס האבען זיך גישטעלט, אבער נאר פאר די צייט פון דער מלהמה. זיי זענען טאקע גירעכט. שפעטער, אין לעבען, וועט עס זיי צוניצקומען.«

מאנטאג האט מען זיך נאך ארומגיפּאָרעט אין שטוב, וועלכע איך האב צום סוף פארלאזען ארום פיר א זייגער. איך האב זיך גילאזען קודם כל צום ראָטהויז, און פון דארטען האט מען שוין גידארפט געהען צו דער באהן.

אין ראטהויז האט זיך באוועגט א קופקעלע פון פארשוינען, וואס האבען זיך אלע גיפונען אין דעמזעלביגען מצב ווי איך. אלע האבען זיי גיטראגען אויף די רוקענס פארשנורעוועטע פעקלאך, און פון די פלייצעס זענען ביי זיי אראבגיהאנגען נייע שטיוועל. איך בין

צוגישטאנען צו מיינע חברים, כדי צו ווערען איינער פון זיי. טודאר האט גיטראגען אויפ׳ן קאפּ א היטעלע פון אנ׳ארטילעריסט. מיעלוואַק איז גיווען שטארק צוטראגען, אקוראט ווי אין זיין גישעפט. ער האט גיהאלטען אין האנד א פּאק מיט פּאפּיערען און האט פארביטען זיין פּענסנע מיט ברילען. דאס האט באטייט, אז ער וועט באלד מיט מזל אנטון א מונדיר. איטליכער האט גירעדט פון זיך און האט גיגעבען פארשיידענע ידיעות מכח זיין פאלק, זיין קאזארמע, און אנדערע פּערזענליכע ענינים.

אין דער מיט פון דעם גאנצען טומעל איז גישטאנען אנ׳אדיו־טאנט, א ממונה איבער די וואפען, אין א נייען און ציכטיגען מונדיר פון אנ׳אקטיווען אפיציר. »וואס איז נוגע צו מיר,« זאגט ער, »בלייב איך אין דער היים. לויט דעם ארט וואס איך פארנעם אין דער ארמיע, האב איך א לגאטע. קיינער האט נישט דאס רעכט, מיך אוועקצושיקען אויף דער פראנט.«

מען האט לאנג גיווארט, און עס זענען פארבייגיגאנגען גאנצע שעה׳ן אין דער דאזיגער ווארטעניש. עס האט זיך פארשפּרייט א קלאנג, אז מען וועט ערשט מארגען ארויסגעהען. פּלוצים איז גיווארען שטיל. אלע האבען זיך אויפגישטעלט און גימאכט פּאַד קאָזיראָק, עס איז אריינגיקומען דער קאמענדאנט פון טראַנשאָ.

די ווייבער האבען זיך אבגירוקט. א פּארשוין אין ציווילע קליידער, וואס האט שוין לאנג אויסגיקוקט נאך דעם דאזיגען אפיציר איז צו איהם צוגיגאנגען, און האט איהם מיט דער היטעל אין דער האנד עפּעס שטילערהייט גיזאגט.

»אבער ליבער פריינד,« האט דער קאמענדאנט אויסגירופען אין ראפּטום אבגיטראטען פון דעם פּארשוין מיט דער בקשה. »עס לוינט זיך גארנישט. אין צוויי חדשים איז א סוף צו דער גאנצער מלחמה!«

דער קאמענדאנט איז צוגיגאנגען צו אונז. אויף זיין היטעל האט ער גיטראגען א ווייסע קאקארדע. מען האט גיזאגט אז ער איז דער ממונה אויף די באהנען.

ער האט פאר אונז גיהאלטען א קורצע אבער רושם־פולע פּאט־ריאטישע דרשה. ער האט גירעדט פון דעם יום הדין, אויף וועלכען

אזוי פיעל פראנצויזישע הערצער האבּן אזוי לאנג גיזוארט, און האט אונז מבטיח גיוועז, אז שפּעטער וועלען מיר זיך האלטען גרויס, וואס מיר האבּען גילעבּט אין אזעלכע צייטען. בקיצור, ער האט אונז ארייג־גיבּראכט אין א ציטער פון התפּעלות. צום סוף האט ער מוסיף גיווען.

» גיזעגענט זיך מיט אייערע פאמיליעס און מיט אייערע קרובים. מיט ווייבּער איז איצט אויס. און מיר דארפען שוין טאקע תיכף געהען: ווארום איך בּאלייט אייך בּיז צו דער בּאהן. «

אין דעם גרויסען זאל איז גיווארען א גירודער—צום לעצטען מאל. מען האט גיהערט, ווי מען קושט זיך בּיים גיזעגענען זיך, און ווי מען גיט בּרכות און אנווינשעגישען אויפ׳ן וועג.

איך האבּ זיך צוקושט מיט מארי און גילאפען אניאגען מיינע חברים, וועלכע האבּען זיך שוין פארזאמעלט לעבּען דעם גרויסען וועג. מען איז ארויסגיטראטען צו פיר אין א שורה. אלע טראטוארען זענען צוליעב אונז גיווען בּאזייט מיט מענשען. אין דער דאזיגער מינוט האבּ איך געפיהלט א שטארקע התפּעלות און א ציטער פון העל־דישקייט איז מיר אדורכגילאפען דורכ׳ן לייבּ.

בּיי א ראג פון א גאס האבּ איך דערזעהען קרייאָנען און מאריען, וועלכע זענען גילאפען פארויס, כּדי אבּצוהיטען אונזער פארבּייגאנגג. זיי האבּען מיר צוגעוואונקען.

» ווערט נישט אן דעם מוט, קינדער! נישטקשה, איהר וועט נישט שטארבּען « האט אונז קרייאן צוגירופען.

מארי האט גיקוקט און געשוויגען. זי האט נישט גיקאנט ארויס־ריידען קיין איינציג ווארט.

דער פעלדפעבעל מארקאסען האט גישפּאנט לעבּען דער אבּטיי־לונג און האט קאמאנדעוועט:

» טריטוויז, איינס, צוויי! «

מיר זענען אדורכגיגאנגען די גאסען פון אונזער שטאט, אויף וועלכע עס האט זיך שוין אראבּגילאזט דער אבּענד. לעבּען מיר האט גישפּרייזט א פויער, און האט אלץ גישאקעלט מיט׳ן קאפּ. פאר אונז איז גילעגען אויסגישפּרייט א שווארצלאכע בּרייטקייט, מיר האבּען פארלאזען א גאנצע וועלט אין גרויסע טריט, וועלכע האבּען זיך

צונויפגיגאסען אין איין איינציגע טראט. און אין דער מיט פון דעם אלעמען האט דער פויער גיזאגט אומקלארע ווערטער:

איז דאס א ביסעל א מהומה! איך האב נאך גאר קיין צייט נישט גיהאט דאס אלץ צו באנעהמען מיט'ן שכל. מען זאגט, אז עס זענען פארהאן אזעלכע מענשען, וואס פארשטעהען אלץ, וואס עס טוט זיך דא אבי. עט, איך גלויב עס נישט. עס איז נישט אמת.

און אט איז די באהן. מען שטעלט זיך נישט אבי. מען האט פאר אונז ברייט פאנאנדערגיעפענט דעם געלען שלאגבוים, וועלכען מען הויבט קיינמאל נישט אויף. מיר שפרייזען אריבער רעלסעס און שפאלעס, און מען שטעלט אונז אוועק אויף א גרויסען, אומעטיגען פלאץ, וואס איז באדעקט מיט אייזערנע סלופעס. און מיט א מאל זעהען מיר, אז מיר זענען אליין.

די שטאט איז געבליבען הינטער אונז. די שטאט און דאס לעבען. דאס אלץ איז געבליבען אויף דער אנדער זייט פון דעם דאזיגען אומעטיגען פעלד, וואס איז באצויגען מיט א גאנצען נעץ פון נעפיל, פון רעלסעס, פון שטעזשקעס און פארשיידענע נידעריגע גיבייען. אין איינעם מיט דעם בין־השמשות לאזט זיך אויף אונז אראב די קיהלקייט פון אבענד. זי פאלט אויף אונזערע הייסע קערפערס און אויף אונזערע התפעלות. מען ציטערט פון קעלט. מען ווארט. עס ווערט טונקעל, און דערנאך שווארץ. די נאכט האט אונז פארשפארט אין איהר אומענדליכע ענגשאפט. עס טרייסעלט א צאהן אן א צאהן און מען זעהט שוין לחלוטין גאר נישט. קוים וואס עס פינטעלט מיר אין די אויגען א מין טונקעלע באוועגונג אונטער דעם דאך פון די וויסטע און פוסטע זאלען, אין וועלכע מען טאפעט ארום; קוים וואס איך הער א גירויש פון שטימען, און איך דערשפיר א ריח פון טאבאק. אמאל דא און אמאל דארט גיט פלוצים א שיין דאס פלעמיל פון א שוועבעלע אדער דער רויטער פינטעל פון א פאפיראס און א געזיכט ווערט באלויכטען. און מען ווארט, ביז עס ווערט אזש נודנע ווארטענדיג. מען זעץ זיך צו אויף דער ערד, מען דריקט זיך צונויף איינע צו די אנדערע — אין דער טונקעלקייט און פוסטקייט פון דער נאכט.

אין עטליכע שעה ארום קומט אריין דער פעלדפעבעל מארקאסען מיט א לאמטערנע אין דער האנד און הויבט צו ציילען און אויסצורופען די נעמען. דערנאך געהט ער ווידער אוועק, און עס הויבט זיך ווידער אן די סדרה פון ווארטעניש.

צעהן א זייגער אין אבענד האט מען אנגיזאגט דעם אנקומען פון דעם אמתן פאיעזד. פריהער זענען מיר עטליכע מאל אומזיסט אויפגעשפרונגען. איצטער איז ער טאקע אייף אנ׳אמתן אנגיקומען אנ׳אנגיבלאזענער, אין גאנצען א רויטער און א בלאהער. ער איז שוין אנגיפאקט מיט מענשען, און לאזט פון זיך ארויס משונהדיגע קולות. ער שטעלט זיך אב, און דער פלאץ ווערט מגולגל אין א גאס. מען זעצט זיך אריין אין די וואגאנעס, און מען קלייבט זיך אויס אנ׳ארט פאר די זאכען. ביי דעם שיין פון קליינע לאמטער־לעך, וואס טאנצען ארום באלד דא, באלד דארט, זעהט מען אויף די ווענט פון די וואגאנעס אויסגימאלט מיט קרייט חזרשע קעפ אין שפיציגע קאסקעס מיט דער אויפשריפט: "קיין ברלין!"

דער פאיעזד פאהרט זיך. מיר שפארען זיך אלע צונויף צו די פענסטער און פרוווען ארויסצוקוקען. איבער דעם בריק סטאַרען מיר זיך צו כאפען א קוק אויף די מענשען פון אונזער שטאט, צווישען וועלכע מיר האבען פארבראכט אונזער לעבען, און וועלכע שטעהען אפשר אין ווארטען אונז אב. אבער פאר די אויגען מישט זיך אלץ צו־נויף צו איין איינציגען געשוויבעל. מיר פאלען צוריק צו אונזערע פלעצער. אז מיר ווערען שוין אין גאנצען איינגישלונגען פון דער קלאפעריי פון די רעדער, הויבט מען אן פאנאנדערלייגען די זאכען, מען זוכט זיך אויס א געלעגער צום שלאפען, מען רויכערט, מען טרינקט, מען רעדט. דער שטייג פון וואגאן, אין וועלכען מיר זיצען, איז שלעכט באלויכטען און פארצויגען אין גאנצען מיט רויך, ער איז עהנ־לאך צו א ווינקעל פון א שיינק, וואס ווערט פארטראגען אין אומבא־קאנטע מקומות.

עס זשומען די רעדער, און עס זשומען צום טאקט עטליכע שמועת׳ן. מיינע שכנים ריידען מכּוח דער לאנדווירטשאפט, פון דער זון און פון רעגען. אנדערע פריילאכע יונגען פון פאריז ריידען פון

באקאנטע פארזענליכקייטען, באזונדער פון זינגערס אין קאפע־שאַנטאַנען, אנדערע אבער שלאפען מיט אנ׳אפענעם מויל, וואס איז אנגישפארט אן עפעס. דאס טרייסלען ארט זיי נישט. איך באטראכט די פרטים פון דעם לעצטען טאג און דערמאן זיך אפילו אן די גיוועזענע צייט, וואו עס האט גאר נישט פאסירט.

מען איז גיפאהרען א גאנצע נאכט. ווען נישט ווען האט עמי־צער ביי א סטאציע אויפגיהויבען די שויב פון א פענסטער. אין דער טרוקענער לופט פון דעם וואגאן פלעגט זיך אריינרייסען א פייכטער הויך. מען האט גיזעהען א געדיכטע פינסטערניש, און אין דער מיט פון איהר ארומטאנצענדיג די לאמטערנע פון א קאנדוקטער.

עטליכע מאל איז מען לאנג געבליבען שטעהען. מען האט גי־דארפט פארביילאזען פאיעזדען מיט אקטיווע סאלדאטען. אויף א סטא־ציע, אוואו מיר זענען גישטאנען שעה׳ן לאנג, האבען מיר גיזעהען עטליכע אזעלכע פארביי פליהען. צוליעב דער גיכקייט האבען זיך פארמישט די ליניעס פון די פענסטער און די טירען, מען האט מעהר נישט געזעהען ווי איין איינציגען קנויל פון סאלדאטען. און אז דער בליק איז יע אמאל אריינגידרונגען אינעווייניג האט מען באמערקט א לאנגע ציטערדיגע ליניע, איינגיטונקט אין רויט און אין בלאה, לאנגע קוואליעס פון מענשען, צונויפגיסענדיג זיך איינע מיט די אנדערע, הא־בען זיך אלע גילאזען אין דער ריכטונג פון דער גרעניץ.

# די מויערן

מיר זענען שטעהען געבליבען באגינען. מען האט אונז גיזאגט: אט דא איז דאס.

גענעצענדיג און קלאפענדיג מיט די ציינער זענען מיר ארויסגיקראכען פון די וואגאנעס אויף א שווארצלאכער און פארנעפעלטער פלאטפארמע. מיר זענען אלע גיווען איינגיוויקעלט אין שלייער פון א געדיכטען נעפיל, וועלכען עס האט פון דער ווייַ־טענס אדורכגעריסען דאס פייפען פון לאקאמאטיווען. מיר זענען אליין גיווען שווארצלאך און גישטאנען ווי די שאטענס. אויסגיפאקט פון די וואגאנעס האבען זיך די דאזיגע שאטענס צונויפגעדריקט אין הויפענס

און גיוואַרט ווי אויסגיפּאַקטע סחורות אין דעם ווינטערדיגען פריהמאַר־גען· מאַרקאַסען׳ וועלכער האָט ערשט גידאַרפט באַקומען די נויטיגע באַפעהלען׳ איז צוריקגיקומען·

» אַט אַהינצו דאַרף מען געהען· «

ער האָט אונז אויסגישטעלט צו פיר אין אַ שורה·

» פאַרויס! און שטעלט זיך אַקערשט אויף! און ביי טראַט! מיר דאַרפען דאָך עפּעס ווייזען וואָס מיר זענען׳ הא? «

די אַבגימאַסטענע טריט נאָכ׳ן טאַקט האָבען אונז אויסגיצויגען די פיס׳ אַזוי אַז איין פוס האָט זיך פון זיך אַליין אַנגיקייטעלט אָן דעם אַנדערען· דער פעלדפעבעל איז גיגאַנגען פון דער זייט׳ אין דער לענג פון דער אַבטיילונג· עמיצער פון אונז׳ וועלכער האָט איהם גוט גיקענט האָט זיך גיווענדט צו איהם׳ אָבער ער האָט נישט גיענטפערט· וועןנישט ווען האָט ער אויף אונז גיוואָרפען אַ קורצען קוק׳ ווי אַ שמיץ פון אַ בייטש׳ כּדי אַכטונג צו געבען׳ צו מיר געהען אין טראַט·

איך האָב גימיינט׳ אַז איך וועל טרעפען די אַלטע קאַזאַרמע׳ וואו איך האָב פריהער געדינט· נישט דער מין אַפילו! מיינע דערוואַר־טונגען האָבען זיך נישט דערפילט· דאָס האָט מיך שטאַרק פאַדראָסעז׳ אָבער אייגענטלאַך האָט דאָס דער שכל גאָר נישט מחייב גיוועזן· דורן אַ קיילאַכדיגען און ברודיג ווייסלאַכען גיביי׳ וואָס האָט זיך גראַד גיהאַל־טען אין בויען׳ זענען מיר צוגיקומען צו אַ נייע קאַזאַרמע׳ עפּעס אַנ־אומעטיג ווייסע אין דעם געדיכטען נעפּיל· פאַר דער פּריש אַבגי־פאַרבטע פאַרטקע איז שוין גישטאַנען אַנ׳עולם אין דעם קופּערפאַרביגען שטויב פון די ערשטע שטראַהלען· אויך אַזעלכע פאַרשוינען ווי מיר אַלע אין זייערע טרויעריגע ציווילנע קליידער· דורך די קליינע פאַרטקע האָט מען אונז גיהייסען אַריינגעהען אין דער קאַזאַרמע·

מען האָט אונז גיהייסען זיך צו זעצען אויף די בענק· מיר האָ־בען גיוואַרט אַ גאַנצען טאָג· די טרוקען־הייסע זון׳ וואָס האָט אַרומ־גישפּאַצירט איבער אַלע פענסטער האָט אונז גיצוואונגען עטלאַכע מאָל אומצובייטען אונזערע ערטער· מען האָט גיגעסען אויף די קני· אויפ־מאַכענדיג די פּעקלאַך׳ וועלכע מאַרי האָט מיר מיטגיגעבען׳ האָט זיך מיר אַבגידוכט׳ אַז איך ריהר אָן איהרע הענט· אַז עס איז גיקומען דער

אבענד׳ האט אונז אנ׳אפיצער באמערקט׳ האט אונז אויסגיפרעגט׳ און האט אונז פארזאמעלט. מיר זענען פארשלונגען גיווארען אין דעם שווארצען גיביי. אונזערע פיס האבען זיך אנגישטויסען איינער אן דעם אנדערען און האבען גיקלעטערט אהן א סדר צווישען גיקאלכטע ווענט אויף די שטיגען פון נאסע טרעפ׳ פון וועלכע עס האט זיך גי־טראגען א ריח פון א מין שמירעכץ׳ מיט וואס מען פוצט די פאדלא־געס. מען האט אונז ארייגעפיהרט אין א לאנגען און טונקעלען קארי־דאר׳ וועלכער איז גיוועזן דורכגילעכערט פון קליינע בלויע פענסטער־לאך׳ און אין וועלכען עס האט נאכאנאנד גיבלאזען א ווינד. פון אלע פיר עקען האבען ארויסגישטארצעט גאז־לעמפלאַך׳ וואס האבען גי־ברענט מיט א גיטראסק און א גיזשום.

פאר א באלויכטענע טיר האט זיך גישטופט א הויפען מענשען. דאס איז גיוועזן דער מאגאזין׳ דער שפייכלער אין וועלכען עס זענען גילעגען די מיליטערישע זאכען. איך בין ארייגגישטופט גיווארען דורך א כוואליע פון מענשען׳ וועלכע האט מיך גישטויסען ווי א ספראנזינע. צווישען א גאנצען הויפען פון נייע קליידער זענען ארומגישטאנען די ממונהס אויף די זאכען מיט גדלות. סוף כל סוף האב איך זיך׳ ווי עס איז׳ ארויסגימאכט פון דעם גאנצען קנויל׳ בין ארומגיגאנגען איבער דעם זאל׳ און בין ארויסגיגאנגען אנגיטון אין רויטע הויזען און טרא־גענדיג מיינע אלטע ציווילנע מלבושים אויף די ארעמס. איך האב מיך אבער נישט דערוועגט אנציטון די נייע היטעל אויפ׳ן קאפ.

אנגיטון זענען מיר גיוועזן אלע אויף דעם אייגענעם שטייגער. איך האב אלץ באטראכט די אנדערע׳ ווייל אויף זיך אליין האב איך נישט גיקאנט קוקען. פון זיי האב איך דערקענט׳ ווי איך אליין זעה אויס. ביי דער אומעטיגער באלייכטונג פון א ליכט עסט מען טרויע־ריג די פארציעס. מען וואשט די שיסלען און מען געהט ארונטער אין דעם גרויען הויף פון דער קאזארמע. עס טוט א גרילץ א פארטקע, וועלכע מען פארשליסט און א קייט׳ וואס מען ציהט אויס פאר׳ן טויער. א באוואפענטער סאלדאט געהט ארויף און אראב פאר דעם ארייגאנג. מען טאר נישט ארויס פון קאזארמע׳ אנישט קומט מען פאר דעם קריגסגעריכט. אין מערב אויף דער אנדער זייט פון

פארנעפּילטע פּלעצער ליגט די באַהן, אין גאַנצען אַ רויטע, זי רויכט ווי אַ פאַבריק, און עס רייסען זיך פון איהר האַלב פאַרשטיקטע בליצען. פון דער קעגענאיבערדיגער זייט זעהט מען די פאַרטיפונג פון אַ גאַס. אַ פּאָר ליכטיגע פינטלעך פון פענסטערס אין אַ באַלויכטענע קראָם. איך שטעק אריין דעם פּנים צווישען די גראַטעס און באַטראַכט דעם דאָזי־גען אַבגלאַנץ פון אַנ׳אַנדער לעבען, דערנאָך געה איך ווידער ארויף אויף די פינסטערע טרעפּ, געה א־דורך דעם קאָרידאָר און קום אריין אין שלאָפזאַל, דוכט דיך, אַז איך בין עפּעס, און פונדעסטוועגען בין איך גאָרנישט, אַ טראָפּען וואַסער אין אַ טייך.

מען ציהט זיך אויס אויף די שטרויענע גילעגערס אונטער דינע קאָלדרעס. איך לייג צוקאָפּענס דעם פּאַק מיט מיינע ציווילנע מלבושים און שלאָף איין. צומאָרגנס בין איך אויף און פּלאָנטער זיך ארויס פון עפּעס אַ לאַנגען חלום, וואָס איך קאָן גאָר נישט באַנעהמען... מיין שכן זיצט אויף זיין שטרויענעם גילעגער, די האָהר הענגען איהם אַראָב איבער׳ן פּנים, ער נעהמט זיך קראַצען די פיס, ער געניצט אָזש ביז צו טרעהרען און גיט מיר אַ זאָג:

» עס האָט זיך מיר גיחלומט פון דער היים.«

עס געהען אוועק עטלאַכע טעג. מען איז נאָך אַלץ פאַרשפּאַרט אין דער קאַזאַרמע, און מען ווייס פון גאָר גישט. מען שטופּט אונז אַדורך דורך די גראַטעס פון קאַזאַרמעהויף צייטונגען, און מיר דער־וויסען זיך פון די טאָג־פּאַסירונגען. די מלחמה פאַרציהט זיך און נעהמט אָן אומבאַוועגלאַכע פאָרמעס, און מיר טוען גאָר נישט. מען רופט אונז אויס ביי די נעמען, מען הערט אויס דעם ראַפּאָרט, מען פאַרזאַמעלט אונז צייטענווייז צו פאַרשיידענע אַרבייטען און דאָס איז אַלץ. אין שטאָט האָט מען נישט גיטאָרט, און מיר פלעגען וואַרטען אויף דעם אָבענד. מען איז גישטאַנען, מען האָט אַרומגישפּאַצירט אין צימער, וואָס איז קיינמאָל נישט גיוועזען אין גאַנצען לעדיג, וואָרום עס איז תמיד אָנגעפּילט גיוועזען מיט אַ שווערען ריח. מען האָט גיבלאַנקעט אויף די טונקעלע טרעפּ און אין די טונקעלע קאָרידאָרען, אין הויף ביז צו דער פאַרטקע און ביז סאַמע צו די קיך, וועלכע איז גילעגען אין אַ הינטערשטען גיביי, און פון וועלכער עס האָט זיך דעם

גאנצען טאג גיטראגען א ריח דא פון קאפעאבזאץ, און דא פון חלב.

באלד האט מען אנגיהויבען צו זאגען, אז מיר וועלען דא אפשר פארבלייבען ביז צום סאמען סוף פון דער מלחמה. ניין, נישט אפשר, נאר טאקע בלי ספק. מען האט זיך גינודזעט. בעת מען האט זיך אנידערגילייגט שלאפען, איז מען גיוועזן פארמאטערט פון דער לאנגער אומבאוועגליכקייט, אדער דערפון, וואָס מען איז ארומגיגאנגען דעם גאנצען טאג אזוי פאוואליע. מען האט שוין גיוואלט געהען צו דער פראנט.

מארקאסען האט גיוואהנט אין דער קאנצעלאריע פון דער ראטע. ער איז תּמיד גיוועזן לעבען אונז און האט שטילערהייט געגעבען אכ־טונג אויף אוּנז. איינמאל איז ער אויף מיר פלוצים אנגיפאלען דער־פאר, וואס איך האב ארייננגיגאסען וואסער אין די גיפעס נישט צו דער באפאהלענער צייט. איך האב גימוזט שוין שטעהען פאר איהם אויס־גיצויגען אין דער פאזיציע פון א סאלדאט. ער האט מיך גראב גי־פרעגט צו איך קאן לייענען, ער האט גירעדט מכּוח באשטראפונג און צום סוף גיזאגט: „ווייטער זאל דאס נישט פארקומען.״ דער דאזיגער גראבער ארויסטרייט פון דעם גיוועזענעם פעטראָלוס, וועלכער איז אין תּוך גירעדט גירעכט גיוועזן, האט מיך טיעף באליידיגט און ארייננגי־ווארפען אין א מרה שחורה דעם גאנצען טאג. נאך אנדערע פאסירונ־גען האבען מיר געוויזען, אז איך בין שוין מעהר קיין בעל־הבית נישט אויף מיר אליין.

איינמאל איז א פאריזער צוגיגאנגען צום פעלדפעבעל מארקאסען און האט ביי איהם גיפרעגט.

» הער פעלדפעבעל, איך וואלט וועלען וויסען, ווען מען וועט שוין פון דאנען ארויס. «

דער פעלדפעבעל האט קרום א קוק גיטון אויף די גאנצע זאך.

» רק מען וויל וויסען! « האט ער א גישריי גיטון. » עפּעס א מין אנשיקעניש אויף די פראנצויזען, וואס זיי ווילען תּמיד וויסען וואו עס האלט, און וואס עס טוט זיך. זאג איך אייך איינמאל פאר אלעמאל, אז פון היינט אן וועט איהר גארנישט וויסען! עס זענען שוין פאר־האן אזעלכע, וועלכע וויסען פאר אייך, און גיפּטערט אנ׳עסק! פון היינט

אן הויבט זיך אן גאר אנאנדער סדרה: דיסציפלין און שווייגען.«
דער אימפעט, מיט וועלכען מען האט זיך פריהער געריסען צו דער פראנט איז ביסלעכווייז אבגעקיהלט געווארען. און גראד דארף זיך טרעפען, אז א פאר האבען זיך ארויסגידרייהט פון סלוזשבע. מען האט גיהערט, ווי מען האט גיזאגט:
»היינט וויבאלד, אז מען דרעהט זיך יא ארויס, טא וואס זאל איך זיין דער שוטה און געהן צו דער פראנט.«
די אנדערע האבען גישוויגען.
צום סוף האט מען גילייענט אין אנ׳אנגיקלעבטע מודעה, אז מען דארף פארשטארקונגען אויף דער פראנט: אלטע און יונגע אהן קיין שום חלוק. צווישען פארשיידענע אינטריגעס און שפיצלאך האט מען אין קאנצעלאריע אויסגיארבייט א רשימה. עס האבען זיך אויפגיהויבען פראטעסטען און זענען ווידער פארזונקען געווארען אין דער שטיל פון דער קאזארמע.
געבליבען בין איך דארטען 45 טעג. ארום דער מיט פון דעם חודש סעפטעמבער האט מען גיקריגען די ערלויבעניש ארויסצוגעהען אין שטאט אריין נאך וויעטשערע, און איטליכען זונטאג. אין אבענד פלעגען מיר צוגעהען צום ראטהויז לייענען די ידיעות, וואס זענען גיווען מאנאטאן ווי א רעגען. פון דארטען פלעגט מען ארייגעהען אין א רעסטאראציע. איך פלעג גיוועהנטלאך געהען מיט נאך א חבר. גיגאנגען זענען מיר ביי טראט, מאכענדיג מיט די ארעמס אין דער לופטען, און איבערוואַרפענדיג זיך מיט א פאר ווערטער. אין תוך גירעדט האבען מיר נישט גיהאט וואס צו טון, און איטליכער איז גיווען פאר זיך. אמאל פלעגט זיך אריינרייסען א גאנצע קאמפאניע, און איך פלעג דערביי אלע מאל בלייבען אליין. אינ׳ם זאל האבען גישוועבט דיזעלביגע ריחות ווי אמאל ביי פאנטאנען אין די גוטע יאהרען. קוועטשענדיג א פלאכע באנק, אנשטעלענדיג די אויגען אויף דעם ווייסען מירמעלשטיין, און האלטענדיג די שטיוועל אויף דער גליטשיגער פאדלאגע פלעג איך דעמאלט איבערלעבען א שטיק פון א לאנגען חלום פון דעם עבר. אלטע דערינערונגען פלעגען מיך דענסמאל פעסט ארומנעהמען. דארטען פלעג איך שרייבען מיינע בריף צו מאריען און

איבערלייענען איהרע בריף צו מיר, אין וועלכע זי פלעגט מיר שרייבען, אז זינט איך בין אוועקגיפאהרען האט זיך גאר נישט אומגיביטען.

איינמאל, א זונטאג, זיצענדיג אויפן באנק אין שטאטפארק און גענעצענדיג ביז צו טרעהרען אונטער א פוסטען הימעל האב איך גי־זעהען פארבייגעהען א פרוי. א געוויסע ענליכקייט אין דער פיגור האט מיך דערמאנט אן א פרוי, וועלכע איך האב א מאל געליבט. איך האב זיך דערמאהנט אן יענע צייט, וואו דאס לעבען איז נאך גי־ווען א לעבען, אן דעם שיינעם גוף, וואס האט זיך גילאסצעט צו מיר. מיר האט זיך שוין אויסגידוכט, אז איך האלט זי אין מיינע ארעמס, און איך האב זי געפיהלט אזוי נאהנט צו מיר, אז איך האב דערשפירט אויף מיינע זשאסנעס איהר אטעם ווי די באריהרונג פון סאמעט.

ביי א פאראד האט מען גיזעהען דעם קאפיטאן. אין יענער מינוט האט מען אנגיהויבען צו ריידען דערפון, אז מען וועט אויף דאס ניי אבפאהרען צו דער פראנט. דאס איז אבער גיווען א פאלשע ידיעה. דענסטמאל ווידער האט מען אנגיהויבען צו זאגען, אז מיר וועלען קיינ־מאל נישט האלטען מלחמה, און עס איז גרינגער גיווארען אויפ׳ן הארצען.

מיין נאמען האט זיך מיר א ווארף גיטון אין די אויגען אין א רשימה, וואס איז אנגיקלעפט גיווען אויף דער וואנד. דארטען זענען גיווען פארצייכענט אלע, וואס האבען באדארפט אוועקצוגעהען. מען האט גילייענט מיין נאמען ביים אויסרופען, און מיר האט זיך אב־גידוכט, אז קיין אנדערע נעמען א חוץ מיינעם לייענט מען גאר נישט. איך האב קיין צייט נישט גיהאט זיך מכין צו זיין: אויף דעם אנדע־רען טאג אין אבענד איז אונזער ראטע דורך דעם קליינעם טויער ארויס־גיגאנגעי פוז דער קאזארמע.

# עק וועלט

דאס פאהרט מען קיין עלזאס האבען גיזאגט מענשען, וועל־
כע ווייסען. „דאס פאהרט מען צו דער סאָמע” האבען
גיזאגט אנדערע, וואס ווייסען בעסער.
מען איז גיפאהרען 36 שעה אויף דעם דאך פון א וואגאן
פאר פערד און קיה, צונויפגיקוועטשט צווישען ראנצעס, טארבעס ברויט,
וואפען און אבגימאטערטע קערפער. אויף די סטאציעס איז מען לאנג
גישטאנען, אזוי אז ביי מיר איז איבערגעבליבען א רושם, אז דער פא־
יעזד איז די גאנצע צייט געבליבען אומבאוועגלאך. נאך מיטאג איז
מען ארויסגיקראכען. אויף דעם הימעל האבען זיך אנגירוקט שווערע
כמארעס. ארויס איז מען אויף א וואקזאל, וואס איז מיט א קורצע צייט
באמבארדירט און פאנאנדערגינומען גיווארען. דער דאך האט ביי
איהם ארויסגיסטארצעט ווי דאס ביינדעל פון א פיש. דער וואקזאל איז
גישטאנען איבער א האלב צושטערטע שטעטיל, וואו א פאר איבריג
געבליבענע פאמיליעס האבען גיוואהנט אונטער רעגען צווישען ברודיג־
שנייאיגע חורבות.

»ווייזט אויס אז מיר זענען אין ען,« האט מען גיזאגט.

עס האט גיגאסען א שטארקער רעגען. מען האט אויסגיפאקט
און צוטיילט ברויטלאך מיט שטייפע און נאסע פינגער און טרייסלענ־
דיג זיך פון קעלט. גיגעסען האט מען כאפענדיג און אין איילעניש,
שטעהענדיג אויף דעם גרויסען וועג, וואס איז גיוועזן באדעקט מיט א
געדיכטער גראהקייט אין לאנגע פאראלעלע גאסען אהן א סוף. איט־
ליכער האט גיטראכט וועגען זיך, און מען האט זיך נישט גיחברט
איינער צום אנדערען. דורכדעם האט מען שארפער גישפירט די קעלט.
ביים וועג זענען גילעגען פון ביידע זייטען פוסטע און פלאציגע סטע־
פעס מיט שטיקלאך דארע און איינגיהויקערטע בוימער, וואס האבען
זיך אבגישפיגעלט אין דעם ברודיגען וואסער פון פארשימעלטע פעל־
דער, באצויגען מיט א גרינער בלאטע.

»דעם ראניעץ אויפ׳ן רוקען און מארש!« האט א קאמאנדעווע
גיטון דער פעלדפעבעל מארקאסען.

וואוהין געהט מען דאס? קיינער ווייס נישט. מען איז א דורכ־גיגאנגען דעם איבעריגן טייל פון דעם דארף. די דייטשען האבען איהם גיהאט באזעצט בשעת זייער אבטראט אין דעם חודש אויגוסט. ער איז גיוועזן צושטערט, און די צושטערונג האט אנגיהויבען צו לע־בען איהר אייגענעם לעבען, ער האט זיך אנגיהויבען צו באדעקען מיט פרישע חורבות אין מיט פרישען קויט, ער האט אנגיהויבען צו פוילען און זיך אבצונוצען. דער רעגען האט מיט א מין טרויריגקייט אויפגיהערט צו גיסען. אין דער הויך, אין די ליכטיגע ערטער פון הי־מעל, ארום די אעראפלאנעס האבען שראפנעלס פעקלאכווייז דורכגילע־כערט די לופט. מען האט גיהערט ווי זיי האבען פון דער ווייטענס אבגיהילכט. אויף דעם קויטיגען און טייגיגען וועג האט מען באגע־גענט פארמאכטע אויטאמאבילען פון דעם רויטען צלם, וועלכע זענען אדורכגיפלויגען איבער רעלסעס פון בלאטע. לכתחילה האט מען זיך מיט אלץ אינטערעסירט, מען האט אלץ אויסגיפרעגט, אזוי ווי אויסלענ־דער, אנ׳אויסגיהיילטער פארוואונדעטער, וועלכער האט אנגיאגט אונזער פאלק האט אונז ווען ניט ווען געגעבען א תשובה. ער פלעגט תמיד מוסיף זיין: „דאס איז נאך גאר נישט, ווארט, איהר וועט שוין זעהען פארטיגערהייט”. דערנאך איז מען גיווארען שטיל.

מיין ראניעץ איז גיוועזן געדיכט גיפאקט עפעס אין א מין טייי־וועלשער איבערגעשפיצקייט, די טאש מיט פאטראנען איז גיוועזן אכזריותדיג שווער אנגילאדען, די קיילעכדיגע טארבעס מיט ברויט האבען געשניטען מיט זייערע שארפע רימענס. דאס אלץ האט מיך גי־קוועטשט און גישטויסען, אזוי אז ביי איטליכען טראט זענען מיר די ביינער שיער נישט צוריבען גיווארען. דער וועהטאג איז באלד גיוואָ־רען אזוי שארף, אז עס איז ממש נישט גיוועזן אריבערצוטראגען. איך האב גיקייכט און גיסאפעט און בין כמעט דערשטיקט גיווארען. נישט קוקענדיק אויף די שארפע און קאלטע פייכקייט פון דער לופט, בין איך דאך ארום און ארום באדעקט גיווארען מיט א שווייס. באלד האב איך אנגיהויבען צו פיהלען, אז איך וועל נישט אויסהאלטען די פופציג מינוט גאנג, וואס מיר האבען באדארפט מאכען. איך האב עס אבער דאך אויסגיהאלטען, ווייל איך האב איטליכעס מאל באוויזען צו מאכען

נאך א טראט ווייטער און ווייל איך האב מיך איטליכעס מאל גי־
פרעגט די קשיה׳ פאר וואס זאל איך זיך גראד איצטער אבשטעלען און
נישט מיט א רגע שפעטער׳ איך בין דערנאך געוואהר געווארען׳ אז
אין דעריין שטעקט דער איינציגער׳ לחלוטין אומבאוואוסטער שכל פאר
וואס די סאלדאטען טוען אב ביז צום סאמען| סוף אזעלכע ארבייטען׳
וואס געהען אריבער די מענטשליכע כוחות׳

און בעת מיר האבען זיך אזוי גישלעפט צווישען דורכגיווייקטע
און פארטונקעלטע פעלדער האט אונז פלוצים ארומגינומען א שארפער
ווינד׳ איינער פון יענע׳ וועלכע האבען גיחלשט געהען צו דער
פראנט איז ביי א פויזע אנידערגיפאלען צווישען די קוסטעס׳ ער
איז גיוועזן אזוי פארמאטערט׳ אז מען האט איהם קוים גיקאנט דער־
קענען׳ ער האט מיר גיזאגט׳ אז פאר זיין חלק האט ער שוין
גינוג פון דער גאנצער מלחמה׳ און דער קליינער מעלוסאָן׳ וועלכען
איך האב אמאל גיטראפען אין וויוויע האט אויפגיהויבען צו מיר
א געלבליכען פנים׳ איינגיטונקט אין שווייס׳ אויף וועלכען די זשאס־
נעס איבער די אויגען האבען אויסגיזעהען׳ אזוי ווי זיי וואלטען
גיוועזן אויסגימאלט מיט קרייט׳ ער האט מיך מודיע גיוועזן׳ אז
מארגען וועט ער זיך אנגעבען פאר קראנק׳

פירמאל זענען מיר שטעהען געבליבען׳ מיר זענען גישטאנען
איטליכעס מאל אזוי לאנג׳ אז מיר זענען אריינגיפאלען אין יאוש׳
מען האט זיך אבגישטעלט אויף צוויי הייסע און פייכטע שעה׳ אויף
אנ׳ערד אהן פארב׳ אונטער א הימעל אהן ליכטיגקייט׳ אויף דעם
שפיץ פון א בערגיל איבער א דארף׳ וועלכעס איז אפען גיוועזן
פאר אלע קאלטע ווינטען׳ מיר זענען פארכאפט גיווארען פון א אומעט׳
וואס איז דערגאנגען ביז צו א חולאת׳ פאר וואס האט מען זיך
אבגישטעלט? קיינער האט נישט גיוואוסט׳

אין אבענד זענען מיר אריינגיקראכען אין דארף אריין׳
ערגיץ אין א גאס איז מען ווייטער געבליבען שטעהען׳ דער הימעל
האט זיך אנגילאדען מיט א שווערע טונקעלקייט׳ די הייזער זענען
גיוועזן באדעקט מיט שימעל און די פענסטער האבען זיך אבגעשפי־
געלט אין די לוזשעס פון דער גאס׳ פאר אונזערע אויגען איז

גילעגען אויסגישפרייט דער קיילעכדיגער מארק פון דעם דארף, א שווארצער מיט גלאנציגע סליאדעס, אזוי ווי אנ׳אלטער, אבגינוצטער שפיגעל, אויף וועלכען דער שפיגעלגלאז איז גילעגען נאר ערטערווייז, אביסעל דא און אביסעל דארט. אין מיטען נאכט האט מען אונז ווידער א קאמאנדעווע גיטון „מארש״. מען האט אונז גיהייסען געהען פארויס און דערנאך ווידער געהען צוריק אין די גאסען, געסלאך און הויפען פון דעם דארף. ביים ליכט פון א שטורקאץ האט מען אונז צוטיילט קאמפאניעסווייז. מיך האט מען צוגיטיילט צו דער 11־טער קאמפאניע, וועלכע איז איינגישטאנען אין א ווילע. מארקאסען איז גיווארען דער ראש איבער מיין אבטיילונג. איך בין גיוועון א ביסעל צופרידען דערפון. אין דער טרויריגער בהלה האט מען זיך צוגיבונדען ווי די הינט צו באקאנטע פנימער. גילעגען זענען מיר אין א שטאל, וואס איז דורכגילעכערט גיוועז ווי א שטייג. מיינע נייע חברים האבען מיר דערקלערט, אז מיר זענען נאך גאנץ ווייט פון דעם עצם פראנט: 10 קילאמעטער, זיי האבען גיזאגט, אז מיר וועלען זיך דא אברוהען פיר טעג און דערנאך וועלען מיר געהען פארנעהמען די גראבענס ביי דער גלאזפאבריק. אזוי וועט דאס זיין אלע פיר טעג אין דער גאנצער צייט פון דער מלחמה און מיר זאלען קיין סך נישט דאגהנען. די דאזיגע ווערטער האבען אונז א ביסעל בארוהיגט. מען האט זיך א ביסעל אבגירוהט. מען האט אנגיהויבען צו שרייבען בריף און צו שפילען אין קארטען. איך האב אויך געשריבען א בריף צו מאריען און דאטירט דעם בריף פון דער פראנט מיט א מין גדלות. איך האב אנגיהויבען צו פארשטעהען, אז העלדישקייט ליגט אין דערויין, וואס מען טוט נאך אלץ, וואס אלע טוען, אזוי אז מען קאן פון זיך זאגען: „איך בין אויך גיוועז דערביי.״

מיר זענען גישטאנען דריי טעג. איך האב זיך צוגיוואהנט צו דעם דאזיגען לעבען, וואס איז אויסגעפילט גיוועז מיט סמאטרעס און פארשיידענע ארבייטען אין דער קאזארמע, און האב שוין כמעט אנגיהויבען צו פארגעסען, אז איך האב א מאל אנדערש גילעבט. פרייטאג, א זייגער דריי האבען מיר זיך פארזאמעלט אויף דעם הויף

פון דער שקאלע אין אונזערע מיליטערישע בגדים מיט אונזערע וואפען. א פארלאזענער פלאץ, אויף וועלכען עס האבען זיך ארומ־גיוואגלערט גרויסע שטיינער, ארויסגעריסענע פון מויערן, און גאנצע שטיקער גיוועלבען פון טויערן און טירען. עס האט גיבלאזען א שטארקער און בייזער ווינד. דער קאפיטאן האט אונז אלעמען ארומגיזוכט. ער האט גיגראבעלט אין אונזערע ראנצעס און פאטראנ־טאשען, כדי צו זעהען, אויב מיר האבען די ריכטיגע צאהל פון די פאטראנען און דעם ריכטיגען סכום פון עסענווארג. ביי וועמען עס האט גיפעהלט, דער איז באשטראפט גיווארען מיט גיפענקעניש. אין אבענד זענען מיר זינגענדיג און לאכענדיג ארויס אויף די קרומע זייטיגע געסלאך פון דעם טראַקט. באלד אבער איז אויף אונז אנגיפאלען א מידקייט, און מיר זענען אנטשוויגען גיווארען. דאס איז גיוועזן א בייזער און פארביסענער שווייגען. ביינאכט זענען מיר אנגיקומען צו א גליטשיקען און אומענדלאך לאנגען וועג, וואס האט געפיהרט נאכאנאנד בארג ארויף, און האט זיך אבגיצייכנעט אויף א שווער פארכמארעטען הימעל, געדיכט און שווארץ ווי א מיסט־הויפען. קלעטערנדיג אויף דעם דאזיגען אומענדליכען, קויטיגען און משופעדיגען וועג, זענען א,סך גישטרויכעלט און גיפאלען מיט א בראזג פון מעטאלענע מכשירים און וואפען אויף זייערע פלייצעס. אין דעם דאזיגען משופעדיגען חושך האבען געשוויבעלט און געגריבעלט מענשען, וועלכע האבען זיך איטליכעס מאל אראבגיקייקעלט צוריק, האבען גיקרעכצט און גיאויקעט מחמת גרויס מידקייט און זיך געזידעלט פון גרויס כעס. מיר זענען פון אלע זייטען ארומגערינגעלט גיוועזן פון אויסגעשרייען „ווייטער, ווייטער!" די דאזיגע קוויטשיגע אויסגעשרייען האבען גיקלונגען אין אונזערע אויערען ווי דאס בילען פון הינט. לעבען מיר האב איך געהערט דעם קול פון דעם פעלדפעבעל מארקאסען, וועלכער האט אלץ גיברומט: „נו מילא, איז וואס? דאס איז דאך אלץ פאר פראנקרייך!" קוים האבען מיר זיך ארויפגיכאפט אויף דעם שפיץ פון דעם בארג, האבען מיר אנגוהויבען אראבצוקריכען פון דער אנדער זייט. עס איז אנגיקומען א באפעהל אויסצולעשען די פיפקעס און צו טרעטען שטילערהייט.

פון ווייטען האט מען גיהערט, ווי עס רוישט און רעשט. און פלוצים שטעה איך פאר אנ׳עפענונג. מיר האבען זיך אלע צושאטען צווישען פלאציגע גיביייען. די ווענט פון די דאזיגע גיבייען האבען גיהאט לעכער גרויס ווי די אויוועגס. דער צוגאנג צו זיי איז גיוועזן פארלייגט מיט אבפאלעכטס און מיט באלקענס, פול אנגישטעקט מיט צוועקעס. נישט קוקענדיג אויף די פינסטערקייט האבען זיך דאך אויף די גיביייען ארויסגיזעהען ווייסליכע פלאמעס. דאס זענען גיוועזן שטיינער, צעמענט און קאלך, וואס זענען אבגעריסען גיווארען דורך די צושטערנונג. אבגישטעלט האט מען זיך אין א קארידאר מיט צובראכענע ווענט און שויבען, וואו מען האט נישט גיקאנט מאכען א טראט אדער אוועקזעצען זיך, נישט אנטרעדענדיג אויף גלאז. ארויסגיגאנגען איז מען פון דער גלאזפאבריק דורך טייגיג-קלעבעדיגע סטעזשקעס, פול מיט שערבלאך און דערנאך מיט בלאטע. דורך זומפיגע, קאלטע און מאוימדיגע פעלדער וואס זענען קוים קוים באלויכטען גיווארען דורך די נאכט, איז מען גיקומען צו דעם ברעג פון א גרויסע און בלאסע הויהל, אין דער מיט פון פייכטע פעלדער, וואס האבען זיך גיצויגען אהן א סוף מיט א טינטיג-שווארצען אבגלאנץ. אין דער טיפעניש פון דעם דאזיגען אבגרונד האבען זיך ארומגיטראגען פייערליך און פארשיידענע גירוישען.

»דאס איז דער שטיינברוך.« — האט מען מיך מודיע גיוועזן.

און מען איז ווייטער גיגאנגען אהן קיין שום ציעל פאר די אויגען, אלץ כסדר אראב בארג אין דער ריכטונג פון די דאזיגע טיפענישען, וואו מען פלעגט פאלען פלוצים מיט דער נאז אויף א גאנצען פלאנטער פון וואגענס און פוהרען פון א פאלק, וואס מען האט גראד צוריקגינומען. מען איז אריבערגיגאנגען איבער נידריגע הילצערנע כאטקעס, אנגיווארפען צו פוסען פון א קריידיגען, קיילעכ-דיגען אבהאנג, ווועלכער האט זיך שוואך אבגיצייכענט אין דעם ארומיגען שווארצען שטח. וואס ווייטער זענען די שאסען גיווארען אלץ נעהנטער און געדיכטער. באלד האבען זיי אונז ארומגערינגעלט פון אלע זייטען, אונטער אונזערע פיס און איבער אונזערע קעפ האט זיך אלץ גיטרייסעלט פון א הארעמאטען-שיסעריי. און פלוצים

דערזעה איך פאר מיר א שמאלען ערדיגען שפאלט, אין וועלכען מיינע חברים ווערען איינציגווייז איינגישלונגען.

»דאס זענען די אקאפעס,« האט מיר שטילערהייט א זאג גיטון איינער פון די, וועלכע זענען גיוועזן הינטער מיר. »דעם אנהויב זעהט מען אפילו גאנץ קלאר, אבער דעם סוף קיינמאל נישט. נו, מילא, געה ווייטער!«

דורך די אקאפעס איז מען גיקראכען דריי גאנצע שעה, אין א משך פון דריי שעה האט מען זיך אלץ טיפער פארגראבען אין די ווייטקייט, פוסטקייט און פינסטערניש, פארטשעפענענדיג די ווענט מיט די פעקלאך און אבשטעלענדיג זיך פלוצים אין די באזונדער עגגע ערטער, ווייל די רימענס פון די ברויט־טארבעס האבען זיך ערגיץ־וואו פארפלאנטערט. עס האט זיך אויסגידוכט, אז די ערד סטארעט זיך מיט א מין עקשנות אונז צו דערשטיקען און צו צו־קוועטשען, און צייטענווייז האט זי אונז פלוצים גיגעבען א שטארקען זעץ און איבער די פעלדער, אין וועלכע מיר האבען זיך באהאלטען, איז דער גאנצער שטח דורכגילעכערט גיווארען פון שאסען, און אמאל האט א פייער באלויכטען די פייכטע גידערם פון דער הויהל, און דאן האט מען דערזעהען א לאנגע שורה פון געדיכטע שאטענס, איינגיהויקערט אונטער דער משא פון די פעקלאך, טאפענענדיג אין א שווארצען ערדזאק, און זיך צונויפדריקענדיג ביי די באוועגונגען. ביי א שטארקען שאס פון א הארעמאט פלעגט זיך דער גאנצער הימעלגיצעלט אויפרייסען און באגאסען ווערען מיט פייער, און דערנאך פלעגט ער ווידער קומען אויף זיין פרייהערדיגען אדט.

»גיט אכטונג! דעם דורכגאנג אפען האלטען!«

אקעגען אונז האט זיך אויפגיהויבען א וואנד פון ערד. דער וועג איז גיוועזן פארשפארט. דער גראבען האט פלוצים אויפגיהערט. ער האט זיך מסתמא ווידער אנגיהויבען א ביסעל ווייטער.

»פאר וואס עפעס?« האב איך נישט ווילענדיג א פרעג גיטון.

»אט אזוי,« האט מען מיר גיענטפערט און מען האט ווייטער גיזאגט:

»בויג איין דעם קאפ און הויב אן צו לויפען.«

מען האט אנגיהויבען צו קלעטערן אויף די נאסע און צוווייקטע שטיגען, האלטענדיג דעם האלז איינגיבויגען. מען האט זיך א לאז גיטון איינציגווייז און מען האט זיך א ווארף גיטון אויף א פרייען פלאץ, וואס איז מעהר נישט גיוועןבאשירמט, ווי פון דער טונקעלקייט אליין. דאס טראסקענען מיט די שראפנעלען, וועלכע האבען צוהאקט די לופט און זי באשפריצט מיט פייער האט מיר געוויזען באשיינ־פערלאך, אז מיר זענען אלע נישט מעהר ווי כחרס הנשבר. נישט קוקענדיג, וואס אלע מיינע אברים זענען פארגליווערט פון מידקייט האב איך זיך דאך א שליידער גיטון מיט אלע כוחות; מיט עפעס א מין פארביסענקייט האב איך זיך אנגעטשעפעט אין די סליאדעס פון א שווער אנגילאדענעם און בראזגענדיגען קערפער, וואס איז גילאפען אפריהער. איך האב זיך פלוצים גיפונען אין א שמאלע געסעל, קוים אבכאפענדיג דעם אטעם. לויפענדיג האב איך אין איילעניש גיכאפט א קוק אויף דעם וויסטען פעלד: הילכענדיג פון די גיפאלענע קוילען, דורכגילעכערט פון טיפע גראבענס, באדעקט מיט אויסגישפרייטע און איינגיקנייטשטע שטיקער און מיט א פלאנ־טער פון צלמים און פלאקענס, שווארץ ווי אויסגילאשענע האלא־וואשקעס, האט ער זיך גיצויגען אונטער א הימעל, וואו דער טאג און די נאכט האבען זיך מיטאנאנד גיראנגעלט.

»דוכט זיך, אז איך האב גיזעהען טויטע קערפערס,« האב איך גיזאגט מיט אנ׳אבגיהאקטע שטים צו מיין שכן. ער האט אנגיהויבען צו לאכען.

»דו קומסט פון דארף,« זאגט ער מיר. עס וועלען שוין דא מן הסתם ליגען אסך העלדען.

צופרידען, וואס איך בין ארויס בשלום, האב איך אנגיהויבען צו לאכען. מיר האבען זיך ווייטער אנגיהויבען צו שלעפען איינער נאך דעם אנדערען דורך א הילכיגען נעפיל, צופאסעוועט פון קוילען, צושניטען פון בליצען און צייטענווייז איינגיטונקט אין ליכטיגקייט. מחמת די ענגשאפט און די שמאלקייט פונ׳ם גראבען פלעגען מיר זיך איטליכעס מאל א ווארף טון פון איין זייט צו דער אנדער זייט, ביים גאנג פלעגען מיר זיך שאקלען מיט׳ן גאנצען גוף אהין

און אהער, קייכענדיג אונטער דער משא פון אונזער גיפעק, וואס האט אונז צוגעדריקט צו דער ערד, אבער איטליכעס מאל ווידער אונטערגעטריבען פון אונזער רצון. דארטען וואו דער וועג האט זיך פאנאנדערגעטיילט פלעגען מיר זיך פארקעהרעווען א מאל אויף לינקס און א מאל אויף רעכטס, זיך צונויפדריקענדיג צו איין איינציגען גרויסען גוף, דעם גוף פון אונזער ראָטע, וועלכע איז בלינד גילאפען צו איהר ציעל. אין מיטען נאכט האבען מיר זיך אבגישטעלט צום לעצטען מאל. איך בין גיוועזן אזוי פארמאטערט, אז איך האב זיך א ווארף גיטון אויף דער נאסער ערד. איך האב דאן פארבראכט א פאר גליקליכע מינוטען. און באלד איז גיקומען אויף מיין צייט, ווען איך האב זיך באדארפט שטעלען אויף דער וואך. דער אפיציר האט מיך אוועקגישטעלט פאר א שמאלען און לאנגען שפאלט און האט מיר גיהייסען צודריקען דאס געזיכט צו דער עפענונג. ער האט מיר דערקלערט, אז גראד פאר אונז הויבט זיך אן א וואלדיגער אבהאנג. אונטען אין דער טיפעניש צו דער רעכטער זייט, 300 מעטר פון דעם שליאך פון שאני, "ליגען זיי." מען טאר נישט אראבנעמען קיין אויג פון דער דאזיגער שווארצער טיפעניש, און טאמער קומט א סיגנאל, מוז מען אכטונג געבען אויף דעם שליאך, וועלכער ליגט צווישען אונזערע אקאפעס און די נעפעל-באצויגענע גראטעס פון די בוימער ביים וועג. ער האט מיר אויך גיזאגט, וואס איך זאל טון בשעת טרעוואגע און האט מיך דערנאך גילאזען אליין.

איך האב געציטערט. מחמת מידקייט איז מיר גיווארען פוסט אין קאפ און א משא האט מיר געדריקט אויפ'ן הארצען. איך בין צוגיגאנגען צום שפאלט און האב אויפגעריסען די אויגען אין דער פיינדליכער נאכט אריין. עס האט זיך מיר אויסגעדאכט, אז איך זעה, ווי עס בלאנקען ארום פארשיידענע שאטענס צווישען די בלאסע שאטענס פון די פעלדער, אין די טיפעניש פון דעם וואלדיגען אבהאנג, און בכלל אומעטום!

דער שרעק און דאס געפיהל פון א מוראדיגער אחריות האבען כמעט געהאט אויסגעריסען פון מיר אנ'אויסגישריי, וועלכען איך האב קוים אין זיך דערשטיקט. אבער עס איז נישט גיוועזן אזוי

סטראשנע, ווי עס האט זיך מיר אויסגעוויזען. די שרעקעדיגע אנשטעלען, וועלכע די פינסטערקייט האט גיפראוועט, זענען פאר־שוואונדען גיווארען. אלץ ארום מיר האט אנגיהויבען אנצונעהמען אנ׳אונבאוועגליכע פארם.

דעם ראניעץ מיט דער ברויט־טארבע האב איך פון זיך ארא[ב]גיווארפען, און האב זיך איינגידעקט אין מיין קאלדרע. די מע־כאנישע מלחמה האט מיך שוין ארומגינומען מיט א גרויסען רייף, וואס האט זיך גיצויגען פון איין עק הימעל ביז דעם אנדערען. ביסלעכווייז איז מיר גיווארען גרינגער. איך האב שוין פון זיך נישט גיקלערט. איך האב נאר גיקוקט. גיזעהען האב איך גאר נישט און גיוואוסט האב איך גאר נישט.

אין צוויי שעה ארום האב איך דערהערט דעם רוהיגען טראט פון דעם סאלדאט, וואס איז גיקומען מיך אראבצונעהמען, און איך בין שוין אין גאנצען גיקומען צו זיך. איך האב פארלאזען דעם ארט, צו וועלכען איך בין די גאנצע צייט גיוועזען צוגעשמידט, און בין אוועקגיגאנגען שלאפען אין מיין גראבען.

דער גראבען איז גיוועזען זעהר גרויס און בהרחבותדיג, אבער אזוי נידעריג, אז ביי איין ארט האט מען גימוזט קריכען אויף די איילענבויגענס כדי ארונטערצוקומען אונטער זיין ברייטער סטעליע. עס איז אויף איהם גילעגען א געדיכטע און ווארימע פייכטיגקייט פון מענשליכע קערפער. איך האב זיך אויסגיצויגען אויף מיין פלאץ, אונטערגעלייגט צוקאפענס מיין ראניעץ, און פארמאכט די אויגען. איך האב זיך ממש מחיה גיוועזן. אויפעפענדיג ווידער די אויגען האב איך דערזעהען א קופקעלע סאלדאטען זיצענדיג ארום א שיסעל, פון וועלכער זיי האבען עפעס גיזופט. זייערע קעפ זענען פארשוואונדען גיווארען אין דער טונקעלקייט פון דער סטעליע. זייערע פיס ארום דער שיסעל זענען גיוועזען שווארץ, אומגעלומפערט און פייכט, אזוי ווי ארויסגיגראבענע שטיינער. זיי האבען גיגעסען צוזאמען, אהן לעפעל און אהן גאפלען.

מיין שכן האט זיך מכין גיוועזן צו געהען אויף דער וואך. ער האט זיך נישט גיאיילט. ער האט אנגישטאפט זיין פיפקע, האט ארויס־גיצויגען פון קעשענע א לאנגען צינדפאדים און האט מיר גיזאגט:

» וועסט זיך שטעלן אויף דער וואך ערשט זעקס א זייגער· אזוי וואהל איז צו דיר און דיין נשמה·« דער געדיכטער רויך פון זיין פיפקע האט זיך צונויפגעמישט מיט די אויסטעמונגען פון די קערפערס, וואס זענען גילעגען און כראפענדיג גישלאפען· צונויפלייגענדיג די זאכען האט ער מיר גיזאגט:

» נאר נישט גידאגהט· דא פאסירט קיינמאל גארנישט נישט· ערגער פאר אלץ איז דאס געהען אויף דער וואַך· דאס איז טאקע א ביטערע מעשה· באזונדער ווען עס ווילט זיך שלאפען· אבער דערנאך פארגעסט מען דאך· ערגער פאר אלץ איז, אז מען געהט ארויס אויף אנ׳אפענעם פלאץ· אבער קיין איינציגען פזן מיינע באקאנטע האט מען דארט נאך נישט דערהרגט· עס זענען אלץ גיוועזן אנדערע· אט אזוי איז דאס שוין זייט צוויי חדשים, פעטערלעבען· מיר וועלען האלטען מלחמה און עס וועט אונז חלילה נישט שאדען·«

באגינען בין איך ווידער אוועקגיגאנגען צו מיין שפאלט· אויף דעם אבהאנג פון דעם וועלדעל זענען די קוסטעס און די צווייגען באזייט גיוועזן מיט טראפען פון טוי· פאר מיינע אויגען האבען זיך גיצויגען פעלדער פון טויט, וואו כלערליי קוילען, באמבעס און גראנאטען זענען גיוועזן אזא גיוועהנטליכע זאך, ווי קלארקייט ביי טאג, און דאך איז זיך דאס פעלד געבליבען א פעלד און דער שליאך איז זיך געבליבען א שליאך· מען קאן אפילו יא דערקענען פון ווייטענס א פאר טויטע קערפער, אבער א טויטער קערפער אין א פעלד איז א זאך, וואס ווערט בטל ברובא· ער איז עפעס מאדנע קליין און ווערט פארשוואונדען צווישען די מינדסטע גרעזלאך· עס גיט פלוצים א שיין א שטראהל פון דער זון· ער האט אויסגיזעהען אין מיינע אויגען ווי פון דער פאר־גאנגענהייט אנ׳אנטפלעקונג·

אט אזוי זענען זיך אוועק טעג, וואכען און חדשים· פיר טעג אין דער ערשטער פאזיציע, דאס געהען און דאס צוריקומען, פון וועלכען מען ווערט שטארק פארמאטערט, דאס מאנאטאנע שטעהען אויף דער וואך, דער ארויסקוק אויף די פעלדער, די פוסטע און וויסטע סטעפעס, וואס שלעפערן איין און פון וועלכע עס הויבט זיך אן צו דרעהען דער קאפ· און דערנאך פיר טעג פון דעם אזוי אנגירופענעם

אברוהי פיר טעג וואס זענען פול מיט געגני מיט סמאטרעסי און מיט פוצען פון זאכען און גאסען. און דערנאך די שטרענגע תקנות, וואס באשטראפען פאר איטליכעס פיצעלי, די טויזענטער גיבאטען אקעגען וועלכע מען פארזינדיגט זיך נישט ווילענדיג ביי דער מינדסטער באַוועגונג, דער שטענדיגער מזמור פון די אפטימיסטישע און אוטאפיסטישע פראזעס אין די ידיעות פון דער מלחמה, און א קאפיטאן, וואס האט רק אין זינען די 200 פאטראנעס און דאס עסענווארג, וואס מען דארף האלטען גרייט על כל צרה שלא תבא. קיין היזקות האט אונזער פאלק נישט גיהאט, אדער כמעט נישט גיהאט. אז מען פלעגט אראבנעהמען א פאלק, פלעגט מען געפינען א פאר פארוואונדעטע און ווען נישט ווען א פאר הרוגים, פון וועלכע מען האט גירעדט, ווי פון אנ׳אומגליקליכע פאסירונג. מעהר נישט. מען האט גיהאט אריבערצוטראגען שווערע ארבייט און גרויס מאטערניש. איין ארבייט פלעגט קומען נאך דער אנדערער. די סאלדאטען האבען גיזאגט, אז סך הכל לעבט מען אין א מצב פון שלום.

מארי פלעגט מיר שרייבען: „די פיאָס האבען דיך גילויבט״ אדער „טראמפסאנ׳ס זון איז גיווארען אנ׳אונטעראפיציר״ אדער אויך „ווען דו וואלסט וויסען, וואס פאר א שפיצלאך מען טוט אב, כדי צו באהאלטען דאס גאלד, זינט די מלוכה האט עס אנגיהויבען צו פאדערן! ווען דו וואלסט וויסען, וואס פאר מיאוסע זאכען עס טוען זיך אב!״ און א מאל אויך בזה הלשון „אלץ איז געבליבען, ווי גיוועןי״

אז מען פלעגט צוריקקומען פון די פאזיציעס, פלעגט מען זיך גיוועהנטלאך אבשטעלען אין דעם נאהענטסטען דארף. איינמאל אבער האט מען זיך נישט אפגישטעלט און מען האט גישפאנט ווייטער. די סאלדאטען, וואס זענען אויסגיגאנגען מיט די כוחות אונטער דער משא פון זייער גיפעק האט די מעשה שטארק פארדראסען. מיט אראבגיי־לאזענע קעפ האט מען זיך גישלעפט ווייטער, און אין א שעה ארום האט מען זיך צושאטען צווישען די פינסטערע הייזער, די איינציגע וועגווייזער אין אומבאקאנטע מקומות. מען האט אונז צוטיילט אין דעם חושך, וואס האט אבער דאסמאל גיהאט עפעס אנ׳אנדער פארם. פון יענעם אבענד אן האט מען אלץ געביטען די דערפער. קיינמאל האט מען א

פריהער נישט גיוואוסט, אין וועלכען דארף עס וועט אויסקומען צו נעכטי־
גען. איך האב גינעכטיגט אין שייערס, וואו מען האט גימוזט אריינקריכען
אויף א לייטער, אין ווילגאטנע שטאלען, אין קעלערס, וואו דער שטענדיגע
לופטצוג האט אויפגעריהעט דעם לאנג פארזעסענען שימעל, אין
שפייכלערס מיט גישפאלטענע ווענט און אין הילצערנע כאטקעס, קוים
צונויפגישטעלט פון ברעטער און נייע דערפער, וועלכע האבען זיך
גיבויט, שלאפענדיג פלעגט מען אדורכגיטרייסעלט ווערען פון ווינד
און פון רעגען. כדי זיך צו ראטעווען פון קעלט האט מען זיך אפאר
מאל באנוצט מיט קליינע אויוועלאך. עס האט אבער פון זיי גיזעצט
א היץ, וועלכע איז גיווען ממש סם המות און פון וועלכע עס האט זיך
גישפאלטען דער קאפ. אבער מען פלעגט דאס אלץ ווידער פארגעסען,
ווי נאר מען האט געביטען דעם ארט. איינמאל האב איך גיפרווווט
פארצייכענען די נעמען פון די ערטער, דורך וועלכע איך בין
אדורכגיגאנגען, אבער אז איך האב זיי איבערגילייענט פאר זיך, האב
איך זיך אליין פארלארען אין דעם שווארצען פלאנטער פון די ווערטער.
ארום מיר זענען איבערגיווען אזויפיל מענשען, אז עס האט זיך מיר
קויס איינגיגעבען צו גידיינקען די נעמען, ווען איך האב אפילו דער־
קענט די פנימער.

מיינע חברים זענען גיווען נישט שלעכט צו מיר, אבער פאר זיי
בין איך גיווען דער אייגענער יחסן ווי איטליכער אנדערער. אין די
פרייע צייט פלעג איך ארומבלאנקען אהן קיין שום אינטערעס. אין
דעם חושכדיגען מונדיר פון א פשוטען סאלדאט בין איך בטל
גיווארען צווישען טויזענד אנדערע. איטליכער האט מיך גידוצט. די
ווייבער האבען אפילו אין מיין זייט נישט גיקוקט. עס זענען דאך
עפעס גיווען בילכערע פאר מיר — די אונטעראפיצירען, אפיצירען וכדומה.
אנ׳אפיציר ווי למשל טראמפסאנ׳ס זון וועל איך נישט ווערען —
דאס האב איך גיוואוסט. אין מיין אבטיילונג איז דאס נישט גיווען
אזוי גרינג. כדי איך זאל ווערען אנ׳אפיציר האבען גידארפט פאסירען
אזעלכענע זאכען, וועלכע האבען נישט פאסירט. איך האב אבער זעהר
גיוואלט זיין אין דער קאנצעלאריע. אנדערע, וועלכע האבען ווייניגער פאר
מיר גיטויגט צו דער ארבייט, זענען דארט יא גיווען. איך האב גיקוקט

אויף מיר ווי אויף א קרבן פון דער אומגירעכטיגקייט. איינמאל אין א פריהמארגען האב איך זיך אנגיטראפען פנים אל פנים מיט טערמיטען, דעם חבר פון בריבי. מאלט אייך, אז ער איז גיגאנגען פרייווילינ דינען!

ער איז גיוועזן דאר און קוואר פונקט ווי פריהער, און דער מונדיר איז אויף איהם גיהאנגען ווי אויף א שטעקען. הגם דער מאַנטעל, וואס ער האט גיטראגען, איז גיוועזן ניי, האט ער דאך גיהאט א פנים פון אנ׳אבגעניצטען. די שטיוועל האבען אויסגיזעהען, אזוי ווי ער וואלט זיי גיהאט אנגיטון פארקעהרט. דערזעלביגע מגוּוולדיגער פרצוף מיט די שווארצע באוואקסענע באקען, דערזעלביגער קול, וואס רייסט אין די אויערן. איך האב איהם מקבל גיוועזן בסבר פנים יפות, ווייל זיין איצטיגע סלוזשבע האט מכפר גיוועזן אויף אלע זיינע זינד פון אמאל. ער האט עס אויסגינוצט און האט מיך אנגיהויבען צו דוצען. איך האב מיט איהם גירעדט פון וויוויע און האב איהם אפילו דערצעהלט, וואס מארי האט מיר געשריבען מכוח יאזעפען, אז ער האט אויסגי־האלטען אנ׳עקזאמען אויף א זשאנדארמסקען אפיציער.

דער וואלדגנב האט זיך קיין סך נישט אומגעביטען. ער האט אויף מיר א קוק גיטון פון דער זייט און האט א מאך גיטון מיט זיין שווארצען גילענק, אויף וועלכע עס איז גיוועזן אנגיהאנגען א בלעכעל לשם סימן, גרויס ווי דאס בלעכעל פון די פעלד־שומרים (מן הסתם האט ער עס גיגנבעט). אויף זיין באוואקסענעם און גנבהשען פנים איז אריופגעשוואומען די שנאה צו די נגידים און די אפיצירען:

» אט די נאציאנאליסטען, די פאסקודניאקעס « האט ער גיברומט. » זייער גאנצען לעבען האבען זיי פארבראכט דערמיט, וואס זיי האבען אנ־גידולט די קעפ מיט דער ״רעוואנש״, וואס זיי האבען אויפגיבלאזען די שנאה דורך די פאטריאטישע חברות, די פאראדען, די דרשות אין די צייטונגען. און אז עס איז גיקומען זייער מלחמה, האבען זיי גיזאגט ״געהט שלאגט זיך״.«

» עס זענען דאך אבער דא צווישען זיי אזעלכע, וועלכע זענען גיהרגעט גיווארען אין די פאדערשטע פאזיציעס. אט די אלע האבען גיטון נאך מעהר ווי דער חוב האט פון זיי פארלאנגט. «

מיט זיין רעוואלוציאנערען נישט־גלויבען אין קיין זאך, האט דאס מיין מענשיל נישט גיוואלט אנערקענען.

» ניין, זיי האבען סך הכל גיטון זייער חוב, און נישט מעהר. «

איך האב לכתחילה גיוואלט אנווייזען אויך דערויף, אז הער יאזעף איז בטבע א חלוש, א שוואכער מענש, אבער זעהענדיג פאר זיך דעם דאזיגען סקעלעט מיט דעם דראבבנעם, צוקנייטשטען פנים, האב איך זיך איינגיהאלטען. אחוץ דעם האב איך באשלאסען קיינמאל נישט אנ־ריהרען מיט איהם אזעלכע טעמעס. איך האב געפיהלט, אז ווי נור מען ריהרט אן אזעלכע ענינים ווערט ער פול מיט א ברענענדיגער שנאה, און איז גרייט זיך צו בייסען.

מארקאסען איז פון אונז נישט אבגיטראטען. דער נייער מענש אין איהם מיט די גאלדענע עפּאלעטען האט און גאנצען אויסגימעקט דעם בילד פון דעם פריהערדיגען פעטראלוס. ער איז גיווארען גע־בילדעטער, און האט נישט גימאכט די פריהערדיגע גרייזען ביים ריידען. ער איז גיוועזן אומעטום, האט גיהאט דעם מוט זיך איינצו־שטעלען פאר זיך, און האט אלע מאל גיפונען מיטלען, ווי אזוי זיך ארויסצושטעלען אין א מקום סכנה. אז מען האט גידארפט ביי נאכט ארויסשיקען א פאטרול אין די וויסטע בית־עלמנס, וואס האבען זיך גיגרעניצט מיט די גראבענס, אוואו עס זענען גילעגען די לעבעדיגע, איז ער אלע מאל גיוועזן פון די ערשטע בעלנים. אבער ער איז תמיד גיוועזן אין כעס. לויט זיין מיינונג האט אונז גיפעהלט דער אמתער ברען, די אמתע התלהבות, און דאס איז איהם דערגאנגען די יאהרען, צי מען האט גיארבייט אין קאזארמע, און דערביי פארמאטערט גיווארען ביז אין טויט אריין, צי מען איז גישטאנען שעה'ן לאנג, און דערביי גיפטערט דאס ביסעל גיזונד, צו מען האט געליטען פון קעלט און פון רעגען, צו מען האט איבערגילעבט ענטטוישונגען — אויף אלץ האט ער גיהאט איין איינציגען תירוץ.

» אבער נישט שוין זעהט איהר דען נישט, אז דאס איז אלץ פון פראנקרייכס וועגען? א, צו אלדי שווארצע יאהר! ווי באלד אז דאס איז צוליב פראנקרייך! «

איינמאל אין א פריהמארגען, אז מיר זענען צוריקגיקומען פון די

אקאפּעס, בלאסע אין א בלאסען וועטער, האבען זיך ביי א סאלדאט אין די לעצטע מינוטען פון א פּויזע ארויסגיכאפּט די ווערטער: „מיר האט זיך שוין דאס אלץ צוגיגעסען ווי א ביטערע ציבעלע". דער פעלדוועבעל האט זיך א לאז גיטון צו איהם:

»ווי האסט דו עס נישט קיין חרפּה און בושה, דו דבר אחר איינער! מיינסט דו אפשר, אז דו מיט דיין גאנצען לייב און לעבען, מ׳שטעהענס גיזאגט, און אז די אנדערע מיט זייער לייב און לעבען, אז איהר זייט אלע גרעסערע יחסנים פאר פראנקרייך?« דעם סאלדאט האט עס א צופּ גיגעבען, און ער איז בייז גיווארען.

»וואס איז שייך פראנקרייך,« האט ער א ברום גיטון, »פראנקרייך דאס זענען די פראנצויזען.«

זיין חבר אין דער ראטע, פארביטערט דורך די מידקייט, האט אויסגירופען אויפ׳ן קול:

»אודאי, וואס דען? סוף כל סוף האט מען דאך צו טון מיט מענשען.«

»צו אלדי רוחות!« האט זיי דער פעלדוועבעל א משונהדיגען גישרי גיטון אין סאמען פּנים אריין, »פראנקרייך איז פראנקרייך און ווייטער נישט, און דו ביזט גאר נישט, און דו אויך נישט!«

אבער דער סאלדאט האט זיך איינגישפּארט און האט בשום אופן נישט גיוואלט אבלאזען פון זיין גידאנק. ארויפּרוקענדיג דעם ראניעץ און נעהמענדיג מיט א טאן נידריגער פאר דעם צוקאכטען פעלד־פעבעל, האט ער גיסאפּעט און גימורמעלט:

»די מענשען דאס זענען די מענשהייט. נישט אזוי, ווי?«

מארקאסען האט אנגיהויבען צו לויפען אונטער דעם רעגען אין דער לענג פון דער מארשירענדיגער ראטע. ער האט זיך אזוי צופלאמט, אז עס האט איהם אזש גיטרייסעלט. ער איז גילאפען און האט געשריען:

»איך האב אין דער ערד דיין גאנצע מענשהייט און דיין גאנצען אמת! מען קען די דבורים: דער וועלט־יושר און די פּרינציפּען פון דעם יאהר 1789. איך האב דאס אלץ אין דער לינקער פּיאטע אויף דער וועלט איז פארהאן נאר איין איינציגע זאך, וואס האט א

ממשות: דאס איז פראנקרייכס גרויסקייט. אנרייבען די יעקעס אמארדע און צוריק אבנעהמען ביי זיי עלזאס־לאטרינגען און דאס געלד. אט צוליב וואס מען דארף דיך האבען — און גיפטרט אנ׳עסקי. און אז מען וועט דאס אויספיהרען, וועלען ממילא פארענטפערט ווערען אלע קשיות. דאס איז אזוי פשוט, אז אפילו אזא אייזעל ווי דו, וואלט דאס אויך גיקאנט פארשטעהען. אויב דו פארשטעהסט עס נישט איז דאס מעהר נישט דערפאר, ווייל דו קאנסט נישט אויפהויבען דיין חזר־שען קאפ אזוי הויך, כדי צו זעהען דעם אידעאל, אדער דו ביסט א סאציאליסט און אנ׳אונטערגיקויפטער!« ער איז אבגיטראטען אן א זייט פון דער ראטע, וועלכע איז פלוצים שטום גיווארען, און האט גיווארפען א קרומען קוק, פול מיט ביטערקייט און גרימצארן. אין א מינוט ארום האב איך איהם גיזעהען גאנץ נאהענט. זיינע הענט האבען נאך געציטערט. עס האט מיך אנגינומען ביים הארצען, ווען איך האב דערזעהען טרעהרען אין זיינע אויגען.

ער שפיאנעוועט אונז נאכאנאנד און זוכט זיך תמיד צו טשעפען. ער פארקרימט דעם פנים, כדי איינצוהאלטען דעם ווילדען כעס, וואס בושעוועט אין איהם. ער רעדט פון דערולעד׳ען און מיינט, אז מען קאן צווינגען צו גלויבען, ווי מען קאן צווינגען צו יעדוועדער אנדער זאך. ער איז אויסער זיך און פיהלט זיך אומגליקלאך, ווייל נישט אלע האבען דיזעלביגע מיינונג, וואס ער. ער האט אבער אויף דעם עולם א גרויסע השפעה, ווייל עס לעבען תמיד אין די מאסען טיפע און שיינע אינסטינקטען, וועלכעווארטען, אז מען זאל זיי אויפוועקען.

אונזער קאפיטאן איז שטרענג און זשאלעוועט נישט קיין קארצער, אויב ער געפינט נאר די קלענסטע סרחא אין דער סלוזשבע. ער איז אבער בטבע א מענש מיט א ישוב הדעת. ער געפינט אז דער פעלד־פעבעל האט טייערע פרינציפען, אבער ער אליין איז נישט היציג. ער האט א פסיכאלאגישען חוש. ער האט גיזאגט פון מיר, אז איך בין א סאלדאט מיט א געפיהל פון אחריות, און אז עס וואלט נישט גישאדט, ווען עס וואלטען זיך געפינען א סך אזעלכענע ווי איך.

אונזער אפיציר איז נאך גאר א יונגיטשקער, ער איז א גוטער ברודער און א וואהלער מענש.

»א וואהלער בחור׳ל ביז גאר,« האבען גיזאגט די סאלדאטען מיט א געפיהל פון דאנקבארקייט. »מיט אנ׳אנדעוועז האט מען מורא א ווארט אויסצורריידען. און אז דו רעדסט שוין יא, פארמאכט מען דיר תיכף דעם מויל. מיט איהם אבער קאנסט דו ריידען, וויפיל דו ווילסט, אפילו נארישקייטען. אז דו דערצעהלסט איהם פון זיך און דיין פאמיליע, וואס דאס איז דאך גאר נישט אינטערעסאנט, הערט ער דיך אויס. אט אזוי איז ער, פעטערלעבען.«

עס איז געקומען דער זומער און אונז איז א ביסעל פרעה־ליכער גיווארען אוופ׳ן הארצען. מיר האבען זיך אבגישטעלט אין א נייען דארף. אין איינעם פון יענע טעג האב איך מיטגי־נומען מיין חבר מארגא (ער האט געזידעלט דעם דארף־קרעמער, א גרויסען בארייסער) און בין מיט איהם ארייגעאנגען אין א הויז, וואס איז נישט לאנג באמבארדירט געווארען. פון דעם גאנצען הויז זענען סך הכל געבליבען די בלויזע באלקענס. דאס גאנצע הויז איז פול געווען מים ליכטיגקייט און פארשיידענע אבפאלעכטס. געציטערט האט עס ווי א שיף. מיר האבען ארויפגיקלעטערט אין דער הויך, און זענען ארייגעקראכען אין שטוב אריין. די גאנצע פאעזיע פון דער בעל־הבתישקייט האט זיך פון דארטען אויסגיוועבט, און עס וואלט שוין בעסער געווען, ווען זי וואלט אין גאנצען ליידיג גיוועזן. אין דעם צימער זענען ניכר גיווען איבערבלייבעני־שען פון אמאליגער רייכקייט און אויסגעפוצטקייט: אנ׳אויפגעריסענע פארטעפיאנע, א צובויגענע שאף, וואס האט שוין אנגע־הויבען צו פוילען, אזוי ווי מען וואלט זי ארויסגעגראבען פון דער ערד, דיעלען באזייט מיט א ווייסען שטויב, מיט שטיקלאך פון א באגילטענער רעהמיל, מיט צוווארפענע און איבערגעקעהרטע ביכער, און מיט שערבלאך, וואס האבען געסקריפעט ביי איטליכען טראט. ביים פענסטער מיט א צובראכענער שויב האט אנ׳איבריג געבליבענער שטיקעל פארהאנג געפלאטערט און זיך געריסען, ווי א פלעדערמויז. גאנץ איז געבליבען א שפיגעל, וואס איז גישטאנען אויף א צושפאלטענעם קאמין.

מיר ביידע האבען פלוצים באקומען אזוי ווי איין איינציגע

נשמה. די ריינקייט פון דעם דאזיגען הויכען שפיגעל האט אונז באכישופט. דורך זיין גאנצקייט אין דער מיט פון דעם דאזיגען חורבן האט ער באקומען א באזונדערע ממשות. יעדער פון אונז ביידען האט אויפגעהויבען א ציגעל און א שליידער גיטון אין דעם שפיגעל אריין, נישט וויסענדיג פאר וואס. דערנאך זענען מיר אנטלאפען דורך א גידרעהטע טרעפ, וואס די שטיגען האט מען נישט געקאנט ארויסזעהען צוליב דעם געדיכטען שטויב, וועלכער האט זיי באדעקט. ערשט אונטען האבען מיר א קוק גיטון איינער אויף דעם אנדערען. מיר זענען געווארען אומרוהיג און האבען זיך פארשעמט איבער דער רציחה, וואס איז אויף אונז אנגיפאלען.

» וואס ווילסט דו? « האט גיזאגט מאַרגאַ, »מען ווערט ווידער א מענש, דאס איז מעשה מענש. «

מיר האבען נישט געהאט יענעם טאג וואס צו טון, און מיר האבען זיך צוגיזעצט. אונטער אונז איז געלעגען דער טאל. עס איז גיוועזן זעהר א שיינער טאג. מארגא האט זיך ארומגעקוקט פון אלע זייטען. ער האט געקנייטשט דעם שטערן און געזידעלט דאס דארף, ווייל עס איז נישט געוועזן עהנליך צו זיין דארף אין דער היים. וואס פאר א משוגעת דאס איז צו בויען אזעלכענע הייזער. עס איז איהם נישט געפעלען גיווארען דער קלויסטער מיט דער משונהדיגער פארם. דער גלאקענטורם האט לויט זיין מיינונג באַדארפט צו זיין נישט ד א, נאר ד א ר ט. אראנגא און רעמוס זענען אונטערגיקומען און האבען זיך אויך צוגעזעצט. פון ווייטען האט מען גיזעהן, ווי עס צופלאצט א גראנאטע. מען האט גילאכט פון דעם שאס, וועלכער האט קיינעם נישט גישאדט. רעמוס האט גימאכט א ריכטיגע באמערקונג.

» עס קאן זיך גאר נישט גלויבען, אז די גראנאטע איז ערגיצוואו גיפאלען, וויבאלד אז זי איז לעבען אונז נישט געפאלען-נישט אזוי? «

ביי די דאזיגע ווערטער האט זיך אויפגיהויבען א געדיכטער וואלקען פון רויך. דאס האט גימוזט זיין אין דעם אונטערשטען טייל פונ׳ם דארף, 500 מעטער פון אונז. דער גירויש האט זיך דערקייקעלט ביז צו אונז.

»זיי האקען אין דעם אונטערשטען טייל פונ׳ם דארף,« האט אראנגא קורץ באמערקט.

מארגא האט אויסגערופען:

»א שאד וואס זי איז נישט געפאלען אויף דעם קרעמער, ימח שמו. ער וואהנט אויף דער אנדער זייט, א שאד. ער הייסט זיך באצאהלען, וויפיל ער וויל, און דערביי זאגט ער נאך: ,אויב דיר געפעלט נישט, טא געה דיר געזונטערהייט. מיין תכשיט.׳ א שאד, כ׳לעבען!«

ער האט א זיפץ געטון און ווידער אנגעהויבען:

»די קרעמער דערגעהען מיר די יאהרען. ,פגרט אוועק, ווערט בדיל הדל, דאס איז נישט מיין דאגה, אבי איך פארדין.׳«

»וואס האסט דו זיך מיט א מאל אזוי גענומען צו די קרעמער?« האט אראנגא א פרעג געטון. »זיי זענען דאך פון תמיד אן אזוי געווען: א חברה פון גנבים און זשוליקעס.«

עס איז געווארען שטיל. רעמוס האט א הוסט געטון, כדי אויסצופרובען די פעסטקייט פון זיין שטים און האט געזאגט:

»איך בין א קרעמער.«

מארגא האט איהם געענטפערט מיט פשטות.

»היינט וואס ווילסט דו, פעטערלעב . . . מען ווייס גאנץ גוט, אז די שטארקסטע זאך אויף דער וועלט איז דער אייגענער נוצען.«

»אודאי, אודאי,« האט רעמוס צוריק געענטפערט.

איינמאל האבען מיר געשלעפט בינדלעך שטרוי פאר אונזערע געלעגערס. איינער פון מיינע חברים אין דער ראטע, א שטילער און פשוטער מענש איז צוגעגאנגען צו מיר און האט מיך געהענדיג געפרעגט:

»איך וואלט געוואלט, אז איהר זאלט מיר מסביר זיין, פאר וואס איז דאס נישטא קיין יושר אויף דער וועלט. איך האב געבעטען ביים קאפיטאן, ער זאל מיר געבען אנ׳ערלויבעניש אויף אבצופאהרען, און דאס קומט מיר בלי ספק. איך האב איהם געוויזען א בריעף, אין וועלכען עס איז געשטאנען, אז מיין מוהמע איז דא נישט לאנג געשטארבען. ,פוסטע מעשות,׳ האט ער מיר געענטפערט.

קלער איך מיר, דאס איז שוין א ביסעל צו פיל. און איצטער זאגט מיר, איך בעט אייך, וואס איז די מעשה, אז בעת עס האט זיך אנגיהויבען די מלחמה, האט זיך אין דערזעלביגער צייט נישט אנגיהויבען קיין גרויסע גירעכטיגקייט פאר אלעמען. ווארום דעמאלט האט מען דאס גיקאנט באווייזען, קיינער וואלט דעמאלט נישט גיזאגט: איך וויל נישט. פאר וואס זשע זעהט מען געראד דעם היפך דערפון? און מיינט נישט, אז דאס וואס האט מיט מיר פאסירט איז די איינציגע עולה. מען זאגט, אז עס זענען פאראן גרויסע סוחרים, וואס פארדיענען צוליב דעם גישלעג אפשר הונדערט פראנק א טאג און נאך מעהר, אחוץ דעם, וואס זיי היטען אב זייער זונדעל, ער זאל חלילה נישט געהען דינען. היינט די אויסגיפוצטע חברה־לייט הינטער דער פראנט, וואס דרעהען זיך ארויס פון סלוזשבע און וואס זענען צעהן מאל געזינטער און שטארקער פאר יענע פאר־חושכטע, האלב־טויטע לאנדוועהר־סאלדאטען, וואס מען האט היינט אין דער פריה נאך נישט אבגילאזט. און די הולטאיעס אין די שטעט מיט די גענזעלאך, דעם שאמפאניער, מיט די דימענטען און די פערל, פון וועלכע זשיסראן האט זיך אזוי פיעל אנגידערצעהלט?«

איך האב איהם גיענטפערט, אז א פולקאמער יושר איז ניט מיגלאך, אז מען דארף זיך נישט אריינלאזען אין די אדער יענע פרטים, נאר קוקען אויף דאס גאנצע, דעם סך הכל. און דאך בין איך נשתומם גיווארען פון דער דאזיגער איינגישפארטער, אומ־געלומפערטער און גינויער ציקאוועקייט פון מיין חבר, וואס האט גיוואלט נישט אנדערש מיט דעם אייגענעם שכל דערגעהען דעם אמת.

דער דאזיגער פאל האט גיבראכט דערצו, אז איך האב אפט גיפרווט מיר אבגעבען א דין וחשבון איבער דעם באטייט פון דער מלחמה. איך האב נישט גיקאנט. עס זענען פאראן פרטים, וואס זענען פאר מיר קלאר, אבער די דאזיגע פרטים זענען גיוועזן פאר מיר פון תמיד אן קלאר. און ווייטער ווייס איך נישט. איך פארלאז זיך אויף די, וועלכע פיהרען אונז און זענען זיך סומך אויף דעם פרינציפ פון דער מלוכה. אפטמאל אבער באדויער איך, וואס

איך האָב נישט לעבּען מיר אזא מורה דרך ווי יאָזעף באַנעאַס.

אחוץ דאָרטען, וואו עס מישט זיך אריין א פּערזענליכער אינטערעס, און אחוץ א פּאָר פּלוידערזעק, וואָס הויבּען אָן פּלוצים צו שיטען מיט טעאָריעס, אין וועלכע מען דערקענט שטיקלאָך פון צייטונגסאַרטיקלען ווייזען די מענשען אַרום מיר קיין שום אינטערעס נישט אַרויס פּאַר צו ווייטע און טיפע פּראָבּלעמען איבּער די סבות פון די אומגליקען, וועלכע שלעפּען אונז מיט געוואַלד מיט. און אלץ וואָס ליגט אויסער דעם תּחום פון דעם טאָג־טעגליכען לעבּען און פּאַרזענליכע פּראַגען ווייסען זיי אליין גאַנץ גוט, אז זיי ווייסען גאָר נישט און קאָנען גאָר נישט טון.

איינמאָל בּין איך אריינגעגאַנגען אין שטאַל און האָב זיך שוין געוואָלט לייגען שלאָפען. די סאָלדאַטען זענען אלע געלעגען אויסגעצויגען אויף די בּינטלאָך שטרוי. זיי האָבּען געשמועסט צווישען זיך און זענען מסכּים געווען איינער מיט דעם אַנדערען. איינער פון זיי האָט געזאָגט:

»מען מאַרשירט און מעהר דאַרף מען נישט.«

טערמיט האָט נאָך נישט געשלאָפען. ער איז געלעגען איינגעדרעהט ווי א מורמעלטיר אויף דעם שותּפותדיגען שטרוי. ער האָט אויפגעהויבּען זיין באַוואַקסענעם קאָפּ, האָט א צאַפּעל געטון, אזוי ווי ער וואָלט זיך פּאַרפּלאָנטערט אין דעם קנויל פון א נעץ, האָט א מאַך געטון מיט דעם בּלעכעל אויף זיין געלענק ווי מיט א גלעקעל און האָט געזאָגט.

»ניין, מען דאַרף עפּעס מעהר. מען דאַרף קלערען, אָבּער קלערען מיט דעם אייגענעם קאָפּ, און נישט מיט א פּרעמדען.« פון אלע זייטען האָבּען זיך אויפגעהויבּען פּנימער מיט א צופרידענעם שמייכעל, מען האָט פּאַרשטאַנען, אז באַלד וועט זיך אָנהויבּען א שמועס אהן א סוף.

»שאַ, שטילער, ער וועט באַלד ריידען וועגען מיליטאַריזם,« האָט אָנגעזאָגט פּענסאָן, א פּרעהליכער יונג און נישט קיין נאַר.

»טאַקע פון מיליטאַריזם« האָט טערמיט געענטפערט, און האָט אָנגעהויבּען צו דרשהנען.

מען האט גילאכט פון דעם קארליק, וואס האט גימאכט מיט די הענט און מיט די פיס און גישאטען מיט הויכע ווערטער וועגן א גיזעלשאפטליכע אחדות. אויף דעם שפינוועב ביים דאכפענסטער׳ל האבען זיך פון זיינע באוועגונגען גילייגט כינעזישע שאטענס.

»נאך דיר גאך, הייסט עס, קומט אויס, אז די יעקעס זענען נישט קיין מיליטאריסטען,« האט איינער פון אונז א פרעג גיטון.

»מיליטאריסטען זענען זיי,« האט טערמיט גימוזט מסכים זיין.

»היינט וואט ועסט דו איצטער זאגען? איצטער איז אויס מיט אלע דיינע טענות« האט פענסאן מיט האסט גיזאגט.

»איך, פעטערלעבען, האט זיך אבגירופען א לאנדוועהרסאלדאט, קריך נישט אזוי וויט, איך בין נישט אזוי איבערגעשפיצט ווי דו. איך ווייס מעהר נישט, אז זיי זענען פלוצים אויף אונז אנגיפאלען, און אז מיר האבען ביז אהער גיוואלט לעבען בשלום מיט דער וועלט. אט למשל, ביי אונז, ווייס איך, אז . . .« »וואס ווייסט דו?« האט אויסגעשריען טערמיט מיט כעס, »א קרענק ווייסט דו! דו ביסט א כשרע בהמהלע ווי אלע דיינע חברים. זיי פאראייניגען אונז אבער זיי צושיידען אונז איינע פון די אנדערע. זיי זאגען אונז וואס זיי ווילען אדער זיי זאגען אונז גארנישט. און דו גלויבסט. זיי זאגען: "אט דאס דארפסט דו טראכטען!" זיי . . .«

דא האב איך זיך נישט גיקאנט איינהאלטען. איך בין צורייצט גיווארען, און עס האט אנגיהויבען אין מיר צו קאכען. דאס איז גיוועזן דערזעלביגער אינסטינקט, וועלכער האט מיך א מאל א ווארף גיטון אויף זיין חבר בריבי. איך האב איהם איבערגישלאגען:

»ווער זענען דאס די "זיי"?«

»די קיסרים,« האט טערמיט גיענטפערט.

אין דערזעלביגער מינוט האט זיך אין דער געסיל, וועלכע איז גילעגען לעבען אונז, באוויזען די גישטאלט פון דעם פעלדפעבעל מארקאסען.

»שא, מאך שוין כאטש איצטער צו דעם מויל, אט געהט ער דאך . . .« האט איינער פון די צוהערער טערמיטען אנגיזאגט.

»איך האב קיין מורא נישט ארויסצוזאגען מיין מיינונג!« האט

טערמיט דערקלערט, און תּוך כּדי דבור טאקע גינומען מיט א טאן נידעריגער. ער האט זיך אדורכגיגנבהט דורך די שטרוי אין א שכנותדיגען שטאל. מען האט גילאכט. מארגא איז געבליבען ערנסט.

»עס וועלען אלע מאל זיין צוויי סארטען פון מענשען,« האט ער גיזאגט, »גיהארכזאמע און עזותדיגע.«

מען האט גיפרעגט:

»וואס איז ער עפּעס גיגאנגען דינען?«

»ווייל ער האט נישט גיהאט וואס צו אכל'ן« האט גיענטפערט דער לאנדוועהרסאלדאט. ער האט א געניץ גיטון, זיך גילייגט מיט'ן רוקען ארויף. האט צורעכטגימאכט די שטרוי און האט ווייטער גיזאגט:

»ביי אונז פרעגט מען נישט. מיר טוען וואס מען הייסט. בפרט אז מיר קאנען נישט העלפען.«

עס איז שוין גיווען צייט צו שלאפען. דער שטאל איז גיווען אפען פון פארנט און פון דער זייט. אבער אין דרויסען איז גיוועןווארם.

»עס איז שוין א סוף צו די קאלטע טעג האט רעמוס גיזאגט.«

»קוים דערווארט זיך!« זאגט מארגא.

מען האט זיך אויסגיצויגען איינער לעבען דעם אנדערען, איילענבויגען ביי איילענבויגען. איינער, וועלכע איז גיזעסען אין שוואר־צען ווינקעל האט אויסגילאשען דאס ליכט.

»אז עס וואלט שוין גיווארען א סוף צו דער מלחמה,« האט אראגא גימורמעלט.

»איך וואלט מעהר נישט גיוואלט, אז מען זאל אננעהמען מיין בקשה און מיך מאכען פאר א וועלאסיפעדיסט,« האט זיך אב־גירופען מארגא.

מען איז אנטשוויגען גיווארען. איטליכער האט גיהאט זיין גרויסע בקשה און דערצו אלס צוגאב זיין אייגענע קליינע בקשה, ווי א שטייגער מארגא.

די נאכט האט אונז אלץ ענגער ארומגינומען. מען האט זיך איינגיגראבען אין די בינדלאך שטרוי. מען האט צוגימאכט די אויגען. אין דעם אונטערסטען טייל פונ'ם דארף, אין דעם ראזא־פארביגען

הויז האט גיוואהנט א שיינע פויערטע, וועלכע האט תמיד גישמייכעלט, צווינקענדיג מיט די אויגען. נאך א לאנגע צייט פון רעגענס און נעפּילס האבען זיך אנגיהויבען די ערשטע שיינע וויאסנעטעג. דערפרישט דורך דער יונגקייט פון דער נאטור ארום מיר, האב איך פון איהר נישט אראבגילאזט קיין אויג און נישט גיקאנט זיך גינוג אנקוקען: א קליינע נאז, גרויסע אויגען, בלאנדע העהרלאך ווי סליאדעס פון גאלד אויף די אויבערשטע ליפּ און אויפ'ן האלז. איהר מאן איז גיווען אין דער ארמיע, אזוי ווי מיר אלע. מען האט ארום איהר גיטאנצט. זי פלעגט שמייכלען צו די סאלדאטען און פלעגט האלט האבען צו פלוידערן מיט די אונטעראפיצירען. פאר די אפיצירען האט זי גיהאט אזא גרויסען אבשיי, אז זי פלעגט אזש פאר־גליווערט ווערען דערזעהענדיג זיי. איך פלעג טראכטען וועגען איהר, און פלעג איבער איהר פארגעסען צו שרייבען בריוולעך צו מאריען.

א סך האבען גיפרעגט: „צי עס קאן עפּעס ארויסקומען דערפון." און א סך האבעז גיענטפערט: „עס קאן גאר נישט ארויס־קומעז דערפון."

איינמאל, אין א קלארען פריהמארגען, נאך דעם עסען אין דעם שייער, האבען מיינע חברים פון דער ראטע געטריבען קאטאוועס מיט עפּעס א שיכור'ן סאלדאט, מיט וועלכען זיי האבען זיך גירייצט באשפריצענדיג איהם מיט וויין, כדי איהם איינצוהאלטען אין זיין שיכור'ן מצב. זיי האבען זיך גיהאלטען פאר די זייטען לאכענדיג. אזעלכע קאטאוועסען, וואס זענען גיווען עהנליך צו די, וועלכע מען האט געטריבען מיט טערמיטען, בעת ער פלעגט זיך צודרשהנען מכוח דעם מיליטאריזם אין דער וועלט, האבען מיך נישט אינטערעסירט, און איך האב זיך פארקעהרעוועט אין דער דארפישער גאס. איך האב זיך אראבגילאזען איבער דעם ברוק, בארג אראב. אין די גערטענער און סעדער האט נאך אלץ גיהאלטען אין דעם ערשטען בליהען; די בליטען האבען אויסגישטרעקט זייערע פיצינקע הענטלאך, נאך אין גאנצען פארמאכטע, און די עפּעלבוימער זענען גישטאנען איינגעהילט אין ווייסען. דער פריהלינג האט זיך גיאיילט. איך

בין שוין גישטאנען אנטקעגען דעם ראזא־פארביגען הויז. זי איז גישטאנען איינע אליין אויפ׳ן וועג און האט די גאנצע זון פארנומען פאר זיך. איך האב זיך גישלאגען מיט דער דעה. איך בין גיגאנגען ווייטער, פארביי איהר ... אבער עס האט מיך עפעס אבגיהאלטען, איך האב זיך אויף א ווײילינקע אבגישטעלט און זיך דערנאך אומגיקעהרט. איך בין אריינגיגאנגען, כמעט ווי נישט ווילענדיג. קודם־כל ליכטיגקייט! אויף די רויטע דיעלען פון דער קיך איז גילעגען א פיערקאנטיגע שטיקעל זון. ארום און ארום האבען גישטראהלט טעפלאך און פענדלאך.

זי איז דארט גיוועז! מיט נאקעטע ארעמס אין א בלויזען האלז איז זי גישטאנען לעבען בעקען אין דעם גאלדענעם גלאנץ פון די קופערנע גיפעס און דעם רויטען אבשיין פון די גיפוצטע דיעלען און האט ארויסגילאזען פון קראן א זילבערנעם שטראהל פון וואסער אין א בלאנקענדיגען עמער. די גרינלאכע העלקייט פון די שויבען האט באנעצט איהר הויט. זי האט מיך דערזעהען און האט צו מיר גישמייכעלט. איך האב אפילו גיוואוסט, אז זי שמייכעלט צו אלעמען, אבער מיר זענען גיוועזען אליין! איך האב געפיהלט, אז עס האט זיך אין מיר אנגיצונדען א ווילדער באגעהר. עס איז אין מיר גיוועזען עפעס שטארקערעס פאר מיר, און דאס דאזיגע שטארקערע האט ארויפגיווארפען א שלייער אויף איהר בילד. זי איז גיווארען שענער פון מינוט צו מינוט. איהר אויפגיבלאזען קלייד האט בולט ארויסגישטעלט איהר קערפערליכע גישטאלט, און איהר אונטער־קליידעל האט געציטערט איבער איהרע גיפוצטע שיך. איך האב באטראכט איהר האלז, איהר געניק, דעם דאזיגען אויסטערלישען גריינפאר. א שטארקער אראמאט האט ארומגעוויקעלט איהרע פלייצעס. דאס איז גיוועזען ווי די נשמה, דער אמת פון איהר קערפער. עס האט מיך א שטופ גיטון און איך בין צוגיטראטען צו איהר נישט װאנענדיג ארויסריידען א ווארט.

זי האט א ביסעל אבגילאזען דעם קאפ; איהרע ברעמען האבען זיך צונויפגירוקט אונטער דעם געדיכטען קראנץ פון איהרע האהר; אין איהרע אויגען איז דורכגילאפען אנ׳אומרוהיגקייט. זי

איז שוין גיוועהנט גיוועזן צו די קינדישע העויות פון די פארבלענדטע מאנזבילען. אבער דאס דאזיגע באשעפעניש איז נישט גיוועזן פאר אזעלכע פארשוינען, ווי איך! זי האט מיר טרוקען א לאך גיטון אין פנים אריין. דאס האט מיך גיטראפען ווי א קלאפ. זי האט זיך ארויסגידרעהט און צוגימאכט די טיר.

איך האב די טיר גיעפענט, און בין איהר נאכגילאפען אין עפעס א בוידעם. איך האב גישטאמעלט עטליכע ווערטער, איך בין ווידער גיווארען נאהענט צו איהר, און האב אויסגישטרעקט די האנד. זי האט זיך ווידער אויסגידרעהט, דאסמאל אויף תמיד ... אבער זי איז אבגיהאלטען גיווארען דורך א שרעקלאכע קאטאסטראפע!

די ווענט און די סטעליע האבען זיך צונויפגירוקט מיט א פייפערייי און א דונער. אין דער סטעליע האט זיך גיעפענט א ברייטע לאך, און אלץ האט זיך אנגעפילט מיט א שווארצען פייער, און בעת עס האט מיך א שליידער גיטון קעגען דער וואנד ווי דורך די ברענענדיגע כוואליע פון א ווארלקאן, באקומענדיג צוברענטע אויגען, צוריסענע אויערן און א צוקלאפטען שארבען, בעת ארום מיר זענען גיפלויגען דורכגילעכערטע שטיינער, האב איך דערזעהען די פרוי אנ׳איינגעוויקעלטע אין א פאנטאסטישען שלייער פון רויט און שווארץ, איך האב גיזעהען, ווי עס האט איהר א הויב גיטון אין דער הויך, און ווי זי האט זיך אנגיהויבען צו דרעהען אין א ווייסען און רויטען געמיש פון קליידער און וועש; און אין געזיכט האט מיר א זעץ גיטון עפעס שווערעס, נאקעטעס, מיט גידערים און מיט צוויי פיס. אין מויל האב איך דערשפירט דעם טעם פון בלוט.

איך האב געפיהלט, אז איך האב אנגיהויבען צו שרייען, און צו שלינגען, פארכאפט פון דער דאזיגער שרעקלאכער באריהרונג, וואס האט מיר צוקוועטשט די האנד, וועלכע איך האב גיהאט אויסגישטרעקט נאך דער שיינקייט פון דער פרוי, און וואס איז נאך געבליבען אנ׳אויסגישטרעקטע, איינגעוויקעלט אין א קנויל פון אש און פארע, צודולט פון דעם דונער, בין איך קוים ארויס פון דארטען צווישען ווענט, וועלכע האבען גיוואקעלט, ווי איך, הינטער מיר איז דאס גאנצע הויז איינגיפאלען, לויפענדיג איבער די דיעלען,

וועלכע האבען זיך גיטרייסעלט האב איך זיך פארטשעפעט אן א הויפען פון ווילד גיוואָרענע שטיינער׳ וועלכע האבען זיך גישליידערט און צושאטען אין וואלקענס פון שטויב מיט א געפילדער׳ וואס איז עהנליך גיוועזן צו א פאטשערייע פון פליגלען׳

אויף דעם דאזיגען ווינקעל איז גיפאלען א גאנצער האגעל פון שאסען׳ נישט ווייט פון דארטען זענען גישטאנען סאלדאטען פאר א הייזעל׳ וואס איז צושפאלטען גיווארען אויף צוויי העלפט און האבען באגלייט דעם חורבן מיט פארשיידענע אויסרופען׳ צו־געהען נאהענט צום הייזעל האט מען נישט גיקאנט׳ מחמת ארום און ארום האבען זיך גישאטען אהן איין אויפהער קוילען און גרא־נאטען׳ אבגישפאלטענע שטיקלאך פון גראנאטען האבען צולעכערט דאס הייזעל ווי א זיב׳ עס איז גישטאנען אונטער א גיוועלב פון רויך און פארע׳

»אבער דו ביסט דאך פול מיט בלוט׳« האט מיר גיזאגט א חבר און האט א קוק גיטון אויף מיר ווי צומישט׳

א צוטומעלטער און צודולטער האב איך באַטראכט דאס דא־זיגע מענשלאכע הייזעל מיט צובראכענע ביינער און א צובראכע־נער חוט השדרה׳

עס איז גיוועזן צובראכען פון אויבען ביז אראב׳ און דער פארנט איז גילעגען אויף דער ערד׳ מען האט ארויסגיזעהען די פארטיפונגען פון די צימער׳ וואס זענען פארשרפהט גיווארען אין איין איינציגער רגע׳ און די גלייכע ליניעס פון די קוימענס׳ פון א שטאק איז גאנץ געבליעבען א שטיקעל פאדלאגע׳ וואס איז אראבגיהאנגען׳ און דארטען האט מען גיזעהען די טויטע קערפערס פון צוויי אפיצירען׳ צוגעשמידט צו א טיש׳ זיי האבען גיהאלטען ביים אנבייסען׳ ביז דער דונער האט זיי גיטראפען׳ דאס האט גימוזט זיין א נאנץ פיינער אנבייסען׳ ווארום מען האט גיקאנט אונטערשיידען טעלער און גלעזער און א פלאש שאמפניער׳ דאס זענען די אפיצירען נארבער און פערכיער׳

איינער פון די געסט׳ ווי א רוח פון י ע נ ע ר וועלט׳ איז גיזעסען גלייך און האט גישמייכעלט מיט א צושפאלטענעם קיפער׳

וואס איז צוויי מאל אזוי גרויס און ברייט גיווארען. ער האט גיהאלטען די האנד אין דער הויך מיט דער ברייטער באוועגונג בשעת שמחה – זיין לעצטער שמחה. דער אנדערער איז גיזעסען אנגגישפארט מיט די איילענבויגענס אויפ׳ן טיש. זיינע שיינע בלאנ־דע האהר זענען געבליעבען גאנץ. אויף זיין געזיכט איז גילעגען דער אויסדרוק פון א מין שרעקליכער אויפמערקזאמקייט. עס האט זיך גיצויגען איבער איהם א בלוטיגער פאס, און עס איז גיוועזען פול מיט אומריינע פלעקען. אין דער מיט פון דער דאזיגער שוידער־האפטיגער מהפכה האבען זיי דאך אויסגיזעהען ווי די בילדער פון יונגקייט און לעבענספריידיגקייט.

» עס איז נאך דא א דריטער,« האט מען אויסגישריען.

דעם דאזיגען דריטען האט מען תחילת נישט באמערקט. ער איז גיהאנגען אין דער לופטען מיט אויסגישטרעקטע ארעמס. דורך די אונטערסטע זייט פון זיינע הויזען האט ער זיך פארטשעפעט אן א באלקען אין דער לענג פון דער גלייכער וואנד. ער איז גיהאנ־גען אין דער מיט פון א לוזשע בלוט אויף דער גיפסבאדעקטער וואנד, וועלכע האט איהם ארומגיצויגען מיט א לאנגען שאטען. ביי איטליכער נייער שיסעריי האבען זיך גישאטען אויף איהם שטיקלאך פון גראנאטען, וועלכע האבען איהם גיטרייסעלט, אזוי ווי ער וואלט גיוועזען דער ציעל פון דער דאזיגער גאנצער צושטערונג. דער בר מינן האט זיך גיפונען אין אזא מאדנעם, אויסטערלישען מצב, אז מען האט נישט ווילענדיג אויף איהם גימוזט קוקען.

עס האט זיך גילאזט הערען טערמיט׳ס שטים:

» א, דער אומגליקליכער!«

ער איז ארויסגיטראטען פון הינטער דער מויער, וועלכע האט אונז באשירמט קעגען די שאסען.

» צי ביסט דו משוגע, צי חסר דעה,« האט מען צו איהם גע־שריען, » ער איז דאך שוין סיי ווי סיי טויט!«

נישט ווייט איז גישטאנען א לייטער. טערמיט האט איהם א נעהם גיטון און האט איהם צוגישלעפט ביז צו דעם אויפגעריסענעם הויז, אויף וועלכע עס האט גיהאגעלט מיט קוילען און באמבעס.

» טערמיט,« האט א גישריי גיטון דער אפיציר, » איך הייס, אז דו זאלסט בלייבען דא! עס וועט פון דערפון גאר נישט ארויסקומען.«

» הער אפיציר,« האט טערמיט גיענפערט, נישט אבקעהרענדיג זיך אפילו, » איך בין דער בעל־הבית אויף מיין הויט.« ער האט צו־גישטעלט דעם לייטער, איז ארויפגיקראכען אויף איהם און האט אראבגינומען דעם בר־מינן. ארום זייביידען, דעם לעבעדיגען און דעם טויטען האט גיבושעוועט א כוואליע פון שאסען אין א ווייסען רויך, וועלכע האט באטויבט די אויערין. ער איז בריותדיג אראב־גיקראכען מיט דעם טויטען פון דעם לייטער, האט איהם אוועקגי־לייגט אויף דער ערד און האט זיך גילאזען לויפען צוריק צו אונז. לויפענדיג האט ער זיך אנגישטויסען אויף דעם קאפיטאן, וועלכער האט אלץ צוגעזעהען.

» ליעבער פריינד,« האט איהם גיזאגט דער קאפיטאן, » מען זאגט אז איהר זענט אנ׳אנארכיסט. אבער איהר האט מוט, און אין דערין שטעקט שוין א היבשע ביסעל פון א פראנצויז.«

ער האט איהם דערלאנגט די האנד, וועלכע טערמיט האט גינומען מיט א מינע, אז ער ווערט דעכון גאר נישט נתפעל.

צוקומענדיג צו אונז האט ער אנגיהויבען צו גראבען מיט דער האנד אין זיין צוקאדערטער בארד און האט גיזאגט:

» איך ווייס נישט פאר וואס, ס׳איז טאקע א נארישקייט, אבער זעהענדיג דעם יונגעל האב איך זיך דערמאהנט אן זיין מאמען.«

מען האט אויף איהם גיקוקט מיט גרויס דרך ארץ. ערשטענס ווייל ער איז ארויפגיקראכען אויפ׳ן לייטער, צווייטענס ווייל ער איז אדורכגיקומען דורך א האגעל פון אייזען, און האט אויסגעפיהרט. עס איז קיין איינציגער צווישען אונז נישט גיוועזן, וועמען עס האט זיך נישט שטארק גיגלוסט צו טון דאס אייגענע, וואס ער! דער דאזיגער מאדנער סאלדאט איז גיוועזן ממש א רעטעניש.

די שיסעריי איז שטילער גיווארען. זי האט זיך פארענדיגט האט מען גיזאגט.

טערמיטען האט מען ארומגערינגעלט פון אלע זייטען. איינער האט גירעדט פאר אלעמען.

»הייסט עס, אז דו ביסט אנ׳ארכיסט?«

»ניין,« ענטפערט טערמיט, »איך בין אנ׳אינטערנאציאנאליסט. דערפאר טאקע בין איך גיגאנגען אין סלוזשבע.«

»אַ!«

ער האט גיפרוווט מסביר צו זיין זיין גידאנק:

»פארשטעהסט דו מיך, איך בין קעגען אלע מלחמות בכלל.«

»אלע מלחמות... עס זענען דאך אבער פארהאן גוטע מלחמות. אט למשל ווען מען פארטיידיגט זיך.«

»ניין,« ענטפערט טערמיט. »א מלחמה איז תמיד אנ׳אנפאל, ווארום אז מען וואלט נישט אנגיפאלען, וואלט מען זיך דאך נישט גידארפט פארטיידיגען.«

»אַ!«

מען האט אנגיהויבען צו שמועסען אהן קיין באזונדערען חשק, נאר גלאט אזוי אין דער וועלט אריין. מען האט ארומגישפאצירט אין די גאסען, וואס זענען נאך גיוועזען ווייניג זיכער. דער הימעל איז נאך גיוועזען פול מיט סכנות, און אומעטום האבען זיך ארומגי־טראגען אין דער לופטען שטיקער חורבות.

»פונדעסטוועגען האבען אזעלכע פארשוינען ווי דו נישט דערלאזט, אז פראנקרייך זאל זיך גוט צוגרייטען צו דער מלחמה.«

»אזעלכע מענשען ווי איך זענען צום באדויערן צו ווייניג דא: אז עס וואלטען גיוועזען מעהר, וואלט קיין מלחמה נישט גיוועזען.«

»דאס דארף מען זאגען די יעקעס, נישט אונז.«

»מען דארף דאס זאגען אלעמען, דער גאנצער וועלט. דער־פאר בין איך טאקע אנ׳אינטערנאציאנאליסט.«

טערמיט האט זיך ערגיצוואו אבגירוקט. זיינע חברים האבען א פיהר גיטון מיט די הענט צום סימן, אז זיי פארשטעהען נישט.

»עס שאדט נישט,« האט מען גיזאגט, »ער איז פארט בעסער פאר אונז אלעמען.«

ביסלעכווייז האט מען זיך מיט איהם אנגיהויבען עצה׳נען אין יעדוועדער זאך׳ זעהענדיג אזא מין תמימות חאב איך גימוזט שמייכ־לען. און אפטמאל האט עס מיך גירייצט. און איינמאל

האט מען ביי איהם גיפרעגט מכּוח דער שיסעריי:

»וואס זאל די דאזיגע שיסעריי אייגענטליך באטייטען? צי איז דאס נישט אפשר די התחלה פון אנ׳אפּענזיווע?«

אבער ער האט נישט גיוואוסט מעהר פאר אלע אנדערע.

# די שאַנצען

דעם טאג, און וועלכען מען האט באדארפט ארויסצוגעהען אויף די אקאפּעס, איז מען געבליבּען זיצען אין דער היים. עס קומט אן דער אוונד, עס קומט די נאכט ... גאר נישט. אויף דעם פינפטען טאג אין דער פריה זענען מיר גישטאנען זאלבּעטלאכע פארשוין אנגילעהנט אן דעם פּארנט פון א הויז ביים ראג פון א גאס. מיר האבען נישט גיהאט וואס צו טון און קיינער פון אונז האט נישט גיוואוסט וואס מיט אונז וועט זיין מארגען. איינער פון אונזער קאמפּאניע האט מיר א זאג גיטון:

»עס קאן זיין, אז אז מען וועט דא בלייבּען אזוי ביז צום סאמען סוף פון דער מלחמה.«

מען האט אפילו פארשטאנען, אז עס וועט נישט בלייבּען אזוי, אבער פונדעסטוועגען האט דאס קליינע געסיל אין אונזערע אויגען פּלוצים באקומען א פּנים פון אמאליגע גאסען פון אונזער פריהערדיגער היים, און נאר צוליעב דעם, וואס מיר האבען זי נישט פארלאזען אין דעם באשטימטען טאג.

נישט ווייט פון דעם ארט, וואו מיר זענען אזוי גישטאנען אהן א שטאך ארבּייט, גראבּלענדיג זיך אין די פּעקלאך מיט טאבּאק, איז גיווען דער שפּיטאל פון דער פראנט. מיר האבען גיזעהען, ווי עס האט זיך דורך דעם נידעריגען טויער אריינגילאזט א גאנצע כאליאסטרע פון פארהושכטע, ברודיגע און אויסגימאגערטע סאלדאטען מיט מידע אויגען פון בעטלער. בלויז דער אונטעראפּיצער, וועלכער האט זיי גיפיהרט, האט זיך אויסגיצייכענט דורך זיין ציכטיגען מונדיר. די סאלדאטען, וועלכע זענען גיווען אפּטע געסט

פון דעם וויזיטענזאל זענען כמעט אלע גיוועזן תמיד פון דעמזעלבי־
גען סארט. עס האבען זיך גיפונען אסך סאלדאטען, וועלכע עס
איז נישט אנגישטאנען צו זאגען, אז זיי זענען קראנק. אין דער
דאזיגער עקשנות האט גישטעקט א מין מאדנע און טיפע העלדיש־
קייט. די אנדערע זענען נישט גיוועזן אזוי איינגישפארט און פלע־
גען קומען פאר דער טיר פון דעם שטאבס־דאקטאר, אין די אומע־
טיגע חדרים פון דעם סאניטעטסהויז, אזוי אפט וויפיל זיי האבען
נאר גיקאנט. צווישען די דאזיגע שוואכע פארשוינען האבען זיך
גיפונען אמתע חורבות פון מענשען, אין וועלכע עס איז פעסט גי־
זעסען אנ׳אפענע אדער א פארבאהלטענע קרענק.

דער וויזיטענזאל האט זיך גיפונען אין א צימער פון דעם
קעלער, אין וועלכען מען האט אוועקגירוקט אן א זייט די מעבעל
און אנגיווארפען אין איין הויפען. דורך דעם אפענעם פענסטער
האט מען גיקאנט הערען דעם קול פונ׳ם דאקטער, און אז מען האט
א ביסעל אויסגישטרעקט בגנבה דעם האלז האט מען איהם אויך
גיקאנט זעהען, ווי ער זיצט ביים טיש אין זיינע עפאלעטען און מיט
די ברילען אויף דער נאז. פאר איהם פלעגט שטעהען א צרה׳די־
גער, האלב אויסגיטאנענער פארשוין מיט דער היטעל אין דער
האנד, דעם סורדוט אריבערגיווארפען איבער׳ן ארעם, אדער די הוי־
זען אראבגילאזט ביז איבער די קנעכיל. פון אדורך דעם סאלדאט
האט ארויסגיקוקט דער ארימער גוף פון דעם מענשען. דער פאר־
שוין פלעגט זיך סטארען צוצוציהען דעם אויג פון דעם דאקטער
און פלעגט ארויסשטעלען א קראמפאדער, וועלכע איז גיוועזן אנגילא־
פען מיט בלוט, אדער אנ׳ארעם, פון וועלכען עס איז אראבגיהאנגען
א צוווארפענער און פאראייטערטער באנדאזש, אדער ערגיץ א פאר־
עקשענטע וואונד, אדער א לונגענפעהלער, אדער עפעס אנ׳אנדער
חולאת. דער דאקטער איז בטבע גיוועזן א גאנץ וואהלער מענש,
און ווי עס ווייזט אויס, האט ער גוט פארשטאנען זיין מלאכה.
דאסמאל אבער האט ער כמעט גארנישט אויסגיפארשט די טיילען
פון דעם קערפער, וועלכע מען האט איהם באוויזען, און פון גאס
האט מען שוין גיהערט זיין מאנאטאנעם פסק דין:

»דו קאנסט געהען צו דער פראנט. קאנסט מארשירען. גוט. פאר אנפרעגען קומט נישט קיין שטראף.«

אזעלכע אנפרעגענישען, וועלכע האבען גאר פשוט אוועקגע־שיקט דעם סאלדאט אויף די פראנט פלעגען זיך איבערחזר'ן אהן א סוף. פון מארשירען איז קיין איינציגער נישט באפרייט געווא־רען. אמאל פלעגט זיך טרעפען, אז דער צוריקגעשיקטער סאל־דאט פלעגט זיך באקלאגען ביים אנטון זיך. דער דאקטער פלעגט נישט פאריבעל האבען און פלעגט זיך מעשה גוטער ברוי־דער ארייגלאזען אין א וכוח. דערנאך אבער פלעגט ער פלוצים א זאג טון מיט אנ'ערענסטער שטים:

»וואס קאן איך העלפען, מיין ליבער פריינד, איך קאן דיך נישט באפרייען פון מארשירען. איך האב מיינע באפעהלען. טו דיר אן א כוח. דו וועסט עס נאך אויסהאלטען.«

און דערנאך פלעגט מען זעהען, ווי עס פלעגען איינציגווייז ארויסגעהען באשעפענישען מיט אנ'איינגעבויגענער ברוסט אדער מיט שלעפעדיגע באוועגונגען, און פלעגען אונטערמורמלען:

»פארפאלען, עס העלפט קיין זאך נישט.«

אין דער קאמפאניע, וועלכע איז גישטאנען ליידיג ביי דעם שוואכען שיין פון דעם פריהמארגען, האט זיך אויך גיפונען דער קליינער מעלוסאן. ער איז גיוועזן שטארק פארטראכט און האט גי־האט א פנים פון א קראנקען. זיין ראזא־פארביגע נאז האט ארויסגיסטארצעט פון צווישען די אנגירויטעלטע באקענביינער. צום דאקטער אוז ער נישט גיגאנגען, אבער ער האט מיר גיזאגט:

»היינט איז נאך ווי עס איז, אבער מארגען...«

די דאזיגע ווערטער האבען אויף קיינעם נישט גימאכט קיין רושם. איינער לעבען מיר האט גיזאגט:

»מיט די דאזיגע באפעהלען פון דעם שטאבסדאקטער איז נישט אזוי גלאט.«

ביים פארלייענען פון דעם ראפארט האט דער קאמאנדיר היינט אין דער פריה א זאג גיטון: אין דעם נאמען פון דעם אוי־בערשטען באפעהל, און האט אנגירופען עטליכע נעמען. דאס זענען

גיוועזן סאלדאטען פון פאלק אין דערזעלביגער אבטיילונג, און וועל־
כער מיר האבען זיך גיפונען, וואס זענען דערשאסען גיווארען
ווייל זיי האבען נישט גיפאלגט, וואס מען האט זיי גיהייסען.
לכתחילה, ביי די ערשטע ווערטער פון דעם ראפּארט האט זיך ארום
און ארום גילאזט הערען א שוואכרער גיברום. דערנאך אבער, וואס
מער עס זענען בולט ארויסגיטראטען די באזונדערע נעמען פון ד'
און יענע פארשוינען איז מען אנטשוויגען גיווארען. די דאזיגע
באריהרונג מיט די נשמות פון די פארמשפּעטע האט ארויסגירופען
א שרעק און איינגיבויגען די קעפּ. דאס אייגענע איז גיוועזן די אנ־
דערע טעג, וואס זענען גיקומען נאך דער דאזיגער פּאסירונג. ביים
פארענדיגען פונ'ם ראפּארט האט דער מאיאר, וועלכער פלעגט זיך
זעלטען באווייזען, פארזאמעלט אלע פיר ראטעס אויף א פרייען
פּלאץ. ער האט גירעדט מכוח דער מיליטערישער לאגע, וועלכע
איז גיוועזן גינציג פאר אונז אויף דער גאנצער פראנט, און פון דעם
לעצטען נצחון, וועלכער דארף טאקע אין גיכען קומען. ער האט
אונז גיטרייסט און צוגיזאגט: באלד וועט איהר ווידער זיין אין דער היים.
צום ערשטען מאל האט ער אונז א שמייכעל גיטון. ער האט אונז גיזאגט:

»מיינע פריינד, וואס עס וועט קומען, קאן איך אייך נישט
זאגען, אבער טאמער וועט מען דארפען, רעכען איך אויף אייך.
טוט אייער חוב ווי אלעמאל און דברט נישט. עס איז דאך אזא
פשוטע זאך צו שווייגען און צו טון!«

מען איז זיך פאנאנדערגיגאנגען. אז מען איז צוריקגיקומען
אין לאגער ארייין, האט מען זיך דערוואוסט, אז דער קאפּיטאן האט
איבערגיצעהלט די פּאטראנען און האט אדורכגיקוקט די צדה לדרך־
קוים וואס מען האט גיהאט צייט צו עסען. מאזשאריי איז אין כעס גי־
ווארען און האט פארטרויט זיין אומצופרידענקייט טערמיטען, וועל־
כער איז גיוועזן א גוטער צוהערער:

»דאס אלץ איז צוליעב דעם שלימזל, דעם קאפּיטאן. מען
איז פארשקלאפּט, עבדים כנענים!«

רעדענדיג אזוי האט ער געוויזען מיט דעם קולאק אויף דעם
פּלאץ פונ'ם ראטהויז.

אבער טערמיט האט א קוועטש געטון מיט די פלייצעס און בײז א קוק געגעבן. ער האט איהם גיזאגט:

»דו רעדסט ווי א הינדעל, וואס האט זיך אקערשט ארויס־געפיקט פון אנ׳איי. דער דאזיגער קאפיטענדיל און אלע די דאזיגע פארשווינדלאך, וועלכע מען ציהט פאר׳ן דראהט — נישט זיי זענען דאס, וועלכע האבען אויסגיטראכט די תקנות. זיי זענען באגילטע מאשינקעס פון א פראסטערען סארט, אבער אויך פונקט אזעלכע מאשינקעס ווי דו. אויב דו ווילסט א סוף מאכען, א סוף צו דער דיסציפלין, טא מאך פריהער א סוף צו דער מלחמה.«

מאזשארײ איז געבליבען שטעהען מיט אנ׳אפענעם מויל, ווי אלע אנדערע ארום איהם. אויף מיך האט גימאכט א שטארקען רושם די באזונדערע קונציגקייט, מיט וועלכע דער אנטימיליטאריסט האט פארשטאנען צו ענטפערן נישט צו דער זאך, און דערבײ פארט בלייבען גירעכט.

די דאזיגע טעג האט מען א סך מער מארשירט ווי פריהער און גימאכט מעהר סמאטרעס, כדי די אפיצירען זאלען קאנען האל־טען די אבטיילונג אין זייערע הענט. די מאנעווורעס האבען אונז איינגימאטערט, באזונדער די כלומרשדיגע אנפאלען אויף די וואל־דיגע בערגלאך, צווישען גריבער און קוסטעס. קומענדיג צוריק אין לאגער פלעגען דער ס׳רוב סאלדאטען אנידערפאלען לעבען זייערע ראנצעס און אנשלאפען ווערען ווי דערהארגעטע. צו עסען האט מען נישט גיהאט דעם מינדסטען חשק. איינמאל אין דער מיט פון שלאף האט זיך גילאזט הערען א גישריי:

»געשווינד! צו די וואפען!«

מען איז גיוועזן אזוי פארמאטערט, אז די פארמארדעוועטע סאלדאטען האט דער דאזיגער פלוצימדיגער, אומגיריכטער און אומ־ברחמנותדיגער אויסגישריי אויסגיוויזען ווי א בייזער חלום. אבער אז דורך די גיעפענטע טיר האט א בלאז געטון א קאלטער ווינד, אז עס האט זיך דערקענט די לויפעריי פון די סאלדאטען פון די ערשטע ליניעס, און אז די אונטעראפיצירען האבען אנגיצונדען די לאמטערנעס און האבען אנגיהויבען צו מינטער׳ן די פארשלאפענע

סאלדאטען הויך אויפ׳ן קול, האט מען זיך אוועקגיזעצט, מען האט זיך צוזאמענגיקארצעט און צוגיגרייט די קלומיקלאך מיט די זאכען. דערנאך האט מען זיך א שטעל גיטון און מען איז אריין אין די שערענגעס. עס האט גיטרייסעלט א צאהן א צאהן, די פיס זענען גיוועען שוואך און אזוי ווי צווייקט, דאס הארץ צובראכען. אט אזוי איז מען דאס ארויס אין די שווארצע נאכט.

נאך דעם אויסרופען און נאך די באפעהלען און קעגען־באַ־פעהלען האט זיך גילאזט הערען: „ווייטער!“ און מען האט זיך צושיידט מיט׳ן לאגער. מען איז גיוועען אזוי מיד און צובראכען אזוי ווי מען וואלט גיקומען צוריק פונ׳ם פעלד. און אט אזוי האט מען זיך דאס אוועקגילאזט דער טייוועל ווייס וואו.

ארויסגיגאנגען איז מען ווי אלע מאל. אויף דעם גיוועהנטלא־כען וועג זענען מיר איינגישלונגען גיווארען דורך די שווארצע כוואליעס פון דער פינסטערניש. מען איז צוגיקומען צו דער גלאז־פאבריק און צום שטיינברוך, וואס דער בלאסער שיין פון דעם פריהמארגען האט אנטפלעקט זיין גאנצע ברודיגקייט און זיין גאנ־צען חורבן. ביסלעכווייז האט זיך אנגיזאמעלט אין אונז א מאטקייט און מיר האבען אנגיהויבען געהען פאוואליער. די פנימער זענען גיוועען טויט־בלאס, הארט, און האבען אויסגיוויזען, אזוי ווי זיי וואל־טען באדעקט גיוועען מיט גראטעס. צווישען דער טונקעלקייט פון דעם פריהמארגען און דער שווארצקייט פון דער נאכט זענען נאכאנאנד ארום אונז ארומגיפלויגען די אויסגישרייען: „ווייטער!“ איטלאכעס מאל האט מען זיך גימוזט אנטון א נייען כוח, כדי נישט שטעהען צו בלייבען. מיר זענען נישט גיוועען דער איינציגער פאלק, וואס האט זיך באוועגט אין די דאזיגער ערטער. די גאנצע טיפעניש פון דער פינסטערניש איז גיוועען פול. דורך די פלעצער ארום דעם שטיינברוך זענען גיגאנגען מענשען אהן אנ׳אויפהער און אהן א סוף, און האבען גיאקערט די ערד מיט זייערע פיס אזוי ווי מיט סאכעס. מען האט געשפירט, אז די גאנצע פינסטער־ניש איז גיוועען אנגיפילט מיט מחנות, וואס האבען זיך גיצויגען אין אלע ריכטונגען פון אומבאקאנטע מקומות. און דערנאך גרויסע

נאקעטע שטיקער ערד מיט טויזענד אומפּרוכטבאַרע סטעזשקעס. דאָס זענען געווען די טויטע קערפּערס פון די פעלדער. אונטער דעם אַשגרויען שיין פון דעם פריהמאָרגען זענען מענשען גיקראָכען אי־בער די אַבהאַנגען ווי לאַנגע פּאַסען פון נעפּיל. שטעהענדיג אויפן שפּיץ באַרג, האָב איך גיזעהען, ווי כמעט דער גאַנצער פּאַלק האָט זיך אַרונטערגיקאַלערט צו דער טיפענניש. ווי אין די אַבענדען פון די אַמאַליגע יאָהרען האָב איך גיהאַט דעם געפיהל פון דער אומענדלאַכקייט און פון דער מסוכּנדיגער קראַפט פון דער מאַסע, פון יענער קראַפט, קעגען וועלכע קיינער קאָן נישט באַשטעהען, און וועלכע ווערט אַליין גישטויסען פון אַ באַהאַלטענעם כּוח. מען איז געבליבען שטעהען און מען האָט אַבגיכאַפּט דעם אָטעם. אַפילו אויף דעם טרויריגען ברעג פון דעם דאָזיגען אַבגרונט, האָבען עטלאַכע סאָלדאַטען, געטריבען קאַטאַוועס מיט טערמיטען און זיך גירייצט מיט איהם, כּדי ער זאָל ריידען פון מילאַטאַריזם און אַנטי־מיליטאַריזם. איך האָב גיזעהען סאָלדאַטען, וועלכע האָבען גילאַכט דורך די שוואַרצע ליניעס פון מידקייט, וואָס האָבען באַצויגען זייערע פּנימער. אין דער מיט פון זיי איז גישטאַנען די קליינע פיגור פון טערמיטען, וועלכער האָט גימאַכט מיט די הענט, נישט וויסענדיג, ווי אַזוי בייצוקומען די קאָמפּאַניע אַרום איהם.

הגם מיר זענען עטלאַכע מאָל דורכגיגאַנגען די דאָזיגע מקומות, האָבען מיר זיי דאָך נישט דערקענט, מחמת מיר זענען קיינמאָל נישט גיגאַנגען אין אַזאַ חושך. פון דער געסעל, וועלכע האָט אַראָבגעפיהרט ביז צו די אַקאַפּעס, האָבען מיר צום ערשטען מאָל דערזעהען דעם דאָזיגען מדבר, דורך וועלכען מיר האָבען גיהאַט אַזוי אַפּט שפּאַצירט. סטעפּעס אָהן אַ סוף. גרויסע און ברייטע פעלדער, אַדורכגיצויגען מיט וואַסערגראַבענס און מיט קוסטעס. זיי האָבען אויסגיוויזען ווי דער אַבשיין פון אַ בלאַסען הימעל, פאַרברודיגט מיט וואָלקענס. אויף דעם אַבהאַנג פון׳ם באַרג האָבען זיך אַבגיצייכענט די אַקאַפּעס. דאָס איז געווען אַ פאַרפּלאָנ־טערטער אומענדלאַכער נעץ פון בערגלאַך און גראַבענס. פון דער ווייטענס האָבען זיי אויסגיזעהען גלייך, פון דער נאָהענט זענען זיי

גיוועז אנגיפילט מיט מענשלאכע קערפּערס און מיט שטיקלאך
חורבות. קלאר האט מען ארויסגיזעהען א אומענדלאך־לאנגע שורה
פון פלעקער, ארייגגישלאגען אין דער ערד, און אבגיטיילט איינער
פון דעם אנדערען דורך א געוויסען מרחק. צווישען זיי די קיילעכ־
דיגע און שווארצע בערגלאך פון די באדעקונגען. צווישען די
שמאלע קארידארציקעס פון די אקאפּעס, וואס האבען אויסגיזעהען
ווי קישקעס, האט מען גיקאנט אונטערשיידען שווארצע באוועגלאכע
ליניעס, דאס זענען גיוועז די ארבייטער פון דער צושטערונג.
צפון־זייטס האט זיך גיצויגען אין דער הויך א גאנצער פלאץ, בא־
דעקט מיט שטאנגען אזוי ווי דער ברעג פון א ים, וואס איז באדעקט מיט
מאסטען פון שיפען. דעם וואלד, וואס איז פרייהער אויבען גישטא־
נען, האט מען אין גאנצען אויסגיהאקט און אראבגיטראגען. פון דעם
הימעל האט עס גידונערט, נאר אין דערזעלביגער צייט האט גיגא־
סען א דראבנע רעגען, אזוי אז דער פייער אליין האט אויסגעוויזען
אשגרוי און ברודיג. דאס איז גיוועז אנ׳אומענדלאכע צוקראכענקייט
אין וועלכער איטלאכער פאלק איז איינגישלונגען גיווארען, ווי איין
איינציגער מענש.

מיר זענען אריין אין פעלד, און פארשלונגען גיווארען דורך
די אקאפּעס. דער פרייער צוגאנג איז פארשפּארט גיוועז דורך ז
ענגען קארידארציק. מיר האבען זיך גימוזט לייגען אויפ׳ן בויך או
קריכען אויף דער גליטשיגער, קלעבעדיגער ערד. די פעקלאך או
קלומיקלאך אויף אונזערע פלייצעס האבען זיך אלעמאל אנגישטויסע
אן די ענגע ווענט. מען האט גימוזט מאכען מיט די הענד און מיי
די פיס ווי א שווימער, כדי צו טון א טראט ווייטער. עס איז גי
ווען א מינוט, וואו דאס הארץ האט זיך ביי מיר אבגישטעלט מחמו
שרעק און מידקייט. די שמאָלקייט פון מיין קבר־גראבען האט גע
דריקט אין מיר ווי די שרעקלאכע קלעמעניש פון א בייזען חלוב
אז די אבקומעניש האט זיך גיענדיגט, האט מען זיך אויפגישטעלט
מען האט זיך גימוזט איינבויגען כדי דער ראניעץ זאל נישט שלע
פען צוריק. די לעצטע שיסערייי האט דורכגיצויגען דעם מארגע
מיט בלוטיגע פּאסען. איטלאכעס מאל א נייע טראסקערייי, איטלאכע

מאל נייע ויילען פון רויך, וועלכע האבען זיך אויפגיהויבען אין דער הויך ווי טרויער־ציפּרעסען. פון פארנט און פון הינטען, פון אלע זייטען האט מען גיהערט, ווי די גראנאטען פלאצען. אָנטוענ־דיג זיך א מעשה, האבען זיי גיזייט ארום זיך דעם טויט.

ביז אין סאמען אבענד ארײַן זענען מיר אזוי גיגאנגען אונטער דער ערד. צייטענווייז האט מען ארויפגירוקט דעם ראניעץ און אראבגירוקט די היטעל אויף דעם מיט שווייס באדעקטען שטערן. ווען זי וואלט אראבגיפאלען אויף די ערד, וואלט מען איהר שוין מעהר נישט גיקאנט אויפהויבען, ווארום מען איז אלץ ווייטער גישטופּט גיווארען פון די הינטערשטע שורות. מען האט זיך ווידער אנגיהויבען ראנ־גלען מיט׳ן שטח און מיר דער ווייטקייט. די האנד איז גיוועזן צו־ביילט פון די רימענס פון דעם ראניעץ און מיט דער דאזיגער האנד האט מען זיך איינגיסטשעמעט אין דעם רימענדיל פון דער ביקס. דער ארעם איז גיוועזן אזוי ווי צובראכען. אין מיינע אויערן הא־בען גיקלונגען מעלוסאנס טענות, ווי א שטענדיגער פזמון. ער האט גיקלאגט און האט גיזאגט, אז אט אט בלייבט ער שטעהען און געהט נישט ווייטער. און פונדעסטוועגען איז ער אלעמאל גי־גאנגען ווייטער, און אז מען פלעגט געבען דעם סיגנאל צום האלטען, פלעגט ער ארויפפאלען מיט דער נאז אויף דעם רוקען פון זיין חבר. די גרויסע מאסע אבער האט געשוויגען. די דאזיגע גרויסע שטומ־קייט, די דאזיגע באוועגונג, וואס איז אין גאנצען גיוועזן הוילע בא־וועגונג און נישט ווייטער און וועלכע האט שווער געדריקט, האט דעם פעלדפעבעל מארקאסען אריינגיבראכט אין כעס. ער וואלט גיוואלט א ביסעל מעהר לעבעדיגקייט. ער האט אונז אדורכגינומען מיט׳ן קוק, האט אונז גישטויסען, האט פארטריבען די מחנות פון מענשען אין דעם ענגען זאק פון דעם גראבען, און האט זיך אלע־מאל אוועקגישטעלט ביי א ראג פון א נייע סטעזשקע, כדי צו הא־בען אין אויג די גאנצע אבטיילונג. ער האט אבער נישט גיהאט קיין ראניעץ אויף די פּלייצעס. צווישען דער טאָפּעריי פון אונזערע שווערע טריט, וואס האט אנגיווארפען א טרויריגען דרעמיל, האט זיך גיהערט דער שארפער קול פון דעם פעלדפעבעל,

וועלכער האט געמינטערט אמאל דעם, אמאל יענעם.

»צי האסט דו אמאל גיזעהען, דבר־אחר איינער, אז מען זאל קאנען זיין א סאלדאט אהן שנאה? מיינסט דו, אז מען קאן האָלט האבען זיין לאנד און דערביי נישט פיינט האבען דעם אנדערען?«

און אז איינער האט זיך אבגירופען מכּוח דעם מיליטאריזם אין א טאָן פון חוזק, ווארום קיינער אַחוץ טערמיטען האט זיך דערמיט נישט גירעכענט, איז מארקאסען ארויס פון די כּלים און האט זיך אנגיהויבען צו זידלען:

»דער פראנצויזישער און דער פרייסישער מיליטאריזם — דאס איז נישט די אייגענע זאך! ווארום דער פראנצויזישער איז א פראנצויזישער, און דער פרייסישער איז א פרייסישער!«

מען האט אבער געפהילט, אז די אלע דאזיגע וויכּוחים האבען איהם דערעסען. ער איז תּיכּף אנטשוויגען גיווארען מיט א ברוגז־דיגער מינע.

אין אנ׳ארט, וואו מען איז ביז אהער קיינמאל נישט גיוועזען, און וואס האט אונז דערפאר אויסגיוויזען ערגער פאר אלע אנדערע ערטער, האבען מיר גימאכט א פויזע כּדי אויפצווישטעלען א וואך. מיר האבען זיך צוטיילט און מיר האבען גימוזט ארומלויפען די גאנצע נאכט אין גראבען אהן קיין שום באדעקונג, כּדי אויסצומיידען די גראנאטען. די דאזיגע גאנצע נאכט איז גיוועזען א לויטער בראז־גערייי, און אין דערמיט פון דער בראזגערייי זענען מיר גיוועזען צוזייט און צושפרייט צווישען שווארצע לוזשעס און שטיקער ערד. און אפשר זענען דאס גיוועזען מעהר נישט ווי ערדפארביגע רוחות. אויף מאר־גען האבען מיר ווידער אנגיהויבען צו מארשירען. אונזערע אויגען זענען גיוועזען פארבלענדט, אבער אויף אונז איז אין גאנצען גילעגען די נאכט. אין דעם פארנט פון דער אבטיילונג האט מען רק גי־הערט: „ווייטער!” מען האט זיך דאן אנגיטון א נייעם כּוח, מען האט אויסגיקוועטשט פון זיך א ביסעל גיכקייט; א נאסער און פארפראָרענער פאס פון מענשען האט זיך גיצויגען אונטער די גיוועלבען פון די וואלקענס, וועלכע זענען איינגיפאלען און האבען זיך אנגיצונדען; מיר זענען גיוועזען אבגיגעבען אין דעם רשות פון אנ׳אומבאקאנטען גורל.

ארום מיר האבען נישט גיהאט קיין צייט צו דערגעהען ווי ער הייסט;
מיר האבען נאר גיפיהלט זיין מאכט, ווי די מאכט פון א גאט.

אין מיטען טאג האט מען פלוצים א קאמאנדעווע גיטון „האלט!“
און די טאָפּעריי האט זיך פלוצים אבגיהאקט, אזוי ווי זי וואלט זיך א שטעל
יטון דיבאָם, און איז אנטשוויגען געווארען. מיר זענען אנידערגי־
פאלען אונטער אונזערע ראנצ׳עס. אונזערע אויגען זענען געבליבען
הענגען איבער אנ׳אבהאנג פון אנ׳אייזענבאהן. פון די שיסשפאלטען
האבען זיך ארויסגיזעהען אלטע הייזער, קליינע הייזלאך, גארטענס מיט
אויפגעריהעטער ערד, אבגיצאמטע שטיקער ערד, גאנצע ווענט פון
ויערן, אויף וועלכע עס זענען נאך גיהאנגען איבערבלייבענישען פון
ודעות. דאס איז גיוועזען א ווינקעל, באדעקט מיט קינצלאכע פרטים,
מיט גימאכטע מענשלאכע זאכען, מיט אויגען־פארבלענדענישען. דער
אבהאנג פון דער אייזענבאהן איז גיוועזען נאהענט, צווישען אונז און
ער באהן איז גיוועזען אויסגיצויגען א נעץ פון דראהט, און אין דער
אזיגער נעץ האבען זיך גיפלאנטערט מענטשליכע קערפערס אזוי ווי
פליגען, אונטער דער ווירקונג פון דעם רעגען און דער צייט בכלל
האבען זיך די קערפערס אויפגילויזט. מיט זייערע לויזע גלידער און
דעם שפיץ פון זייער שארבען זיינען זיי לייכט גיהאנגען אויף די
דראהט. פון די דאזיגע דראהט האבען מיר שעה׳ן לאנג נישט אראב־
גינומען די אויגען. איינער פון די קערפערס האט זיך אבגיצייכענט
שארפער ווי אלע אנדערע. ער האט זיך גישאקעלט מיט׳ן ווינד און
איז אין גאנצען גיוועזען דורכגילעכערט ווי א ציעלשויב. אויף דעם ארט
פון זיין הארץ איז גיוועזען א ליידיגער פלאץ. אנאנדער בר־מינן, וואס
איז גיהאנגען גאנץ נאהענט, איז שוין בלי ספק פון לאנג אן פאנאנדער־
גיפאלען; ער האט זיך גיהאלטען נאר דורך די קליידער. אין דער־
זעלביגער רגע, ווען די טונקעלהייט פון׳ם אבענד האט אונז אנגיהויבען
ארומצונעהמען מיט איהר גאנצער ברייטקייט האט זיך אויפגיהויבען
א שטארקער ווינד, וועלכער האט א טרייסעל גיטון דאס אויסגעטריקענטע
באשעפעניש, אזוי אז עס האט זיך צושאטען אין א קופּקעלע פון ערד און
פון אש. דער שטח ארום דעם טויטען קערפער האט זיך אויף א ווײלע
פארפינסטערט; עפעס האט זיך דארט צופלאטערט און צושאטען.

דער ווינט האט אוועקגיטראגען דעם טויטען סאלדאט אין גרויס שטיקער און האט איהם באגראבען אין דער זופטען, אין די ווייטקיי פון דעם הימעל.

אין די שפעטערדיגע שעה'ן פון נאכמיטאג האבען די קויל אנגיהויבען צו פייפען מיט מעהר פרישקייט און לעבעדיגקייט. מע איז צודולט גיווארען פון דעם ליארם און פון דעם געפילדער, די אויער זענען ממש דורכגילעכערט גיווארען פון דער שרעקלאכער בראזגערי די אבגעהיטקייט, מיט וועלכער מיר האבען זיך ארומגיקוקט אין אונזע נייען ארט, וואס האט זיך פון ז י י ן צד צוגיקוקט צו אונז, האט דעם פעלד פעבעל מארקאסען משמעות ארויסגיבראכט פון די כלים. ער האט זין פארטראכט, באקלערנדיג עפעס א גידאנק. פלוצים האט ער עפע באשלאסען און האט אויסגעשריען מיט א מינע פון נצחון:

»קוקט נאר אהערצו!«

ער האט זיך ארויפגיהויבען אויף דעם אויבערשטען וואל פון ד אקאפעס, האט זיך דארט אוועקגישטעלט מיט דער פשטות און דע בלינדקייט פון א קדוש, וועלכער געהט אויף מסירת נפש בפני עם ועדה כדי דער עולם זאל זיך אראבנעהמען א מוסר, האט אויסגישטרעק דעם קולאק אין דעם שטח און האט אויסגעשריען:

»א טויט די יעקעס!«

און דערנאך איז ער ווידער אראב, ציטערנדיג פון זיין איבער גיגעבענקייט, פון זיין מסירת־נפש און פון זיין אמונה. די עטלאכ סאלדאטען וואס זענען גישטאנען אין דער ערשטער שורה פון די אקא־ פעס זענען פארכשופט גיווארען דורך דעם דאזיגען אויסטערלישען בילד, קיין לעבעדיגער נפש האט זיך נישט באוויזען אין מיטען העלען טאג אהן א באזונדערער נויטווענדיגקייט אויף דעם וואל פון די אקאפעס אין דער פאדערשטער ליניע. זיי האבען גיקוקט מיט א יראת־הכבוד אויף אזא העלדישקייט אין אומדערשראקענהייט, הגם זיי האבען דאס נישט פארשטאנען.

זיי האבען א מורמעל גיטון:

»אזעלכע קונצען דארף מען נישט ווייזען א צווייטען מאל.«

»נישט ווייזען א צווייטען מאל? טא נאט אייך, זעהט!«

מאַרקאַסען האָט ווידער אַ שפּרונג געטאָן, און שטעהענדיג אין דער הויך אַ לאַנגער און דאַרער האָט ער אויפגעהויבען זיינע אָרעמס אין דער לופטען ווי אַ טאָפּאָל און האָט אויסגעשרייען מיט אַלע כּוחות:

»איך גלויב מעהר נישט ווי אין איין זאַך — אין די גרויסקייט פון פראַנקרייך!«

און אין דער אמת'ן האָט קיין אַנדער זאַך אויף דער וועלט פאַר איהם נישט עקזיסטירט. ער איז געווען דורך און דורך אַ מאַמין. קוים אָבער האָט ער אַרויסגעשריען די דאָזיגע ווערטער אין דעם פולען שטורם, וועלכער איז פאַר אונז אונטען געווען פאַרבאָרגען, ווי ער האָט בּרייט פאַנאַנדערגעפּענט די אָרעמס, האָט אָבגעצייכענט אויף דעם הימעל די פאָרם פון אַ צלם, האָט זיך איבּערגעקוליעט, און איז שווער אַראָבגעפאַלען מיט דער גאַנצער משא פון זיין קערפּער אין דער מיט פון די אַקאַפּעס. אַראָבגעפאַלען איז ער מיט'ן רוקען אַרויף־מען האָט איהם אַרומגערינגעלט. ער האָט אָבער ווידער אַ שפּרונג געטאָן און האָט זיך איבּערגעקעהרט אויפ'ן רוקען. זיינע אָרעמס זענען געלעגען אויסגעצויגען, אָבגעשוואַכטע, אויף דער ערד־זיין בּליק איז פאַרזונקען געוואָרען אין די טיפענ יש פון זיין אויג־בּיסלאַכווייז האָט פון איהם אָנגעהויבּען צו רינען בּלוט, און מיר האָבּען אויסגעטון אונזערע גרויסע שיך, כּדי נישט אַריינצוטרעטען אין דער בּלוטלוזשע, וואָס איז געוואָרען אַרום איהם.

»געשטאָרבען איז ער ווי אַ נאַר,« האָט מאַרגאַ אַ זאָג געטאָן מיט אַ פאַרשטיקטע שטים. »אָבער שיין איז דאָס בּנאמנות!« ער האָט אַראָב־גענומען די היטעל, האָט זיך פאַרנייגט אַ בּיסעל אומגעלומפּערט, און איז געבּליבּען שטעהען די גאַנצע צייט מיט אַנ'אַראָבגעלאָזטען קאָפּ.

»זיך אָנטון אַ מעשה צוליעב אַנ'אידעע, דאָס איז שיין« האָט ווידאַם אונטערגעמורמעלט.

»עס איז שיין, עס איז שיין,« האָבּען אויך אַנדערע געזאָגט.

זיין פאַרטרעטער אָבּאָ איז אַרומגעגאַנגען זוכענדיג עפּעס און האָט געאויקעט:«

»וואו איז דאָס זיין היטעל, וועלכע איז איהם געווען אַזוי טייער?«

»דארט אויבען איז זי׳ אט געה איך און נעהם איהר אראב׳ האט גיזאגט טערמיט׳

דער פרא־אדם איז גיגאנגען ארונטערגעמען דאס איבערבלייבניש פון מארקאסענען׳ ער איז אויך ארויף אויף דעם אויבערשטעוואל, גאנץ רוהיג און גילאסען׳ מעהר נישט אביסעל איינגיבויגען׳ מען האט גיזעהען׳ ווי ער האט גיזוכט׳ גיאקערט׳ און גענישטערט׳ שטעהענדיג אויף דעם שרעקליכען שפיץ ווי א דארינקע מאלפעצקע. ער האט אבער פארט גיפונען און איז צוריק אראבגישפרונגען אין די אקאפעס׳ א שמייכעל האט גיפונקעלט אין זיינע אויגען פון צווישען זיין בארד׳ דאס בלעכיל אויף זיין באוואקסענעם גילענק האט גיקלאפט׳

מען האט אוועקגיטראגען דעם בר־מינן. צוויי מענשען האבען איהם גיטראגען׳ א דריטער איז נאכגיגאנגען האלטענדיג די היטעל אין דער האנד׳ איינער פון אונז האט גיזאגט: „פאר איהם האט זיך די מלחמה שוין פארענדיגט!” דער בר־מינן איז געבליבען פון הינטען׳ און מיר זענען גיגאנגען אלץ ווייטער צו עפּעס א באהאלטענעם און אומבאקאנטען. אבער עס האט אויסגעוויזען׳ אז וואס ווייטער מיר זענען גיגאנגען פארויס׳ איז אלץ גיגאנגען צוריק׳ אפילו די פאסירונגען׳

פינף אדער זעקס טאג האט מען ארומגיבלאנקעט אין די ליניעס׳ מען האט כמעט ווי גאר נישט גישלאפען׳ מען האט זיך אבגישטעלט אויף שעה׳ן׳ אויף האלבע־נעכט׳ אויף האלבע טעג׳ ביז עס וועט פריי ווערען א דורכגאנג׳ מען האט אונז נאכאנאנד געפיהרט צוריק צו דעמזעלביגען ארט׳ פון וועלכען מיר זענען ארויסגיגאנגען׳ מען האט גיהאלטען וואך ביי די אקאפעס׳ מען האט זיך צוגיוועהנט צו וועלכען נישט איז נאקעטען און אומעטיגען ווינקעל׳ וועלכער האט זיך אבגיצייכענט אויף דער טונקעלקייט אדער אויף דעם פייער פון די ליניעס׳ מען איז גיוועזן פארמשפעט תמיד צו זעהען פאר זיך דיזעלביגע אבגרונדען׳ צוויי נעכט נאכאנאנד האט מען מיט גרויס התמדה פארריכט אנ׳אלטען גראבען פון דער ליניע׳ ער איז שוין גיוועזן פארריכט אמאל׳ אבער ער איז ווידער קאליע גיווארען׳ מען האט פארריכט דעם לאנגען׳ שווארצען און ווייכען סקעלעט פון דעם

באלקען, מען האט אויסגירייניגט א פארטריקענט רינשטאק, פול מיט שטיקלאך מוניציע, צופוילטע וואפען, מיט פאנאנדערגיפאלענע שמאטעס פון קליידער, מיט עסענווארג, מיט חורבות פון וועלדער און חורבות פון הייזער. דער גראבען איז גיוועז פארקויטיגט, פאר־קויטיגט אהן א ברעג, פארקויטיגט אזוי, אז וואלט ווערט גיוועז איהם צו באשרייבען אלס א זכר לדור דורות. גיארבייט האט מען ביי נאכט, ביי טאג האט מען זיך באהאלטען. דעם שיין פון דער וועלט פלעגען מיר ערשט דערזעהען, ווען עס פלעגט זיך אראבלאזען די שווערע טונקעלקייט פון דעם אבענדיגען בין־השמשות, ווארום דאן פלעגט מען אונז אויפוועקען פונ׳ם שלאף. איבער דער ערד איז גילעגען אנ׳אייביגע נאכט. נאך דער ארבייט, ווי נאר עס פלעגט אנהויבען צו טאגען, פלעגען מיר זיך באגראבען שערענגעסווייז אין די הויהלען. פון דארטען האט מען גיהערט נאר א פארשטיקטען ליארם, אבער די שטיינער האבען זיך גישאקעלט, מחמת די גאנצע ערד ארום און ארום האט גיהאלטען אין איין ציטערן. אנקוקען זיך איינער דעם אנדערען האט מען גיקאנט נאר דאן, ווען איינער פלעגט פאררויכערן די פיפקע. גישלאפען האט מען אין די זאכען, אנגי־טאנענערהייט, ווארעם מען האט גידארפט תמיד זיין גרייט דערצו, אז מען וועט פלוצים מוזען אנהויבען וויער מארשירען. די קייט מיט די פאטראנען האט מען בשעת דעם שלאף גישט גיטארט אראבנעהמען פון זיך. איך האב גיהערט, ווי עמיצער האט א זאג גיטון:

» אט דארט, פון וואנען איך בין, אין מיינע קאנטען, זענען פארהאן פעלדער, וועגען, עס איז פארהאן א ים, נאך נישט דא אזא מדינה אויף דער וועלט. «

צווישען די שאטענס פון דער הויהל, וואס איז אזוי עהנלאך גיוועז צו די הויהלען פון דעם פרימיטיווען מענשען האב איך גיזעהען ווי עס סטארצעט ארויס א האנד, וועלכע מאלט אויס און באלעבט דעם בילד פון די פעלדער און דעם ים, וועלכע פרווט זיי אנצו־טאפען און צו ווייזען; אדער איך האב באמערקט, ווי פיר קארטענ־שפיעלער פלייסען זיך ארויסצוגעפינען אין די קארטענבילדער אלטע באקאנטע שטריכען פון די פארגאנגענע שלומדיגע יאהרען.

אדער אויך מאַרגאַ האט גיפאכט אין דער לופט מיט א סאציאליס־טישער צייטונג און האט גיקייכט פון גילעכטער, אנקוועלענדיג פון די ווייסע ערטער אין דער צייטונג. אדער מאזשאריי האט גישאטען פעך און שוועבעל אויף די גאנצע וועלט, אויף דאס גאנצע לעבען, האט ארומגינומען די פלעשיל מיט דער משקה און האט דערפון אזוי לאנג גיצויגען, ביז עס איז איהם אויסגיגאנגען דער אטעם, און דערנאך גיזאגט, אז דאס איז דאס איינציגע מיטעל, וואס באפרייט איהם אויף א ווייל פון דער תפיסה, אין וועלכער ער איז פארשפארט. און דערנאך דער שלאף, אין וועלכען עס פלעגען פארזינקען די ווערטער, די באוועגונגען און די גידאנקען. אלעמאל פאר'ן שלאף פלעג איך פאר מיר אליין איבערחזרן א פאר ווערטער, און פלעג זיך אומזיסט פלייסען צו פארשטעהען זייער מיין. איך פלעג פארשלונגען ווערען דורך דעם שלאף, דורך דעם שלאף פון א פרימיטיווען מענשען, אזא שווערען און אזא טויטען, אז מיר פלעגט זיך אבדוכטען, אז אזא מין שלאף איז נאך קיינמאל נישט גיוועזען זינט די וועלט איז א וועלט. איטליכעס מאל קומט ער אנצופילען דעם מענשלאכען גוף מיט נאכט און פינסטערניש, איבער וועלכע עס שוועבען ארום א פאר מענשלאכע פאסירונגען.

„ווייטער מארשירט", די נעכט פלעגט מען ביי אונז צונעהמען מיט גיוואלט. מען פלעגט זיי ביי אונז ארויסרייסען שטיקלאכווייז. די קערפערס, פארכאפט פון דעם זיסע־גיפט פון דעם שלאף, פון ליבלאכע אדער שרעקלאכע חלומות, גיבען זיך א טרייסעל און שטעלען זיך אויף. מען קריכט ארויס פון דער לאך, פון דער געדיכטער לופט און מען הויבט זיך אויף שטרויכלענדיג אין די פראסטיגע ווייטקייט, וואס איז אהן א ריח און אהן טעם. און די קליינע פויזעס, וועלכע מען נוצט אויס דורך דעם אהין און אהער מארשירען פון די מאסען אין אלע ריכטונגען, שפארט מען זיך אן אן דעם אבהאנג און מען ווארפט זיך אנידער אויף דער ערד. און דערנאך ווערען מיר אלע איינגישלונגען פון דער באוועגונג. אבגיוואויגען און אבגימאסטען דורך די רעגולארנע קלאפעריי, דורך דעם טאפען פון די טריט און די איינגיהאלטענע אטעמס, לאזט זי אונז נישט אב

און עסט זיך אין אונז איין ביז אין די סאמעביינער. זי הילכט אב אין אונזערע קעפּ און צווישען אונזערע ציינער דורך איין איינ־ציגען קורצען ווארט „ווייטער!..“ ער איז לענגער און שטארקער איידער די שיסערייַ פון די הארמאטען. ער צווינגט אונז צו מאכען אזעלכע שפּרונגען אין צפון און מערב זייט, וואס איטליכער פון זיי האט אין זיך א מהלך פון גאנצע טעג און נעכט. ער מאכט פון אונז אין איינציגע קייט, וואס קייקעלט זיך ווייטער מיט א בראזגערייַ פון שטאהל. עס קלאַפּען מעכאניש די ביקסען, די באגנעטען אויף די ביקסען און די פּאטראנען. א מאשינעריע, א פּאר־טשעפּעניש פון רעדער, איינע אין די אנדערע. מען זעהט ווי די ממשותדיגקייט פון די זאכען און דאס לעבען שטויסען זיך איינע אן די אנדערע, ארבייטען צוזאמען און נוצען זיך אב.

מען האט גאנץ גוט גיוואוסט, אז מען איז גיגאנגען צו עפּעס א טראגעדיע, וועלכע איז גיוועזן באקאנט נאר פאר די פיהרער אליין. אבער די גאנצע טראגעדיע איז באשטאנען אין דערין, וואס מען האט זיך אלץ גישלעפּט ביז אהין.

מען האט אומגעביטען דעם ארט. מען האט פארלאזען די אקאפּעס, און מען איז צוריק ארויף אויף דער אויבערפלאך פון דער ערד. דאס איז גיוועזן א ברייטער אבהאנג, וואס האט אונז פאר־שטעלט דעם פיינד און האט אונז באשירמט פון זיין פייער. און דעמזעלביגען אבענד איז גילעגען אויסגישפּרייט אויף דער גאנצער ערד ארום אונז א ים מיט נעפּיל, אין וועלכען עס זענען גישוואו־מען פלאציגע שטיקער ערד און צווישען זיי מטושטשדיגע בוימער, אזוי ווי אין חלום. דער נעפּיל האט אונז ארומגעוויקעלט ווי א שלייער; אלץ האט זיך אין איהם גישאקעלט און געוויגט. פון דער נאסקייט, וועלכע איז גיוועזן אנגיזאפּט מיט קויהלענשטויב, איז די קעלט גיווארען געדיכט און שטייף; זי האט אונז גישטאכען מיט פראסטיגע נאדלען. א פארשטיקטע, פארסמטע לופט האט אונז ברייטלאך ארומגינומען, און אויף אונזער וועג האבען מיר אפט באגעגענט שורות מיט צלמים — בולטע און קלארע סימנים פונ׳ם טויט.

דאס איז גיוועזן די צעהנטע נאכט, און זי האט אונז אויסגעוויזען

לענגער און גרעסער איידער אלע אנדערע נעכט· איטלאכער שטיק וועג· וואס איז גילעגען פאר אונז· האט גיקרעכצט און האט געשריען· פלוצים פלעגט זיך אבצייכענען אויף די תכריכים פון דעם נעפיל דער שפיץ פון א בארג· עס פלעגט א ציטער טון א פונק· און אויף א ווײלע פלעגט זיך דערזעהען דער סאלדאט, וואס איז גיגאנגען אפריהער· איך האב אנגישטעלט אויף איהם די אויגען און האב דערזעהען זיין מאנטעל פון פעל׳ זיין גארטעל׳ באפעסטיגט אן די פלייצעס און אן דער ברוסט דורך לעדערנע רימענס׳ די מעטאל־באצויגענע פאטראנטאשען׳ דעם באגנעט פון דער ביקס׳ די קיילעכדיגע טארבע מיט ברויט׳ אראבגיצויגען אהינטער׳ דעם איינגעוויקעלטען ביקס׳ דעם ראניעץ וואס איז גילעגען פון אויבען׳ כדי די ערד פון די ווענטלאך אין דעם גראבען זאל איהם נישט פארטשעפּען׳ די קאלדרעס׳ דעם טוך איינצודעקען די פיס׳ דעם גיצעלט׳ צוזאמענגילייגט אין דער פארם פון א הארמאניקע׳ און על כולם׳ גאר אויבען אן די שיסעל צום עסען׳ וואס א שווערע און אומגילומפערטע משא איז דאס א באוואפענטער סאלדאט׳ ווען מען קוקט זיך צו איהם צו גאנץ נאהענט׳ און ווען מען קוקט נאר אויף איהם אליין!

עס איז גיוועזן א רגע׳ וואו די גאנצע ראטע האט זיך א שאקעל גיטון׳ מען האט אבגיגעבען א שלעכטען באפעהל׳ אדער מען האט דעם באפעהל נישט ריכטיג פארשטאנען׳ מען האט ארומגיטאפּעט אויף דעם אבהאנג אהן קיין שום ארדענונג׳ אנ׳ערך פון פופציג פארשוין׳ שוואכע און קליינע נפשות׳ זענען ארומגילאפען אהין און אהער׳ און האבען נישט גיוואוסט וואס צו טון׳ צווישען זיי זענען ארומגישפרונגען די אונטעראפיצירען׳ וועלכע האבען זיך געזידעלט און וועלכע האבען זיי פארזאמעלט· מען האט ווי עס איז ווידער גימאכט ארדענונג׳ און אין דעם שיין פון די ווייסלאכע און בלוילאכע פאסען פון דעם ראקעטען־פייער האב איך ווידער גיזעהען שורות פון פיס׳ קלאפענדיג אין טאקט· ביי נאכט האט מען פארטיילט בראנפען׳ די פלעשלאך האבען גיבליאסקעט און זיך געשפיגעלט אין דעם שיין פון סטורקאצען׳ אויף א ווײלע איז

אונז גיוואָרען עפּעס פּרעהלאַכער און לעבעדיגער אויפ׳ן האַרצען· די שאַרפע משקה האָט אויפגיוועקט טיעפע שטרעבונגען· אונזער הלוך איז גיוואָרען פעסטער און מעהר מעשה מלחמה ; מיר האָבען צוגעדריקט די ביקסען מיט אַ פאַרלאַנג צו טויטען· אָבער דער דאָזיגער חלום האָט נישט לאַנג גידויערט· די נאַכט איז גיוועזען לענגער· די געטין פון שיכרות׳ וואָס האָט אויף אַ ווײַלע אויס־גישפּרייט איהרע פליגלען איבער אונזערע שאָטענס׳ האָט אָבגילאָזען אונזערע הענט און אונזערע קעפּ· דער פונק פון העלדישקייט איז פאַרלאָשען גיוואָרען׳ פאַרקעהרט די דערשלאָגענהייט דערפון האָט זיך גילייגט ווי אַ משא אויף אונזערע הערצער·

» האָסט דו אַביסעל גיזעהען׳ עס זענען דאָך אין ערגיץ נישטאָ קיין גראָבענס׳ אין דער גאַנצער סביבה נישט׳ « האָבען די סאָלדאָטען גימורמעלט·

» און וואָס איז דער שכל דערפון ? « האָט זיך אָבגירופען אַ ביטערער יונג׳ » ווייל קיינעם אַרט נישט׳ אַז די סאָלדאָטען וועלען אַלע אויסגיהרגעט ווערען· «

» רעד נישט קיין נאַרישקייט ! « האָט איבערגישלאָגען אַ אונטער־אָפיציר· » וואָס דאַרף מען דען גראָבענס פון הינטען׳ אָבי זיי זענען פאַראַן פון פאָרנט· נאַרישקייטען ! «

» שטעה ! «

ביי דעם שיין פון אַ פּראָזשעקטאָר האָט פאַרבייגעשפּאַציערט דער שטאַב פון דער דיוויזיע· מען וואָלט גיקאָנט באמנות מיינען׳ אַז פון אַ פּלאַץ ערגיץ וואו אונטער דער ערד׳ איז אַרויסגיקראָכען אַ פּראָצעסיע פון שררות· אויף די גילענקען פון די הענט׳ אויף די אַרבעלס׳ אויפ׳ן האַלז—אומעטום האָבען געבלישצעט און גיפונקעלט פאַרשיידענע צייכענס· אַרום די קעפּ האָבען גילויכטען גאָלדענע קרענץ· די דאָזיגע פאַרבלענדעניש האָט אונז פּרעהלאַכער גי־מאַכט און צוגיגעבען מוט· די סאָלדאָטען האָבען גימוזט אָבטרעטען אַן אַ זייט כדי צו מאַכען אַ וואַרע פאַר דער פּראָצעסיע· אין דעם זוניגען פעכער׳ וועלכען דער פּראָזשעקטאָר האָט פאַרשפּרייט׳ איז אַדורכגיגאַנגען יעדוועדער וויכטיגער פּרשון פון דער

קאמפאניע· די שאטענס פון די סאלדאטען, פארבאהאלטענע און שע־מעוודיגע האבען אנגיהויבען צו ריידען שטיל צווישען זיך וועגען די ליכטיגע פרשוינען· די, וועלכע זענען גיגאנגען אפריהער, און האבען געפיהרט דעם שטאב, זענען גיוועזען די אפיציערען פון דער ראטע און פון דעם באטאליאן· זיי האט מען אלע גיקאנט· די פירושים, מיט וועלכע די שאטענס פון אונטען האבען זיי באלייט, זענען בעשטאנען אין שבחים און זידלערייען· די שבחים האבען זיך באצויגען אויף די גוטע און קלוגע אפיצירען, די זידלערייען אויף די הולטאיעס און פחדנים·

»אט איז איינער, וועלכער האט שוין א היבשע ביסעל סאל־דאטען אויסגיהרגעט!«

»אט איז איינער, פאר וועלכען מען וואלט אבגיגעבען דעם לעבען!«

»דער אפיציר פון דער ראטע, וועלכער האט אויף אנ׳אמת גיטון וואס מען באדארף, איז גישטארבען«, אזוי האט גיזאגט פעליקאן·

»עס איז, אויף אזא אופן, א מקרה־זאך· «

»צווישען די אפיצירען פון דער ראטע זענען פאראהאן אלערליי, עס זענען פאראהאן שווארצע און ווייסע· אין תוך גירעדט, פארשטעהסט דו מיך, זענען דאס מעהר נישט ווי מענשען· אז מען האט מזל, פאלט מען אריין צו די גוטע און אז נישט, צו די שלעכטע, דא העלפען קיין שום חכמות נישט, ס׳איז א מקרה־זאך· «

»איז טאקע אז אך און וועה צו אונז· «

דער סאלדאט, וועלכער האט עס גיזאגט, האט א שמייכעל גיטון אין דעם אבשיין, וועלכען די פיהרער האבען פון זיך גי־ווארפען· אויף זיין געזיכט האט מען גיזעהען א מין שט־לע הסכמה צו אלץ· אזא מין שמייכעל האב איך איצט גיזעהען ווען נישט ווען אויף די עניוותדיגע פנימער פון געוויסע ארבייטער· די וואס זענען ארום מיר קלערען ביי זיך, »אזוי שטעהט אין פסוק” און פארטיג· ווייטער קלערען זיי נישט· צונויפגעקוועטשטע אין דער פינסטערניש ווי שווארצע מענשענמאסען, זענען זיי אלע מאל כמעט גלייך איינער צום אנדערען·

און דערנאך זענען שוין פארבייגיגאנגען אזעלכע אפיצירען, פון וועלכע מען האט נישט גירעדט, מחמת מען האט זיי נישט גיקענט. זיי פלעגען מאכן א סך א שטארקערען רושם איידער די אנדערע. זייער מאכט פלעגט תמיד האלטען אין וואקסען. אויף זייערע היטעלאך האט מען גיזעהען קרוינען, איינע איבער די אנדערע. די שאטענס זענען אנטשוויגען גיווארען. אויף די דאזיגע אומבאקאנטע אפיצירען איז נישט חל גיווען נישט קיין שבח און נישט קיין זלזול. מען האט דרך ארץ גיהאט פארן גאנצען מין. איך האב נישט ווילענדיג גימוזט לאכען פון אזא מין איינגי־רעדטען אבשיי. אבער דא האט זיך באדארפט באווייזען דער סאמער גענעראל פון דער דיוויזיע, ער אליין בכבודו ובעצמו. ער איז גישטאנען אן א זייט. די עפאלעטען, שטערנס און בענדלאך פון זיינע באגלייטער און נאכלויפערס האבען געבלישצעט פון דערווייטענס, נישט דערוועגענדיג זיך צוצוגעהען צו איהם גאנץ נאהענט. און מיר האט זיך אבגידוכט, אז איך זעה דעם מזל אליין. דאס איז גיווען דער רצון פון דעם דאזיגען מענשען. איך האב גיקראגען פאר איהם א יראת־הכבוד דורך א מין אינסטינקט אין מיר.

»דעם ראניעץ אויפ׳ן רוקען און גיגאנגען!«

מען האט ווידער ארויפגירוקט דעם ראניעץ אויף דעם געניק. ער האט גיהאט די פארם פון א יאך, און איז גיווען שווער ווי א יאך. וואס ווייטער, האט ער אלץ מעהר געדריקט. עס האט זיך ווידער אנגיהויבען דער בשותפותדיגער מארשירען. ער האט אויס־געפילט א גרויסען שטח. מיט זיין משא האט ער צוטרייסעלט די פעלזיגע אבהאנגען פון די בערג און די בערגלאך. כאטש איך האב גיהאלטען איינגיבויגען דעם קאפ, האב איך דאך נישט גיהערט דעם טאפען פון מיינע פיס, ווייל עס האט זיך אויסגעמישט מיט דעם פון אלע אנדערע פיס. עס איז נבלע גיווארען בתוכם. און איך האב אלץ נישט גיקאנט פטור ווערען פון דעם גידאנק, אז אייגענט־לאך מוז מען דרך ארץ האבען פאר יענער קלוגער מאכט, וועלכע ברייגגט אין באוועגונג די דאזיגע גאנצע מאכט, וועלכע זאגט

אונז אדער צווינגט אונז צו זאגען: „ווייטער גיגאנגען!" אדער „דו טארסט נישט וויסען!", און וועלכע שליידערט אונז אריין אין א זאווערוכע, וואס איז אזוי גרויס און שרעקלאך, אז מען קאן גאר נישט וויסען, און וועלכער ריכטונג מען פאלט, אין טיפענישען, וועלכע מען זעהט נישט צוליב דעם פשוטען טעם, ווייל זיי זענען טיפענישען. מיר נויטיגען זיך אין בעלי־בתים וועלכע ווייסען דאס, וואס מיר ווייסען נישט.

די מידקייט זאמעלט זיך אן, זי גייט אריבער די ברעגען, און אונז דוכט זיך אויס, אז מיר זענען אליין גרעסער צוליב איהר! און דערנאך הערט מען זי אויף צו שפירען. מען פארגעסט זי, אזוי ווי מען פארגעסט די צאהל פון די טעג און די נעמען פון די טעג. איטלאכעס מאל מאכט מען נאך א טראט.

די פיעכאטנע סאלדאַטען, די אייביגע יודען, די וואס געהען נעבאך אהן אנ'אויפהער! זיי מארשירען מאטעמאטיש, שערענגע ווייז צו פיר אין א שערענגע, אדער אויסגיצויגען אין א לאנגע שורה צווישען די שמאלע ווענטלאך פון די גראבענס, און אנגישטאפט מיט מעטאל און מיט אייזען, און נישט קוקענדיג אויף דערויף, זענען זיי אלע מאל אליין פאר זיך. זיי געהען מיט אנ'אנגיבוי־גענעם קאפ, כמעט צוגיבויגט צו דער ערד, שלעפענדיג די פיס, און טרעטענדיג אויף טויטע קערפערס. איטלאכער פון זיי קריגט ביסלעכווייז א וואונד דורך די לאנגקייט פון דער צייט, דורך דעם שטענדיגען איבערחזרן פון איין איינציגער באוועגונג, דורך די גרויס־קייט און די משא פון די זאכען און ערשיינונגען. אפנים אז זיי ווע־רען צודריקט פון זייערע אייגענע ביינער און פון זייערע אייגענע מוסקעלן, דורך די מענשלאכע משא פון זייערע אייגענע איברים. אז מען מאכט א פויזע פון א מינוט, פאלען זיי פון די פיס — אבער עס איז נישט דא קיין צייט צו שלאפען! — נישטקשה, זאגען זיי און ווערען אנטשלאפען ווי גליקליכע.

מיט אמאל איז מען גיוואהר גיווארען אז עס וועט גארנישט זיין! פאר אונז האט זיך די מלחמה פארענדיגט און מען וועט באלד קומען צו רוה. די בשורה האט זיך ארומגיטראגען פון מויל

צו מויל. איינמאל אין אבענד האט מען גיזאגט: „מען געהט צו־ריק אהיים", הגם קיינער פון אונז האט נישט גיוואוסט וואוהין ער געהט, צי לינקס צי רעכטס, אבי מען איז גיגאנגען.

לעבען דער קאלכברענעריי ברענט עפעס א פייערל, און אונ־טען ארום א שטאנג שטעהען פיר פארשוין. צוקומענדיג נעהענ־טער זעהט מען, אז דאס איז סך הכל איין סאלדאט, וואס האט דריי פארנומענע אין פלען. קוקענדיג אויף די דאזיגע פיינטלאכע סאל־דאטען אנגיטון און גרינלאכע און רויטלאכע שמאטעס, קריגען מיר א געפיהל פון מאכט און נצחון.

מען הויבט אן מיט זיי צו ריידען. זיי זענען דערשלאגען און פארגרעבט. די פנימער זענען אויסגיצויגען אין א מין דרייקאנטיגע קאריי־קאטורע. אז מען שטעלט פאר זיי שארף אוועק א פראגע, ווילען זיי אויפהויבען דעם קאפ, און פרווען אויסצוהויכען אויף אנ׳אומגע־לומפערטען אופן אנ׳ענטפער.

» וואס זאגט ער? « פרעגט מען ביים פעלדפעבעל מיללער.

» אז זיי זענען נישט שולדיג אין דער מלחמה. «

» דבר אחר׳ס, « ברומט מארגא.

מען קלעטערט אויף א בערגיל, און מען קריכט אראב פון דער אנדער זייט. דורך פארפלאנטערטע סטעזשקעס לאזט מען זיך אראב צו א העלישען פייער, וואס ברענט ערגיץ פון אונטען. ביים פוס פון בערגיל בלייבט מען שטעהען. אייגענטלאך האט מען באדארפט גוט זעהען, און פונדעסטוועגען איז טונקעל מחמת דער שלעכטער פא־גאדע, און ווייל דער הימעל איז פול מיט עפעס שווארצע חפצים און קינצלאכע וואלקענס. די דאזיגע קינצלאכע וואלקענס ווארפען פון זיך פארשיידענע קאלארען, וואס פארבלענדען און פיהרען אריין אין טעות. צו דער מלחמה שטעהט צו דער געוויטער. איבער דעם ווילדען, מאוימדוגען פייפען פון די גראנאטען טראגט זיך דער פריד־לאכער ברומען פון דעם דונער.

מען שטעלט אונז אויס אין א שערענגע פאר א ברייטען שטיק פעלד, וואס לאזט זיך אראב מיט א משופעדיגער זייט צו אונז. דאס פעלד איז באדעקט מיט געדיכטע קופקעלאך בוימער, וועלכע

ווערען גיטרייסעלט פון דעם שטורם־ווינד· אלע ווײלע גיט א האו
א ווינד׳ אנגיזאפט מיט קעלט און מיט רעגען· דער ווינד טראגג
זיך אין דער הויך׳ איבער דעם גיבראזג און גיטראסק׳ איבער די טײ־
כען׳ און איבער די אלכסונדיגע בויגענס׳ וועלכע ווערען באשריבע
פון די הראמאטען־קוילען· דארט ווייטער אונטען׳ אונטער דעב
ברוגזדיגענן און דונערנדיגען הימעל מיט זיינע ברודיגע פלאמען׳ עפענ
זיך באלד א ברייטער׳ געלבלאכער שטראהל׳ אין וועלכען עס צייכענען
זיך אב די בוימער׳ אזוי ווי תליות· די ערד איז צוריסען אויף שטי־
קער· די קארע פון דער ערד איז גיפלאצט אין כמה מקומות· אי־
נעווייניג אבער איז די וועלט רויטלאך און קאלכיג· און דארטען
גאנץ ווייט׳ ווילדעווערט א שחיטה·

דערווייל אבער דארף מען זיך אוועקזעצען און אנשפארען זיך
מיט דעם רוקען אן עפעס אזוי באקוועם׳ ווי עס איז נאר מיגלאך·
מען עטעמט׳ מען לעבט ווי עס איז׳ מען איז רוהיג׳ ווייל דער מענש
האט די טבע נישט צו זעהען דעם עבר און דעם עתיד·

# וואוואהין געהסטו־דו



בער באלד לויפט א שוידער איבער אונזערע לייבער
»הער זיך נאר צו׳ עס איז שטיל גיווארען׳ הער
זיך נאר איין!«
די קוילען האבען אין גאנצען אויפגיהערט צו פייפען
די הראמאטען זענען אויך אנטשוויגען גיווארען· די דאזיגע שטיל־
קייט איז עפעס מאדנע׳ כמעט פאנטאסטיש· מיר האבען ביז אהער
גילעבט אין א שטענדיגען געפילדער׳ אין א שטענדיגען טומעל· און
מיר האבען נישט געשפירט· ווי נאר ער האט אויפגיהערט׳ אזוי
האט ער אונז אנגיהויבען צו טרייסלען און אויפצוועקען· מיר
זענען שיר נישט אראב פון זינען·

און בעת מיר טאנצען אזוי ארום׳ און קוקען זיך ארום אין
אלע ריכטונגען׳ דערזעהען מיר ווי דער גאנצער גרונט פון דעם
פעלד גיט זיך א שאקעל און הויבט זיך אן צו באוועגען·

»וואס איז דאס אזוינס?«

מען רייבט זיך די זשאסנעס, מען שטעלט אויס די אויגען. מען הויבט אויף דעם קאפ, נאך העכער פאר דעם אבהאנג, און מען קלערט נישט בשעת מעשה, אז עס איז א סכנה. מען רופט זיך צו, איינער דעם אנדערען: „דו זעהסט?". קיין ספק נישט — דער שאטען באוועגט זיך אויף דער ערד, וואו נאר מען זעהט איהם. עס איז נישט דא קיין איין פינטעלע אין דעם גאנצען שטח ארום אונז, וואו ער באוועגט זיך נישט.

צום סוף גיט איינער א זאג:

»דאס זענען די יעקעס, ווי דו זעהסט מיך א לעבעדיגען!«

אויף דעם משופעדיגען פעלד מאלט זיך אויס די אומענדלאכע געאגראפישע פארם פון א חיל, וואס געהט גלייך אויף אונז! און אין דערזעלביגער צייט ווערען מיר פארהילכט פון א מוראדיגער טראסקעריי, וואס כאפט אונז ארום פון פארנט און פון הינטען און פארשפארט אונז אין א טאָל פון פלאמען. דער שיין פון די דאזיגע פלאמען אנטפלעקט פאר אונז א באוועגליכען שטח פון מענשען איבער דעם אומבאוועגלאכען שטח פון דעם פעלד, מען זעהט זיי פון דער ווייטענס, מען קאן נישט משער זיין זייער צאהל; די ערשטע שורות האבען זיך א ביסעל אבגיטיילט פון דער גאנצער איבעריגער מאסע, זיי שוועבען א ביסעל אונטער אין דער לופט און לאזען איבער אויף דער קרייטיגער ערד סליאדעס פון פינטלאך און ליניעס, אזוי ווי זיי וואלטען עפעס אנגעשריבען.

פאר די דאזיגע לעבעדיגע אומענדלאכקייט ווערען מיר פארגליווערט. דערנאך ערשט הויבען מיר אן צו פארשטעהען אז די דאזיגע מחנות, וואס גיסען זיך ארויס פון א באהאלטענעם קוואל, ווערט שרעקלאך באשאסען פון אונזערע 75־גער. די גראנאטען צופלאצען הינטער אונז און פליהען ווייט פארויס. צווישען די נידעריגע שערענגעס פון די פיצינקע ברואים טאנצען ארום גוואלדאוונע קנוילען פון רויך, אזוי ווי די שדים. מען זעהט, ווי די בליצען פון אונזערע גראנאטען, האקען זיך אריין אין די

שטיקער פלייש, וועלכע באזייען די ערד. ערטערווייז ווערען זיי אין גאנצען צוברעקעלט אויף פיצלאך און פארברענט. דער דאזיגער גאנצער עולם מארשירט ווי א פייערדיגער זייל.

ער גיסט זיך אהן אנ׳אויפהער אין אונזער ריכטונג. פון עק הימעל שפארען ארויס אלץ נייע כוואליעס. מען הערט ווי עס וואקסט זיך ברייטלאך פאנאנדער א וויכער גיברום, מיט פייערשלענגלאך, וואס גיבען זיך פלוצים א ריס אין דער הויך און מיט דער מאטער ליכטיגקייט, וואס לייגט זיך איבער זיי ווי א שלייער, האבען זיי אפנים ווי א גאנצע שטאט, וועלכע פראווועט ביי נאכט א יום־טוב.

קעגען די גרויסקייט פון דעם דאזיגען אנפאל, קעגען די גרויסקייט פון די צאהלען איז נישט דא קיין שום תרופה. אז א הארמאט האט א שאס גיטון, האט מען פון דער נאהענט גיקאנט זעהען די גאנצע קליינקייט פונ׳ם שאס, ווי ווייניג באטרעף און ווערדע ער האט גיהאט. די לעבעדיגע מאסע האט אייגישלונגען אין זיך דעם פייער און דעם אייזען און האט זיך ווידער אויס־גיגלייכט, זי האט זיך ווידער באנייט, ווי עס באנייט זיך דער ים.

»גיט פייער, שיסט!«

מיר האבען אנגיהויבען צו האקען ווי אין קרויט. אבער קיין סך פארטראנען האבען מיר נישט גיהאט. זינט מיר זענען אין דער ערשטער ליניע האט מען אויפגיהערט בודק צו זיין די מוניציע, און אסך סאלדאטען האבען גיזוכט פטור צו ווערען פון דער דאזיגער משא, וואס קוועטשט צונויף די לענדען און דעם בויך, און שינדט פון זיי אראב שטיקלאך פלייש. די וואס קומען אן, שיסען נישט, און איבער דעם פייער פון אונזער ליניע זעהט מען ווי זיי גיסען זיך תמיד ווידער ארויס פון מזרח זייט. זיי זענען געדיכט אנגיפאקט אין שערענגעס, אזוי ווי זיי וואלטען גיווען צוגיקלעבט איינער צום אנדערען. זיי באנוצען זיך נישט מיט זייערע ביקסען. זייערע וואָפען באשטעהען אין דער גרויסקייט פון זייער צאהל. זיי ווילען אונז צוטרעטען אונטער זייערע פיס.

פוצלים האט א בלאז גיטון א ווינד, און ער האט

אנגיטראגען דעם ריח פון אלקאהאל· די דיוויזיעס וואס מארשירען אויף אונז זענען שיכּור! מען זאגט עס ארויס אלס א פאקט מיט א געפיהל פון גרויס פארוואונדערונג:

»זיי זענען אין גאנצען פארברענט· פארשרפהט·« זאגט לעבען מיר א סאלדאט מיט א ציטער אין זיין שטים· ער שיסט אזוי שטארק· אז עס טרייסלען זיך ביי איהם די פלייצעס·

זיי קומען אן גאנץ נאהענט· אט דערקענט מען שוין קלאר אין דעם פייער פון אונזערע שאסען· די פארם פון סאלדאטען· סדר און כאַאס איז ביי זיי צונויפגעמישט אין איינעם· זייערע גישטאלטען זענען שטייף· מען קאן דערזעהען· אז זייערע פנימער זענען פארשטיינערט· די ביקסען היינגען איבער די פלייצעס· אין דער האנד האבען זיי גאר נישט· זיי מארשירען ווי לונאטיקער; מעכאניש שטעלען זיי איין פוס פאר דעם צווייטען· דוכט זיך אז זיי זינגען· אונזערע הארמאטען מאכען פון זיי א תּל· זיי רייסען ארויס גאנצער שטיקער· גאנצע ווענט פון דעם לעבעדיגען גיביי· אויף די קאנטען זעהט מען באשיינפּערלאך· ווי זיי פאלען איינציגווייז· און אויך הייפלאכווייז· זייערע פנימער פלאמען ווי די סטורקאצען·

און אט זענען זיי שוין דא· אנ׳ערך פון פופציג טריט טיילט זיי אב פון אונז· מיר ווייסען נישט· וואס מיר זאלען איצט טון· קיין פאטראנען האבען מיר שוין נישט· מיר זעצען ארויף די באגנעטען אויף אונזערע ביקסען· אונזערע אויערן זענען פול פון דעם גיזשום· וואס געהט ארויס פון זייער מויל· און פון דעם גיברום· וואס די פארפלייצונג פארשפרייט·

הינטער אונז הערט זיך אנ׳אויסגישריי:

»באפעהל צוריקצוגעהען!«

מען בויגט זיך איין און מען פארלאזט די גראבענס· מיר זענען נישט קיין סך· און מיר האבען דאך גימיינט· אז מיר זענען אזוי פיל· עס גידויערט נישט לאנג און דער גראבען ווערט אין גאנצען ליידיג· מען קלעטערט אויף א בערגיל· פון וועלכען מען האט זיך אפריהער אראבגילאזען· אט זענען מיר שוין

ביי אונזערע 75־גער הינטער דעם שפּיץ. זיי שיסען נאָך אַלץ. מיר קלעטערן אויף גאַטס באַראַט, דורך בלאַטעס און שוואַרצע, אויסגיטראַטענע וועגן. מיר האָבּען נישט קיין שום באַדעקונג.

בעת מיר געהען אַרויף, ווערט אַ ביסעלע ליכטיגער. דער שונא שיסט נישט אויף אונז. אויב ער וואָלט גישאָסען, וואָלטען מיר אַלע געבּליבען דערהרגעטע אויפ׳ן אָרט. מען קלעטערט אַרויף פּאַוואָליע, אַלע ווײַלע מאַכט מען אַ קליינעם טראָט ווײַטער, מיר קײַכען און סאָפּען אַזוי שטאַרק, אַז מיר ווערען שיר נישט צובּראָכען. מיר ווערען גישטופּט און גייאָגט פון די כוואַליעס פון אונטען, וועלכע שטויסען אונז אַלץ ווײַטער און ווײַטער און קוקען זיך אַפילו נישט אַרום. מיר כאַפּען זיך אַרויף אויף די קאָכענדיגע זײַטען פון דעם וואָולקאַן, וואָס ליאַרמט און פּילדערט אויבען אין דער הויך. מיר זוכען זיך אַרויסצוראַטעווען פון דעם פּוסטען און הוילען פּלאַץ און אַרײַנצו־כאַפּען זיך אין דער אומענדלאַכער טונקעלקייט. מיט אונז צוזאַמען קלעטערן אויך באַטאַרעיען. עס שלעפּען זיך די פערד, עס שלעפּען זיך נאָך זיי געדיכטע רויך־וואָלקענס און דער גאַנצער גרויל פון די מאָדערנע צושטערונגס־גיצײַג. איטליכער פון אונז שטופּט אַ ביסעל ווײַטער דעם צוריקגעהען, און ווערט אַליין פון איהם גישטופּט.

מיר ווערען שיר נישט צוריבּען פון דער משא, וועלכע שלעפּט אונז אַהינטער. דורך דעם ראַניעץ קריגען מיר אומגילומפּערטע פאַרמעס. מיר געהען אײַנגיבּויגען אין דרײַען און שטיל אַזוי ווי די חיות, מיר עטעמען אַזוי שטאַרק, אַז עס דוכט זיך אויס, אַז מיר ריידען.

אונטער אונזערע פיס שפּרייט זיך אויס די פאַרפּלייצונג. עס טראָגט זיך פון איהר אַ הילכיגער זשומען. אַט פילען זיי שוין אויס די גראָבּענס, וועלכע מיר האָבּען אַקערשט פאַרלאָזען. און אַט געהען זיי שוין, דוכט זיך, אַריבּער די בּרעגען. אָבּער אונזערע אויגען ווערען צוגיצויגען דורך צוויי באַטערעיען, צווישען וועלכע מיר געהען אַ דורך. זיי שיסען אויף דעם שונא, און איטלאַכער שאָס טרעפט אַרײַן אין אַ לעבּען, אַזאַ בּרען און אַזאַ אימפּעט האָבּ איך נאָך בּיי קיין אַרטילעריע נישט גיזעהען. די רעהרען

בילען מיט אזא ליארם, אז מען קאן דאס קוים אויסהאלטען. זיי שפרינגען אהין און אהער צווישען זייערע אַקסען מיט א כמעט פאנטאסטישער גינויקייט און א כמעט פאנטאסטישען אימפעט.

פון דער האהל, וואו עס ליגט באהאלטען די ארטילעריע שווימען נאך ארויף אין א שטראהלענדיגען פעכער פון פאספאר די ארטי־לעריסטען. איטלאכעס מאל, ווען זיי שטעלען אָן די רעהרען, ווערען ביי זיי די ארעמס און דער גאנצער אויבער־גוף באשטראהלט מיט א רויטליכען אבשיין, און זיי זעהען דאן אויס ווי אבגישונדענע. די ווענטלאך פון די רעהרען זענען רויט ווי פייער. דער שטאהל פון די הארמאטען בלישצעט און פונקעלט אין דער אבענד־טונקעלקייט. אבער אט זענען אוועק עטלאכע מינוט, און די ארטילעריסטען שיסען שוין נישט אזוי שטארק ווי פריהער. משמעות, אז זענען שוין אהן כוחות. פון איין שאס ביז דעם אנדערען גידויערט א היבשע ביסעל. די באטארעיען האבען שוין אין גאנצען אויפגיהערט צו שיסען און דער שטאהל פון די הארמאטען ווערט קאלט. אין דעם תהום פון דער שטילקייט לאזט זיך הערען דער קרעכץ פון אנ׳ארטילעריסט: „מיר האבען שוין קיין גראנאטען נישט.”

דער הימעל איז פוסט און ליידיג. באלד ווערט ער איינ־געוויקעלט אין די שאטענס פון דער נאכט. עס ווערט קאלט. א סודותפולער און שרעקלאכער טרויער. ארום מיר טראגט זיך א קרעכצעניש, אנ׳אויקעניש און א סאפעניש, עס שווימען ארויף אנגילאדענע רוקענס און ווערען ווידער נעלם, עס ווייזען זיך טעמפע אויגען און באוועגונגען פון הענט, וועלכע ווישען אב דעם שוייס פון דעם שטערן. דער באפעהל צוריקציגעהען ווערט איבערגיחזרט מיט א געפיהל פון טרויריגקייט, ער קלינגט ווי א גישריי פון יאוש. מען מארשירט נאך אביסעל אהן א טאלק, און מען לאזט זיך אראפ צו דעם ארט, פון וועלכען מען איז גיקומען.

אז מען האט זיך שוין אראבגילאזען איבער דעם אבהאנג פון דעם בערגיל, האט מען זיך גיפונען אין דער טיפעניש פון א טאל.

עס הויבט זיך אן אנ׳אנדער בערגיל. איידער מיר קלעטערן ארויף, בלייבט מען א ווײַלע שטעהן, כּדי אבצונארען זיי. טאמער וועט די פארפלייצינג דערגרייכען אזש ביז אהער, איז מען גרייט ווייטער צו מארשירען. מיר געפינען זיך אין דער מיט פון גרויסע גראזיגע פּלעצער, אהן קיין שום גראבענס, אהן קיין שום באדעקונג. מיר חידוש׳ן זיך פאר וואס זעהט מען דאס עפּעס נישט די הילפס־אבטיילונגען. מיר געפינען זיך אזוי ווי אין א מדבר. מען זעצט זיך צו. אין אלע מחנות פליהט דורך איין איינציגער גידאנק. דעם דאזיגען גידאנק זאגט ארויס א סאלדאט, וועלכער זיצט דעם קאפּ אראבגילאזען כּמעט ביז צו די קני.

»מיר זענען אין דערין נישט שולדיג.«

עס געהט צו איהם צו אונזער אפּיציר, לייגט איהם ארויף די האנד אויף די פּלייצעס און זאגט איהם מיט א ווייכקייט אין דער שטים:

»ניין, מיינע ליבע פריינד, מיר זענען אין דערין נישט שולדיג.«

אין דער דאזיגער רגע יאגען מיר אן עטלאכע אבטיילונגען, וועלכע זאגען, אז זיי זענען די הינטערשטע אבטיילונגען. מען זאגט אז אונזערע 75־גער, דארט אויבען, זענען שוין פארכאפּט גיווארען פון דעם שונא. עס הערט זיך א פייף:

»נו לאמיר געהען.«

מען געהט ווייטער צוריק. סך הכּל זענען מיר צוויי באטאליאנען. קיין איינציגער סאלדאט איז פאר אונז, קיין איינציגער פראנצויזישער סאלדאט איז הינטער אונז. מען זעהט אומבאקאנטע פנימער, מבולבּעלע און פארפיהרטע מענטשען, וועלכע ווערען נישט צונויפגיהאלטען דורך קיין שום סדר. אלץ איז צונויפגעמישט אין איינעם, ארטילעריסטען און סאפּיאָרען. אלע ווײַלע קומען צו נייע שכנים, וואס ווערען ווידער נעלם: אט ווערען זיי גיבארען און אט שטארבען זיי.

עס איז גיוועזן א רגע, וואו מען האט באמערקט א בהלה אויך אין די העכערע מקומות: אט איז, למשל, אנ׳אפּיציר פון שטאב. קיינער ווייס נישט פון וואנען ער האט זיך גינומען. ער גיט

זיך א ווארף צו אונז, פארצאמט אונז דעם וועג, און רופט אונז צו מיט א דראמאטישער שטים:

» וואס טוט איהר, אומגליקקלאכע נפשות! איהר אנטלויפט! ווייטער פארויס, אין דעם נאמען פון פראנקרייך! איך באשווער אייך, איהר זאלט זיך אומקעהרען צוריק!«

די סאלדאטען, וואס קיין איינעם פון זיי וואלט נישט ארויף אויפ׳ן זינען צוריקצוגעהען, ווען מען וואלט נישט גיהאט א בפירושען באפעהל, זענען צוטומעלט און הויבען נישט אן צו פארשטעהען.

» מהיכא תיתי, מען איז גיגאנגען צוריק, מהמת מען האט גי־הייסען געהען צוריק.«

זיי פאלגען. זיי מאכען א האלבען עיגול. א טייל פון דעם חיל האט שוין אנגיהויבען צו מארשירען פארויס און רופט די חברים:

» אט דארטען אונטען! עס ווייזט אויס, אז דארטען איז דאס!«

אבער דער באפעהל צוריקצוגעהען ווערט איבערגיחזרט אין א בפירושער און א באשטימטער פארם, און די סאלדאטען פאלגען ווידער, מעהר נישט זיי בייזערן זיך אויף די, וועלכע ווייסען נישט, וואס זיי ווילען. די כוואליע שלעפט מיט זיך אויך דעם אפיציר, וועלכער האט געשריען, אז מען זאל זיך אומקערען צוריק.

מען מארשירט גיכער, מען מאכט פיס, מען הויבט אן צו לויפען, מען ווערט גיטראגען פון אנ׳אימפעט, וואס מען ווייס נישט פון וואנען ער נעהמט זיך. מען הויבט זיך ארויף אויפ׳ן צווייטען בערגיל, וועלכער זעהט אויס אין דער פינסטערניש פון דער נאכט ווי א בארג. אז מען האט דערגרייכט די ערשטע שטאפלען, האבען מיר דערהערט פון אלע זייטען א שרעקלאכע קלאפעריי און א לאנג אויסגיצויגענעם פייפענדיגען טאן, אזוי ווי מען וואלט ערגיצוואו קאָסען היי. פון דער ווייטענס הויבט עס אן צו קנאקען, און די וואס דרעהען זיך אויס א רגע מיט׳ן געזיכט צום שטורם, דערזעהען ווי עס צינדען זיך אן די שפיצען פון די וואלקענס. מען פארשטעהט, אז דער שונא האט אויפ׳ן שפיץ בארג אויפגישטעלט מאשינענ־גיוועהרען, און אז דער ארט, וואו מיר געפינען זיך איצט, ווערט באשאסען מיט קוילען. פון אלע זייטען קוליען זיך סאלדאטען איבער

און קייקלען זיך אראָב מיט קללות, קרעכצען און גישרייען. מען טשעפּעט זיך אָן אָן עפּעס, מען שטויסט זיך אָן איינער אָן דעם צווייטען, אזוי ווי מען וואלט זיך גישלאגען.

די איבעריגע קומען אָן בשלום צום שפּיץ פון דעם בערגיל. און אקוראט אין דער דאזיגער רגע רופט אויס דער אפיציר מיט א קלארער שטים:

» זיי גיזונד, מיין ראָטע ! «

און מען זעהט, ווי ער פאלט אנידער. די וואס זענען ארום איהם, טראגען איהט אבּ.

אז מען איז שוין ארויפגיקלעטערט אויפ׳ן סאמען שפּיץ, געהט מען אראָב עטלאכע טריט אויף דער אנדער זייט פון דעם אבהאנג. מען זעצט זיך אנידער שווייגענדיג אויף דער ערד. איינער פרעגט:

» וואס איז מיט׳ן אפיציר ? «

» גישטארבען ! «

» אַי, « מאכט דער סאלדאט, » ווי ער האט זיך דאס מיט אונז גיזעגענט ! «

מען כאפּט אב דעם אטעם. מען קלערט וועגען קיין זאך נישט, אחוץ וועגען דעם, אז מען איז ניצול גיווארען פונ׳ם טויט און אז מען האט זיך צוגילייגט.

מען לאזט ארויס ראקעטען, כדי אויסצופארשען דעם מצב פון דעם ארט, וועלכען מיר האבען פארלאזען. א פּאר פון אונז זענען גיוועזן ציקאווע צו ווארפען א קוק נאך אונטען. די פלאמען פון די ראקעטען באווייזען א באוועגליכע ליניע אויף דעם שפּיץ פון דעם ערשטען בערגיל, וואו עס זענען גישטאנען אונזערע הארמאטען. מען הערט א קלאפּעריי פון גראבּאייזענס און האמערס.

זיי האבען זיך אבגישטעלט. זיי געהען נישט ווייטער. זיי אר־גאניזירען און פארפעסטיגען זיך. זיי גראבען אקאפּעס און ציהען אויס נעצען מיט דראהט. ליגעדיג אויפ׳ן בויך און אויף די קני מיט די ליידיגע ביקסען ארום זיך, קוקען מיר זיך צו דעם אלץ צו.

מארגאַ פארטראכט זיך אויף א ווײַלע, גיט א שאקעל מיטן קאפּ און זאגט:

» דראהט וואלט זיי תיכף ומיד אבגיהאלטען. אבער מיר האבען נישט גיהאט קיין דראהט. «

» היינט די מאשינענגיוועהרען! וואו זענען דאס עפּעס גיוועןן אונזערע מאשינענגיוועהרען? «

מען האט דעם קלארען איינדרוק, אז די פיהרער האבען גימאכט א שרעקלאכען פעהלער. מען איז נישט גיוועןן אבגעהיט ווי עס דארף צו זיין. עס זענען נישט גיוועןן קיין פארשטארקונגען. מען האט וועגען דעם נישט גיקלערט, עס זענען נישט גיוועןן גינוג הארמאטען, כדי צו פארצאמען דעם וועג. עס איז נישט גיוועןן גינוג מוניציע און ארטילעריע. מיר האבען אליין גיזעהען מיט אונזערע אויגען, ווי צוויי באטאריען האבען גימוזט אויפהערען צו שיסען. מען האט נישט אנגיגרייט גינוג גראנאטען. אין דעם גאנצען קאנט ארום, וויפיעל נאר דאס אויג האט פארכאפּט, זענען נישט גיוועןן בנמצא קיין באדעקונגען, און קיין גראבענס. וועגען זיי האט מען אפילו נישט א טראכט גיטון. דאס איז גיוועןן קלאר פאר אונז, אפילו פאר אונז פשוטע סאלדאטען.

» וואס קאן מען העלפען! « האט א זאג גיטון איינער פון אונז, » דאס זענען די פיהרערס. «

מען וואלט די דאזיגע ווערטער איבערגיחזרט נאך און נאך א מאהל, ווען מען וואלט נישט פארכאפּט גיווארען פון דעם טומעל פון א נייעם מארש, און ווען מען וואלט נישט גידארפט טראכטען מכּוח נעהענטערע און וויכטיגערע ענינים.

מען ווייס נישט וואו מען איז אין דער וועלט. גיגאנגען איז מען די גאנצע נאכט. דער רוקען ווערט איינגיבויגען פון נאך מעהר מידקייט, און נאך א גרעסערע פינסטערניש פארנעפּילט דעם קאפּ. מען איז גיגאנגען אין די טיפעניש פון טאָל. מען האט צורוקגיפונען די אָקאפּעס, און מען האט אין זיי אנגיטראפען א שלל מיט מענשען. די קליינע געסלאך פון די גראבענס מיט זייערע פאנאנדערגיפאלענע ערדזעק און מיט זייערע באלקענס, וואס פוילען אזוי ווי איברים פון א גוף געהען זיך צונויף און געהען זיך פאנאנדער און פאלען אריין אין טיפעענישען, וואו עס גיוועלטיגט איצט א גרויסע באוועגונג. עס

זענען דא פארהאן באזונדערע ערטער, פון וואנען עס געהען ארויס די באפעהלען, אין באזונדערע ערטער, וואו די פארוואונדעטע באקומען מעדיצינישע הילף. ארום האלבע נאכט האבען מיר באמערקט דורך א באלויכטענעם שפאלט פון א האלב גיעפענטער טיר, ווי אפיצירען זיצען ביים טיש. אויפ׳ן טיש איז עפעס ווייסעס אויסגישפרייט, א טישטוך אדער א לאנדקארטע. מען רופט אויס: „אט די האבען דאס א ביסעל מזל!" די אפיציערען פון דער ראָטע שטעלען איין זייער לעבען אקוראט ווי איטלאכער פון אונז, אבער נאר ביי די אנפאלען און דעם צוריקגעהען. זיי דארפען נישט האלטען קיין וואַך, זיי דארפען נישט טראגען קיין ראניעץ, און דארפען נישט טון קיין פארשיידענע אר־בייטען. דאס וואס גידויערט איז חשובער און שווערער. און דערנאך הויבען זיך אן די מויערין מיט די אראבגיקראכענע שטיינער, און די אפענע קעלערס. עס הויבט זיך אויף דער מארגען א לאנגער און ענגער, ווי אונזער מזל. אין די לעכער דערקענט מען פיגורען פון מענשען, וועלכע שלאפען אדער וועלכע קריצלען א בריף אויף זייערע קניע. מען קומט ארויס אויף א וועג, וועל־כער איז פול מיט מענשען. עס גיט א זעץ אנ׳עפּוש, וועלכער כאפט אן פאר׳ן גארגעל. דא מוז זיין א גראָבען, אין וועלכען די געסלאך גיסען ארויס זייער ברוד. ניין. מען זעהט אויסגישטעלט א שורה מיט מטות, און איטלאכע מטה איז אנגילאדען מיט א בר־מינן. עס איז דארט אויך פארהאן א גיצעלט פון גרויען לייוועגט, וואס קנאקט און פלאטערט ווי א פאהן. אין דעם שיין פון דעם פריהמארגען באווייזט זיך א רויטער צלם. ער ווייזט אויס ווי פון בלוט.

פון דער הויך, וואו איך שמעה באמערק איך אפטמאל גלייכע געאמעטרישע ליניעס, אבער זיי זענען אזוי פארפלאנטערט און אויס־געמישט איינע מיט דער אנדערער, און דער מרחק צווישען זיי איז אזוי ווייניג ניכר, אז איך ווייס נישט צי איז דאס אונזער מדינה צו נישט. אפילו אז מען זעהט ווייסט מען נישט. מען ווערט מיד קוקענדיג. די פאנטאזיע איז נישט בכוח אויסצופילען די ערטער מיט בילדער. מיר האבען דא אלע אויגען אנגעפילט מיט דער טונקעלקייט פונ׳ם אבענד און נשמות אנגיזאפט מיט דער שווארצקייט פון דער נאכט.

און נאכאנאנד דרעהען זיך ארום קאמפאניעס פון סאלדאטען איינע נאך די אנדערע אין די דאזיגע גראבענס מיט די נאסע ווענ־טלאך און מיט דעם ריח פון כלאר און שוועבעל. זיי לויפען אזוי גיך אזוי ווי די מויערן וואלטען הינטער זיי איינגיפאלען, זיי זענען איינ־גיבויגען, אזוי ווי זיי וואלטען גיגאנגען בארג־ארויף. זיי זענען אין גאנצען שווארץ אונטער די גרויסע ראנצעס, וועלכע זיי שלעפען מיט זיך פון איין ארט אויף דעם אנדערען אזוי ווי פעלזענס וועלכע די פארמשפטע רשעים שלעפען ארום אין גיהנום. מיר פילען אויס דעם פלאץ, אוואו עס זענען אריבערגיגאנגען די מחנות ווי א ווינד, אדער זענען געבליעבען דארטען ווי שטיקער ערד.

מען שטעלט זיך אב ביי א פארטיפונג פונ׳ם גראבען. מען לעהנט זיך אן מיט דעם רוקען אן די ווענטלאך און מען שפארט אן דעם ראניעץ אן די שטיקלאך שטיינער וואס סטארצען פון זיי ארויס. אבער מיט די פיס טאפט מען אן פארשיידענע זאכען וואס קריכען ארויס פון דער ערד. מען פיהלט אז דאס זענען קניע, איילענבויגענס און קעפ. א מאל זענען זיי דא גיוועןן פארגראבען און דערנאך זענען זיי אנטפלעקט גיווארען. אויף דעם ארט, וואו איך שטעה איצט, און פון וועלכען איך האב זיך פלוצים אבגירוקט מיט אלע מיינע אייזערנע און שטאהלענע כלים, סטארצעט ארויס א פוס פון א גוף אונטער דער ערד. איך פרווו איהם אבצורוקען אן א זייט, אבער ער איז אזוי פארהאר־טאוועט און אזוי פעסט איינגיפונדעוועט, אז מען וואלט איהם גימוזט אבהאקען, ווען מען וויל פון איהם פטור ווערען. איך באטראכט דאס דאזיגע טויטע שטיק. נישט ווילענדיג ווערט דער גידאנק צוגיצויגען צו דעם דאזיגען ליגעדיגען גוף, אויף וועלכען עס דריקט א גאנצע וועלט. אין איינעם מיט איהם לאזט זיך אראב דער געדאנק אין די טיפעניש פון דער ערד און מאלט ארום איהם אויס א געוויסע פארם. זיין געזיכט . . . איך וואלט גיוועןן א בעלן צו וויסען דעם אויסדרוק פון דעם דאזיגען געזיכט, דעם אויסדרוק, וועלכער צוגעהט און ווערט כָּלה אין איינעם מיט איהם אין שווארצען תהום. איצטער קאן מען שוין זעהען, וואס עס טוט זיך אונטער די קאמפפעלדער. די ברייטע וואנד פון דעם גראבען איז באזייט פון מענשליכע איברים, פון שווארצע און

קויטיגע מענשלאכע באוועגונגען. זיי באדעקען איהר ווי א בולט גימעל. דאס איז די טיר אין גיהנום אריין. יא, דאס איז דער אריינ־גאנג אין די טיפעניש פון דער ערד.

געהענדיג אהערצו האב איך אויף דעם וועג גישלאפען. און איצטער געפינענדיג זיך אין דעם דאזיגען קליינעם קעלער, איינגימויערט אונטער דעם משופעדיגען באלקען האב איך דעם געפיהל פון זיכער־קייט. איך בין אין גאנצען נישט מעהר ווי דער איינציגער זיסער באגעהר: שלאפען. ווי אבער איך הויב אן איינצודרעמלען און זיך אויסצופילען מיט חלומות, אזוי קומט אריין א מענש. ער איז נישט באוואפענט און נישטערט מיט דער ווייסער און שטעכענדיגער שפיץ פון זיין עלעקטרישען לעמפעל. דאס איז דעם פאלקאווניקס דענסטשיק. ער זוכט ארויס אונזערען פעלדפעבעל און זאגט איהם, אז ער באַ־דארף צו האבען זעקס מענשען צו אנ׳ארבייט. דער פעלדפעבעל הויבט זיך אויף און זאגט מיט א געניץ: בוטאָאַר, ווידאַם, מאַרגא, טערמיט, פּאָלען, רעם! און ווערט תיכף ווידער אנטשלאפען.

מען געהט ארויס פוז דעם קעלער און ביסלאכווייז שלאגט מען זיך ארויס פון שלאף. מען געפינט זיך שטעהענדיג אין א דארפגאס. ווי נאר אבער מען באריהרט די פרישע לופט, אזוי ווערט אונזער הייפעל ארומגעכאפט פון פארנט און פון הינטען פון א ליארם און א געפילדער באלייט מיט פלאמען. דא ערשט אין דעם שיין פון די פלאמען דערזעהען מיר זיך איינער דעם אנדער׳ן. מען גיט זיך א ווארף ווי א כאליאסטרע הינט אין די ערשטע טיר אין דער ערשטער לאך. עטלאכע פון אונז שרייען אויס „מען האט אונז אריינגינארט אין זאק אריין״.

נאכדעם ווי מיר האבען אבגיטראגען אונזערע משאות, געהען מיר צוריק אריין. איך לייג זיך אנידער אין מיין ווינקעלע, שווערער איידער אלעמאל, מעהר אויסגעטון פון אלץ איידער אלעמאל, און טיע־פער פארגראבען אין אלץ איידער אלעמאל. איך הויב אן איינצושלא־פען און אויסצוטון זיך פון זיך אליין פארוויגט פון א שטים, וועלכע סטארעט זיך, זיך צו דערמאהנען וויפיל טעג איך בין שוין אונטערוועגס און חזרט איבער די נעמען פון די נעכט: דאנערשטאג, פרייטאג,

שבת · · · אבער אומזיסט, דאס גיט זיך מיר נישט איין. עס קומט ארײַן דער אייגענער פארשוין וואס פריהער מיט דעם שטעכנדיגען לעמפּעל און פארלאנגט נאך א קאמפאניע, און וועלכער איך מוז זיך אויך געפינען. ווי נאר מיר קריכען ארויס אויף די פרישע לופט, אזוי שיקט אונז די נאכט אנטקעגען א שטארקען שטורמדיגען ווינד, וואס קערט ממש איבער דעם גאנצען שטח ארום אונז. מיר ווערען צושיידט איינער פון דעם אנדערען, און דערנאך קומען מיר זיך ווידער צונויף. מען טראגט באלקענס צו צווייען און דערנאך גאנצע הויפענס מיט זעק, וואס פאר־שיטען די טרעגערס מיט א קאלכיגען שטויב. מיר שאקלען זיך אונ־טער דער משא אזוי ווי די מאסטען פון א שיף. צום לעצטען מאל איז איסגעפאלען אויף אונזער חלק די שרעקלאכסטע משא — דראהט פאר די דראהטפארצאמונג. איטלאכער פון אונז האט באקומען אין די הענט א גרויסען צונויפגידרעהטען רייף, וועלכער האט גיוואויגען 30 קילא און גיוועז אזוי הויך ווי דער טרעגער. בעת מען טראגט איהם, הויבט ער זיך אן פאנאנדערצוציהען ווי א חיה, ער טאנצט ביי איטליכער מינדסטער באוועגונג, ער קוועטשט צונויף די פלייצע און פלאנטערט זיך ארום די פיס. מיין רייף, וועלכען איך טראג אויף מיר וויל זיך נישט אנדערש אנטשעפּען אן מיר און מיך א שליידער טון אן דר׳ערד, מיט דעם דאזיגען חפץ, וואס האט אין זיך ווילדע און משונהדיגע באוועגונגען און פלייסט זיך אבצוטון כלערליי בייזע שפּיצ־לאך, דארף מען דאס דורכגעהען דורך די הורבות פון א באהן, דורך שטיינער און באלקנעס און ארויפקלעטערן אין דעם אבהאנג פון א בארג, וועלכער גליטשט זיך ארויס פון אונטער די פיס. און שטעהענ־דיג אויבען, מוז מען זיך ראנגלען, מען מוז ציהען און שטויסען די איינגעשפּארטע און פארביסענע משא. נישט מעגליך צו דערגרייכען דעם שפּיץ, וועלכער דרעהט זיך אוועק און רוקט זיך אב. אבער מען דערגרייכט איהם פארט. איך בין, דוכט מיר, א מענש מיט גיזונטע חושים. איך האב האלט דעם לעבען און איך האב דעם געפיהל פון אחריות, און אין דער דאזיגער רגע האב איך אויף מיר גירופען דעם טויט, איך האב גיבעטען די קויל, וואס זאל מיך באפרייען פון די יסורים. מען קומט צוריק מיט ליידיגע הענט און מען פיהלט זיך וואהל.

אז אך און וועה צו אזא וואהלקייט· איך דערמאהן זיך, ווי מיין חבר האט גיזאגט·

»די שטיקער גידרעהטע בלעך זענען נאך ערגער·«

באגינען הערט די ארבייט אויף, הגם די סאפּיארען באקלאגען זיך, אז די שפּייכלערס זענען פּארוואַליעט מיט א מאסע מאטעריאל, וואס מען נוצט נישט אויס· פון זעקס ביז זיבען אין דער פריה שלאפט מען· ווי נאר עס הויבט אן צו טאגען, אזוי קריכט מען אראפּ פון דעם קעלער ווי די נאכט פייגלאך·

»און וואו איז די זופּ?« פרעגט מען·

עס איז נישט דא קיין זופּ· די קיך איז נאך נישט גיקומען· מען ענטפערט:

»ווייטער גיגאנגען!«

ביי די ברעגען פון א דארף באווייזען זיך אין דעם בלאסען און הארטען שיין פון דעם פריהמארגען גערטענער, וועלכע האבען שוין אנגיווארען איטלאכען סליאד פון וועלכער נישט איז מענשלאכער פארם· די ערד ארום אין ארום איז אויסגיברענט און פארזונקען, די צוימען וואלגערן זיך ארום ווי ביינער· אנשטאט געוויקסען זעהט מען ווי עס שפּיגלען זיך אב אין די לוזשעס די געלבלאכע שאטענס פון די סאלדאטען· די מלחמה פארברודיגט די פעלדער, ווי די פּנימער, און די פּנימער ווי די נשמות·

אונזער ראטע שאקעלט זיך· א גרויע, א ווייסלאכע און צו־שטערטע אין א מיאוסער מידקייט· פאר א שפּייכלער בלייבט מען א ווײלע שטעהען·

»די וואס זענען אבגימאטערט קאנען דא לאזען זייערע ראנצעס,« גיט דער נייער אונטעראפיצער אנ׳עצה, »זיי וועלען זיי דא ווידער געפינען·«

»אויב מען לאזט שוין איבער דעם ראניעץ איז א סימן אז מען געהט אויף אנ׳אטאקע« זאגט אנ׳אלטער סאלדאט, הגם ער ווייס עס נישט אויף קלאר· די ראנצעס פאלען איינער נאך דעם אנדערען אויף די קויהלענבאשטויבטע דילען פון דעם שפּייכלער· א פּאר סאלדאטען אבער גלויבען נישט אין דער גאנצער זאך און האלטען ביי זיך זייערע ראנצעס· אויף אלע פאלען, איז אלעמאל פאראהאן א יוצא מן הכלל·

»ווייטער גיגאנגען!« דיזעלביגע אויסגישרייען וואס אלעמאל ברייגען אונז אריין אין באוועגונג· ווייטער גיגאנגען· ווייטער מאר־שירט! זייט גובר אייער גוף· וועלכער וויל אייך נישט פאלגען· כאפט זיך אויף פונ׳ם שלאף ווי פון א קבר· גיט אלץ וואס איהר זייט נאר בכוח צו געבען· און מארשירט ווייטער· דאס מוז מען· ווארום דאס פארלאנגט א העכערער אינטערעס· א גיזעץ פון אויבען· וואס דאס איז ווייס מען נישט· מען קען מעהר נישט· ווי די טריט· וועלכע מען מאכט· און אפילו ביי טאג געהט מען אזוי ווי ביי נאכט· און אחוץ דעם קאן מען נישט העל־פען· די גידאנקען און דער רצון האבען שוין איצט קיין שליטה נישט· עס איז נישטא קיין מיטעל· וואס זאל אונז קאנען ארויסראטעווען פון די פאסירונגען און פון דער גאנצער מאשינעריע· וועלכע האט אונז פארכאפט· נישטא קיין מיטעל· ווי אזוי ארויסצודרעהען זיך פון דער מידקייט· פון דער קעלט· פונ׳ם וועהטאג און פון דעם געפיהל פון עקעל· ווייטער גיגאנגען! דאס מוז מען! דער וועלטשטורם שטויסט ווייטער די דאזיגע בלינדע באשעפענישען· וואס טאפען מיט זייערע ביקסען·

מען איז דורכגיגאנגען א וועלדעל· און דערנאך האט מען זיך ווידער פארגראבען אין דער ערד· אין א דורכגאנג איז מען פארכאפט גיווארען פון א שיסעריי· עס איז שרעקליך צו געהען אין מיטען הע־לען טאג דורך אזעלכע שמאלע דורכגאנגען· וואס זענען אפען פון איין עק ביז דעם אנדערען· סאלדאטען ווערען גיטראפען פון די קוילען און פאלען אנידער· אויף די ערטער· וואס עס פאלען די סאלדאטען ווערט אויף א ווילע א קליינער גירודער· אנדערע שטעלען זיך א ביי־סעל אב פאר דעם לעבעדיגען צוים· וועלכער פארשפארט זיי דעם וועג· באטראכטען פינטלענדיג מיט די אויגען די ריכטונג· אין וועלכער עס שפאצירט דער טויט· און זאגען:

»מילא· אויב מען מוז· מוז מען· ווייטער·«

זיי גיבען אב זייערע קערפערס אין דעם רשות פון דעם מלאך המות· די קערפערס· וועלכע די קעלט און דער נישט גיזעהענער טויט באריהרען אזוי ווי די הענט פון א פרוי: די באריהרונגען צווישען די מענשליכע באשעפענישען און די כוחות פון דער נאטור האבען אין זיך

עפעס אזוינס ווי דאס ממשותדיגע אנטאפּעו פון א האנד און אין דער אייגענער צייט עפּעס פרישעס און געטלאכעס.

מען האט מיר גיהייסען אריינקריכען אין א לאך אויסצוהארכען דעם שונא. איך האב זיך גימוזט איינבויגען און איינקארטשען אין דריי־ען. דאס איז גיווען א שפּאלט, אין וועלכען עס זענען גיווען אנגעי־ווארפען פארשיידענע חפצים און שטיקלאך חורבות. ביי די ערשטע טריט האב איך אנגענומען מיטלען, כדי נישט ארויפצוטרעטען אויף די פארשיידענע זאכען, וועלכע האבען זיך דארט גיוואלגערט. אבער דער־נאך האב איך מיר אנגיטון א כוח. מען האט דאך גימוזט, מיין פוס האט געציטערט ביי איטלאכען טראט. אויף דעם ברעג פון דער לאך האט זיך אויפגיהויבען דער שטומף פון אנ׳אבגיהאקטען בוים אזוי ווי א סלופּ. אמאל איז דא גיווען א גאס אדער אפשר אויך א פלאץ. אנ־קוקענדיג דאס בין איך שטעהען געבליבען א פאר מינוט. מחמת דער מידקייט פונ׳ם גוף איז די נשמה גיווארען ווייך און איך האב מיט אמאל גֿיקראגען רחמנות מיט דעם דאזיגען קבר פון א בוים.

אין צוויי שעה ארום האב איך אנגייאגט מיין אבטיילונג. מען בלייבט טאקע דא. די שיסעריי פארשטארקט זיך. עס געהט אוועק דער פריהמארגען, עס געהט אוועק דער נאכמיטאג. עס קומט אן דער אבענד.

מען הייסט אונז אריינגעהען אין א שטארקע באדעקונג. משמעות, אז ערגיץ וואו קומט פאר אנ׳אטאקע. דורך א שפּאלט צווישען די ערדזעק — זיי זענען אזוי צופוילט און שוויצען אזוי שטארק אזוי ווי זיי וואלטען אמאל גילעבט — זעהט זיך א קלייגער ווי אומעטיגער, ווינטערדיגער וועג. מען באטראכט דעם הימעל, כדי אויסצופארשען די ריכטונג פון דעם שטורם, מען קאן אבער גארנישט וויסען.

די שיסעריי פון די ארטילעריע פארבלענדט די אויגען און לאזט נישט זעהען. אויפ׳ן הימעל געהט אלץ כאַדאָראַם. עס זעהט אויס, אזוי ווי דארט וואלט פארגיקומען א דועל אויף שווערטען. אונטער דעם הימעל, וועלכער איז שווארץ אזוי ווי פאר א רעגען, ווארפט די שיסעריי א טויט־בלאסען אבשיין אין אלע ריכטונגען.

די פעלדער ריהרען און באוועגען זיך, זיי לאזען זיך אראב און ווערען פלוצים אנגיצונדען פון איין עק וועלט ביז צו דעם אנדערען. די אומענדליכקייט ציטערט און פלאטערט אזוי ווי א ים. פון מזרח־זייט א מוראדיגע בראזגערייי פון גיפלאצטע באמבעס און גראנאטען. פון דרום זייט א שטורמווינד. אין דעם סאמען מיט פון דעם הימעל א שורה פון שראפנעלס, ווי די פייערדיגע אבגרונדען פון וואול־קאנעס. דורך די זיילען פון רויך און די נאכט וואס רוקט זיך אן ווערט דער גיהנום נאך מעהר פארחושכט. צוויי אדער דריי פון אונז רוקען צו דעם פנים מיט מסירת נפש צו דעם ערד־שפאלט און מיר קוקען ארויס, כדי צו זעהען וואס טוט זיך און אגב אויך כדי צוצוזעצען זיך אביסעל אויף דער ערד. מען זעהט אבער לחלוטין גאר נישט איבער דעם אומענדלאכען שטח, וואס איז אנ־גיזאפט מיט רעגען און מיט טונקעלקייט און אויף וועלכען עס צו־ברעקלען זיך די וואלקענס וואס לאזען זיך אראב פון הימעל און די וואלקענס, וואס הויבען זיך אויף פון דער ערד. דערנאך דערזעהט מען אין דעם משופעדיגען רעגען און די אומענדלאכע גרויקייט אנ'איינציגען מענשען, וועלכער שפרייזט מיט דעם באגנעט פון ביקס פארויס איינער אליין, אזוי ווי א רוח פון יענער וועלט.

מען זעהט ווי דאס דאזיגע באשעפעניש אהן קלארע פארמעס פארלאזט אונזערע ליניעס און געהט ווייטער נאך אונטען צו. מען זעהט נאר איין איינציגען מענשען. אפשר האט ער ערגיצוואו לעבען זיך נאך דעם שאטען פון א צווייטען. מען פארשטעהט לכתחילה נישט וואס דאס באטייט. דערנאך הויבט מען אן צו פארשטעהען, דאס אין דער אנהויב פון אנ'אנפאל.

וועגען וואס אנ'ערך טראכט אט דער דאזיגער מענש איינער אליין אונטער דעם רעגען ווי א פארטריבענער, וואס לאזט זיך אוועק אין דעם ברייטען שטח, וועלכער רוישט און הוזשעט ווי א מאשינע! ביי דעם שיין פון א גאנצען פאנטאן פון בליצען האט זיך מיר אויף א ווייל'ע אויסגידוכט, אז איך זעה א מאדנעם געזיכט פון א נזיר. דערנאך אבער האב איך זיך בעסער איינגיקוקט: דאס איז דאס געזיכט פון א גיוועהנטלאכען מענשען, איינגעוויקעלט אין א האלזטוך.

»דאס איז איינער פון די 150 אדער די 120« שטאמעלט א שטים לעבען מיר.

מען ווייס אבער סך הכל מער נישט ווי איינס: דאס איז דער אנהויב פון אנ׳אנפאל.

און אז ער איז שוין געלם גיווארען אין דעם תהום פון די שטורמען באווייזט זיך נאך איינער, און פון הינטען ווידער נאך איינער. זיי געהען איינציגווייז, צושיידט איינער פון דעם אנדערען, און זעהען אויס ווי פרמשפטע צום טויט. זיי ברייגנען זיך אליין פאר א קרבן און מאכען די אנדערע צו קרבנות. זייערע מאנטלען שפרייטען זיך פאנאנדער. און מיר אין אונזער נאכטווינקעל, מיר דריקען זיך צונויף. מיר שטויסען איינער דעם אנדערען און הויבען זיך אין דער הויך מיט אונזערע פארמאטערטע איברים, כדי צו כאפען א קוק אויף די פוסטקייט און אויף די דאזיגע אבגיזונדערטע גרויסע סאלדאטען.

מען געהט צוריק ארונטער אונטער דער באדעקונג, וועלכע איז איינגיטונקט אין פינסטערניש. עס לאזט זיך הערען די שטים פון דעם מאָטאציקליסט אזוי אז עס דוכט זיך אויס, אז מען זעהט זיין רוקען. ער באשרייבט וואס עס האט זיך אבגיטון אין באָרדאָ אין דעם חדש סענטיאבר, בעת די רעגירונג איז דארטען גיוועזן. ער דערצעהלט זיך אן מעשות פון די בעלער, די הוליאנקעס און די שמחות, און ווי אזוי מען האט דארט גישאשצעט מיט געלט. אין דער שטים פון דעם דאזיגען נפש הערט זיך א טאן פון גדלות.

אבער מחמת דעם גרויסען טומעל און דעם גרויסען געפילדער מוז מען אנטשוויגען ווערען. אונזער באדעקונג ציטערט און סקריפעט. אונזער באדעקונג איז אויך א פארצאמונג, איינע פון יענע פארצאמונגען, קעגען וועלכע עס טרעטען ארויס מיט מסירת נפש אט די פרשוינען, וועלכע מיר האבען אקערשט ערשט גיזעהען. לעבען דער טיר פון דער דאזיגער פאלט פלוצים א בליץ און באלייכט אונזער אלעמענס פנימער, אויף וועלכע עס מאלט זיך אויס א שרעקלאכע צורודערונג. מען מיינט, אז עס איז שוין א סוף צו אלעמען. אייגער מאכט העויות, אזוי ווי א גנב בעת מען כאפט איהם, דער אנדערער

עפענט אויף ברייטע און גרויסע אויגען פון א מענשען, וואס איז ענטוישט גיווארען, ווידער אנ׳אנדערער שאקעלט אהין און אהער מיט זיין אנגיוועהטאגטען קאפ, ווייל ער חלשט שלאפען, און נאך אנ׳אנדער זיצט איינגיקארטשעט ווי א קנויל מיט דעם שטערן אין די הענט. מיר האבען אלע גיזעהען איינער דעם אנדערען שטעהענדיג, זיצענדיג, פארמוטשעט אין דער דאזיגער רגע פון מיטען העלען טאג, וואס איז אריינגיפאלען אין די טיפענישען פון דער ערד, כדי אויפצוּוועקען אונזערע שאטענס פון טויט.

די הארמאטען ווערען אויף א ווייליכקע שטיל און א קול רופט אויס ביים אריינגאנג:

»ווייטער פארויס!«

»דאס מאל וועט מען שוין דארטען בלייבען,« ברומען אונטער די סאלדאטען.

מען זאגט, הגם מען ווייס נישט. מען טרעט ארויס אין א צונויפמישעניש פון פייער און ליארם.

»עס וואלט נישט גישאדט ארויפצוזעצען די באגנעטען אויף די ביקסען,« זאגט דער פעלדפעבעל.

עס גידויערט א ווייליכקע, ביז מען שטעקט ארויף דעם באגנעט, דערנאך לויפט מען אניאגען די אנדערע. מען לאזט זיך אראב, מען הויבט זיך ארויף, מען מארשירט, מען געהט ווייטער — אזוי ווי אלע אנדערע. על כל פנים איז מען שוין נישט אין די אקאפעס.

»אויף די קניע!«

מען לאזט זיך אראב אויף די קניע.

עס איז אדורכגיפלויגען א בליץ און האט אונז א זעץ גיטון אין די אויגען, אז מען האט קוים גיקאנט אויסהאלטען. ביים שיין פונ׳ם בליץ האבען מיר דערזעהען פאר זיך אנ׳אפענעם גראבען. מיר האבען שוין גיהאלטען דערביי, אין איהם אריינצושפרינגען. דער גראבען איז געווען פוסט און אומבאוועגלאך... ניין, דוכט זיך, אז ער איז פול מיט מענשען... אבער עס איז טאקע אזוי, ווי עס האט אויסגיזעהען פריהער, ער איז ליידיג. ער איז פול מיט סאלדאטען אויף דער וואך, טויטע סאלדאטען. די דאזיגע שורה

האט בלי ספק ארויסגיסטארצעט פונ׳ם גראבען, בעת דער גראנאט האט גיפלאצט, און ער האט גיטראפען די געזיכטער.

אין דעם שיין פון דעם ציטריגען ווייסען שטראהל זעהט מען, ווי דער בליץ האט ארויסגיזעצט די שטערנ׳ס און די שלייפען און האט אראבגעריסען דאס פלייש פון די פנימער. איבער דער אויבערפלאך פון דעם מאוימדיגען קאמף־פלאץ סטארצען ארויס שרעקלאך אומסימעטרישע קעפ, וואס זענען אין גאנצען צוריבען, און צובראכען אויף שטיקלאך; אט שווימט ארויס אנ׳אנדער קאפ ווי א שפיץ פון א בערגיל; די גאנצע אנדערע העלפט איז איינגיזונקען אין דעם חושכדיגען תהום. ביים סוף פון דער שורה איז דער חורבן נישט אזוי שרעקלאך; מעהר נישט די אויגען זענען אויסגיהאקט. די מירמעלשטיינערנע קעפ מיט די פוסטע הויהלען פון די אויגען קוקען פאר זיך מיט דעם קוק פון א פארטריקענטען שאטען, די טיפע און טונקעלע וואונדען אויף די פנימער זעהען אויס ווי גריבער און פארטיפונגען, ווי גרויסע לעכער, אויס־גיגראבען אין דער ערד, און ווי פעיזאזשען אויף דער לבנה, ווען מען באטראכט זי אין טעלעסקאפ. און דער ארט, וואו די פנימער האבען א מאל גישטראהלט מיט דער ליכטיגקייט פונ׳ם לעבען, איז איצט באדעקט מיט שטערנדלאך פון בלאטע.

מיר האבען אריבערגישפרונגען דעם דאזיגען גראבען. מיר מארשירען גיכער און קוקען שוין מעהר נישט אויף יענע פונקען־בינטלאך, וועלכע מען שיקט פארויס, כדי אויסצופארשען דעם וועג, און וועלכע פלעגען אונז תמיד זאגען: „איך ווייס״ און „איך וויל״. אלץ ארום אונז האט באקומען אנ׳אנדער׳ן פנים, די גיוואהנהייטען און די כללים: מען מארשירט אויף אנ׳אפענעם פלאץ, אן מען האלט דעם קאפ אין דער הויך. דעמאלט ערשט האב איך פלוצים פארשטאנען דאס, וואס מען האט באהאלטען פון אונז ביז צו דער לעצטער רגע: אז מיר געהען צו אנ׳אנפאל, צו אנ׳אטאקע!

יא, די קעגן־אטאקע האט זיך שוין אנגיהויבען, און מיר האבען דערפון גאר נישט גיוואוסט... איך סטארע זיך

נאכצוגעהען די אנדערע· אבי נאר איך זאל נישט ווערען דערהרגעט· ווי א סך אנדערע· אבי נאר איך זאל ניצול ווערען· ווי א סך אנדערע! אבער אויב איך וועל דעהרגעט ווערען· איז טאקע ביטער·

איך לויף פארויס· מיינע וויהעס זענען אפען· אבער זעהען זעה איך גארנישט· אין מיינע שטייפע· אומבאוועגלאכע אויגען פלאנטער׳ן זיך מטושטשדיגע בילדער· די מענשען ארום מיר זעהען אויס ווי מאדנע כוואליעס; גישרייען און אויסרופען מישען זיך צונויף אדער זינקען אראב· די שיסעריי באזייהט די פאנטאסטישע נאכטיגע אבהאנגען מיט פונקען און בליצען· הימעל און ערד זענען אנגעפילט מיט זעהונגען — און ארום די אנגעצונדענע פלעקער און שטאנגען שפרייט זיך אויס א גאלדענער גיוועב·

איך דערזעה פאר מיר א מענשען מיט א פארבונדענעם קאפ·

ער קומט פון אנ׳אנדער זייט· ער קומט פון אנ׳אנדער מדינה! ער האט מיך גיזוכט· און איך האב איהם גיזוכט· ער איז גאנץ נאהענט· אט איז ער לעבען מיר; און אטווארפט ער זיך ארויף אויף מיר·

די מורא· אז ער זאל מיך נישט דערהרגענען אדער אפשר אז ער זאל זיך נישט ארויסדרעהען פון מיר האט גורם געווען דערצו· איז איך האב מיר אנגיטון א מוראדיגען כוח· איך האב פאנאנדער־גינומען די הענט· ארויסגילאזען דעם ביקס און האב איהם ארומ־גיכאפט· מיינע פינגער גראבען זיך איין אין זיין פלייצע· אין זיין געניק· און איך דערטאפ מיט א מין משונהדיג ווילדע שמחה די אייביגע פארם פון דעם מענשלאכען סקעלעט· מיט אלע כוחות און אויך א י ב ע ר מיינע כוחות האלט איך איהם פעסט ביים האלז· און מירביידע ציטערן מיט מיין אייגענעם שוידער·

ער איז נישט גיפאלען אויף דער המצאה ארויסצולאזען די ביקס פון די הענט· ער גיט נאך· און פאלט אויף דער ערד· איך טשעפע זיך אין איהם איין· אזוי ווי עס וואלט זיך ווענדען דערפון מיין גאנצע ישועה· עפעס הויבט עס אן צו כארכלען ביי איהם אין האלז און וויל זיך אויסגיסען אין א ווארט· ער גיט א מאך מיט דער האנד· וואס האט מעהר נישט ווי דריי פינגער· איך האב

קלאר געזעהען, ווי זי האט זיך אבגיצייכעכט אויף דעם נעפּיל און און האט אויסגיזעהען ווי א גאפּעל.

און בעת ער וואקעלט אזוי מיט מיינע ארעמס און ראנגעלט זיך מיט'ן טויט, דערשלאגט איהם פון הינטען א דונער. זיינע ארעמס הענגען אראב, זיין קאפּ גיט זיך פּלוצים א בויג צוריק אויף הינטען, אבער זיין גאנצער גוף פאלט אויף מיר ארויף ווי א קנויל, ווי אנ'איבערמענשלאכער הויך.

איך גיב א פאל צו דער ערד. איך שטעל זיך ווידער אויף די פיס, און בעת איך פלייס זיך צו דערקענען, וואס עס טוט זיך מיט מיר און וואו האלט איך אין דער וועלט, דערפיהל איך א גרינגען קלאפּ אין די לענדען. וואס קאן דאס זיין? איך מארשיר פארויס אהן אנ'אויפהער, איך מארשיר פארויס מיט מיינע ליידיגע הענט. איך זעה ווי די אנדערע געהען פארביי. איך אבער בלייב שטעהן, און פּלוצים פאל איך אנידער.

# חורבות



יך פאל אויף די קניע און ציה זיך אויס אין דער לענג. איך טו דאס, וואס עס טון כמעט אלע אנדערע. איך בין איינער אליין אויף דער ערד, פּנים אל פּנים מיט'ן שטויב און מיט דער בלאטע, און קאן נישט באוועגען קיין איינציגען אבר. ארום מיר גיבען אלע ווילע די גראנאטען א הילכיגען א שרעקלאכען פּאטש אין דער ערד. דער הייזעריגער שטורם־ווינד וועלכער קען מיך נישט און ווייס מיך נישט וויל פארט ארויסגעפינען דעם ארט, אוואו איך ליעג.

דער קאמף דערווייטערט זיך פון מיר, און די דאזיגע דער־ווייטערונג איז זעהר טרויריג. איך סטארע זיך צו הארכען מיט'ן עק פון מיין אויער, און נישט קוקענדיג אויף אלע מיינע אנשטרענ־גונגען, ווערט דער רעש פון דער שיסעריי פארשטומט. איך בין איינער אליין; עס גיט א בלאז א ווינטעל; איך בין נאקעט.

איך בלייב צוגעשמידט צו דער ערד. איך גראב זיך אריין

מיט מיינע פינגער ביז צום סאמען גרונט פון דער בלאטע, ביז אזש צו די שטיינער וואס ליגען אויף דעם גרונט און דרעה אויס א ביסעל דעם האלז, כדי צו זעהען די גוואלדאוונע משא, וואס דריקט אזוי אויף מיין רוקען. עס איז נישט דא קיין שום משא, איבער מיין קאפ שוועבט בלויז די אומענדלאכקייט.

מיינע בליקען בלאנזען ארום איבער דער אויבערפלאך פון דער ערד. עפעס קייטלען זיך איינע אן די אנדערע מאדנע טונ־קעלע זאכען און עס דוכט זיך אז זיי פארפלעכטען זיך מיטאנאנד און נעהמען זיך ארום איינע די אנדערע. איך קוק זיך איין אין די דאזיגע טונקעלע פלעקען, וועלכע פארשטעלען פאר מיר דעם אויסקוק אין די ווייטעניש אזוי ווי בערגלאך, און וועלכע זעהען אויס ווי באוועגונגען און מענשען. די גיפאלענע מחנה פארשפארט מיך צווישען איהרע חורבות. איך ווער פארשטעלט און פארדעקט דורך די, וועלכע ליגען אויף דער ערד, ווי איך בין פריהער גיוועזן פארשטעלט און פארדעקט דורך די, וועלכע זענען גישטאנען אויף די פיס.

קיין וועהטאג פיהל איך נישט. איך בין עפעס מאדנע רוהיג. איך בין ממש שיכור פון לויטער רוהיגקייט. זענען דאס מתים, אט די אלע דאזיגע, וואס ליגען לעבען מיר? מען קאן גאר נישט נישט וויסען. די מתים זענען די רוחות פון די לעבעדיגע, און די לעבעדיגע זענען די רוחות פון די טויטע. עפעס ווייכעס און ווארימעס לעקט מיר די האנד. די שווארצע מאסע, וואס הענגט איבער מיר, גיט א ציטער. דאס איז א גיפאלענער פערד. זיין גרויסער גוףליידיגט זיך אויס, זיין בלוט רינט איבער מיר און גלעט מיר די האנד, אזוי ווי דאס עלענטע באשעפעניש וואלט מיך באלעקט מיט זיין צונג. איך מאך צו די אויגען און חלום פון א יום־טוב, וועלכען איך האב איבערגילעבט אין די אמאליגע יאהרען; איך דערמאהן זיך, אז איך האב אמאל, ביים סוף פון א גייעג גיזעהען, ווי א יונגער הירשעלע האט זיך באגאסען מיט בלוט אויף דעם ליכטיגען און טעאטראליש באפוצטען פלאץ פון א זומערדיגען וואלד בעת דער גאנצער עולם ארום און ארום איז גיוועזן מלא שמחה.

עפּעס רעדט עמיצער לעבּען מיר.

די לבנה האָט זיך בּלי ספק בּאַוויזען אויפ׳ן הימעל. דער־גרייכען מיט מיין קוק בּיז אין דער הויך פון די וואָלקענס קאָן איך נישט. אין דעם שיין פון דעם דאָזיגען ווייסלאַכען ליכט בּליאַס־קענען די מתים ווי די קברים.

איך סטאַרע זיך אַרויסצוגעפינען, ווער עס רעדט. צוויי קערפּערס ליגען איינער איבּער דעם אַנדערן. דער, וואָס ליגט פון אונטען איז גרויס ווי עוג מלך הבשן; זיינע אָרעמס זענען פאַרוואָרפען אויף הינטען אין אַ בּאַוועגונג פון אַ שטורעם־ווינד. זיינע האָהר זענען צוואָרפען און האַרט, און רינגלען אַרום זיין שטערן ווי אַ צובּראָכענע קרוין. זיינע אויגען זענען גרינלאַך און פאַרגליווערט, ווי צוויי שטיקלאַך שפּייעכץ, און זיין אומבּאַוועגלאַכ־קייט איז מאָדנע גרויס און שווער — אין לשַעֲרִ.

אויף דעם אַנדערען פונקלען און בּלישצען גאָלדערנע און זילבּערנע פּינטעלאַך.

דאָס רעדט ער דאָס אַזוי אָהן אָנ׳אויפהערן. אָבּער הגם ער רעדט שטיל, אַזוי ווי אַ גוטער פריינד, קלעבּט זיך דאָך בּיי איהם נישט אַ וואָרט צו אַ וואָרט. ער איז אַראָבּ פון זינען! זיין קרובהשאַפט קאָן מיר קיין נוצען נישט בּרענגען! און פונדעסטוועגען, וועל איך אַ פּרוּוו טון זיך צושלעפּען צו איהם ווי עס איז. איך קוק זיך אין איהם איין. איך גיבּ זיך אַ טרייסעל, איך טו אַ בּלינצעל מיט׳ן אויג, כּדי בּעסער צו זעהען. ער טראָגט אויף זיך דעם פאַרשאָלטענען מונדיר פון דעם שונא! איך גיבּ אַ שפּרונג און כאַפּ זיך צו די גאָלדענע און זילבּערנע פּליטערלאַך, מיט וועלכע ער איז בּאַהאַנגען, איך קאָן זיך אָבּער בּשום אופן נישט דער־נענטערען צו איהם. עס דוכט זיך מיר אויס, אַז איך האָבּ אויף זיך קיין גוף נישט. ער גיט אויף מיר אַ קוק. ער האָט דערקענט מיין מונדיר, אויבּ מען קאָן איהם נאָר דערקענען, ער האָט דערקענט מיין היטעל, אויבּ איך האָבּ נאָך אַ היטעל אויפ׳ן קאָפּ. און אפשר האָט ער דערקענט דעם שטעמפּעל פון מיין אָבּשטאַמונג, וואָס איז איינגיגראָבּען אין די שטריכען פון מיין פּרצוף. יאָ, ער האָט

דערקענט דעם דאזיגען סימן אויף מיין צורה: אנ׳אבגלאנץ פון שנאה מעקט כמעט אויס דעם אויסדרוק פון זיין געזיכט, וועלכען איך האב פריהער גיזעהען אזוי נאהענט לעבען מיר. די נשמות פון אונזביידען מאכען א שרעקלאכע אנשטרענגונג, כדי אנצוווארפען זיך איינער אויף דעם אנדערען. אבער מיר קאנען נישט שלאגען איינער דעם אנדערען, פונקט אזוי ווייניג, ווי מיר קאנען זיך צושיידען איינער פון דעם אנדערען.

האט ער אבער געזעהען? עס ווארפט איהם אין היץ, און עס טרייסעלט איהם דער ווינד. ער שטיקט זיך אין בלוט. ער מאכט מיט די הענט און מיט די פיס, און איך דערזעה דערביי די פאלעס פון זיין שווארצען מאנטעל.

גאנץ נאהענט לעבען מיר האבען פארוואונדעטע א גישריי גיטון, פון דער ווייטענס ווערט מען גיקאנט מיינען, אז זיי זינגען. די גישרייען טראגען זיך פון דער אנדער זייט פון די נידעריגע שטאנגעס, וואס זענען אזוי איינגיקארטשעט, אז זיי זעהען אויס ווי אבגיהאקט.

וואס ער זאגט, ווייסט ער נישט. ער ווייסט אפילו נישט, צי ער רעדט בכלל, און צי ער דריקט ארויס וועלכען נישט איז גידאנק. די שווארצקייט פון דער נאכט ווערט צוריסען אויף שטיקלאך דורך פלוצימדיגע בליצען, זי ווערט פלוצים אנגעפילט מיט גאנצע בינטלאך פון בליצען. אבער איך בין גלייכגילטיג צו אלץ, אחוץ צו די ווערטער, וועלכע ער רעדט פון היץ. ער זאגט, אז די לאגיקע האט אפטמאל שרעקלאכע פועל יוצא׳ס, און אז אלץ איז אויסגיבונדען איינס מיט דעם אנדערן. ער זאגט ארויס זאצען, פון וועלכע עס שפריצען ארויס איינציגע ווערטער, אזוי ווי צוזייטע פייערלאך. פון זיינע רייד הער איך ארויס: תנ״ך, געשיכטע, גרויסקייט, משוגעת. דערנאך גיט ער א גישריי:

„עס איז פארהאן נאר איין זאך אויף דער וועלט: די גרויסקייט פון דער קיסר־מלוכה.״

פון דעם דאזיגען אויסגישריי ווערען אויפגיטרייסעלט די אומבאוועגליכע מאסען, וועלכע ליגען אויסגיצויגען אויף דער ערד, און איך ענטפער איהם, ווי א ווידער קול:

עס איז פאראן נאר איין זאך אויף דער וועלט: די גרויס־קייט פון פראנקרייך!

איך ווייס נישט, צי האב איך אין דער אמת'ן אויסגעשריען און צי אונזערע ווערטער האבען זיך צונופגעשטויסען אין דער דער דאזיגער פינסטערער נאכט.

ער ליגט מיט א בלויזען קאפ. אט האט ער צוגיטראגען די האנט צום געזיכט און דארטען גילאזען א סליאד. ער טראגט א פוטערנעם קאלנער, פון וואנען עס סטארצעט ארויס א דינער האלז און א האלבע געזיכט, וואס זעהט אויס פון דער זייט, ווי דאס געזיכט פון א פויגעל. זיין ברוסט איז באזייט מיט אלערליי טייערע שטיינדלאך. עס דוכט זיך מיר אויס, אז די שטילקייט פון ארום גראבט זיך אריין אין די מוחות און די לונגען פון די פינסטערע גיפאנגענע, און אז איך הער זי. וואס ווייטער, רעדט ער אלץ שטארקער פון היץ. עס דוכט זיך אויס, אז ער טראגט אין זיך א סוד, וועלכער שטיקט איהם. ער רעדט פון גרויסע מאסען, תמיד און רק פון מאסען. ער איז איינגאנצען פארכאפט פון דעם בילד פון געדיכטע מענשענמאסען. „מענשען, נאך מעהר מענשען!“ שרייט ער ארוים. א פאר זיפצען, שרעקלאך אין איהר שטילקייט. א פאר סודות, וואס זאגען זיך נישט ווילענדיג ארויס, טראגען זיך ווי א הויך איבער דער ערד. צייטענווייז רייסט זיך דער הימעל אויף און עס גיט א שיין די זון. דאס דאזיגע פלוצימדיגע אויפשיינען פון דער זון פארענדערט איטלאכעס מאל דעם אויסזעהען פון דעם פעלד. און דערנאך ווערט אלץ ווידער איינגעוויקעלט אין פינסטערניש צווישען דעם געפילדער פון די פארשיידענע ווידער־קולות.

»די מענשען, די מענשען!«

»וואס מענשען?« לאזט זיך פלוצים הערען א קול אין א טאן פון חוזק. דער קול פאלט אריין ווי א שטיין.

»די מענשען באדארפען נישט ווידער אויפצושטעהען, זיי טארען דאס נישט,« זאגט זיך ווייטער די שטים פון דעם שאטען אין די בליאסקענדיגע קליידער אין א טעמפען און טרוקענעם טאן.

»זיי שטילער א ביסעל!« רופט זיך ווידער אָב דער קול מיט דעם טאָן פון חוזק. דער דאַזיגער קול וואַרפט אויף מיר אַרויף אַ פּחד.

עטלאַכע קערפּער הויבען זיך אויף אויף זייערע איילענבויגענס, און קוקען זיך אַרום. איך שפּיר עס און דערקען עס נאָך זייער שווערען קרעכצען.

דער שאַטען רעדט ווייטער און טענהט אויף זיין משוגענעם שטייגער.

»די מענשען טאָרען נישט אויפשטעהען.«

דער קול, וועלכער גוסט און שטיקט זיך פון גילעכטער אין דערזעלביגער צייט הויבט ווידער אָן:

»זיי שטילער אַ ביסעל.«

איבער דעם נאַכטיגען הימעל, דאָרט אונטען, קייקלען זיך קאָמעטען, וועלכע מישען צונויף אין איין איינציגען קנויל זייערע פייערדיגע גידערם, זייערע הייזעריגע גירוישען פון מאַשינעס און זייער גיקרעכץ, וואָס איז עהנלאַך צו דעם גיקרעכץ פון נאַכט־פויגלאַך. צי וועט דער הימעל ווען עס איז ווידער אַ מאָל באַשיינט ווערען מיט דער אומענדלאַך שטילער ליכטיגקייט פון דער זון, מיט אַ בלאַהקייט אָהן קיין שום שפּרענקעלע?

אין קאָפּ ווערט מיר אַביסעל קלאָרער. איך הויב אָן צו טראַכטען וועגען זיך. האַלט איך ביים שטאַרבען צי נישט? און וואו האָט דאָס מיך די קויל געטראָפען? עס האָט זיך מיר איינגיגעבען צו באַקוקען מיינע הענט, איינע נאָך דער אַנדערער. פאַרגליווערט און אָבגישטאַרבען זענען זיי נישט. איך באַמערק נישט אַזוינס דורך דעם שוואַרצען בלוט, וואָס רינט פון זיי אַראָב. עס איז עפּעס מאָדנע צו ליגען אַזוי אומבאַוועגלאַך ווי אַ קלאָץ, נישט וויסענדיג, ווי אַזוי אַרום דאָס איז גיקומען. אַלץ וואָס איך קאָן — איז אַביסעל אויפצוהויבען די אויגען איבער דעם קאַנט פון דעם אָרט, וואו איך בין אַנידערגעפאַלען.

פּלוצים שפּיר איך אַ שטויס פון ערגיץ וואו אין דער זייט. דער פערד, אויף וועמענס רוקען איך ליג, האָט זיך גיגעבען

א ריהר· איך זעה׳ ווי ער קעהרט אב דעם קאפ און נעמט זיך עסען גראז מיט א טרויריגער מינע· דעם דאזיגען פערד מיט די ווייסע פאסקעס און דער שווארצער גריווע האב איך אנומאלט גיזעהען אין דעם סאמען מיט פון דעם פאלק· ער האט זיך געבריקעט און האט געהירזשעט אזוי ווי אנ׳אמתער קאמף־פערד׳ א קאמף־פערד כדבעי! און איצטער ליגט ער נעבאך שטום און אומ־באוועגלאך׳ ווי אנ׳אומגליקלאך באשעפעניש· פאר מיין פאנטאזיע שווימט ווידער ארויף דאס בילד פון דעם קליינעם הירשעלע מיט׳ן צושניטענעם האלז אויף זיין פורפור־רויטען מאטראץ׳ און א געפיהל פון רחמנות׳ וועלכען איך האב דעמאלט נישט גיהאט׳ כאפט מיך איצט אן ביים הארצען· א חיה איז די תמימות אליין׳ דער דאזיגער פערד איז ווי א גרויס קינד׳ און ווער עס וויל בא־ווייזען באשיימפערלאך ווי די תמימות זעהט אויס׳ וואלט באדארפט אויסמאלען נישט קיין קליין קינד נאר א פערד· דער האלז בויגט זיך מיר איין׳ איך גיב א זיפץ׳ און מיין פנים באריהרט די אויבערפלאך פון דער ערד·

דורך דעם שפרונג פונ׳ם פערד האב איך גימוזט איבערבייטען דעם ארט· עס האט מיך א קעהר גיטון אויף דער אנדערער זייט און איך האב זיך דורכדעם נאך מעהר דערנענטערט צום מענשען וואס האט גירעדט· אט ציהט ער זיך אויס און לייגט זיך אויפ׳ן רוקען· ער שטעלט ארויס זיין געזיכט אזוי ווי א שפיגעל קעגען דער בלאסער לבנה׳ און באווייזט דערביי די וואונד אויף זיין האלז· ער זעהט שרעקלאך אויס· איך פיהל׳ או ער האלט ביים שטארבען· זיינע ווערטער זשומען איצט ווי דאס רוישן פון פליגלען און נישט מעהר· עפעס רעדט ער פון א שפאנישען מאלער און פון אומבאוועגלאכע בילדער אין פארשיידענע פאלאצען· עסקוריאל׳ שפאניען׳ אייראפא . . . פלוצים גיט ער א שטויס אפ פון זיך די באשעפענישען און זאכען פון זיין עבר·

» צוריק׳ איהר פאנטאזיארען!« גיט ער א גישריי און זיינע ווערטער קלינגען שטארקער איידער דער שטורם מיט זיינע פלאמען וואס זענען שווארץ ווי בלוט׳ שטארקער איידער די בליצען׳ וואס

פאלען אַנידער, שטארקער איידער דער שארפער ווינד, שטאר־קער איידער די נאכט, וואס האט אונז באגראבען אונטער זיך און הערט פונדעסטוועגען נישט אויף אונז צו שטייניגען.

ער ווערט פארכאפט פון א מין רציחה, אין וועלכער עס אנט־פלעקט זיך זיין נשמה, בולט און נאקעט ווי זיין האלז.

»דער אמת איז רעוואלוציאנערער,« הויכט ארויס די נאכטיגע שטים. »צוריק, איהר מענשען, פון דעם אמת, אלע יענע, וועלכע טראגען אריין א מהומה אין די אומוויסענדע, עם־הארצישע מאסען, אלע יענע, וועלכע זייען ווערטער, וועלכע זייען ווינד; איהר אויס־טראכטערס, צוריק! זיי ברייננגען מיט זיך די מלוכה פון די מענ־שען!.. אבער דער המון האט זיי פיינט און לאכט זיך אויס פון זיי!«

ער לאכט אקוראט, ווי ער וואלט גיהערט דעם המון לאכענדיג.

און פלוצים פלאצט ארום אונז אַן׳אנדער גילעכטער, וועלכער וואקסט זיך מוראדיג פונאנדער אין דער מיט פון דעם שוואר־צען פעלד.

»וואס דבר׳ט ער דארטען, וואס דערצעהלט ער פאר מעשות!«

»לאז איהם צו רוה. דו זעהסט דאך, אז ער וייס אליין נישט, וואס ער רעדט.«

»אהי, נו, נו!«

איך ליג גאנץ נאהענט לעבען איהם און נעהם זיך אריין די לעצטע טענער פון זיין שטים. ער זאגט מיר גאנץ שטיל:

»איך האב א צוטרוי צו דעם תהום פון דעם המון.«

ביי דאזיגע ווערטער האט מיר א צופ גיגעבען ביים הארצען. מיינע אויגען האבען זיך נישט ווילענדיג ברייט אויפגעריסען, ווארום מיר איז פלוצים ווי א בליץ דורכגיפלויגען דער גידאנק דורכ׳ן קאפ, אז ער האט יא פארשטאנען, וואס ער האט גירעדט! א בילד שטעלט זיך מיר בולט פאר די אויגען: יענער שרה, וועל־כען איך האב אמאל גיזעהען, בעת איך האב ארומגיבלאנזעט אין די שרעקעניששען פון דעם לעבען, און וועלכער האט אזוי האָלט גיהאט דאס בלוט פון גייעג... נישט ווייט פון אונז האט זיך א שראפנעל ארייגעריסען אינ׳ם שאטען און האט דארט אנגימאכט א גאנצע

מהפכה, אויפהויבענדיג גאנצע וואלקענס פון ערד און שטויב. עס האט זיך אויסגידוכט, אז אויך דער שראפנעל האט גיטראכט און גיוויינט.

אומעטום ארום אונז צולייגט זיך די געדיכטע נאכט גאר אויפן ברייטען שטייגער. מיינע הענט זענען איינגיטונקט אין שווארצען בלוט. אויף מיין געניק, אויפן באק פיהל איך טראפענס פון א רע־גען, וואס איז אויך שווארץ ווי מיין בלוט.

א גאנצע פראצעסיע פון לויה־וואלקענס, פארברמעט מיט זיל־בערנע פאסען, שפאצירט פאר מיר פארביי. א שטראהל פון דער לבנה פארזילבערט פון דאס ניי די לוזשעס ארום די סאלדאטען און באדעקט מיט תכריכים די ליגענדיגע קערפערס. פלוצים גיט זיך א קייקעל א כוואליע פון יאמערגישרייען איבער דער אויבערפלאך פון דעם פעלד.

»העלפט! ראטעוועט!«

»הייסט'עס, אז מען האט אן אונז פארגעסען, אז מען וועט אונז דא לאזען ליגען, אז מען וועט אונז פון דאנען נישט אוועקפיהרען, אזוי ווייזט עס אויס.«

און עס לאזען זיך זעהען שטילע באוועגונגען, ווי אויף דעם גרונט פונם ים.

דער שפיציגער פרצוף פונ'ם שונא איז צוריקגיפאלען אויף הינטען אויף דער אויבערפלאך פון דער נאך ווארימער ערד, פון וועלכער עס שפראצט דער קאלטער טויט, צווישען די אויסרופען און דעם גימור־מעל. דער מאנטעל פלאטערט. דער גרויסער און שטארקער רויב־פויגעל האלט ביים אוועקפליהען.

פונ'ם פערד גיסט זיך נאכאנד דאס בלוט. עס פאלט טרא־פענווייז אויף מיין האנד מיט דער גינויאיגקייט פון א זייגער — אזוי ווי דאס גאנצע בלוט, מיט וועלכע דאס פעלד און די וואונדען פון די פארוואונדעטע זענען אנגיזאפט, וואלט צוזאמענגירונען אהינצו. משמעות, אז דער אמת כאפט אסך ווייטער, ווי מען מיינט גיוועהנ־טלאך. מען הערט זיך צו צום צער פון די בעלי חיים, ווייל מען פאר־פארשטעהט זיי בעסער.

יאָ, די מענשען, די מענשען!··· אומעטום, וואו מען גיט נאר א כאפ מיט'ן אויג, ווייזט דאס פעלד א צוריסענעם און צוהאקטען פרצוף. מיט וואס פאר א גוואלדאוונער ברייטקייט עס צייכענט זיך אב דאס פעלד אויפ'ן גרונט פון דעם האריזאנט, וועלכער שימערירט אין פארשיידענע פארבען, אמאל שווארץ־בלאה און אמאל שווארץ־רויט!

# די ערשיינונג

איך בין געבליבען ליגען אויף דעם אייגענעם ארט. איך מאך אויף די אויגען. צי האב איך דען גישלאפען? איך ווייס נישט. א רוהיגע ליכטיגקייט איז אומעטום אויסגיגאסען. עס מוז איצט זיין פארנאכט אדער אויך גאנץ אין דער פריה. מיין גוף איז אומבאוועגלאך. איך קאן נאר א ביסעל ריהרען מיט מיינע ארעמס. איך בין צוגיקאוועט צו דער ערד, ווי א צונויפגעקארטשעטער קוסט. נישט שוין בין איך פארוואונדעט. יא, צוליעב מיין וואונד בין איך צוגעשמידט צו דער ערד.

עס גיט זיך מיר איין אויפצוהויבען דעם פנים. נאסע כוואליעס, וואס שוועבען ארום אין דער לופט, שלאגען מיר אין די אויגען אריין. אין דער ערדפארביגער בלאסקייט, אין וועלכער אלץ מישט זיך צונויף, אין די קאלוזשעס וואסער, וואס רינען אראב, אין דעם דאזיגען גאנצען אומענדלאכען ברוד, דערקען איך פארנעפעלטע פלייצעס, צושוואומענע ווינקלאך פון עלענבויגענס, צוווארפענע שטיקלאך הענט. איך דערקען דעם אומבאוועגלאכען קרייז, וועלכער נעמט מיך ארום. אט ליגען מענשען מיט דעם פנים צו דער ערד, און די פנימער זענען ברודיג ווי פיס, אט ליגען אנדערע מיט דעם פנים קעגען דעם רעגען, און אויף זייערע פנימער הענגען טראפענס פון טרערען, ווי אויף די ווענטלאך פון גיפעס.

פון דעם אונטערסטען ברעג פון ערגיץ א בערגיל שווימט ארויס גאנץ נאהנט א געזיכט, וואס קוקט מיך אן מיט א טרויעריגער מינע. די האהר זענען ווי צוועקעס. די נאז איז א דרייקאנטיגע לאך, וואו עס שימערירט די ווייסקייט פון א מענשלאכער הויט. קיין ליפען

זענען נישטטא און עס זעהען זיך ארויס צוויי שורות פון ציינער אזוי ווי אותיות. דער גאנצער קערפער איז א צונויפמישעניש פון בלאטע און שטיינער. דער דאזיגער פנים איז פאר מיר א שפיגעל. שווארצלאכע קאלוזשעס וואסער באדעקען די ערד ארום און ארום.

איך זוך, איך זוך...

איך פיהל עפעס קאלטעס אויף דעם ארט, וואו איך שפאר זיך אן. מיין איילענבויגען גראבט זיך אין עפעס אריין. דאס איז דער בויך פון דעם פערד. זיין פארגליווערטער פוס פארשפארט באלכסון דעם ענגען קרייז, וועלכען מיין קוק קאן נישט אריבערשפרייזען. ער איז טויט... מיר דוכט זוך אויס, אז מיין ברוסט איז פוסט און פונדעסטוועגען פיהל איך, אז עס טיאכקעט מיר אין הארצען. דאס וואס איך זוך, דאס איז לעבען.

פון דער וויטענס הילכט אב דער הימעל, און איטלאכער טעמפער קלאפ רופט זיך ביי מיר אב מיט א שטויס אין פלייצע. נעהענטער פון מיר בראזגענען נאכאנאנד די גראנאטען. די גראנאטען גופא קאן איך נישט זעהען, אבער איך זעה די געלבלאכע פלאם, וועלכע זיי פארשפרייטען, און אויך דעם שאטען, וועלכען עס ווארפען ארום זיך די הויפענס ברוד. אנדערע שאטענס קריכען ארום אויף דער ערד. און דאן, הער איך אין דער לופטען א קלא־פעריי פון פליגלען און אזוינע ווילדע גישרייען, אז דער קאפ ווערט ביי מיר ממש דורכגילעכערט.

דער טויט איז נאך נישט אין גאנצען אויסגישטארבען. פאר־שיידענע פינטלאך אויף דער אויבערפלאך פון דער ערד און גאנצע שטיקער אויף דעם ברייטען שטח ארום און ארום ווייזען נאך ארויס אנ׳עקשנותדיגען חשק צו לעבען, זיי באוועגען זיך, צאפלען זיך און שרייען. מן הסתם איז די זון אקערשט אויפגיגאנגאן. עס גיט א זעץ דער ווינד מיט דעם טעמפען קלאנג פון א פארשטיקטער טרומייט. צווישען די מענשען, וועלכע ליגען דא אויסגישטרעקט זענען פארהאן אזעלכע, וועלכע פלאמען פון היץ, נישט קוקענדיג אויף דערויף, וואס זיי האבען טעג אין נעכט פארבראכט און קעלט. אבער דער פראסט נעהמט זיי א דורך. ביסלעכווייז ווערען זיי

אומבאוועגלאך ווי די זאכען ארום זיי, און דער ווינד, וואס געהט פארביי טראגט אוועק מיט זיך נאר שוואכע סימנים פון לעבען.

די שטימען זענען הייזעריג; די בליקען בלייבען פארגליווערט אין די אויגען; די וואונדען זענען אויסגעטריקענט; קיין בלוט רינט שוין נישט מעהר פון זיי. נאר די ערד און די שטיינער זענען נאך אנגיזאפט מיט בלוט. איך האב גיזעהען ברמינן'ס מיט אויפגעריסענע לייבער, וועלכע זענען נאך גיווען גאנץווארם, און אייבער וועלכע עס האט זיך גיטראגען א דינע פארע אין דעם נאסען פארנעפלטען פריהמארגען, ווי איבער די פארחושכ'טע חורבות פון א דארף. איבער דאס נאקעטע פלייש ציעהען זיך ארום גאנצע וואלקענס פון ראבען מיט דער קלאפעריי פון זייערע לאנגע פליגלען און זייערע מלחמה־אויסגעשרייען. אט פיקט איינער פון זיי ארויס רויטע שטיקלאך פלייש פון דער צופוילטער שווארצקייט פון ערגיץ א פוס. אט גיט זיך אנ'אנדערער פון זיי א לאז אויף די ליפען פון א ברמינן מיט א געפילדער און מיט א שמחה, אזוי ווי מען וואלט איהם גירופען. ווען נישט ווען גיט זיך א ברמינן א ריהר, און רוקט זיך אראב נאך טיפער און נידריגער. זיי וועלען שוין נישט קומען צו קבר־אבות, אזוי ווי זיי וואלטען גיווען די לעצטע מענשען אויף דער וועלט.

גאנץ נאהנט שטעלט זיך אוועק א בילד פאר מיינע אויגען. דאס דאזיגע בילד וויל איך גריילין זעהען. איך טו מיר אן א לעצטען כוח, און שפאר זיך אן מיט מיין איילענבויגען אויף דעם אויפגישוואלענעם קערפער פונ'ם פערד. עס גיט זיך מיר איין אבצוקעהרען דעם קאפ אין אנ'אנדער ריכטונג און צו פארענדערן דעם פלאץ, אין וועלכען עס בלאנזען ארום מיינע בליקען. איך אנטפלעק מיט אמאל א נייע מחנה פון מענשען מיט בראנזענע קערפערס און צופוילטע בגדים. באזונדער אבער שטארצעט ארויס אויף צונויפגעקארטשעטע קניע א גרויער מאנטעל, באזייט מיט ברודיגע בלוטפלעקענס און א גרויסע לאך אין דערמיט, ארום וועלכע עס האט זיך צונויפגיקוועטשט א גאנצע קופקעלע פון ראזא בלומען. אין דעם דורכגילעכערטען פלייש, וואס שימערירט אין פארשיידענע קאלירען,

און פון וועלכען עס טראגט אזא שארפער ריח, אז עס איז מיר נישט גוט געווארען אין מויל, אויף דעם סאמען דעק פון א פארטי־פונג, וואו עס זעהען זיך ארויס צונויפגיפלאכטענע ביינער, שווארץ און פארזשאווערט ווי אייזערנע שטאנגען, שטעקט עפּעס א טונקעלעס און קיילעכדיגס. איך קוק זיך איין און איך דערקען א הארץ. עס ליעגען אויף דערויף אנ׳ארעם און א האנד. די האנט האט מעהר נישט ווי דריי פינגער און זעהט אויס ווי א גאפּעל... א, איך האב דערקענט דאס הארץ! דאס איז גיווען דאס הארץ פון יענעם, וועל־כען איך האב דערהרגעט מיט מיינע אייגענע הענט. איך בין אנידערגעפאלען אין דער בלאטע פאר דעם דאזיגען מיט ערד פארשאטענעם, איבערמענשלאכען מענשען און האב צו איהם געשריען, ווייל איך בין גיווען אַזוי שוואך, און ווייל איך בין גיווען אזוי עהנלאך צו איהם. דערנאך האב איך אראבגעלאזט די אויגען און האב דערזעהען אויף די קאנטען פון זיין וואונד א געשוויבעל פון ווערים. דאס זענען גיווען ווייסע ווערים מיט א שפיציגען עק; זיי ציהען זיך צונויף און ציהען זיך פאנאנדער, אמאל אין דער פארם פון א „i" אין אמאל א „u". די אומבאוועגליכקייט פונ׳ם טויט האט דערגרייכט איהר העכסטע מדרגה. די מאסע פון דעם מענשלאכען גוף איז צוברעקעלט אויף פּיצלאך, כדי צו דערפילען א גאנץ אנדערע אויפגאבע.

בעת ער האט גיהאט זיין מענשלאכע פארם און זיין מענש־לאכען אטעם האב איך איהם פיינט גיהאט. מיר זענען גיווען פרעמד איינער פאר דעם אנדערען און זענען באשאפען גיווארען צו צושטערען איינער דעם אנדערען. אבער געפינענדיג זיך איצט פנים אל פנים מיט דעם בלאהלאכען הארצען, וועלכער הענגט אויף רויטע פעדים, האב איך, דוכט זיך, אנגיהויבען צו פארשטע־הען די ווערדע פונ׳ם לעבען. נישט ווילענדיג מוז מען עס פאר־שטעהען, אזוי ווי מען פארשטעהט נישט ווילענדיג די ווייכע באריהרונג פון א האנד, וואס גלעט און לאסצעט. ליגענדיג אזוי פאר איהם ווי א וועכטערין זעה איך אין מיין דמיון וויפיעל צייט און וויפיעל פארשיידענע באשעפענישען מען האט עס

באדארפט צו האבען, כדי צונויפצושטעלען זיין לעבען. איך הער די שטים, וואס זיין קערפער האט אויסגיהויכט, בשעת ער האט נאך גילעבט און מיינע ווילדע הענט האבען זיך דערשלאגען צו זיין סקעלעט, וועלכען מיר טראגען אלע אין זיך. ער פילט אויס דעם גאנצען פלאץ. ער פארמאגט צו פיל זאכען אויף א מאל. ווי אזוי ארום קומט עס, אז עס זענען פארהאן אויף דער וועלט אזוי פיל וועלטען? דער דאזיגער פארעקשנטער גידאנק באקומט אזא שליטה איבער מיר, אז ער פארטרייבט אלע אנדערע גידאנקען פון מיין קאפ. עס שמעקט מיט טובעראזע. דאס איז דער ריח פון בית הקברות. גאנץ נאהענט פון מיר קריכען ארום ראבען ווי די היהנער.

איך! איך קלער וועגען מיר, וועגען אלץ וואס איך בין. איך! מיין שטוב, מיינע טעג און נעכט, מיין גאנצער עבר און אויך מיין עתיד, וואס איז אזוי עהנלאך צו מיין עבר! און אין דערזעלביגער רגע פיהל איך, ווי עס וויינט עפעס אין מיר, און סטארעט זיך מיט אלע כוחות אנצוטשעפען זיך אן עפעס. איך פיהל א באדערפעניש נאך ווארימקייט אונטער דעם קאלטען רעגען. איך פיהל א באדערפעניש איינצוּוויקלען זיך אין זיך אליין נישט קוקענדיג אויף דעם אומענדלאכען שטח ארום מיר. איך פיהל א באדערפעניש צו בלייבען, צו בלייבען לעבען. איך האב גיוויינט. איך האב דערפיהלט אויף מיינע באקען מיין נשמה, וואס האט גיטראפט איהר בלוט. איך האב געשריען און גיבעטען הילף. איך האב אויסגיקוקט מיינע אויגען, טאמער וועט זיך פון ערגיץ וואו באווייזען דאס קראנקען־בעטעל, וואס זאל מיך אוועקנעהמען פון דאנען. איך שריי, אבער איך הער נישט מיין אייגען קול. אבי די אנדערע זאלען הערען!

נאכדעם ווי איך האב גימאכט די לעצטע אנשטרענגונג בלייב איך ליגען אהן כוחות.

און ווייטער גאר נישט.

און פונדעסטוועגען איז נאך עפעס פארהאן . . . ער ליגט אויסגיצויגען ווי א מת. אבער מיט א מאל לויפט דורך א שמייכעל

דורך זיינע צוגימאכטע אויגען! אט וועט ער אודאי אויפשטעהען תחית המתים אויף דער וועלט, און עפּעס אין מיר דאנקט איהם פאר דעם דאזיגען מופת.

אחוץ איהם איז דא נאך איינער, וועלכען איך האב גיזעהען שטארבענדיג. ער האט אויפגיהויבען די האנד, וועלכע איז שוין גיוועזן אראבגיפאלען. פארגראבען צווישען אלע אנדערע האט ער מעהר שוין נישט גילעבט, ער האט נישט געשריען און נישט גירופען. אלץ וואס ער האט גיזעהען, האט ער גיזעהען מעהר נישט ווי דורך די דאזיגע האנד. אויף אינעם פון זיינע פינגער בליאסקעט דער צייכען פון א בונד, און איך זיך דערמאהן זיך דערביי אן א מעשה. בעת זיין ציטערדיגע האנד איז פארגליווערט גיוואָרען, ווערענדיג ווי א טויטע געוויקס מיט דער גאלדענער בלום אויף איינעם פון זיינע גלידער, האב איך געפיהלט, ווי עס פארקלעמט זיך מיר דאס הארץ און איך הויב זיך שוין אן צו געזעגענען מיט דער וועלט אויף אייביג. אבער וועגען אלע מענשען קאן מען זיך נישט מצער זיין. וויפיל אנ׳ערך קאנען דא ליגען, אויף דעם דאזיגען פעלד? וויפיל זענען דא פאראן מענשען אין אלעמען אין דער דאזיגער רגע? אונזער הארץ קאן אין איטלאכער רגע פיהלען דעם צער נאר פון איין איינציגער נשמה. עס הערט אויף צו פיהלען, ווען עס וויל ארומנעהמען אלע. מען זאגט זיך: „דאס זענען אנדערע מענשען", אבער דאס איז מעהר נישט ווי א ווארט. מען וועט קיינמאל גאר נישט וויסען, קיינמאל וועט מען נישט וויסען.

אלץ אויף דער ערד איז איינגעוויקעלט גיווארען און קעלט און אומפרוכבארקייט. קיין זאך באוועגט זיך נישט אחוץ דעם ווינד וואס איז אנגילאדען מיט קאלטען וואסער, די פארשטיקטע קלאפּעריי פון די הארמאטען, די ראבען, און דעם גידאנק, וואס איז איינגימויערט אין מיין קאפּ.

און איצט ליגען זיי אלע אומבאוועגלאך, אט אלע יענע וועלכע האבען תמיד מארשירט, און פאר וועלכע עס האט זיך תמיד אויסגישפּרייט אזא גרויסער שטח! מען זעהט זייערע עלענטע

הענט, זייערע עלענטע פיס, און זייערע עלענטע רוקענס. צום סוף זענען זיי רוהיג גיווארען. די גראנאטען, וועלכע באווארפען זיי מיט שטיקער בלאטע עקזיסטירען פאר זיי נישט, זיי מאכען חרוב אנדערע וועלטען. זיי ליגען אין א אייביגען שלום. דא איז אלץ פארענדיגט. אלע יענע, וועלכע האבען זיך אריינגילאזען אין די טיפענישען פון גיהנום, וועלכע האבען דורכגימאכט לאנג גידויערנדע יסורים און אנ׳אומברחמנותדיגע מידקייט, וועלכע זענען אדורכגיגאנגען דורך דעם פייער פון די שטורמס — זיי אלע זענען שטעהען געבליעבען ביי דעם דאזיגען ענגען קרייז, שמאל ווי די עפענונג פון א ברונען. מיר זענען גיקומען אזש ביז אהערצו, ווייל מען האט אונז גיהייסען. מיר האבען גיטון אלץ׳ וואס מען האט אונז אנגיזאגט, מיר זאלען טון. איך קלער איצט וועגען דעם פשוטען ענטפער, וועלכען מיר וועלען געבען ביים לעצטען יום הדין.

די הארמאטען טוען זיך זייערס, נאכאנאנד קומען צופליהען גראנאטען און קוילען וואס ציהען זיך אין דער לענג פון עטלאכע קילאמעטער. די לעבעדיגע מענשען וואקסען צונויף מיט די מאשינעס, און פיהרען אנ׳עקשנותדיגען קאמף מיט דעם שטח. זיי זעהען נישט זייערע אייגענע קערפערס. זיי ווייסען נישט וואס זיי טוען. מען וועט קיינמאל גאר נישט וויסען, קיינמאל וועט מען נישט וויסען. וויבאלד אבער עס הויבט זיך ווידער אן א שיסעריי, איז א סימן, אז מען וועט זיך דא ווידער אנהויבען צו שלאגען. אלע די דאזיגע קאמפען, וועלכע ווערען איטלאכעס מאל אויפ׳ס ניי פון זיך אליין גיבארען, קייטלען זיך איינע אן די אנדערע אהן א סוף, און רופען זיך ארויס איינע די אנדערע! ..
אין איינציגער קאמף איז נישט גינוג, עס איז נישט קיין גאנצע זאך, און האט אויך קיין טעם נישט. קיין זאך איז נישט פארענדיגט, קיין זאך וועט קיינמאל נישט פארענדיגט זיין. נאר מענשען שטארבען אוועק, ווייטער אבער קומט קיין זאך צו קיין סוף נישט. קיינער איז נישט תופס די גרויסקייט און דעם באטייט פון די פאסירונגען און די זאכען ארום אונז, און וואס איז נוגע צו מיר גופא, ווייס

איך גאַנץ גוט, אַז איך באַנעהם נישט דעם גאַנצען גרויל, אין וועלכען איך געפין זיך.

און אַט קומט אָן דער אָבענד, די שעה, אין וועלכער עס הויבט זיך אָן די שיסעריי. דער היקף פון דעם טונקעלען טאָג, פון דעם טונקעלען אָבענד און דער באַלויכטענער נאַכט דרעהט זיך אַרום דעם רעשטיל פון מיין לעבען ווי אַרום אַ פעסטען מיטעלפונקט.

איך בין איצט געגליכען צו די, וועלכע שלאָפען איין ווי די קינדער. אַ זיסע מאַטקייט צוגיסט זיך אין אַלע מיינע איברים, און איך מאַך צו די אויגען. איך חלום איצט פון מיין היים. עס גלוסט זיך מיר נישט צו שטאַרבען, איך בעט רחמים ביי מיר אַליין, איך זאָל נישט שטאַרבען, איך מאַך אויף די אויגען און זוך די סאַניטאַרען; אפשר קלערען זיי גראַד איצט וועגען מיר . . . איך חלום פון מיין היים. דאָרטען אין דער היים קלייבט מען זיך אַזוי צונויף זאַלבע־עטלאַכע כדי צו פאַרברייגען די אָבענטען פאַר׳ן שלאָף, איידער מען צוגעהט זיך אין די שטילע קאַמערלאַך, כדי איינצושלאָפען צווישען זאַכען, וועלכע כאַפּען זיך קיינמאָל נישט אויף. מאַרי איז דאָרט אין איינעם מיט אַנדערע ווייבער און מאַכט פאַרטיג דעם מיטאָג; די גאַנצע שטוב פילט זיך אָן מיט אַ ריח פון קיך, איך הער ווי מאַרי רעדט, אַפּריהער שטעהענדיג און דערנאָך זיצענדיג ביים טיש. איך הער דעם גירויש פון טעלער, מעסער און גאָפּעל, בעת זי רוקט זיי אַהין און אַהער; דערנאָך טראָגט עמיצער צו אַ שוועבעלע צום לאָמפּ, אויפהויבענדיג די גלאָז, און מאַרי שטעלט זיך אויף, כדי צו פאַרמאַכען די לאַדענס; אַט עפענט זי דעם פענסטער; אַט בויגט זי זיך אַראָפּ, און איהרע אָרעמס געהען זיך דערביי פאַנאַנדער. זי בלייבט אַ קורצע רגע שטעהען ביים פענסטער, אין גאַנצען פאַרזונקען אין די נאַקעטע נאַכט, דורך איהר לייב לויפט דורך אַ פרעסטעל, דער אייגענער פרעסטעל, וואָס לויפט אַדורך דורך מיין לייב. איהר גישטאַלט ווערט וואָס אַ מאָל אַלץ גרעסער אין שאָטען, זי וואַקסט זיך פאַנאַנדער, זי קוקט אין די ווייטקייט,

פונקט אזוי ווי איך קוק איצט· און אזוי איז דאס טאקע אויף דער וואהר׳ ווארום די איצטיגע נאַכט איז שייך צו איהר פונקט אזוי ווי צו מיר׳ און דער מרחק צווישען איהר און מיר האט נישט די מינדסטע ממשות: דער מרחק איז גאר נישט· די דאזיגע ענגע באריהרונג׳ דאס איז א פאקט·

וואו בין איך? אוואו געפין איך זיך איצט? און וואו איז מארי? און סתם וואס איז זי אזוינס?

איך ווייס נישט׳ איך ווייס נישט· איך ווייס נישט אין וואס עס באשטעהט די וואונד פון מיין לייב־׳ און אנישט ווייס איך דען׳ אין וואס עס באשטעהט די וואונד פון מיין נשמה?

די וואלקענס ווערען באקרוינט מיט בינטלאך פון פונקען· א כוואליע פון פייער, א גיהינום אין זילבער און גאלד· אויפ׳ן הימעל איז איצט א גאנצע איבערקעהרעניש און עס לאזען זיך פון דארטען אראב אומענדלאך לאנגע שלייערס פון ליכטיגקייט· פאנטאסטישע פאלאצען מיט פייערדיגע דעכער און גיוועלבען׳ צוניפגיבויט פון דונערן און בליצען׳ ווערען פלוצים באשאפען און ווערען חרוב מיט א מאל צווישען א גאנצען וואלד פון בלאסע אבגלאנצען·

עס דערנענטערט זיך די שיסעריי׳ וועלכע פארווארפט דעם גיצעלט פון דעם הימעל מיט איהרע פלאמען· גאנצע הויפענס פון בליצען עגבערן זיך אריין א מאל דא א מאל דארטען׳ ארויס־רייסענדיג שטיקער ערד און איינשלינגענדיג אין זיך טויזענד אנדערע ליכטיגקייטען· עס קומען אן די איבערנאטירליכע חיילות! עס פילען זיך אן אלע וועגען פון דעם אומענדלאַכען שטח· אט פלאַצט גאנץ נאהענט א גראנאט׳ ער פלאקערט אויף׳ און קוקט אויס נאך אונזערע גידערים׳ די גידערים פון די׳ וועלכע זענען על פי מקרה׳ נאך געבליבען לעבען· די גראנאטען פאלען אריין אין ערגיץ א פארטיפונג · · · איך זעה נאך אמאל׳ ווי איינער פון די ליגענדיגע שטעהט אויף תחית המתים׳ הויבט זיך אויף און שלעפט זיך אין דער ריכטונג פון דער דאזיגער פארטיפונג! ער איז אין גאנצען איינגעוויקעלט אין ווייסען׳ און נאר דער

אונטערשטער טייל פון זיין קערפּער, וואָס שלעפּט זיך אין דער ערד, איז שוואַרץ. אַרומכאַפּענדיג די ערד מיט זיינע שטייפע אָרעמס, קריכט ער אַלץ ווייטער, לאַנג און פלאַציג ווי אַ שיפעל. ער הערט נאָך, ווי מען שרייט הינטער איהם: ווייטער! פּאַרויס! ער לאָזט זיך צו דער ריכטונג, אין וועלכער עס ליגט דאָס לאַך, ער ווייסט נישט, וואָס ער טוט, אָבער ער פיהרט גינוי זיינע טריט ביז צו דער שרעקלאַכער עפענונג. דער גראַנאַט וועט בודאי האָבען מזל! אַט וועלען איהם באַלד פּאַקען די נעגיל פון דעם אומענדלאַכען שטה און וועלען זיך איינעגבּערן אין זיין פליישׂ, ווי אין אַ פּרוכט. ווי שוואַך איז אַ מענש! איך האָב נישט קיין כּוח איהם צוצורופען ער זאָל אַנטלויפען פון דאָרטען, איך קאָן מעהר נישט ווי עפענען די ליפּען אין אַ מין תּפילה פאַר די געטלאַכע גרויסקייט פון דעם דאָזיגען מענשען, און ער איז דאָך דער איינציגער, וואָס איז איבערגעבליבען אחוץ יענעם, מיט וועלכען איך האָב גירעדט אין חלום.

עס הערט זיך אַ פּייפּעריי!... עס טרעפט איהם דער קלאַפּ. אין דעם שיין פון אַ בליץ זעה איך, ווי עס פאַלט פּאַנאַנדער זיין מאַסקע אונטער דער משא פון די שאָסען, און ווי ער קעהרט זיך צו מיר צו מיט זיין בלאַסען, איינגיפאַלענעם פּנים.

אָבער ניין, נישט ער איז דאָס! אַ כוואַליע פון ליכטיגקייט פאַרבלענד מיר די אויגען. עס גיט מיך אַ הויב אין דער לופטען, עפּעס אַ פרעמדעס און פלאַציגעס גיט מיך אַ שליידער, אין דער מיט פון אַ ליכטיגער קויל. דער גראַנאַט... איך! און איך זינק איין, איך פאַל אָהן אַנ׳אויפהער, וואָס ווייטער אַלץ טיפער, איך פאַל אַרויס פון דער וועלט משוגענערווייז. איך האָב פונדעסטוועגען נאָך צייט גיהאַט צו זעהען זיך אַליין אין דעם דאָזיגען שטיקעל בליץ, צו קלערען וועגען מיינע גידערים און מיין האַרץ, וואָס ווערען אַרויס־גישליידערט אין דעם ווינד, און צו הערען שטימען, וועלכע מורמלען ערגיץ וואו אין דער ווייטען: סימאָן פאַלען איז גישטאָרבען אין דעם 36־טן יאָהר פון זיין לעבען.

# ממעמקים קראתיך



איך בין גישטארבען׳ ווי א פויגעל מיט צובראכענע פליגלען זינק איך אראב אין כוואליעס פון ליכטיגקייט׳ וואס פארבלענדען די אויגען׳ און אין אבגרונדען פון פינסטערניש׳ אלץ ארום מיר און אין מיר דרעהט זיך מיט אזא משונהדיגער גיכקייט׳ אז איך ווער שיר נישט דער־שטיקט און אז די גידערים ציהען זיך אין מיר צונויף׳ אין א גלייכער ליניע שוועב איך ארום אין דעם פוסטען שטח׳ און מיינע בליקען לויפען מיר מיט גרויס איילעניש פארויס׳

אין דעם ווילדען אטעם פון די טיפענישען׳ וואס כאפען מיך ארום פון אלע זייטען׳ דערזעה איך אונטען׳ ווי עס וואקסט ארויס א שטיקעל ברעג פון א ים׳ א מין איבערנאטירלאכער אומעט ליגט איבער דעם דאזיגען ברעג׳ וועלכען איך דערזעה׳ סטארענדיג זיך מיט אלע כוחות אנצוהאלטען זיך אן מיין גוף׳ און וועלכער איז אין גאנצען נאקעט׳ פארלאזען׳ אהן א גרעניץ און פארגאסען מיט רעגען׳ וואלקען׳ וואסער און זאמד קנוילען זיך צונויף אין ברייטע און געדיכטע שטיקער נעפיל׳ וועלכע ליגען איינע איבער די אנדערע׳ און דורך וועלכע עס בלאנזען זוכענדיג מיינע בליקען׳ איך דער־זעה אויפ׳ן ברעג א פארוואגעלט באשעפעניש׳ וועלכעס בלאנקעט ארום׳ איינגעוויקעלט אין א שלייער ביז צו די פיס׳ דאס איז א פרוי׳ אַ׳ דאס איז א פרוי מיט וועלכער איך געפין זיך אין א נאהענ־טער קרובהשאפט׳ זי וויינט׳ און איהרע טרערען פאלען אויפ׳ן זאמד׳ וואו עס בושעווען די כוואליעס! און וואקלענדיג אזוי אין דער אומענדלאכקייט׳ שטרעק איך צו איהר אויס מיינעביידע שווערע ארעמס׳ די דאזיגע שרעקלאכע פליגלען פון מיין אראבפאל׳ זי וועלט נעלם׳

א היבשע ווילע פאסירט גאר נישט׳ און איך ווייס נישט צו איך פאל׳ עס איז קיין זאך נישט דא אחוץ דער צייט׳ וואס מען זעהט נישט און מען פיהלט נישט׳ און אחוץ דעם אומזיסטען רעגען איבער׳ן ים׳

די דאזיגע ליכטיגקייט, וועלכע זעצט אין פנים אריין... מיינע אויגען זענען מיר פול מיט פונקען... איך קייך אונטער דער משא פון דעם ליכט. עס איז נישטא קיין איין פעסטער פונקט, אן וועלכען איך זאל זיך קאנען אנהאלטען... פייער און וואסער!

גאר אין אנהויב ראנגלען זיך מיט אנאנד פייער און וואסער. די וועלט מיטאנאנד דרעהט זיך און צאפעלט אין די לאנגע, אויס־גיבויגענע נעגעל פון איהרע פלאמען, און די ברייטע וואסער־פעלדער, וועלכע זי מאכט צו וואלקענס. סוף כל סוף אבער ווערען די פייער־צונגען פארטונקעלט פון דעם וואסער, וועלכעס פארכאפט אנ׳ארט צווישען זיי. אונטער דעם גיצעלט פון געדיכטע כמארעס, וועלכער שפארט זיך אן אויף בליצען־שטאנגען, פלאצען ארויס שטארקע רעגענס מיט א ווילדער גבורה, וועלכע גידויערן הונדערטטויזענד יאהרי. אין א משך פון דורות שטויסען זיך צונויף פייער און וואסער: דאס פייער איז פלינק און ריהרעוודיג, עס שפרינגט העזהדיג דעם וואסער גלייך אין צורה אריין; דאס וואסער איז פלאציג און פאוואליע, עס ווערט נישט נתפעל, עס קריכט, גליטשט זיך און ציהט אויס, וואס ווייטער, אלץ מעהר די ליניע פון זיין אויבערפלאך. און ווען דאס וואסער און דאס פייער קומען זיך צונויף און באריהרען זיך, ווייס מען נישט אויף קלאר, ווער פון זיי ביידען הוזשעט און שיפעט, צי דאס וואסער, צי דאס פייער? און מען זעהט, ווי דער רוהיגער, בלאסקעדיגער וואסער־שטח ציהט זיך אויס אין א לענג, וועלכע מען קאן נישט בארעכענען. דער קיילאכדיגער מעטעאָר ווערט פארגליווערט אין פעסטע און הארטע פארמעס, און דער אומ־באגרעניצטער וואסער־שטח קנעט ארויס פון זיין אייגענעם שויס מיט דער האנד פון א קינצלער וויספעס אהן א שיעור.

איך בין שוין נישט מעהר איינזאם און פארוואגעלט אויף דעם אלטען קאמף־פלאץ פון די וועלט־יסודות. נישט ווייט פון אט דעם דאזיגען פעלזען, וואקסט ארויס עפעס א מין אנדער פעלזען. ער שטעהט גלייך און באוועגט זיך. די דאזיגע גישטאלט דיינקט. זי שפיגעלט אין זיך אב דעם רוים, דעם עבר און דעם עתיד און די

נאכט; זי איז דער פונדאמענט פון די שטערן. די חיה פארענדיגט זיך מיט עפּעס א אויפרעכט שטעהענדיגער גישטאלט, א בידנער גישטאלט, וועלכע שרייט אויף האט א צורה, וועלכע טראגט אין זיך אנ׳אינעווייניגסטע וועלט, און אין וועלכער עס ארבייט שטילערהייט א הארץ! ... אבער אין דעם גוף פון דעם ערשטען מענשען קלאפּט דאס דאזיגע הארץ נאר מחמת שרעק. יענער, וועמעס געזיכט האט זיך אויפגעהויבען איבער דער ערד, און וועלכער שלעפּט מיט זיך זיין נשמה ווי א כאַאָס, דערקענט פון ווייטען פארמעס, וועלכע זענען עהנלאך צו זיינע, ער דערקענט דעם אנדערען, א שרעקלאכע גי־שטאלט, וועלכע נישטערט און לויערט, און מאכט פון איהר קאפּ א נעץ, מיט וועלכער זי זוכט אריינצוכאפּען דעם אנדערען. דער מענש רודפט דעם אנדערען, כדי איהם צו דערהרגענען, ער רודפט די פרוי, כדי איהר צו פארוואונדען. בייסען, כדי צו פרעסען, אנידערצוווארפען, כדי צוצוקוועטשען אין די ארעמס. פארבאהאלטענערייהט, בסוד סודות, ערגיץ אין א פינסטערען ווינקעל אדער אין דער מיט פון א נאכט־בעט צאפּעלט די שווארצע ליעבע. לעבען נאר צוליב דעם, וואס מען זאל קאנען באווארענען ערגיץ אין א האהל א פּאר ברענענדיגע שייטלאך האלץ, כדי צו קאנען באשיצען די אויגען, די ברוסט און דעם בויך.

עס ווערט ארום מיר זעהר שטיל.

די מענשען האבען זיך פאראייניגט. אין דעם בלייכען שיין פון דעם מארגען זעהט מען גאנצע קופּקעלאך, טשערעדעס פון מענשען מיט וועכטערס, און אין דער מיט פון זיי דערקענט מען קינדער און פרויען, צונויפגעדריקט ווי די שעפּסען. איך קוק אין מזרח־זייט. די ליכטיגע פאסען פון דער מארגען־זון באשיינען אין דער שטילקייט פון דעם דאזיגען גרויסען בילד אנ׳אנדער בילדעל, וואס איז שוין נישט אזוי האפערדיג. דאס זענען א פּאר יעגערס מיט לאנגע צופּאטעלטע האהר. זיי שטעהען אויף א בערגיל, און האלטען זיך פאר די הענט.

די מענשען זענען צונויפגעקומען מיטאנאנד צוליב דעם דאזיגען ליכטיגען שטראהל, וואס איטליכער פון זיי טראגט איהם

אין זיך· ליכט ציהט צו ליכט· דאס דאזיגע ליכט באווייזט אז דער יחיד פאר זיך איז שוין פריי אין דער אומענדלאכער נאטור, און אז ער געפינט זיך דערפאר תמיד אין א סכנה, אזוי ווי א גיפאנגענער, נישט קוקענדיג אויף זיין פרייער מינע, און אז מען מוז זיך פאראייניגען, כדי צו ווערען שטארקער, כדי צו ווערען רוהיגער, און כדי פשוט צו קאנען לעבען· ווארום די מענשען זענען באשאפען גיווארען, דורכצולעבען דעם לעבען אין זיין גאנצער טיפקייט און אויך אין זיין גאנצער לענג· דאס באדערפעניש צו האבען א קיום אויף דער וועלט, דער פארלאנג אויסצולעבען זיינע יאהרען ביז צום עק און הנאה צו האבען פון זיי, איז שטארקער ווי אלע וועלט־יסודות, שטארקער ווי אלע אומגליקען און שרעקע־נישען· דאס איז נישט בלויז א רעכט, דאס איז א מצוה·

ווען מענשען קומען זיך צונויף ווערט די סכנה קלענער און דער פחד פארשוואונדען· די ווילדע חיה פאלט אן אויף אנ׳איינ־ציגען מענשען, אבער זי אנטלויפט פאר דער אחדות פון א מענש־לאכען קבוץ· ארום דעם פייער׳ל פון שטוב, דעם דאזיגען שטילען גאט, וואס קריכט איבער דער ערד, ווערט די ווארימקייט פארטאפעלט און דער אבגלאנץ באריייכערט מיט נייע פארבען· דאס באשאפט א בעסערע פארטיילונג פון די פארשיידענע ארבייטס־פארמען צווישען די סכנות אין מיטען העלען טאג; דאס גיט א רוהיגען און זיסען שלאף צווישען די סכנות פון דער נאכט· אינ׳ם טאל הויבט זיך אויף א גימורמעל· דאס איז דער צונויפקלאנג פון פארשיידענע איינציגע ווערטער·

דער גיזעץ, וועלכע רעגולירט דעם בשותפותדיגען אינטערעס רופט זיך אן דער מוסרדיגער גיזעץ· דער מוסר האט קיינמאל אין ערגיץ נישט געהאט קיין אנדער גיזעץ· אויב אויף דער וועלט וואלט גיווען נאר איין איינציגער מענש, וואלט אזא גיזעץ נישט גיווען בנמצא· ער פאסט צו די באגעהרען און די פארלאנגען פון דעם יחיד צו די פון די אנדערע· ער קומט ארויס פון אלעמען צוזאמען און פון איטלאכען באזונדער, ער קומט ארויס פונ׳ם שכל און פון דעם פארזענלאכען אינטערעס, ער איז נאטירלאך און שטענדיג אזוי

ווי יענער גיזעץ, וועלכער פיהרט צונויף די ליכטיגקייט און די שאטענס אין פאסט זיי צו איינע צו די אנדערע, ער איז אזוי פשוט אז איטליכער קאן איהם פארשטעהען. ער איז נישט גיבוירען גי־ווארען פון קיין שום אידעאל, פארקעהרט איטלאכער אידעאל איז פון איהם גיבוירען גיווארען. די מהפכה האט זיך ווידער אנגיהויבען, אויף דער ערד. מיין זעהונג, פון אנהויב שיין ווי א שיינער חלום הויבט אן אנצונעהמען משונהדיג ווילדע פארמעס, אבער די איבער־קעהרעניש און דער חורבן זענען שוין איצט נישט אזוי אומגי־לומפערט און צומישט אזוי ווי פריהער, בעת די נייע עלעמענטען האבען זיך גיראנגילט איינער מיט דעם אנדערען און די וועלט האט טאפענדיג גימאכט איהר ערשטען, אומזיכערען פרווו. די פייערדיגע שטראמען ווייזען איצט ארויס א סימעטריע, וואס איז נישט די סימעטריע פון דער נאטור. די איבערקעהרעניש לאזט איצט דער־קענען א געוויסען סדר. אין דעם בראנד פון דער וועלט שטעקט א געוויסע חכמה. עס מישען זיך אין איהר צונויף גידאנק, רצון און צער. גאנצע מענשען־מאסען, אין וועלכע עס שלאגען אומענדלאכע כוואליעס פון בלוט, שטויסען זיך צונויף אזוי ווי די מבול׳ס. א זעהונג לאזט זיך אויף מיר אראב אוןווארפט מיך אויף אויף דער ערד, וואו איך ליג אויסגיצויגען: דאס איז דער מבול, די פארפלייצונג. אט פארכאפט זי שוין דעם גראבען, און גיסט זיך אין איהם אריין פון אלע זייטען. דאס פייער שיפעט און זשומט אינ׳ם וואסער. דאס פייער ווערט דערשטיקט צווישען די ערשטע מענשלאכע שפראך־צונגען.

און ליגענדיג אזוי, צוגעשמידט צו ערגיץ־וואו, דוכט זיך מיר אויס, אז איך וועהר זיך קעגען דאס, וואס איך זעה. אין דער־זעלביגער רגע האב איך דערהערט, ווי איבערנאטירלאכע אנזאגען קומען צוּ צו מיין אויער, אזוי ווי איך וואלט זיך געפינען אין אנ׳אנדער וועלט.

איך זוך מענשען, איך גאַר נאך א ווארט, א פשוטען ווארט. וויפיעל ווערטער האב איך דאס אמאל גיהערט! און איצט וואלט איך וועלען מעהר נישט ווי אֵיין אֵיינציג ווארט, איך געפין זיך אין

מקומות, וואו מענשען ליגען באגראבען. א צוטראטענע פעלד, א שרעקלאך היכער הימעל, באזייט מיט שטערען, וואס זענען אנדערס ווי גיוועהנטלאכע שטערען, באדעקט מיט וואלקענס, וואס זעהען אנדערס אויס, איידער גיוועהנטלאכע וואלקענס, און שטענדיג באַלויכטען מיט א ליכט, וואס איז אייגענטלאך גאר קיין ליכט נישט.

נישט ווייט פון מיר דערקען איך א גרויסען הויפען פון מענטשלאכע גישטאלטען, אדער פעלדער אין פארשיידענע פארבען, באדעקט מיט שוואכע בליהונגען, און אויסגיבויגען אין דער פארם פון א בערגיל. דאס זענען די מתים פון א סעקציע אדער פון א ראָטע. אז מען קוקט זיך צו נעהענטער, דערקענט מען די מיאוסע פארמעס פון די שארבענס. איך האב גיזעהען וואונדען, וואס זענען גיוועזן גרויס ווי מענשען. פאַרשיכורטע ראבען שפּאציערען ארום, וואקעלנדיג זיך, צווישען דעם פרישען מיסטהויפען מיט דעם רויטלאכען אבשיין. און דארט איז דאס לאך, פון וועלכער מען הארכט אויס. א פיער פינף וועכטער זיצען דארט אין דער פינסטערער פארטיפונג מיט א מינע פון יאוש און רציחה און מיט פארקרימטע צורות; אז מען גיט זיי א פרעג צוליב וואס זיי האלטען מלחמה, זאגען זיי אז דאס איז, כדי צו ראטעווען זייער פאטערלאנד.

פוו דער אנדער זייט — אומענדלאכע פעלדער, געלע קאלוזשעס זענען אויסגעמישט מיט שווארצע; קוסטעס מיט פארזשאווערטע בלעטער; בוימער, וואס זענען דער שאטען פון בוימער. איך בלאנקע ארום און איך הער, ווי עס טרייסעלט מיך צאהן אן א צאהן. צווישען דעם ווייטגיעפענטען, נאקעטען בית־עלמן פון טויטע און לעבעדיגע ליגט אויסגישפרייט א ברייטער שטח מיט חורבות, באַזילבערט פון די לבנה־שטראהלען. דאס איז נישט קיין דארף, דאס איז א בערגיל, וועמעס שקעלעט איז עהנלאך צו א דארף. מיינע חברים האבען דארט מיט די הענט און די פיס אויסגיגראבען לעכער און סטעזשקעס. זיי ליגען מיט די פּנימער צום פארנט צו.

» צוליב וואס האלטס׳ט דו מלחמה? «

» כדי צו ראטעווען מיין לאנד. «

די דאזיגע צוויי ענטפערס זענען גיפאלען אין דעם שטח אריין

אזוי ווי צוויי טענער פון א לויה־גלעקעל. זיי זענען גיווען עהנלאך צואנאנד, ווי די קלעפּ פון א האראמאט.

און איך – איך האלט אין איין זוכען. דאס איז א מין חולאת ביי מיר, א באדערפעניש, א מין משוגעת, איך צאפּעל זיך און סטארע זיך מיט אלע כוחות אבצורייסען זיך פון דער ערד, צו וועלכער איך בין צוגעקאוועט. איך וואלט וועלען אריין־פליהען אין דעם סאמען אמת אריין. איך זוך, טאמער וועל איך ארויסגעפינען א שטי־קעל חילוק צווישען די, וועלכע ממת׳ן זיך איינער דעם אנדערן, און זעה, אז זיי זיינען עהנלאך איינער דעם צווייטען. די דאזיגע גלייכ־קייט צווישען די מענשען ציהט מיך וואס ווייטער אלץ מעהר צו צו זיך, זי פּילט אויס מיין גאנצע נשמה, און איך קאן פון איהר נישט פטור ווערען, זי ווארפט אויף מיר ארויף אנ׳אימה, און איך פּרוּווּ א גישריי טון. עס רייסען זיך ארויס ביי מיר פון גארגעל עפּעס משונהדיג־ווילדע טענער. זיי הילכען אב אין דעם אומבא־קאנטען שטח ארום און ארום. עס דוכט זיך מיר אפילו אויס, אז איך הער זיי אליין, מיט מיינע אייגענע אויער׳ן.

זיי טראגען נישט דיזעלביגע מלבושים, זיי געהען נישט גלייך אנגיטון, זיי ריידען נישט דיזעלביגע שפּראך, אבער פון זייער טיף מענשלאכען תוך ווערען גיבארען דיזעלביגע באדערפענישען. זיי האבען דיזעלביגע דאגות, דיזעלביגע ווילדקייטען און משוגעתן און דעמזעלביגען שכל. זיי גלייכען זיך איינער דעם אנדערן, פּונקט אזוי ווי זייערע וואונשען גלייכען זיך איינע צו די אנדערע, זייערע ווערטער גלייכען זיך צואנאנד, ווי די גישרייען, וואס דער וועהטאג רייסט ארויס פון זייער ברוסט, אזוי ווי די שרעקלאכע שטילקייט, וואס זייערע צוקאליעטשעטע ליפּען ווערען באלד אויסהויכען. זיי שלאגען זיך, ווייל זיי געפינען זיך פּנים אל פּנים. זיי יאגען זיך אלע נאך דעמזעלביגען ציל. אין זייער פינסטערקייט טויטען זיי זיך איינער דעם אנדערן, ווייל זיי זענען אלע אזוי גלייך איינער צום אנדערען.

און די ביידע דאזיגע העלפט פון דער מלחמה, געהען זיך זייער גאנג. זיי הארכען זיך אויס, און גראבען זיך א גרוב איינער

דעם אנדערען. איך אליין קאן גארנישט העלפען. זיי זענען צושיידט איינער פון דער אנדערען דורך גראבענס, אנגעפילט מיט וואפענס און מיט נעצען. דאס לעבען קאן זיי נישט אריבער־שפרינגען. זיי זענען צושיידט דורך אלץ, וואס קאן צושיידען, און ווערען צוריקגיווארפען אין זייערע אייגענע גרעניצען, אין זייערע וואקעלדיגע וויספעס דורך שווארצע שטראמען און דורך הייליגע פייערס, דורך העלדישקייט און דורך שנאה.

דאס אלץ האט נישט קיין ריכטיגען טעם. עס האט בכלל קיין שום טעם נישט. איך וויל נישט. איך זיפץ און גיב א פאל צו־ריק. און דערנאך הויבט מיך אן די אויפרעגעניש אנצוכאפען פאר׳ן גארגעל, ווי א פעסטער חפץ. פאר וואס, פאר וואס? איך בין געגליכען צום ווינד, וועלכער יאמערט און וויינט. איך זוך, איך וועהר זיך. דער יאוש פון מיין נשמה און פון מיין הארץ איז אהן א גרעניץ.

איך הארך. איך דערמאהן זיך אן אלץ.

איבער די קעפ, איבער די מאסען, וועלכע באוועגען זיך אין די פינסטערע קארידארלאך אהן א סוף, אדער וואס דרעהען זיך ארום אלץ אויף דעמזעלביגען ארט, כדי צו פארזארגאן מיט פרישע פלייש דעם פארנט פון די ליניעס טראגט זיך און שוועבט א גימור־מעל, א גיבערום, ווי דער פליגעל־גירויש פון אנ׳אומרוהיגען מלאך.

»ווייטער, פארויס! דאס מוז מען! ס׳איז נישט דיין עסק.«

איך דערמאהן זיך. איך האב עס גיזעהען אסך מאל און איך זעה עס איצט. אט די אלע דאזיגע מחנות, וואס גיבען א ציטער און גיבען זיך א גאס — זייערע נשמות, זייערע מוחות, זייערע ווילענס זע־נען נישט אין זיי גופא, נאר אין עפעס, וואס ליגט חוץ פון זיי!

אנדערע קלערען און ווילען פון זייערטוועגען. אנדערע שאקלען און טרייסלען זייערע הענט, אנדערע שטויסען און ציהען זיי. אנדערע מענשען, וועלכע זיצען אין דעם סאמען צענטער פון די טייוועלשע קרייזען, אין די הויפשטעט און די פאלאצען, האלטען אין זייערע הענט אלע פעדימס און אלע דראהטען. עס איז פארהאן א העכערער גיזעץ, איבער די קעפ פון די מענשען איז פארהאן א מאשינע

וועלכע איז שטארקער פאר די מענשען. דער המון איז אין דער אייגענער צייט דער כוח און די שוואכקייט — און איך דערמאהן זיך, איך ווייס זעהר וואהל, אז איך האב עס גיזעהען מיט מיינע אייגענע אויגען. די מלחמה — דאס איז דער המון — און צוריק גירעדט איז דאס ווידער נישט דער המון! פאר וואס האב איך דאס ביז אהער נישט גיוואוסט, וויבאלד איך האב דאס גיזעהען?

דו סאלדאט פון דער גאנצער וועלט, דו מענש, וועלכען מען האט ארויסגיכאפט פון צווישען אנדערע מענשען, דערמאהן זיך נאר אקארשט: צי איז גיוועזן אזא רגע אין דיין לעבען, ווען דו ביסט גיוועזן א בעל־הבית איבער זיך אליין! אלעמאל האסט דו גיבויגט דיין האלז אונטער דעם יאך פון א הארבען באפעהל אהן קיין שום טענות און מענות: „מען מוז, מען מוז". צונויפגיקוועטשט אין די אבצווייגעס פון אנ׳ארבייט אהן אנ׳אויפהער, אין די פא־בריקען פון די מאשינעס אדער אין די פון די קאנצעלאריעס, שקלא־פען פון דעם גיצייג, פון דער פעדער, פון דעם טאלענט אדער פון עפעס אנדערש, ביסט דו פון פריה ביז אבענד גייאגט און גיפלאגט גיווארען פון דיין טעגלאכען דינסט, וועלכער גיט דיר מעגליכקייט איבערצוקומען דעם טאג, און נישט מעהר. אויסרוהען זיך קענסט דו נאר אין חלום.

און ווען עס שטעהט אן די מלחמה, וועלכע דו האסט קיינ־מאל נישט גיוואלט — ווי דו זאלסט נישט הייסען און פון וואנען דו זאלסט נישט זיין — אנטפלעקט זיך אין איהר גאנצער קלארקייט יענע שרעקלאכע און בלינדע מאכט, וועלכע גיט דיך א כאפ. דו ווערסט פארמשפט. מען נעהמט צו דיין איך. מען פארנעהמט דיך דורך מיטלען, וועלכע גלייכען צו ארעסטירונגען. פון די דא־זיגע מיטלען קאן זיך קיין איינציגער ארימער ניט באפרייען. מען האקט דיך ארײן אין די קאזארמעס. מען טוט דיך אויס נאקעט ווי א ווארם, און מען טוט דיר אן א מונדיר, וועלכער מעקט אין דיר אויס אלע פארזענלאכע סימנים פון דיין פרצוף. אויפ׳ן האלז הענגט מען דיר אויף א נומער. דער מונדיר דרינגט אין דיר אריין ביז צו דער סאמער הויט. די מושטראוועס שניידען דיך צו ווי א שטיק

מטבע. עס שווימען ארויף ארום דיר פרעמדע מענשען, אנגיטון אין גלאנצענדיגע מלבושים. מען דערקאנט זיי, דאס זענען נישט קיין פרעמדע מענשען. מן הסתם איז דאס א מאסקענ־באל. אבער דאס איז א ווילדער מאסקענבאל. דאס זענען די נייע בעלי־בתּים, וואס שטעלען ארויס די צייכענס פון זייער מאכט אויף זייערע הענט און אויף זייערע קעפ. די, וועלכע רינגלען דיך ארום זענען נישט מעהר ווי די משרתים פון זייערע בעלי־בתּים, וועלכע טראגען אויף זייערע מלבושים די צייכענס פון נאך א גרעסערע מאכט. פון טאג צו טאג פאלסט דו אלץ טיפער אריין אין א לעבען פון נויט און דחקות, פון דערנידריגונג און פארקליינערונג. מען גיט דיר קארג צו עסען און מען באגעהט זיך מיט דיר גראב. דו ווערסט גיפלאגט אין דיין גאנצען לייב, און די באפאהלען פון דיינע היטערס און וועכטערס הוזשען ארום דיינע אויערן ווי דאס פייפען פון א בייטש. איטלאכע רגע ווערסט דו ווידער צוריקגישליידערט אין די ד׳ אמות פון דיין ענגען און שמאלען לעבען. דו ווערסט באשטראפט פאר די מינדסטע קלייניגקייט, פאר די מינדסטע באוועגונג. מען דערשיסט דיך אויף דעם באפעהל פון דיינע בעלי־בתּים. דו טארסט נישט ריידען צו דיינעם א חבר, ווען דו ווילסט זיך מתקרב זיין צו איהם. טראכטען מעגט דו יא, אבער דו מוסט פארשטיקען דיינע גידאנקען אין זיך. ארום דיר גיוועלטיגט די קאלטע שטילקייט פון שטאל און אייזען. די דיסציפלין איז נויטיג, כדי צונויפצושמעלצען די מאסען און מאכען פון זיי אן ארמיע. נישט קוקענדיג אויף די שוואכע קרובהשאפט, וואס ווערט ווען נישט ווען גיבארען צווישען דיר און דיין נאהענטסטען באפעהלסהאבער, ווערסט דו פאראליזירט דורך די מעכאנישע ארדענונג. דו באוועגסט דיין קערפער לויט דעם טאקט פון דער שורה אדער פון דעם פאלק. דו ווערסט אין איהם בטל ווי א טויטער, און דו ווארצעלסט פון דיר אויס אלץ, וואס גיהער צו דיין איך.

»זיי פארייניגען אונז, אבער זיי צושניידען אונז,« רופט אויס א בת־קול פון דעם עבר.

און אויב עס געפינען זיך אזוינע, וועלכע עס גיט זיך איין,

אדורכצוגליטשען זיך צווישען די לעכער פון דעם נעץ, באקומען זיי דורכדעם א מאדנע גבורה, אזוינע זענען זעלטען, ווי אלע אמתע שטארקע. דו אבער, גיוועהנטלאכער מענש, דו, מיליארדסטער טייל פון דער מענשהייט, דו אנטלויפסט נישט, דו דערגעהסט ביז דעם סאמען סוף פון די פאסירונגען און פון דיר אליין.

דו וועסט צוברעקעלט ווערען אויף פיצלאך. אדער דו וועסט זיך אוועקלאזען אין דעם טומעל פון דער שחיטה און דו וועסט אומקומען דורך די הענט פון דיינע ברידער, ווארום די מלחמה ווערט גימאכט נאר דורך דיין גלייכען, אדער דו וועסט קומען א היים א צוקאליעטשעטער, אזוי ווי א ווילד־פרעמדער, וועמען מען דערקענט ביסלעכווייז אן א טייל פון זיין געזיכט, אדער דו וועסט זיך אומקעהרען צו דיין פריהערדיגער ווערטעל, אבער א פארשוואכטער און א קראנקער, אהן גיזונט, אהן פרייד, בלויז מיט דעם נאקעטען לעבען אליין, אדער דו וועסט פארפרעמדט ווערען פאר דיין אייגענער, היימישער סביבה נאך אזוי פיל, אין ניוועץ פארבראכטע טעג. און אפילו עס זאל זיך מיט דיר טרעפען א נס מן השמים, אפילו דו זאלסט ארויס א גאנצער פון דעם נצחון, וועסט דו פארט בלייבען אנ׳אייביגער קאליקע, א גיפאלענער און א באזיגטער. און אז דו וועסט ווידער אריין ווי א שרייפעל אין די מאשינע פון די ארבייטס־שעהן, צווישען דיינע חברים, וועמענס בעלי־בתים וועלען אויסזויגען דעם מארך פון זייערע ביינער, וועט דיין דינסט זיין א סך שווערער, ווי פריהער, ווארום מען וועט מוזען באצאהלען אלע יענע פועל־יוצאס פון דער מלחמה, וואס קיין מענש קאן נישט בארעכענען. דו, וועלכער האסט פריהער באוואהנט אלע קאמערלאך, קאנורקעס און קעלער־שטובען פון די שטעט, דו געהסט איצט באוואהנען די אומבאוועגלאכע קאמף פלעצער, א סך גרעסער און ברייטער ווי די אפענע פלעצער פון דיינע שטעט. און אויב דו וועסט בלייבען ביים לעבען, טא זיי מוחל, ברודער, און צאהל! צאהל פאר א נצחון, וועלכער קעהר דיך גאר נישט אן, באצאהל פאר די שאדענס, וועלכע אנדערע האבען אנגימאכט מיט דיינע הענט.

פלוצים האט זיך עפּעס נישט ווייט פון מיר, גאנץ נאהענט צו מיין צוקאפּענס, א ריהר גיטון פון ארט. דאס איז גיוועז א מין מאדנע, אומגילומפּערטע פאָרם. עפּעס אזוי ווי איך וואלט גילעגען אין בעט, אין א צימער, און איך האָב זיך פלוצים אויפגיכאפּט. אפילו אין דער טונקעלקייט פון די נאכט־שאטענס, זעהט מען, אז די דאזיגע גישטאלט איז צוקאליעטשעט. אין דער ריכטונג פון איהר געזיכט, זעהט מען עפּעס אומנאטירליכעס און בליאס־קעדיגעס. נאך איהר וואקעלדיג הלוך דערקענט מען אז די שטיוועל איהרע זענען פּוסט, און אז עס געפינט זיך אין איהר נישט קיין לעבעדיג אבר. ריידען קאן זי נישט, אבער זי מאכט מיט איהר מאגערער האנד, פון וועלכער עס באמבלען זיך שטיקלאך שמאטעס, און באווייזט מיט איהר דעם ארט, וואו עס ליגט איהר הארץ. א טייל פון דער האנד איז אבגיהאקט, און עס ווערט מיר פריקרע אויפ'ן הארצען זי אנצוקוקען, אזוי ווי עס ווערט פריקרע אויפ'ן הארצען, ווען מען הערט א פאלשען צונויפקלאנג פון טענער, דאס הארץ פון דער גישטאלט איז פארגראבען אין דעם טונקעלען באהעלטעניש פון איהר לייב, אין דעם שווארצען בלוט פון דעם לעבעדיגען גוף, ווארום רויט איז נאר דאס פארגאסענע בלוט. אז זי וואלט עפּעס גיזאגט, וואלט זי גיזאגט די אייגענע ווערטער, וועלכע איך האָב שוין אמאל גיהערט: „פארפאלען, נישט דא קיין שום תרופה". איך פּרווו זיך געבען א ריהר, כדי זיך אבצורוקען פון איהר. אבער איך קאן נישט, ווייל איך ליג א פארגליווערטער אין א מין וויסטען חלום. אז זי וואלט נישט נעלם גיווארען פון זיך אליין, וואלט איך דא אויף אייביג געבליבען ליגען, אט אזוי האט מיך איהר שאטען פארבלענדט. גיזאגט האט זי גאר נישט. זי האט זיך באוויזען ווי א שטומער חפץ. און דאס איז זי טאקע גיוועזען. זי איז אוועקגיגאנגען. אפשר איז זי צושאטען גיווארען, אפשר איז זי צוריק אריינגיגאנגען אין דעם טויט. פאר איהר איז דער טויט נישט קיין גרעסערער סוד ווי דאס לעבען, פון וועלכען זי איז אוועק. און איך בין ווידער איינגיזונקען גיווארען אין מיר אליין. זי איז אבער פארט צוריקגיקומען. איצט האט זי

שוין ארום קאפּ א מין טיכעל׳ און איך דערקען איהר נאך דער דאזיגער קרוין פון בלאטע. איך דערמאהן זיך אן יענער מינוט, בשעת איך האב זי צונויפגעדריקט צו מיין ברוסט, כדי צו דער־ווערגען׳ בשעת איך האב אין מיינע ארעמס געפיהלט׳ ווי עס טראסקענען איהרע ביינער. אט דאס איז ער! · · · אַט דאס בין איך! ער הויכט נישט אויס קיין איינציג ווארט אין די אייביגע אבגרונדען׳ וואו ער ברייננגט איצט צו די צייט — ער מיין שטילער און אומוויסענדער ברודער. דאס מענשלאכקייטס־געפיהל פלאגט מיך אזוי שטארק, אז איך ווער שיר נישט דערשטיקט און אז פון מיין ברוסט רייסט זיך ארויס א קול, וואס איז שטארקער פאר מיר׳און זוכט עמיצען. ווען?

די בלינדע מאכט, וועלכע האט איהם גיטויט דורך מיך — צו נעמט זי נישט אן קיין מענשלאכען פנים?

» דאס זענען די קיניגע! « זאגט טערמיט.

» דאס זענען די פני « — זאגט דער פארשוין, וועלכען מען האט גיכאפּט, דער גיפאנגענער דייטש מיט דעם גישווירענען קאפּ און מיט דעם שארבען פון א קאטארזניק.

אט די דאזיגע קיניגע, די שררות, די מאנארכעס, די פני, די אויבערמענשלאכע מענשען, וואס ווערען באקרוינט מיט א פאנ־טאסטישען נאמען, און וועלכע קומען קיינמאל נישט אין א טעות אריין — צו האט מען זיי שוין נישט לאנג מבטל גיוועז? ווער ווייסט? די וואס קיניגען, די זעהט מען נישט. מען זעהט מעהר נישט ווי דאס וואס זיי ווילען און דאס וואס זיי מאכען מיט די אנדערע. פאר וואס באפעהלען זיי תמיד? ווער ווייס, פאר וואס? די מאסען זענען בודאי נישט גיקומען צו זיי, צוליב דעם פשוטען טעם, ווייל זיי קענען זיי נישט. מען האט זיי פארנומען און מען היט זיי. איהר מאכט איז חוץ מדרך הטבע, זי איז פארהאן, ווייל זי איז גיוועז. מען מוז — דאס איז דער פשט, די פארמולע, די נשמה פון דעם גאנצען ענין, און אז מען האט שוין פארנומען די הענט, האט מען שוין דערנאך פארנומען דעם קאפּ, און מען האט בא־שאפען א גלויבען.

»זיי זאגען דיר,« האט אנומעלט א גישריי גיטון איינער, וואס איטלאכער פון די פראסטע סאלדאטען האט גיהאלטען פאר א פחיתת־הכבוד איהם אויסצוהערען, »זיי זאגען דיר, אט דאס זאלסט דו האבען ביי דיר אין קאפ און אין הארצען.«

אנ׳אומברחמנותדיגע רעליגיע פאלט פון זיי אראב אויף אונז אלעמען. זי האלט צונויף אלץ וואס לעבט און אלץ וואס באשטעהט. פלוצים דערהער איך גאנץ נאהענט לעבען מיר, ווי עמיצער שטאמעלט אין א מין גסיסה: עפעס אזוי ווי איך וואלט גילעגען צווישען מענשען, וועלכע מען האט דערשאסען אדער גיהאנגען לויט דעם פסק דין פון בית דין. עס דוכט זיך מיר אבי, אז איך זעה יענעם, וועלכער האט זיך גיראנגעלט אויף דער מיט מתים באדעקטער ערד, ווי א פארוואונדעטער רויב־פויגעל. און זיינע ווערטער דרינגען מיר טיף אין דער נשמה אריין. זיי זענען איצט א סך קלארער און דייטלאכער, ווי בשעת זיי האבען נאך גילעבט. זיי פאלען אויף מיר אן און דערלאנגען מיר א זעץ ווי כוואליעס, וואס זענען צונויפגיגאסען פון פינסטערניש און ליכטיגקייט.

»די מענשען דארפען נישט עפענען די אויגען!«

„דער גלויבען איז פונקט אזא באפעהל, ווי אל דאס אנדערע אין דער סלוזבע!" האט גיזאגט דער פעלדפעבעל מארקאסען, ארומ־שפאצירענדיג צווישען די שורות סאלדאטען אין זיינע רויטע הויזען, ווי א בלוטיגער כהן פון דעם מלחמה־גאט.

ער איז גיווען גירעכט! ער האט אנגיכאפט די קייט. בעת ער האט ארויסגעשריען דעם דאזיגען אמת קעגען דעם אנדערען אמת. איטלאכער מענש באטייט עפעס, אבער עם־הארצות זונדערט אב און יאוש צושיידט. איטלאכער קבצן טראגט אין זיך גאנצע דורות פון אבגילאזענקייט און פארשקלאפונג. ער איז א קרבן פון דער שנאה און דער פארבלענדונג. דער המון־מענש וועלכען איך זעה איצט, צאפלענדיג זיך אין מיינע פארפלאנטערטע גידאנקען און אין דער ארומיגער בלאטע, דער ארבייטער, וועלכער פארמעסט זיך קעגען אנ׳ארבייט, וואס איז שטארקער פאר איהם, דער היינטיגער שקלאף, דער עבד כנעני — איך זעה איהם, אזוי ווי ער וואלט גישטאנען

פאר מיינע אויגען, אט געהט ער ארויס פון זיין קראם, אין דער טיף פונ׳ם הויף, ער טראגט אויפ׳ן קאפ א פירקאנטיג היטעלע, אין זיין שלעכט אבגיגאלטער באָרד זעהט מען ארויס די זילבערנע פעדים פון אלטקייט. ער קייט און רויכערט זיין קויטיגע פיפקע, מען הערט, ווי זי פייפט. ער שאקעלט מיט׳ן קאפ און זאגט מיט א גוטען און גיזונטען שמייכעל:

„מלחמות זענען תמיד גיוועזן, און דערפאר וועלען זיי אלע מאל זיין.״

און אלע מענשען ארום איהם שאקלען צו מיט׳ן קאפ און קלערען דאס אייגענע ביי זיך אין הארצען, אין דער פינסטערער גרוב פון זייער נשמה. זיי האלטען זיך אן פעסט אן דער מיינונג, וואס איז טיף פארווארצעלט אין זייער מוח, אז די וועלט קאן נישט ווערען אנדערש, ווי זי איז. זיי זענען געגליכען צו די שטיינער פון ברוק, וואס הגם איטלאכער פון זיי איז צוגעליטעוועט צו דעם אנדערען, איז דאך איטלאכער פון זיי אבגיגרעניצט איינער פון דעם אנדערען און פארשפארט אין זיינע אייגענע ד׳ אמות. זיי מיינען, אז דאס גאנצע אלמענשלאכע לעבען איז א גרויסער גיביי פון שטיין, און זיי פאלגען אין זייער פינסטערקייט אהן קיין שום חילוק איטלאכען, וועלכער באפעהלט זיי, און זייערע גידאנקען געהען נישט ווייט. כאטש זיי האבען קליינע קינדער. און איך דערמאהן זיך, אז איך אליין האב גיהאלטען דערביי, זיך אבצוזאגען פון אלץ. און אחוץ אלדעם — דער ווייך, וועלכער פארפלייצט און פארטרינקט אלץ.

די קיניגע אליין זעהט מען נישט, אבער מען זעהט זייער אבשיין איבער דעם המון.

מען ווערט פארפיהרט פון פארשיידענע פארבלענדענישען, א פארבלענדטער, חלום איך.

מיינע ליפען מורמעלן מיט א יראת־הכבוד די שורות פון א בוך, וואס א יונגער מאן האט מיר אמאל פארגילייענט, בעת איך בין נאך גיוועזן א קינד. איך בין גיזעסען אנגישפארט אן דעם קאנט פון דעם טיש אין דער קיך, א פארשלאפענער, און דער יונגער מאן האט גילייענט:

„ראלאנד איז נישט גישטארבען· אין א משך פון דורות האט מען גיזעהען דעם דאזיגען פראכטפולען עלטערזיידען׳ דעם קעמפער צווישען די קעמפער׳ רייטענדיג איבער בערג און בערגלאך דורך דאס קאראלינגישע און קאפעטינגישע פראנקרייך· בעת עס פלעגט אנשטעהן אנ׳אומגליק אויף די פעלקער׳ פלעגט ער זיך אוועקשטעלען פאר די אויגען פונ׳ם עולם מים זיין שווערט אין זיין גלאנצפולער קאסקע אלס א צייכען פון נצחון און גרויסקייט· איינגיבויגען איבער די צילאזענע גריווע פון זיין פערד און וואקלענדיג זיך אזוי ווי די ערד וואלט גיוועןשכור פלעגט ער זיך באַווייזען ווי א מלאך פון מלחמה אויף דעם פייערדיגען קאנט פון די אנגיצונדענע הימלען בשעת גרויסע שרפות אדער איבער דעם שווארצען הויפען פון קאמף־פלעצער און מגפות· מען האט איהם גיזעהען אומעטום׳ באלעבענדיג דעם אידעאל און די גבורות פון די פארגאנגענע דורות· מען האט אים גיזעהען אין עסטרייך בשעת די סכסוכים צווישען דעם פויבסט און דעם קיסר׳ צווישען די מאדנע פאלקס־באוועגונגען פון די אראבער און די סקיטען׳ צווישען אלע יענע רייך־פארביגע ציוויליזאציעס׳ וועלכע האבען זיך ארויפ־גיהויבען און אראבגיגלאזט ארום דעם ים התיכון· דער גרויסער ראלאנד איז נישט גישטארבען׳ קיינמאל נישט·״

נאך דעם לייענען האט מיך דער יונגער מאן אנגיקוקט און האט זיך גיפלייסט ארויסצורופען ביי מיר א געפיהל פון אבשיי בנוגע צו דער דאזיגער לעגענדע·

דאס איז גיוועןמיין פאטער· איך זעה איהם פונקט ווי ער איז דאמאלס גיוועןאין יענעם אויסטערליש־ווייטען אבענד· אזוי ווי א בילד שטעהט ער פאר מיינע אויגען· און איך דערמאהן זיך ווי שטארק איך האב פון דעמאלט אן גיגלויבט אין די שיינקייט פון די אלע דאזיגע זאכען׳ ווייל מיין פאטער האט עס מיר דערצעהלט·

מיין פאטער איז גיוועןא שטאדטישער בעל־הבית פונ׳ם אלטען שניט· איך זעה איהם נאך ווי ער זיצט אין דער נידריגער שטוב פון אונזער אלטען הויז אין דער גרינלאך־וייסלאכער באלויכטונג׳ וואס פאלט אראב פון די הויכע און שמאלע פענסטער· ער רופט

אויס: „עס זענען נאך פאראן אזוינע פארנארטע מענשען, וועלכע מיינען, אז עס וועט קומען א צייט, ווען ענגלאנד וועט אויפהערען מלחמה צו האלטען מיט פראנקרייך." א גימעל, וועלכע איך פלעג אמאל לאנג באטראכטען, לעבט פלוצים אויף פאר מיינע אויגען: „אנגישפארט אן דעם הילצערנעם פארענץ פון דעם אלטען האפען שטעהט דער ים־רויבער מיט א געזיכט וואס איז פארברוינט פון דעם זאלציגען ים־ווינד, מיט אנ'אויסגעקרימטען רוקען, וואס זעהט אויס ווי אנגיבלאזענער זעגעל, און ווייזט מיט דער פויסט אין דער ריכ־טונג פון א שיפעל, וועלכע באווייזט זיך פון דער ווייטענס. איינ־גיבויגען איבער א הויפען פון באלקענס, וואס זענען באשמירט מיט דזעגאכטס, זאגט ער נבואה, אז די שנאה פון זיין שטאם צו ענג־לאנד וועט גידויערן אייביג."

„רוסלאנד איז א רעפובליק!" — מען הויבט די הענט אין דער הויך.

„דייטשלאנד איז א רעפובליק!" מען הויבט די הענט אין דער הויך.

און די גרויסע שטימען — די פאעטען, די משוררים, וואס האבען זיי אונז גילאזט הערען, די דאזיגע גרויסע שטימען? זיי האבען גימאכט פזמונים אין לויבגיזאנגען לכבוד די לארבערס, נישט וויסענדיג דעם גאנצען באטייט פון דער זאך. דו אלטער האָמער, דו זינגער פון יענע אלטע משפחות, וואס האבען באוואהנט די ברעגען פון ים און קוים גיקאנט אויסריידען א פאר ווערטער, דו מיט דיין הדרת פנים און דיין גרויסען קינדלאכען גייסט, מיט דיין טויזענד־יאהריגער פידעל און דיינע פוסטע אויגען — דו, וואס דו ביסט גישטאנען בראש פון דער גאנצער דיכטונג ביז היינטיגען טאג! און איהר, טשערעדע פארשקלאפטע דיכטערלאך, וואס איהר האט גילעבט אין א צייט, ווען גרויסע מענשען זענען נאך גיוועז משרתים ביי גרויסע פריצים, איהר, וואס איהר האט גאר נישט נישט פארשטאנען, וואס איהר האט נישט גיקאנט פארשטעהען, און איהר לאקעיעס ביי דעם קלינגענדיגען נצחון פון די היינטיגע צייטען, איהר בארעדעוודיגע חנפושניקעס און טייערע עם הארצים, איהר אומבאוואוסטזיניגע פיינט פון דער מענשהייט!

פאַרבלענדענישען, יום־טובים, צערעמאָניעס, וואָס אַמיזירען און צוהיצען דעם פּראָסטען המון, וואָס צומישען איהם מיט זייערע לעבעדיגע און פרישע פאַרבען, מיט דעם פינקלען פון די עפּאָלעטען און די שטערען, וואָס זענען די בּרעקלאַך פון אונטער דעם מלכות טיש, מיט דער קלאַפּעריי פון די באַגנעטען און די מעדאַליען, מיט דעם קלאַרנעט, דעם טראַמבּאָן און דער גרויסער פּויק צינדען זיי אָן די מאַסע און בלאָזען אויף דעם טייוועלשען פונק פון מלחמה אין דער נשמה פון די פּרויען, וועמעס חושים ווערען אַזוי גרינג צו־רייצט, און אין דער בּרוסט פון די יונגע לייט, וועלכע גלויבּען אין יעדער זאַך מיט אַזאַ התפעלות. היינט די טריאומף־טויערען, די מיליטערישע פּאַראַדעס אויף די בּרייטע פּלעצער, דאָס מאַרשירענדיג חיל, וואָס געהט אין תהום אריין נאָך דעם טאַקט פון דער מוזיק, ווייל דאָס זענען יונגע און שטאַרקע מענשען, און אַלע די אויס־גישרייען און אויסרופען לכבוד דער מלחמה, און יענער שטאָלץ, וועלכען עס פּיהלט דער פּראָסטער מענש, ווען ער האָט די זכיה צו פאַלען כּורעים פאַר די גרויסע, די בעלי־בּתים. אָט באַווייזט זיך אַ גרופּע פון רייטער, אויף דעם שפּיץ פון אַ בּערגיל: „ווי שיין דאָס איז, מען וואָלט גיקאַנט מיינען, אַז זיי לאָזען זיך אויף אונז." „ס'אַרא פּראַכט דאָס איז דער דאָזיגער העלדישער מלחמה־גייסט" רופט זיך אָב די פּרוי, דער שטענדיגער קרבּן פון אַלע פאַרבּלענדע־נישען, און דריקט דעם אָרעם פון איהר באַלייטער אין אַ קראַמפּ־באַוועגונג. און אָט וואַקסט אַרויס אַנ'אַנדער זעהונג פאַר מיינע אויגען, אַ בּילד פון צוהיצטע און ווילד גיוואָרענע מענשען. עס כאַפּט מיר אָן באַ'ן גאַרגעל, עס שליידערט מיך אַריין אין די פאַרסמטע אָבּגרונדען פונ'ם גיהנום. „זיי זענען פאַרשרפּהט!" „זיי זענען פאַרשרפּהט!" שטאַ־מעלט דער סאָלדאַט אָהן אַנ'אָטעם ווי זיין בּיקס פאַר די צוריקלויפענדיגע דיוויזיעס פון די דייטשישע סאָלדאַטען, צוהיצטע און צונויפגעע־דריקט איינער צום אַנדערען, וועלכע מאַרשירען פאַרויס אונטער דעם געטלאַכען נעפּיל פון אַלקאָהאָל, כּדי צו פאַרפּלייצען די טאַלען בּלויז מיט זייערע לייבּער. און אָט שווימען ווידער אַרויף שטיקלאַכווייז פאַר מיינע אויגען גאַנצע קיבּוצים פון מענשען און פאַרשיידענע

פארמעס אהן קיין שום סדר איבער באוואהנטע אבגרונדען. ווען צו מאנארכען, ארומגערינגעלט מיט זייערע בליאסקעדיגע שטאבען, רופען אויס אין דער אייגענער צייט פאר זייערע מאביליזירטע גרעניצען „מיר ווילען ראטעווען אונזער פאטערלאנד!" האבען מיר דא צו טון מיט אנ׳אומבאגרעניצטע מאסע פון אבגינארטע מענשען און מיט צווייערליי אומבאגרעניצטע מאסען פון קרבנות. צוויי אבגינארטע אומענדלאכקייטען!

דאס איז עס. דער פאקט, אז די דאזיגע אויסרופען קאנען אין דער אייגענער צייט ארויסגיזאגט ווערען פנים אל פנים מיט דעם הימעל, פנים אל פנים מיט דעם אמת, אנטפלעקט פאר אונז דעם גאנצען שרעק פון די גיזעצען, וועלכע פיהרען אונז, און די גאנצע משוגעת פון די געטער.

איך קעהר זיך איבער פון איין זייט אויף דער אנדערער אויף מיין גילעגער, כדי צו פארטרייבען די דאזיגע שרעקלאכע זעהונג פון פארשיידענע פארשטעלענישען, דעם פאנטאסטישען שפיעל, וועלכער שטעהט אין א סתירה צו דער גאנצער מענשלאכער לאגיק און צום פשוטסטען שכל הישר, און צו וועלכען עס פיהרען די פאסירונגען. איך זוך ווייטער אין מיין היץ. די פארבלענדענישען, וועלכע מאכען בלינד, און אויך די פינסטערנישׂ. דער ליגען קיניגט מיט די, וועלכע קיניגען, אויסמעקענדיג אומעטום די גלייכקייט און באשאפענדיג אומעטום דעם חלוקי. עס איז נישטא קיין איין ווינקעלע אויף דער וועלט, וואו מען זאל קאנען נצול ווערען פון די ליגענס. וואו זענען זיי נישט דא! די לאנגע שורה פון ליגענס, וועלכע קייטלען זיך איינער אן דעם אנדערען, אָ, די קייט, די קייט. וואס איז אומעטום דא און וועלכע קיינער זעהט נישט! דער גימורמעל און די גישרייען פלעכטען זיך און פלאנטען זיך צונויף. דא און דארט, לינקס און רעכטס, פארשטעלט מען זיך און מען לייגט. דער אמת קומט קיינמאל נישט ביז צו די מענשען. די דעות דרינגען אדורך, פאלשע אדער צוקאליעטשעטע.

דא איז אלץ שיין און פיין און וואהל ווי די וועלט; דא האט קיינער קיין שום פארזענלאכע פניות נישט. דארטען אבער איז

אלץ פארקעהרט; אלץ וואס דא איז שיין און פיין, איז דארטען מיאוס און מנוולדיג. „דער פראנצויזישער מיליטאריזם, פער־שטעהסט דו מיך, איז נישט דאס אייגענע וואס דער פרייסישער, מחמת דער פראנצויזישער מיליטאריזם איז פראנצויזיש און דער פרייסישער איז פרייסיש“. די צייטונגען, דער פינס־טערער נעפּיל פון די גרויסע פיהרענדיגע צייטונגען ווארפען זיך אן אויף די גייסטער און וויקלען זיי איין אין א געדיכטען שלייער. דאס טאג־טעגליכע איבערקייען פון דיזעלביגע זאכען פענטעט די נשמה און דערלאזט נישט דערצו, אז זי זאל א ביסעל ווייטער זעהען. און די קליינע, ארימע צייטונגען ווייזען פוסטע ערטער דארט, וואו דער אמת איז צו בולט גיווען אנגעשריבען. די לעצטע זאך, וועלכע די קינדער פון די געפאלענע און פון די צוקאליעטשעטע, קראנקע איבערגעבליבענע וועלען זיך דערוויסען צום סוף פון דער מלחמה וועלען זיין די מלחמה־צילען פון די אנפיהרערס.

מען שטעלט אוועק ראפּטום די פעלקער פאר א פארענדיגטען פאקט, וועלכער איז אויסגיארבייט גיווארען אין די פארבאהאלטענע מקומות פון די הויפען, און מען זאגט זיי: וויבאלד, אז עס איז שוין סיי ווי סיי צו שפּעט, האסט דו קיין אנדער ברירה נישט: „דו מוזט הרגענען, כדי אליין נישט דערהרגעט צו ווערען“. מען בלאזט אויף אין דער לעצטער מינוט אנ׳אויבערראויפיגען פאל, צוליב וועלכען דער פון לאנג אן איינגיהאלטענער כעס האט זיך ארויסגי־גאסען אין אנ׳אנפאל, און מען זאגט זיי: „אט איז די אמתע סיבה פון דער מלחמה“. עס איז א ליגען: די איינציגע סבה פון דער מלחמה דאס איז די פארשקלאפונג פון יענע, וועלכע מאכען זי מיט זייער אייגען פלייש און בלוט. מען זאגט זיי „לאמיר נאר אקארשט גע־ווינען די מלחמה, און איטלאכער דעספּאטיזם וועט פארשווינדען ווי מיט א כשוף, און אויף דער וועלט וועט גיוועלטיגען דער שלום“. עס איז א ליגען: אזוי לאנג, ווי עס וועט נישט אנשטעהען די מלוכה פון דעם מענשען, אזוי לאנג וועט קיין שלום נישט זיין אויף דער וועלט. צי וועט אבער די דאזיגע מלוכה קומען? צי וועט זי האבען די צייט צו קומען, אזוי לאנג ווי די מענשהייט איילט זיך

צו שטארבען מיט בלינדע אויגען? ווארום די גאנצע דאזיגע רע־קלאמע וואס בליאסקעט און פונקעלט קעגען דער זון, אלע די דאזיגע טעמים און מאטיוון, וועלכע מען טראכט אויס אויף דערווייליע, אלע די דאזיגע טעמים און מאטיוון, וואס זענען שקר וכזב, און פון וועלכע קיין איינציגער דערגרייכט נישט די איידלע טיפענישען פון די אלגימיין־מענשלאכע אינטערעסען, אלע די דאזיגע טעמים און מאטיוון, וואס זענען לחלוטין נישט גינוג, פארמאגען פונדעסטוועגען און זיך גינוג כוח אלץ טיפער אריינצוריקען דעם פראסטען מענשען אין א בהמהשע עם־הארצות, כדי איהם צו באפוצען מיט שטאהל און אייזען.

יענער רוח, מיט איהר נשמה פון א תלין, וועלכע האט זיך ארויסגעריסען פון דעם נאך מיט גאלד באדעקטען קערפער אויף דעם קאמף־פלאץ האט דאן א זאג גיטון „די תורה פון דער גע־שיכטע שרייבט זיך נישט מיט שכל. איינס פון די ביידע: אדער דער גיזעץ פון די קיניגען און דער אלטער וכוח מכוח די פאהנען פארמאגען אין זיך א מין הייליגע קראפט, וואס שטעהט חוץ מדרך הטבע, אדער די אלטע וועלט איז אויפגיבויט אויף די פרינציפען פון משוגעת."

ער ריהרט מיך אן מיט זיין שטיינערנער האנט און איך פרוו זיך אפצוטרייסלען פון איהם. כאטש איך ליג אויסגיצויגען אויף דער ערד גיב איך דאך ערגיץ וואו א פאל און שטויס זיך אן עפעס אן, עפעס אנ'אויסרוף הוזשעט מיר ארום די שלייפען און דונערט מיר אין די אויער'ן אזוי ווי א הארמאט. אזוי ווי א מענש, וואס ראטעוועט זיך פון א צובראכענעם שיף, טרינק איך זיך אין די כוואליעס פון דעם דאזיגען גישריי:

»מען מוז! מען מוז! דו טארסט עס נישט וויסען!«

דאס איז דער גישריי פון מלחמה, דאס איז דער גישריי פון מלחמה.

נאך דער היינטיגער מלחמה, וועט זיך אנהויבען אנ'אנדערע. מלחמות וועלען אלעמאל האבען א קיום און וועלען תמיד גרייט זיין ווידער אנצושטעהען, אזוי לאנג ווי זיי וועלען באשלאסען ווערען פון אנ־דערע מענשען ווי די, וואס מאכען זיי, אזוי לאנג, ווי זיי וועלען באשלאסען

ווערען פון אנדערע איידער די פינסטערע מאסען, וועלכע שמידען אויס די באגנעטען, און באלעבען זיי דערנאך מיט זייער אטעם. די איי־גענע סבות האבען די אייגענע פועל יוצא׳ס, און כמעט אלע לעבעדיגע באשעפענישען דארפען אויפהערען צו האפען אויף בעסערע צייטען.

וועלכע געשיכטלאכע קאמבינאציעס וועלען ארויסרופען די דאזיגע העכסטע שטורעמס, וועלכע נעמען מען וועט געפונען אין יענע צייטען פאר די אידעאלען, וואס מען וועט ארויפלייגען אויף די מענשען, קאן מען נישט וויסען. די סיבה וועט אומעטום אפשר זיין די מורא פאר די אמת׳ע פרייקייט פון די פעלקער. אויף קלאר קאן מען נאר וויסען איין זאך: אז מלחמות וועלען זיין.

די באוואפנונגען וועלען וואקסען איטלאכעס יאהר מיט א גיכ־קייט און אנ׳אימפעט, אז עס וועט אזש אנהויבען פינטלען פאר די אויגען. עפעס טרייבט עס מיך גינוי צו רעכענען, הגם איך שטעה אויס דערביי ביטערע יסורים. איצטער דינען מיר דריי יאהר אין מיליטער; אונזערע קינדער וועלען דינען פינף, צעהן יאהר. איצטער גיבען מיר אויס צוויי מיליארדען א יאהר פאר הכנות צו א מלחמה. שפעטער וועלען מיר אויסגעבען צוואנציג, פופציג. אלץ וואס מיר פארמאגען וועט מען ביי אונז צונעהמען. דאס וועט זיין א באנקראט, א ראבונעק. די מלחמה האט אבגיטויט די רייכקייט, אזוי ווי זי האט אבגיטויט די מענשען. זי געהט אוועק מיט׳ן רויך, און מען קאן נישט אויסטראכטען מעהר גאלד ווי סאלדאטען. היינט קען מען שוין נישט רעכענען; מען קען שוין היינט גארנישט. א טריליאן א מיליאן מיליאנען... דאס דאזיגעווארט זעה איך אויפגעשריבען אויף דער אומקלארער איבערפלאך פון דער וועלט. עס כאפט מיך אן אנ׳אימה, ווען איך הויב אן צו פארשטעהען דאס אומפארשטאנדלאכע פון דעם דאזיגען נייען ווארט, וואס איז אקערשט גיבארען גיווארען פון דער מלחמה.

די הכנות צו דער מלחמה פילען איצט אויס איטלאכעס וויג־קעלע אויף דער ערד: זיי שלינגען אין זיך אריין אלע לעבעדיגע קרעפטען, זיי פארנעהמען אלע וויסענשאפטליכע אויפטואונגען און אנטפלעקונגען, די גאנצע וויסענשאפט און אלע גידאנקען. די

שליטה איבער דער לופט, דאס גיוועלטיגען איבער דעם וועלט־שטח, פטרט איצט אוועק אלע נאציאנאלע פארמעגענס, ווייל די לופט־נסיעות, וואס פאר זיך אליין זענען זיי א וואונדערליכע און טייערע פארגרעסערונג פון די מענשלאכע קנינים, זענען תיכף אין אנהויב ביי די זשעדנע און רויבערישע קרייזען גיווארען א פעטער ביסען, אויף וועלכען מען האט זיך א ווארף גיטון, כדיי אויסצונוצען זיי פאר אייגענע עגאיסטישע צילען. די צושטערונגס־גיצייג וועלען אבקאסטען אזא מטמון מיט געלד, אז אלע אנדערע הוצאות ווערען בטל ווערען ברובא. עס וועלען אויך בטל ווערען אלע שטרעבונגען פון מענשלאכען גייסט און אלע באגרינ־דונגען פונ׳ם לעבען. דאס וועט זיין דער סך הכל פון דעם לעצ־טען מענשלאכען דור.

די קאמף־פעלדער זענען שוין צוגיגרייט פון לאנג אן. גאנצע קאנטען, גאנצע מדינות ווערען באדעקט מיט איין איינציגע שווארצע שטאט, מיט איין איינציגען מעטאלענעם קעסעל, אין וועלכען עס באוועגען זיך אייזערנע ברעטער און ברענערדיגע אייזערנע שייטלאך. דאס לאנד ווערט ארומגיגארטעלט מיט א שלל פון וועלדער מיט שטאהלענע בוימער און ברונענס, אין די ברונענס ליגט א שוואר־צע מאסע פון נעצען; דאס לאנד ווערט אדורכגעשניטען פון א וויל־דען הויפען מיט צוגען, וואס ציהען זיך אין געדיכטע שורות אזוי ווי ראטעס סאלדאטען אין אנ׳אטאקע. וואו מען זאל זיך נישט א קעהר טון, אפילו ווען מען וויל שוין ערגיץ נישט קוקען, אפילו ווען מען וויל אנטלויפען, אומעטום, אויף איטלאכען טראט, בליאסקען די העלע טאפ־פעדים פון די רעלסעס, און עס הויבען זיך אין דער הויך גאנצע סנאפעס און קנוילען פון רויך־וואלקענס. אויף דער דאזיגער אומגליקלאכער ערד, דער ערד פון שטראף און פיין, הויבט זיך אויף און לאזט זיך אראב פון איין עק הימעל ביז דעם אנדערען עק א גיבייי פון מאשינען, וואס איז אזוי פארפלאנטערט, אז ער האט נישט קיין באשטימטען נאמען, און אזוי מוראדיג ברייט און גרויס, אז ער האט נישט קיין באשטימטע פארם. פון מזרח ביז מערב פלעכטען

זיך צונויף אין דער הויך גאנצע בינטלאך און קנוילען פון פלאמען מיט בינטלאך און קנוילען פון משונהדיגע קלאנגען. לאנגע און ברייטע שטראהלען פון קאכעדיגען מעטאל שפריצען אין דער הויך ווי די שטראהלען פון א פאנטאן. זייער ליכט דערגעהט אזוי ווייט ווי דאס ליכט פון א באלייכטונגס־טורם. עלעקטרישע פונקען ווערען נאכאנאנד ארייגעפיהרט או ןאיבערגעריסען. איבער דעם אלעמען דערזעהט זיך אין דער ווייטענס די קינצלאכע גישטאלט פון א בארג־קייט. און אין דער טיפעניש, אונטער דער ערד, קומט דאס אייגענע פאר, ווי אויבען, אויף דער ערד. דאס אייגענע, מאוימדיגע געשוויבעל און געגריבעל. דא ווי דארט, אונטען ווי אויבען ציהען זיך גאנצע שיכטען מיט קעסעלס. דאס ליכט פון די פיינדלאכע פראזשעקטארען קומט צו זיי נישט צו. דאס דאזיגע ליכט איז אזוי שטארק, אז נאר די קיילעכדיגע גישטאלט פון דער ערד קאן געבען די מעגלאכקייט, זיך צו ראטעווען פון איהם.

די דאזיגע אומענדלאך גרויסע שטאט מיט די אומענדלאך־גרויסע, נידעריגע, פינסטערע און גלייך־ווינקעלדיגע הייזער, דאס איז גאר קיין שטאט נישט, דאס זענען קאמף־וואגענס; א קליינער שטויס פון אינעווייניג — און אט זענען זיי גרייט זיך א לאז צו טאן אויף זייערע רעלסעכ. די דאזיגע אומענדלאך־לאנגע שורה פון הארא־מאטען, איינגיגראבען אין טיפע ברונענס, אזוי טיף, אז זיי דער־געהען אזש ביז צו די ווארימע גידערים פון כדור הארץ, און שטעהען דארט פעסט, א ביסעל איינגיבויגען ווי דער טורם פון פיזא; און די דאזיגע משופעדיגע, קרומע רעהרען, לאנג ווי די קוימענס פון א פאבריק, אזוי לאנג, אז זייערע ליניעס פארלירען זיך אין דער ווייטקייט, און וואס זעהען אויס ווי די שופרות של משיח, דאס זענען גאר קיין הארמאטען נישט, דאס זענען מעהר נישט ווי מאשינען־גיוועהרען, וואס ווערען דערנעהערט און גישפייזט פון נאכא־נאנד ארומלויפענדיגע אייזענבאהנצוגען, און זענען בכוח אין דער נויטיגער מינוט איינצועגבערן גוואלדאוונע לעכער, גרויס און ברייט ווי די בערג.

אמאל האט א מלחמה אויסגיזעהען ווי עפעס אנ׳ארבייט אין

פעלד· היינט זעהט זי אויס ווי אנ׳ארבייט אין שטאט אדער בעסער גיזאגט ווי די ארבייטען און א ריעזיגער פאבריק· די מענשען זעהט מען קוים ארויס· זיי ווערען אין גאנצען בטל· אויף די ארומיגע סטעזשקעס· אין די קעלערן· אויף די באוועגלאכע בריקלאך און פלאטפארמעס· ביים פאלק· וואס איז אויסגישטעלט אין דער הויך איבער די אבגרונדען – זעהט מען א קופקעלע בלייכע· איינגי־הויקערטע· שווארצע און פארשוויצטע מענשען· וואס טרעטען ארויס פון זייערע נאכט־גריבער· דאס זענען זיי גיקומען אהערצו ראטעווען זייער לאנד. זיי האבען זיך ערגיץ־וואו אין שפאלט פארגראבען און אין דעם דאזיגען פארשאלטענעם ווינקעל· פאר־שאלטענער איידער יעדער אנעערער ווינקעל אויף דער וועלט· וואו דער שטורם פייפט און וואיעט· קאן מען זיי זעהען· אין די פאר־טיפונגען פון די דאזיגע גלאטע ערד־האהלען קאן מען זעהען· ווי דער דאזיגע מענשלאכער מאטעריאל באוועגט זיך· ווי די פארמשפטע שאטענס פון דאנטעס גיהנום· פאנטאסטישע פאסען פון א גרויליגער ליכטיגקייט· אזוי ווי זיי וואלטען ארויסגיגאנגען פון די שפאלטען פון גיהנום· אנטפלעקען פאר אונז זייערע לאנגע ליניעס· אויסגיצויגען ווי סטעזשקעס· קליינע· שמאלע און ציטערדיגע שטיקלאך נאכט· וואס בלייבען ברודיג און קויטיג אפילו ביים העלען טאג און ביי דעם שיין פון דער זון· זיי זענען באדעקט מיט וואלקענס פון שטויב און ערד· איבער די קעפ פון די דאזיגע פארמשפטע· ווענמענס בלאסע געזיכטער פארענדערן זיך נישט אונטער דעם בארג פון אש· גיט עס אלע ווײלע א ציטער און בליץ אויף דעם שטאהלענען הימעל· זיי ווארטען און הערען זיך צו צו דער דערהויבענקייט און דעם באטייט פון דעם דאזיגען ברייטען און שווערען ברומען· קעגען וועלכען זי קעמפען דא, איינגימויערט אין זייערע לעכער· זיי וועלען שוין נישט ארויסקומען פון די ד׳ אמות· אין וועלכע זיי זענען פארשפארט· ווי די אנדערע פאר זיי וועלען זיי איינזינקען אין דעם תהום פון דעם נישט־זיין· אוואו אלץ איז פולקאם· זייערע גישרייען וועלען נישט אריבערשפרייזען די גרעניצען פון זייער שטיקעל ערד· ווי זיי וועלען נישט געהען ווייטער פאר די גרעניצען

פון זייערע מיילער. זייער נצחון וועט בלייבן צוגעשמידט צו זייערע עלענטע קערפּערס.

איך פאהר אויף א לופט־שיף. זיין גיביי איז אזוי גרויס, אז ער פארטונקעלט דעם שיין פון דער זון, אזוי ווי יענע וואלקענס פון פיילען, פון וועלכע עס רעדט זיך אין די מעשות פאר קינדער. דאס איז א גאנצע ארמיע אין דער פארם פון א גיוועלב. די דאזיגע פלאטע איז בכוח אראבצוברייינגען אויף דער יבשה, און אומעטום, א מיליאן מענשען מיט אלץ וואס זיי באדארפען האבען צום לעבען. מיט עטלאכע יאהר צוריק האבען מיר גיהערט, ווי עס ברומען די עראפּלאנען. איצט מאכען זיי אן אזא רעש און אזא געפילדער, אז אלע אנדערע קולות ווערען פארהילכט. זייער אנט־וויקלונג איז גאר נישט גווען אזא אויסטערלישע, און פונדעסטוועגען האבען צוליב זיי די טעריטאריעלע זיכערקייטען, וועלכע די פאנטאסטען פון די פריהערדיגע דורות האבען גיפאדערט, אנגיווארען איטלאכע ממשות און איטלאכען באטייט. איך ווער גיטראגען פון דעם מוראדיג שווערען געוויכט פונ׳ם מאָטאָר, וואס איז טויזענט מאל שטארקער, ווי ער איז שווער, און וועלכער קלאפּט און הוזשעט אין דעם פרייען שטח און פילט אן מיט זיין קלאפּעריי אלע מיינע איברים; איך זעה, ווי עס ווערען אלץ קלענער און קלענער די בערגלאך אויף וועלכע עס שוויבלען און גריבלען משונהדיג גרויסע הארמאַטען און וועלכע זעהען אויס ווי קעסטלאך מיט שפּילקעס. איך פאהר אין דער הויך פון 2000 מעטער. אבער בעת איך בין אדורכגיפלויגען א שמאלען קארידאר צווישען צוויי וואלקענס האט מיך פלוצים א שטראם פון לופט א כאפּ גיטון, און איך האב זיך גימוזט אראבלאזען אויף 1000 מעטער נידריגער. א שטראהל פון קאלטע לופט האט מיך אדורכגינומען און א שניט גיטון ווי מיט א מעסער. עס האט זיך פון מיר ארויס־געריסען א שארפער גישריי. איך האב גיזעהען שרפות, איך האב גיזעהען ווי עס פלאצען מינעס, ווי עס ציהען זיך פון זיי גאנצע גריוועס רויך, וועלכע צולעגען זיך אין גרויסע, לאנגע גיבראכענע ליניעס. זיי זעהען אויס ווי די האהר פון דעם מלחמה־גאט! איך האב

גיזעהען די קרייזען, ליגענדיג איינע אין די אנדערע, און וועלכע עס קומען צו אלץ נייע הויפענס פון מענשען פּינטעלאך. אין אלכסון ווי פּאראַלעלאגראמס, ציהען זיך די באדעקונגגען ביז אין די טיפענישען אריין. איך האב גיזעהען, ווי דער פיינד האט אין א שרעק־לאכער נאכט אלץ פארפלייצט מיט א שטראם פון ברענעדיגע פליסיגקייטען. איך האב גיזעהען יענעם פעלזיגען און שווארצען טאָל, וועלכער איז אנגעפילט מיט א וואולקאנישע לאווע. זי פארבלענדט די אויגען מיט איהר פלאמעדיגער ווייסקייט, לגבי וועלכער די ראקעטען און די פונקען פון די שאסען זעהען אויס בלאס.

דורך דעם דאזיגען שפּאלט זעהט אויס די ערד מיט איהר פייערדיגען מיטעלפּונקט, אזוי ווי זי וואלט גיווען דורכזיכטיג ווי גלאז. אין דער מיט פון דעם דאזיגען פלאמען־טייך שווימען ארויף לעבע־דיגע הויפענס, איינגיבויגען אין דרייען ווי די מלאכים פון כּף הקלע. אנדערע ווידער ראטעווען זיך און לויפען ארויף ערגיץ וואו אין דער הויך, און קלייבען זיך צונויף אין קופּקאלאך אויף דעם שפּיץ פון א בערגיל איבער דעם טאל פון קויט און טרעהרען: אויף דעם אויבערשטען ברעג פון די דאזיגע לאנגע און פארדעקטע אבגרונדען, וועלכע שאקלען זיך דורך די קלעפּ פון די עקספּלאזיעס ווי א שיף, זאמלען זיך אן געדיכטע, חושכדיגע כמארעס.

די גאנצע כעמיע ברענט אין א קינצלאכען פייער דורך די וואלקענס, אדער צוציהט זיך אין סם־ליילאכער, וואס זענען גרויס און ברייט, ווי גרויסע, ברייטע שטעט. קעגען זיי קאן נישט באווא־רענען קיין איין וואנד, קיין איין מויער, קיין איין גרוב, און צווי־שען זיי איז דער רוצח אזוי ווענים נכר ווי דער טויט. די אינ־דוסטריע פארטאפּעלט אט די דאזיגע פאנטאסטישע באַלויכטונגען. די עלעקטריציטעט לאזט פאנאנדער איהרע בליצען און איהרע דונערן — זי שליידערט פון זיך ארויס איהר פארכּישופטע מאכט, ווי מען שליי־דערט ארויס א שטיין.

אפשר וועט די אויסטערלישע מאכט פון דער עלעקטריציטעט פארענדערן דעם גאנצען אויסזעהען פון דער מלחמה: א בינטעל פון כוואליעס וועט זיך אנזאמלען אין איין איינציג פּינטעלע; גאנצע

רייפען פון עלעקטרישע פונקען, קעגען וועלכע קיין זאך וועט נישט קאנען באשטעהען, וועלען אנצינדען און צושטערען אויף זייער וועג אלץ וואס איז מסוגל צו עקספלאדירען; זיי וועלען אויסרייסען די אויבערפלאך פון דער ערד ביז אין איהרע ווארצלען אריין; זיי וועלען פארשיטען מיט מאסען פון פארקאהלטע מענשען אונטערערדישע אבגרונדען, און אפשר וועלען זיי ארויסרופען ערדציטערנישען און ארויסרייסען פון די טיפענישען דעם אונטער־ערדישען צענטראלען פייער ווי א מינעראל.

מענשען, וועלכע לעבען היינט, וועלען עס נאך זעהען, און פונדעסטוועגען איז די דאזיגע זעהונג פון דעם אזוי נאהענטען עתיד מעהר נישט ווי זעהר שוואך פארגרעסערטע בילדער וואס פליהען אדורך דורכ׳ן קאפ, עס פאלט אן א פחד, ווען מען באקלערט, אז סך הכל ארבייט די וויסענשאפט מעטהאדיש זעהר א קורצע צייט. אחוץ דעם איז צושטערונג איינע פון די גרינגסטע זאכען. ווער קען די נייע מיטלען, וועלכע די וויסענשאפט פארמאגט אין זיך, ווער ווייסט, ביז ווי ווייט עס קאן דערגרייכען די קונץ פון פארסמען, ווער ווייסט, צי מען וועט אמאל נישט אויסנוצען די עפידעמישע חולאת׳ן, ווי מען נוצט אויס די ארמיעס (אדער צי זיי וועלען נישט ארויס־קומען פון די מחנות טויטע). ווער ווייסט וואס פאר שרעקלאכע מלחמות די צוקונפט וועט אונז ברייגנען, אזוי אז מיר וועלען צוליב זיי לגמרי פארגעסען די היינטיגע. ווארום די היינטיגע מלהמה האט דאך סך הכל אוועקגילייגט צוואנציג טויזענד א טאג; די היינטיגע מלחמה האט דאך ביז אהער אויסגיטראכט הארמאטען, וואס שיסען אין גאנצען אויף א מרחק פון נישט מעהר ווי הונדערט און צוואנ־ציג קילאמעטער; די לופט־טארפעדאס האלטען אין זיך סך הכל 1 טאָנע; די עראפלאנען פליהען מיט א גיכקייט פון נישט מעהר ווי 250 קילאמעטער א שעה; די היינטיגע מלחמה האט באשאפען נישט מעהר ווי טאַנקס און אונטער־וואסער שיפלאך, וואס שניידען אדורך דעם אטלאנטישען אָקעאן; און די הוצאות פון דער דאזיגער מלחמה אין איטלאכען לאנד האבען ביז אהער נישט דערגרייכט די הויך פון די עשירות, וועלכע געפינט זיך אין די הענט פון פריוואט־לייט.

אבער די איבערקעהרענישען, וועלכע מען קאן היינט פארויסזעהען, און וועלכע לאזען זיך באשרייבען נאך דורך ציפערן וועלען זיין שטארקער פאר'ן לעבען. די אכזריותדיגע הריגות פון די סאלדאטען וועלען האבען א גרעניץ. אמת, רעכענען קאנען מיר היינט נישט. אבער דאס לעבען וועט שוין פאר אונז רעכענען. עס וועט קומען דער טאג, ווען אלע מאנזבילען וועלען אויסגיהרגעט ווע־רען. אבער אויך די ווייבער און די קינדער. אלע יענע, וועלכע האבען ביז אהער נישט גינומען קיין חלק אן דעם בזיונ'דיגען טויט פון די סאלדאטען, וועלען אויך אויסגעהען, אין איינעם מיט דעם כדור הארץ, אויף וועלכען זיי האבען גיטראטען. אבער דערווײלע נוצען זיי אויס דעם מאמענט, מיינענדיג, אז ער וועט דויערן אזוי לאנג ווי זיי; פון איין דור צום אנדערען גיבען זיי איבער די מימרא: „נאך אונזער טויט מעג קומען אפילו א מבול"... עס וועט קומען א צייט, און די מלחמה וועט אויפהערען, ווייל עס ווע־לען שוין מער נישט זיין קיין קעמפער.

די קומענדיגע צייט וועט זיין די צייט פון א גסיסה. די גי־לערנטע ווענדען אן אלערליי קאמישע מיטלען, כדי צו דערגעהען די סיבה, וועלכע וועט פיהרען צום חורבן פון אונזער וועלט. צי וועט עס קומען דערפון, וואס א קאמעט וועט זיך צונויפשטויסען מיט אונזער ערד, צי דערפון, וואס עס וועט ווערען אלץ ווייניגער און קנאפער וואסער, צי דערפון, וואס די זון וועט פארלאשען ווע־רען? זיי האבען פארגעסען יענע סיבה, וועלכע איז נעהנטער פאר אלע אנדערע און לייגט זיך מעהר אויפ'ן שכל ווי אלע אנדערע:

די מענשען וועלען זיך אליין אנטון א מיתה.

ווער עס זאגט, אז מלחמות וועלען אלע מאל זיין אויף דער וועלט, ווייס אליין נישט וואס ער רעדט. אזא מין מענש ווערט גיפלאגט פון אנ'אינעווענינגסטע קרענק — די קורצזיכטיגקייט. ער האלט זיך פאר א בר־דעת אזוי ווי ער האלט זיך פארנ'ארענטלאכען מאן. אין דער אמתן, איז ער פונקט אזוי קליינקעפעלדיג ווי דער רוצח אליין.

אויף דער פארברענטער ערד וועט זיך אנהויבען א קאמף

צווישען די וועלט־יסודות, נאכדעם ווי די מענשען וועלען זיך האבען גיטויט איינער דעם אנדערען, ווייל זיי זענען גיוועזען שקלאפען׳ עבדים כנענים, ווייל זיי האבען אלע גיגלויבט אין דיזעלביגע זאכען, און ווייל זיי זענען אלע גיוועזען עהנלאך איינער צום צווייטען.

איך גיב א גישריי און מיר דוכט זיך אויס, אז איך דערשטיק דעם דאזיגען געשריי, פארגראבענדיג דעם פנים אין א קישען.

אלץ איז משוגעת. און עס איז נישטא קיין איין איינציגער, וועלכער זאל זיך א הויב טון, זיך דערוועגען און זאגען, אז נישט אלץ איז משוגעת, אז עס איז נישט קיין מוז און אז די צוקונפט איז נישט אזוי אומברחמנותדיג אומפארענדערלאך, ווי דער עבר. אבער וויפיל מענשען וועלען זיך דאס געפינען, וועלכע זאלען זיך דערוועגען ארויסצושרייען זייער „ניין!” פנים אל פנים מיט דעם אלוועלטלאכען מבול, וועלכער איז געבליבען דער אייגענער זינט די ערשטע טעג פון דער מענשהייט, וועלכער זאל זיך דערוועגען ארויסצוזאגען דעם שרעקלאכען און לאגישען פועל־יוצא:

ניין, די אינטערעסען פון די פעלקער געהען זיך נישט צונויף מיט די אינטערעסען פון זייערע איצטיגע בעלי־בתים. זינט די וועלט שטעהט זענען די מענשען איינגיטיילט אין צוויי פארשיידענע און פיינדלאכע שטאמען: די גרויסע און די קליינע. די פריינד פון די גרויסע זענען אלעמאל די גרויסע, הגם פון אויבען אויף ווייזט עס אויס אביסעל אנדערש. די פעלקער זענען אלעמאל די פעלקער.

דא אויף דער וועלט איז פארהאן איין איינציג פעלקעלע פון פאראזיטען און מנהיגים, און דאס דאזיג פעלקעלע איז אלעמאל דער בעל־נצחון. און אויף דער אנדערער זייט איז פארהאן אומעטום איין איינציג פאלק, און ער בלייבט תמיד דער באזיגטער.

אפשר וועט דער גידאנק גאר ארויסקומען פון די טיפענישען ווי אין די אמאליגע צייטען, אין די צייטען פון דעם ערשטען מענשען? ארום און ארום זעהט מען מעהר נישט ווי חיות און א כאאָטישע צונויפמישעניש. דער שכל מוז גיבארען ווערען אויפ׳ס ניי, ווייל קיין שכל איז שוין מעהר נישטא.

»מען מוז דיינקען, אבער נאר מיט דיין אייגענעם גידאנק, נישט מיט א פרעמדען!«

דאס דאזיגע פשוטע ווארט, א דין שטרויעלע, וואס וואקעלט צווישען די צונויפגיפרעסטע מאסען פון די סאלדאטען, שטראהלט אריבער אין מיין נשמה אלע אנדערע ווערטער און גידאנקען. דיינקען דאס איז גלויבען אין דערייין, אז די מאסען האבען ביז אהער גיטון אסך שלעכטס אהן זייער אייגענעם ווילען, און אז די אלטע אויטאריטעטען, וועלכע זיצען פעסט אומעטום, פיהרען די מענשהייט אויף א פאלשען דרך און צושיידט אזעלכע זאכען, וועלכע לאזען זיך בטבע גאר נישט צושיידען.

עס זענען א מאל גיוועזן פראכטפולע גישטאלטען, וועלכע האבען גיהאט אין זיך מוט. עס זענען גיוועזן מענשען, וועלכע האבען גיטראגען דעם אמת, מענשען, וועלכע האבען ארומגיטאפט אין דער פינסטערניש און דעם כאָאס, כדי צו געפינען א וועג און צו דערשלאגען זיך צו א שטיקעל סדר. זיי אנטפלעקען דאס, וואס מען האט ביז אהער נאך נישט גיוואוסט; באזונדער אבער אנטפלעקען זיי דאס, וואס מען ווייס שוין מעהר נישט, וואס מען האט פארגעסען.

אבער וואס פאר א בהלה צווישען די שטארקע און צווישען די מלוכות, צווישען די מעכטיגע און די מאכטען!

»דער אמת איז רעוואלוציאנער! אוועק איהר טרעגער און אנזאגער פון דעם אמת, איהר אויסטראכטערס, אוועק פון דאנען! איהר ברייינגט מיט זיך די אויבערהארשאפט פון דעם מענשען!«

דעם דאזיגען ווארט האב איך שוין אנומאלט גיהערט, אין א בייזער נאכט. דאס איז גיוועזן א שטילער אויסרוף, אין מיר האט זיך אבגידוכט, אז ער קומט ערגיץ פון דער טיעפעניש. גישטאמט האט ער פון יענעם גוסס מיט די צובראכענע פליגלען, וואס איז גילעגען אין גיהאקטע וואונדען אויף דעם קאמף־פלאץ און האט גיארבייט מעשים, אז די מענשען זאלען חלילה נישט אויפעפענען די אויגען. אבער איך האב איהם, דעם דאזיגען אויסרוף, שוין גיהערט פון לאנג אן ארום מיר.

אין אפיציעלע פארזאמלונגען רעדט מען אפט ווי א מענש׳ וואס וויל און קאן עפעס גרויסעס אויפטון׳ באזונדער ווען מען וויל אונטערחנפענען דעם עולם. דאס איז אבער מעהר נישט ווי א פאָ־ ליטיקע׳ כדי איהם בעסער ארייננצוקריגען אין די הענט. די וואס טראגען דאס ליכט פון דעם אמת׳ די צווינגט מען׳ אז זיי זאלען זיך באהאלטען מיט זייער סטורקאץ. פון די דאזיגע פארחלומטע פאר־ שוינען מאכט מען חוזק. מען רייצט אויף זיי אן א חברה ליצים מיט זייער מעכאנישען׳ שטעכענדיגען און ווילדען גילעכטערל.

»דיין גידאנק פון שלום איז סך הכל א פוסטער חלום׳ אנ׳אוטאפיע. אנו׳ זאגט מיר אקארשט׳ האסט דו פארהיט די מלחמה ?«

מען ווייזט זיי דעם קאמף־פעלד מיט אלץ וואס געפינט זיך אויף איהם.

»דו זאגסט אז מלחמות וועלען אמאל אויפהערען? גיב נאר א קוק׳ דו שוטה איינער!«

די זון פארגעהט און באגיסט מיט איהר פורפור־שיין דעם אויסגעקרימטען ברעג פון דעם הימעל׳ אויף וויפיעל עס קאן נאר פאר־ כאפען דאס שוואכע אויג פון דעם מענשען:

»דו זאגסט׳ אז די זון איז גרעסער פאר דער ערד? גיב נאר א קוק אהער׳ דו שוטה איינער!«

און אחוץ דעם רודפט מען און לייגט אריין אין הרם די אלע׳ וועלכע באשולדיגען דעם גאנצען כישוף און דעם האקוס־פאקוס פון דעם עבר און דעם סם־המות פון די טראדיציעס׳ און די מיליארדען קרבנות אליין לאכען פון די רעוואלוציאנערען און שלאגען זיי׳ ווען זיי קאנען נאר׳ אלע ווארפען אויף זיי מיט שטיינער׳ אלע׳ אפילו די וועלכע ליידען אין איינעם מיט זיי׳ אפילו די קרבנות א מינוט פאר זייער טויט.

די בלוטיגע סאלדאטען פון וואַגראַם האבען געשריען »לאנג לעבען זאל דער קיסר״ און די פארחושכטע און צרהדיגע גישטאל־ טען אויף די גאסען פאטשען בראווא׳ ווען זיי זעהען׳ אז פון דעם פרווו צו העלפען דעם ברודער האט זיך אויסגילאזט א בוידעם. און די אנדערע׳ אבגילאזען מחמת אבהענטיגקייט און יאוש׳ קוקען צו און טענהן בהסכם מיט די פון אויבען: »נאך אונזער טויט מעג

קומען אפילו א מבול״. דאס דאזיגע ווארט טראגט זיך ארום ווי א פאנטאסטישער און מוראדיג־שטארקער הויך איבער די פעלדער, דערפער און שטעט, ווארום די וואס ברומען איהם אונטער זענען כחול על שפת הים, ווי דער זאמד אויף דעם ברעג פונ׳ם ים. א! עמיצער האט שוין א מאל גיזאגט:

»איך האב צוטרוי צו דעם תהום פונ׳ם פאלק.«

און איך?

איך, דער נארמאלער מענש, וואס האב איך גיטון דא אויף דער וועלט? איך בין גיפאלען כורעים פאר יענע כוחות, וועלכע האבען גיבליאסקעט, און איך האב נישט גיזוכט צו דערגעהען דעם מקור, פון וועלכען זיי שטאמען, און וואוהין זיי פיהרען. וואו זענען ביי מיר גיוועזען די אויגען, וועלכע זענען מיר גיגעבען גיווארען כדי צו זעהען מיט זיי, וואו איז ביי מיר גיוועזען דער שכל, וועלכער איז מיר גי־געבען גיווארען, כדי איך זאל פארשטעהען מיט איהם?

פאר חרפה האב איך זיך פאנאנדערגיוויינט אופ׳ן קול ״איך וייס נישט!״ און איך האב א גישריי גיטון אזוי הויך, אז מיר האט זיך אבגידוכט, דאס איך כאפ זיך אויף פון א שלאף. הענט נעה־מען מיך ארום, האלטען מיך צו, בארוהיגען מיך, און וויקלען מיך ווידער איין אין מיין ליילאך. מיר דוכט זיך אב, אז גאנץ נאהענט פון מיר בויגט זיך איבער מיר א גישטאלט און אז א ליבלאכע שטים זאגט מיר עפעס. מיר דוכט זיך אויס, אז איך האב דער־הערט א שטים אין א ליבען טאן, אין וועלכען עס ציטערט אליב־שאפט, וואס קומט פון ערגיץ וואו גאנץ וייט:

»פארוואס, מיין טייערינקער, זאלסט דו טאקע נישט ווערען איינער פון די גרויסע שרייערס?«

איך פארשטעה נישט. ווער? איך? ווי קום איך דערצו?

אלע גידאנקען מישען זיך ביי מיר צונויף. איך גיב א פאל צוריק . . . . . . . . אין מיינע אויגען בלייבט דאך א בילד פון אנ׳אייזערנער בעטיל, אין וועלכער עס ליגט אויסגיצויגען א שטייפע פארם. ארום בעטיל ליגען אנדערע גישטאלטען, און איינער שטעהט און מורמעלט א תפילה. אבער דער פארהאנג פון דער

דאזיגער זעהונג איז ווידער פארצויגען גיווארען. א גרויס פעלד עפענט זיך איבער'ן צימער, וועלכער פארשווינדט.

וואו זאל איך א קעהר טון די בליקען? גאט? גאט... דאס שטיקעלע תפילה וואס האט א ציטער גיטון אין מיינע אויערן האט מיך גיבראכט אויף דעם גידאנק פון גאט.

אויפ'ן ברעג פונ'ם טייך האב איך דערזעהען ישוע הנוצרי. ער איז גיגאנגען איבער דער סטעזשקע ווי א פשוטער בשר ודם. ארום זיין קאפ איז נישט גיווען דער קראנץ פון שטראהלען. מען דערקענט איהם נאר אן זיין בלאסקייט און ווייכקייט. ארום איהם וויקלען זיך פאסען פון ליכט, זיי לייגען זיך איבער איהם און פלעכטען זיך צונויף. ער גלאנצט ווי ער וואלט גיווען אויפ'ן הימעל, אדער ער וואלט גישטאנען איבער'ן וואסער. בהסכם מיט די באשרייבונגען האבען זיין בארד און זיינע האהר א ווייך־קאליר. ער באטראכט דעם אומענדלאך־גרויסען פלעק, וואס דאס קריסטענטום האט גימאכט אויף דער וועלט, א שווארצען און כאאטישען פלעק, וואס זיינע ברעגען נעהמען אן נעבען די באר־וויסע פיס פון ישוע'ן א רויטע פארב און א מענשלאכע פארם. אין דער מיט: לויבגיזאנגען, קרבנות, שורות פון גלחים און תלינים, אנגילאדען מיט העק, פיקעס און באגנעטען. איך זעה ווי עס שטויסען זיך צונויף אין קנוילען פון רויך צוויי ארמיעס, וואס די צלמים אויף די מלבושים פון די סאלדאטען פון דער ערשטער ארימע האבען אביסל אנאנדער פארם ווי די צלמים אויף די מלבושים פון דער אַנדערער ארמיע. און גאנץ נאהענט פון איהם זעה איך אויף א שטיק לייווענט נאך א בלוטיגען צלם. איך זעה גאנצע מחנות פון פשוטע מענשען וואס צוטיילען זיך אויף צוויי טייל, כדי זיי זאלען זיך בעסער קאנען ממית'ן איינער דעם אנדערען. איך זעה ווי פאר־שוינען מיט שפיציגע היט פון ארכיבישקופען דערנענטערן זיך מיט גרויס שטאט צוליעב א שלום צו פארשוינען מיט קרוינען, און דאס אלץ פאסירט איבער די קעפ פון די ארימע. גרויע שררות און שווארצע, גנבהשע גלחים שושקענען זיך מיט די קיניגען.

איך האב גיזעהען, ווי דער מענש פון ליכטיגקייט און פשטות

האט אראבגילאזט דעם קאפ און איך פיהל ווי ער זאגט מיט זיין אויסטערלישער שטים:

»איך פארדין נישט דאס בייז, וואס זיי טון מיר אן!«

דער דאזיגער בארויבטער אנטפלעקער און אויפטוער מוז צוקוקען צו דער אכזריותדיג־ווילדער גרויסקייט פון זיין נאמען. די היציגע און זשעדנע קרעמערס האבען איהם שוין לאנג ארויס־געטריבען פון בית־המקדש און אריינגיזעצט די כוהנים אויף זיין ארט.

אין די דערפער זעהט מען קלויסטערס, וואס זענען צושטערט גיווארען דורך די מלחמה. און עס קומען שוין אן מענשען מיט לאָפּעטעס, און טראגען שטיינער, כדי צוריק אויפצושטעלען די ווענט. ער שטרעקט אויס דעם שטראהל פון זיין ארעם און זאגט מיט א קלארער שטים:

»בויט נישט אויף צוריק די קלויסטערס. זיי זענען נישט דאס, פאר וועלכע איהר האָט זיי ביז אהער גיהאלטען. בויט נישט אויף די קלויסטערס!«

הילף קאן מען געפינען נאר ביי די, וועלכע מען פארמשפּט אין שלום־צייטען צו קאטארגע אָון אין מלחמה צייטען צום טויט. זיי נויטיגען זיך אין קיין אנדער זאך נישט ווי ליכט. הילף קאן מען געפינען נאר ביי די ארימע.

ווייסע גישטאלטען ווילען צוריקומען אינ׳ם ווייסען צימער...

דער אמת איז פשוט. די וואס זאגען, אז דער אמת איז פארפלאנ־טערט, האבען א טעות; דאס איז נישט דער אמת... נישט ווייט פון מיר זעה איך א בעט. אין בעט ליגט א קינד. א ייִנגעלע אדער א מיידעלע. די אויגען פון דעם קינד זענען צוויי ליניעס... אין דער דאזיגער שטוב זענען מיר א מאל גיוועזן מיט מיין אלטער מוהמען, מען ווייזט איהר א לעבען אין עשירות, אין מעהר עשירות, מען ווייזט איהר א שיין צוגעקליבענעם נעסט. זי איז מסכים מיט א ווייכקייט אין דער שטים. אבער ארויסגעהענדיג פון די דאזיגע פיינע און ציכטיגע צימערס זאגט זי אין דער שטיל: „אין מיינע צייטען איז גיוועזן בעסער". איינמאל האב איך א ציטער

גיטון מחמת איינס פון די פענסטערס איז גישטאנען אפען מיט זיינע גרויסע טירלאך אין דער פינסטערניש. די פוסטקייט, וואס האט זיך געפיהלט הינטער דעם פענסטער האט מיך גירייצט און עפעס מאדנע גיצויגען צו זיך. איינמאל ביי נאכט, האט זיך מיר אויסגידוכט, אז עס איז אפען גיוועזן אזש ביז אין מיין סאמע הארץ אריין.

איך, מיין הארץ . . . א ברייט גיעפענטע הארץ, וואס קיניגט אין א שטראהלען־קראנץ פון בלוט. דאס איז מיין הארץ, דאס איז אונזער הארץ. דאס הארץ, די וואונד. איך האב רחמנות אויף מיר.

איך זעה נאך אמאל דעם פאררעגענטען ברעג, וועלכען איך האב גיזעהען, איידער די צייט איז גיבארען גיווארען און איידער די דראמע האט זיך פאנאנדערגעוויקעלט. און די פרוי אויף דעם ברעג פונ׳ם ים. זי באקלאגט זיך, זי וויינט צווישען דעם גיפלעכט פון די רעגענטראפענס און די בילדער, וואס בייטען איהר אויסזעהען אלע ווילע אונטער די פארגענגלאכע וואלקענס. זי רעדט אזוי שטיל, אז איך פיהל, דאס זי ווענדט זיך צו מיר. זי איז פאראייניגט מיט מיר. די ליבע . . . איך דערמאהן זיך: די ליבע, דאס איז אנ׳אומגליקלאכער און אנ׳אומגליקלאכע.

איך לאז ארויס א שטילען גישריי ווי אנ׳אקערשט ערשט גיבארענעס קינד און כאפ זיך אויף.

אלץ איז בלאס; בלאסקייט. די ווייסקייט וואס איך האב פארויסגעשפירט צווישען דעם גאנצען פלאנטער און די אלע גישרייען, זי איז טאקע אין אמת׳ן פארהאן. א ריח פון עטהער רופט ביי מיר ארויס א בילד פון א שרעקלאכען בילד, אבער אהן קיין שום באשטימטע פארם. א ווייסער צימער, ווייסע ווענט, ווייסע, איינגיבויגענע פרויען־גישטאלטען.

איך זאג מיט א טעמפער שטים.

»עפעס האט זיך מיר גיחלומט א משונהדיגער חלום.«

איך פיהר דערביי מיט דער האנד איבער די אויגען, כדי איהם צו פארטרייבען.

א רוהיגע, פעסטע, און צוגילאזענע שטים, א שטים פון

א מענשען, וואס קען מיך, און איך קען איהם נישט, רופט זיך אב:

»בעת איהר זייט גילעגען אין היץ האט איהר גיארבייט מיט די הענט און מיט די פיס, באזונדער, ווען עס האט זיך אייך אבגידוכט, אז איהר פאלט.«

יא,« ענטפער איך.

# דער פריהמארגען

אך בין ווידער איינגישלאפען, פארזינקענדיג אין דעם תהום פונ׳ם כאאס, און איך האב זיך ווידער אויפגיכאפט ווי דער ערשטער מענש אויף דער וועלט. איך ליג אין א בעט, אין א שטובּ. ארום איז שטיל א טראגעדיע פון רוהיגקייט און שטילקייט. דער אויסקוק איז פארשפארט פון אלע זייטען. דאס בעט, וואו איך ליג ווי א צוגעשמידטער, איז א טייל פון א שורה קעגען אנ׳אנדער שורה. א לאנגער דורכגאנג ציהט זיך ביז צו דער ווייטער טיר. הויכע פענסטער. די ליכטיגקייט פונ׳ם דרויסען ווערט אבגישוואכט דורך ווייסע פארהענגלאך. אט דאס איז אלץ. איך בין פון תמיד אן דא גילעגען, און דא וועל איך אויך פארענדיגען מיינע יאהרען.

אט האבען ווייסע פרויען, מיט שטילע טריט, עפעס גיזאגט. איך האב אויפגינומען אין מיר דעם דאזיגען נייען גירויש און האב איהם באלד ווידער פארלוירען. איינער, גאנץ אנגיטון אין ווייסען האט זיך אוועקגיזעצט לעבען מיר, האט מיך באטראכט און האט מיך באריהרט. זיינע אויגען האבען א מאדנעם בליאסק. ער טראגט ברילען.

איך שלאף, און דערנאך גיט מען מיר צו טרינקען.

דער לאנגער נאכמיטאג וויקעלט זיך אב אינ׳ם לאנגען דורכגאנג.

אין אבענד צינדט מען אן די לאמפען. ביי נאכט ווערען זיי פארלאשען, די לאמפען, וואס הענגען אויסגיצויגען אין איין שורה מיט די בעטען און מיט די פענסטער, פארשווינדען. איין לאמפּ נאר בלייבט אין דער מיט, צו מיין רעכטער זייט.

דער רוהיגער גייסט פון די זאכען ארום און ארום לייגט אויף אלץ ארויף דעם שטעמפעל פון שטילקייט. אבער די אויגען זענען ביי מיר אפען, און אין קאפ ביי מיר ווערט וואס א מאל אלץ העלער. איך באקום צוריק מיין באוואוסטזיין. צווישען די ליגענדיגע גישטאלטען אין די בעטען הויבט זיך אן עפעס צו באוועגען. דער דאזיגער גרויסער זאל ציהט זיך אזוי לאנג, אז מען זעהט קיין „סוף" נישט. די בעטען, באצויגען מיט ווייסע יילאכער, שאקלען זיך און הוסטען. זיי הוסטען אין כלערליי טענער און מיט כלערליי שטימען. עס לאזען זיך הערען קרעכצען און זיפצען פון אלערליי סארטען. פעטע, טרוקענע און שארפע קרעכצען. עס הערען זיך די פארשיידענסטע עטעמונגען: אזוינע, וועלכע בלייבען שטעקען אין האלז, אזוינע, וועלכע זענען אנגילאדען מיט ליחה און ווידער אזוינע, וועלכע געהען ארויס אין א זעגענדיג טאן. די אלע דאזיגע פארשוינען מיט זייערע אומרוהיגע באוועגונגען און זייערע משונהדיגע דיבורים, קענען זיך איינער דעם אנדערען נישט. די בעטען זיינען אבגיזונדערט איינס פון דעם אנדערען, און קיין זאך פארבינדט זיי נישט. אזוי ווי איך זעה די גישטאלטען פון די מענשען, אזוי זעה איך זייער עלענטקייט און איינזאמקייט. איך זעה פלוצים, ווי עס גיט זיך א ריהר אין דער נאכט א קיילעכדיגע מאסע מיט א לבנה־פנים. זי שטרעקט אויס די הענט, טאפט ארום די אייזערנע ווענטלאך פונ׳ם בעטיל און זוכט איהר וועג. דער בויך פון דער דאזיגער מאסע איז אנגישוואלען און אנגיצויגען ווי א קרינאלינע; דאס העמד, מיט א שפאלט אויף ביידע זייטען ווערט דורכדעם קירצער. זי שטעהט אויף צוויי קורצע זעהר דינע פיסלאך מיט א קאליר פון בינדפאדים. זי דערגרייכט דעם שכנישען בעט, וואס איז אבגיטיילט פון מיר דורך איין איינציגען צווישען־שטח. אויף אנ׳אנדערען שאקעלט זיך א גישטאלט און רעגוליארנע באוועגונגען, ווי א ליאלקע. דאס איז א נעגער מיט א גרויסען קאפ אויף א דינעם האלז. דער הייזעריגער קאנצערט פון די לונגענס און די גארגלען ווערט וואס א מאל אלץ שטארקער. עס זענען פארהאן חולאים, וואס הויבען אויף זייערע

ארעמס און לאזען זיי הײנגען איבער דעם קאסטען פון זייער בעט. אנדערע ליגען פארגראבען אין זייערע גרויע קאלדרעס. ווען נישט ווען טראגט זיך דורך דעם זאל מיני וואקעלדיגע רוחות, בויגען זיך אײן צווישען צוויי בעטען, און דאן הערט מען דעם גירויש פון אנ׳אייזערנעם עמער. אין דעם שווארצען געשוויבעל פון בלינדע, וואס קוקען גלייך פאר זיך מיט זייערע נישט זעהענדיגע אויגען, פון שטומע, וועלכע הוסטען, זעהט זיך אין דער מיט פון דער זאל די שוועסטער, אנגיטאן אין ווייסען. זי געהט ארום פון איין שאטען צום אנדערען און בויגט זיך איבער די אומבאוועגלאכע גישטאלטען. דאס איז די וועסטאלקע, וועלכע האלט אוגטער דעם פייער און לאזט איהם נישט אויסגעהען. אויב ס׳איז נאר מיגלאך, איך גיב א קעהר דעם קאפ אויף מיין קישען. לעבען מיין בעט ליגט א קורצינקער פארשוין אין א שווערען פארבאנד. ווען נישט ווען גיט ער זיך א זעץ אויפ׳ן בעט, הויבט אויף קעגען דער דער סטעליע זיין שפיציגען קאפ, גיט זיך א שאקעל, און צונויפ־דריקענדיג צווישען די שטייפע פינגער דאס שפיי־גלעזעל און די פלעשעלע מיט רפואות, הוסט ער ווי א לייב. איך ליג אזוי נאהענט פון איהם, אז איך פיהל איבער מיין געזיכט דעם שטורמ־דיגען אָטעם פון זיין לייב און דעם ריח פון זיין אינעווייניגסטער וואונד.

איך האב גישלאפען. היינט איז ביי מיר דער קאפ קלארער ווי נעכטען. נעכטען זענען ביי מיר די אויגען גיוועזן פארצויגען מיט א שלייער. היינט זענען זיי פריש און שטעלען זיך אב אויף אלץ וואס באוועגט זיך. א שטארקער אראמאטישער ריח כאפט מיך אן ביי דער נאז; איך זוך צו דערגעהען, פון וואנען ער נעמט זיך. פונקט אנטקעגען מיר זיצט די שוועסטער אויף דעם קאנט פון א בעט אין פולען שיין פון דער טאג־ליכטיגקייט און רייבט מיט א מאסטש פארקאהלטע און קויטיגע הענט, גרויסע לאפעס, וועלכע די ערד פון דעם קאמף־פעלד האט שוין כמעט באצויגען מיט שימעל. דאס שטארק שמעקענדיג וואסעריל באדעקט מיין געזיכט מיט א פארע, וואס איז געדיכט ווי א שוים.

די שווארצקייט פון די דאזיגע הענט ווארפט אויף מיר אן אנ׳אימה׳ איך טו מיר אן א כּוח׳ נעם צונויף מיינע גידאנקען און גיב א זאג אויפ׳ן קול:

»פאר וואס וואשט מען איהם נישט די הענט?«

מיין שכן פון רעכטס׳ דער קארליק מיט׳ן דיקען און שווערען באנדאזש׳ הערט מיך א פּנים און שאקעלט צו מיט׳ן קאפּ׳

איך קעהר אב די אויגען צו דער אנדער זייט׳ שעה׳ן לאנג באטראכט איך מיט אנ׳עקשנות און מיט ברייט אויפגימאכטע אויגען דעם אנגישוואלענעם מענשען׳ וועלכען איך האב אנוסטען גיזעהען ביי נאכט ארומטראגען זיך אינ׳ם זאל ווי א באַלאָן׳ ביי נאכט איז ער ווייסלאך׳ ביי טאג איז ער געל׳ זיינע גרויסע אויגען זענען אנגיגאסען מיט געלקייט׳ ער כארכעלט און לאזט פון זיך הערען א גירויש ווי אנ׳אונטערערדיש וואסער׳ ער שטויסט פון זיך ארויס זיפצען׳ צונויפגעמישט מיט ווערטער און שטיקלאך פון ווערטער׳ זיין געלבלאך־ברוינער פּנים ווערט שווארץ פון א שטארקען הוסטען־אנפאל׳ ער הוסט׳ ער פּייפט׳ ער כארכעלט און שפּייט ארויס לאנגע פעדים פון איי־חייסלאך און איי־געלאכלאך׳ זיין שפּיי־גלעזיל איז תּמיד פול׳ ער האלט זיין אויסגידארטע און פארשוועבעלטע האנד אויפ׳ן הארץ׳ מען זעהט באשיינפערלאך׳ ווי דאס הארץ קלאפּט און דריקט צונויף די שוואָ־מיגע לונגען און די וואסער־גישוואולסט׳ וואס ציהט איהם פאנאנדער׳ ער לעבט מיט דעם שטענדיגען גידאנקען אויסצולייזיגען זיין בויך׳ וואס איז תּמיד פול׳ אלעווײלע באטראכט ער זיין אוריב־גלאז און אין דעם שיין פון דער דאזיגער געלבלאכער באלויכטונג דערזעה איך זיין געזיכט׳ דעם גאנצען טאג האב איך זיך צוגיקוקט צו די יסורים פון דעם דאזיגען קערפּער׳ זיין היטעל און זיין וועסט׳ וואס פאסען פאר איהם גאר נישט׳ הענגען אויף א טשוואק׳

איינמאל׳ בעת ער איז גילעגען אויסגיצויגען און האט זיך גע־שטיקט הוסטענדיג׳ האט ער מיר אנגעוויזען אויף דעם נעגער׳ וועלכער האט גיהאלטען אין איין שאקלען זיך׳ און האט מיר גיזאגט:

«ער האט זיך גיוואלט אנטון א מיתה׳ ווייל ער האט גיבענקט א היים.»

דער דאקטאר האט מיר גיזאגט׳ אז עס געהט כשורה. איך וואלט איהם גיוואלט בעטען׳ ער זאל מיר דערצעהלען פון אלץ׳ וואס האט פאסירט מיט מיר׳ אבער האב איך דען גיהאט די צייט דערצו?

מיין שכן מיט׳ן שווערען באנדאזש האט זיך אין אבענד ארויס גישלאגען פון זיינע רעיונות אין האט מיר גיענטפערט אויף מיין פראגע פון היינט אין דער פריה צושאקלענדיג מיט׳ן קאפ:

„מען קאן איהם נישט וואשען די הענט׳ די בלאטע האט זיך אין זיי צו שטארק איינגיגעסען.״ א ביסעל שפעטער האב איך גימאכט א באוועגונג. איך האב אויפגיהויבען דעם ארעם. ער איז גיווען איבערגיצויגען מיט א ווייסע לייווענט. איך האב מיין ארעם כמעט נישט דערקענט. ער איז געווארען קלענער׳ אבער איך האב דערקענט די קמיע וואס איז גיהאנגען אויף מיין גילענק. די דאזיגע קמיע איז מיר נאכגיגאנגען ביז אויפ׳ן דעק פונ׳ם אבגרונד!

פונדעסטוועגען בלייבט מיין קאפ שעה׳ן־לאנג פוסט און אהן קיין שום גידאנק. עס זענען פארהאן אסך זאכען׳ וועלכע איך באנעהם זעהר שלעכט׳ וועלכע קומען און ווערען באלד ווידער נעלם. איך האב גיענטפערט אויף פארשיידענע פראגען. בעת איך זאג „יאָ״ איז דאס מעהר נישט ווי א זיפץ. אנ׳אנדער מאל בין איך נאך פארפלאנטערט אין בילדער פון פעלדער מיט בערגלאך און באקרוינטע בערג. מיינע אויערן זענען נאך פול מיט די קלאנגען פון די אלע דאזיגע זאכען׳ און איך וואלט גיוואלט׳ אז עמיצער זאל קומען און מיר פותר חלום זיין.

עס הערט זיך א סקריפען פון מאדנע שיך. זיי בלייבען שטעהען. איך עפען די אויגען. א פרוי שטעהט פאר מיר.

ווי איך דערזעה זי׳ אזוי פאל איך ווידער אריין אין די אומ־ענדלאכע אבגרונדען. דאס איז די פרוי פון מיינע זעהונגען און חלומות. איז מיין זעהונג אויפ׳ן וואָהר? איך באטראכט זי מיט ברייט גיעפענטע אויגען. זי זאגט מיר:

»דאס בין איך.«

און דערנאך בויגט זי זיך איין און איז מוסיף מיט א ווייכקייט אין שטים.

»איך בין מאַרי, דו ביסט סימאָן.«

אהא, זאג איך, איך דערמאהן זיך טאקע.

איך חזר איבער די טיפע ווערטער, וועלכע זי האט אקארשט ערשט ארויסגיזאגט. זי רעדט נאך מיט איהר שטים, וואס קומט אזוי ווי פון דער ווייטענס. איך הויב זיך אביסעל אויף, איך קוק אויף איהר נאך א מאל, איך חזר איבער איטלאכעס ווארט. זי איז עס אודאי: זי האט מיר דאס גיזאגט, אז איך בין גיוועון פארוואונדעט אין דער ברוסט און אין דער היפט און אז איך בין געבליבען ליגען 3 טעג איינער אליין אויפ'ן פעלד. איך האב באקומען ברייטע וואונדען, האב פארלוירען א סך בלוט, גיהאט א סך היץ און גיוועזן שרעקלאך שוואך.

»באלד, זאגט זי, וועסט דו שוין קאנען אויפשטעהען.«

איך און אויפשטעהען! איך, וועלכער ליג ווי א קלאָץ, סטארע זיך פארצושטעלען, ווי וועל איך דאס שטעהען אויף די פיס. איך האב פחד און בין שטארק פארחידושט.

מאַרי געהט אוועק, מיט איטלאכען טראט, וואס זי דער־נעהערט זיך צו דער טיר, ווערט מיר אלץ קאלאמוטנער אויפ'ן הארצען. איך קוק איהר לאנג נאך, ווען זי געהט אוועק.

אין אווענד הער איך, ווי די דאקטוירים שושקענען זיך ביים בעט פון דעם פארשוין מיט'ן שווערען באנדאזש. ער איז ווידער צוויפגיקנויטשט און עטעמט רוהיג. מען זאגט גאנץ שטיל:

»ער וועט באלד שטארבען, אין א שעה אדער צוויי שעה ארום. ער געפינט זיך אין אזא מצב, אז מארגען פריה וועט ער שוין זיין א צופוילטער. מען דארף איהם תיכף אוועקטראגען.«

דאס ווערט גיזאגט א זייגער ניין אין אבענד. דערנאך לעשט מען אויס די לאמפען און מען געהט אוועק. איך זעה איצט קיין אנדער זאך נישט אחוץ איהם, ווארום די איינציגע לאמפ, די נאכטלאמפ ברענט לעבען איהם. ער קייכט, ער באגיסט זיך מיט שווייס. ער

גלאנצט ווי אונטער א רעגען. די פארקאהלטע האהר פון זיין באַרד שטארצען ארויס. די האהר פון קאפ זענען צוגיקלעבט צום שטער'ן. זיין שווייס האט א גרויע פארב.

מארגען אין דער פריה איז זיין בעט פוסט און באַצויגען מיט פרישע וועש.

מיט דעם מענשען, וואס איז אויסגימעקט גיווארען פון דעם בוך פונ'ם לעבען פארשווינדען אלע זאכען, וואס זענען פארסמט גיווארען דורך איהם.

אט דער וועט זיין דער 36־טער, זאגט מיר דער קראנקער־באַדינער.

איך קוק אין דער ריכטונג פון זיינע בליקען. איך זעה דעם פארמשפטען מענשען. ער שרייבט א בריף. ער רעדט, ער לעבט. ער האט א וואונד אין בויך. ער טראגט דעם טויט אין זיך, ווי א פרוי טראגט דאס נאך נישט גיבארענע קינד אין איהר שויס.

היינט בייט מען איבער די וועש. אנדערע חולאים זענען בכוח זיך אליין אנצוטון, אנדערע ווידער מוז מען העלפען ביים אנטון. איבער די בעטען הויבען זיך אויף ארעמס און שטיקער וועש אזוי ווי די סיגנאלען. אויף די נאקטע לייבער באַווייזען זיך לעכער, צוגינייטע און פארריכטע שטיקער הויט, סימנים פון פארהיילטע וואונדען. איינער, ביי וועמען מען האט אבגעשניטען א גליעדי, באַ־ווייזט דעם אבגיהאקטען אבר, וואס איז קליין און ראזא־פארביג ווי א ניי גיבארענע קינד. דער נעגער ריהרט זיך פון ארט נישט, בעת מען טוט אויס נאקעט זיין מאגערען קערפער, וועלכער זעהט אויס ווי דער קערפער פון א מין פליג. אנגיטון אין פרישע וועש, הויבט ער ווידער אן צו שאקלען מיט'ן קאפ און צו באַטראכטען נאכאנאנד די זון אין אפריקע. מען גראבט ארויס פון זיינע ליילעכער דעם פאראליטיקער אנטקעגען מיר און טוט איהם אן נייע וועש. לכתחילה בלייבט ער אומבאַוועגלאך ווי א קלאץ אין זיין פרישען ציכטיגען העמד. דערנאך גיט ער פון זיך ארויס א הייזעריגען קלאנג, וועלכער ציהט צו זיך צו די אויפמערקזאמקייט פון דער שוועסטער. מיט א צובראכענע און פוסטע שטים, מיט א שטים פון א ריידענדיגע

מאשינע בעט ער מען זאל ארויסנעהמען זיינע פיס, וועלכע האבען זיך פארפלאנטערט אין די ליילעכער. דערנאך בלייבט ער ווידער א פארגליווערטער צווישען די ברעטער פון זיין פאראליזירטען העלצערנעם גוף.

מארי קומט אפט ווידער. זי זעצט זיך אויף א שטוהל. מיר ביידע הויבען אן אויסצודערצעהלען איטלאכעס פיצעלע פון אונזער פארגאנגענהייט. זי ברייננגט מיט זיך א גאנצען פאק מיט זכרונות און דערינערונגען. מיין קאפ הויבט אן שטארק צו ארבייטען.

»דו ווייסט, אז פון דאנען איז גאר נישט אזוי ווייט ביז אונז.«

די דאזיגע ווערטער אנטפלעקען פאר מיר דאס הויז, די גאס, און רופען ביי מיר ארויס א ווידער־קול, וועלכער חזרט זיך איבער אהן אויפהער.

היינט האב איך זיך אויפגעהויבען אויף מיין בעט און האב צום ערשטען מאל ארויסגיקוקט דורכ'ן פענסטער, וואס איז זעהר נאהענט צו מירי. צום ערשטען מאל האב איך דערזעהען דעם הימעל און מיט איהם א גרויען הויף, וואו עס איז קאָנטיג גיוועזן זעהר קאלט. איך האב גיזעהען, אז עס איז דאן גיוועזן א גרויער, גיוועהנט־לאכער טאג, אזוי ווי דאס לעבען, אזוי ווי אלץ.

די טעג פליהען איינער נאכ'ן אנדערן. ביסלעכווייז בין איך אויפגישטאנען צווישען אלע מענשען ארום מירי, וועלכע גרייטען זיך אויף א ניי לעבען און זיפצען דערווייל אין זייערע בעטען, אריינפאלענדיג אין דעם מצב פון קליינע קינדער. איך האב ארומ־גיבלאנקעט אין די זאלען און דערנאך אין דעם גערטיל פונ'ם הויף. איצט דארף מען שוין א טראכט טון וועגען פארשיידענע פארמאלי־טעטען: דאס גיזונדווערען, אין א חודש ארום קלייבט זיך צונויף די קאמיסיע פון דאקטוירים, וואס דארפען מיך ארויסלאזען.

איינמאל אין א מארגען איז מאַרי צו מיר אריינגיקומען, כדי מיך אבצופיהרען דערווייליע א היים. איך בין דאן גיזעסען אין דעם הויף פונ'ם שפיטאל, א גיוועזענע שקאלע, אונטער דעם גרויסען זייגער. דאס איז גיוועזן דער איינציגער ווינקעל, וואו די שטראהלען פון דער זון זענען צוגיקומען. איך בין גיזעסען אין מחשבות'ן

צווישען א קאמפאניע פון קאליקעס אויף קוליעס, פון פארשווינען מיט פארבונדענע ארעמס און שטערענס אין צוריסענע קליידער און אין שפיטאל־כאלאטלעך. איך האב פארלאזען דעם הויף, וואו עס האבען זיך מיט מיר גיטראפען אזוי פיל וואונדערלאכע פאסירונגען און נאכגיגאנגען מאַרין, נאכדעם ווי איך האב זיך גיזעגענט מיט דער שוועסטער און איהר גידאנקט פאר אלץ. דער גלח פון אונזער קלויסטער איז דא גיווען א סאניטעטס־אונטעראפיציער. דאס איז גיווען דער אייגענער, וועלכער האט גיזאגט און גילאזט זאגען, אז ער וועט אויף זיך נעהמען א טייל פון אלע אבקומענישען פון די סאלדאטען, מיט אלע אנדערע גלחים צוגלייך.

» צי ווילסט דו צו איהם נישט קומען מיט א וויזיט?« פרעגט מיך מאַרי.

» ניין,« ענטפער איך.

דורך א שאטיגען וועג געהען מיר אנטקעגען דעם לעבען. דערנאך הויבט זיך אן דער גרויסער שליאך. מיר געהען שטיל. מאַרי טראגט דאס קלומיקעל מיט די זאכען. די ברעגען פונ׳ם הימעל זענען גלאט און דאס גיצעלט פונ׳ם הימעל קלינגט שוין נישט מעהר ווי א גלאק. די ערד איז פלאך און שטיל. די פעלדער זענען פוסט ארום און ארום מחמת דער מלחמה. אבער די ליניעס פון די וועגען ציהען זיך גלייך און אלטפרענקיש. אנ׳אבגיוואשענער, א קלארער, מיט אנ׳אויסגיגלייכטער נשמה, הגם אביסעל פארחידושט דורך די ארומיגע שטילקייט און אביסעל אומרוהיג דורך די ארומיגע רוהיגקייט, באמערק איך שארף איטליכעס פיצעלע. צווישען מיר און דער ארומיגער סביבה ליגט אלץ פריי און אפען אהן קיין שום מחיצה. מיר דוכט זיך אויס אז איך טראג אין מיר א נייעם גרויסען שכל, וועלכער איז נאך נישט אויסגינוצט גיווארען. מיר זענען שוין איצט גאנץ נאהענט. און אט דערקענט מען שוין די סליאדעס פונ׳ם עבר. וואס מעהר מען דערנענטערט זיך, אלץ מעהר שווימען ארויף נייע פרטים, וואס דערמאהנען אן די אלטע צייטען, און וואס איט־לאכער פון זיי באקומט א באשטימטען נאמען: אט איז דער בוים, ארומגערינגעלט מיט שטיינער, אט זענען די פארלאזענע און

איינגיהויקערטע שייערס. די קליינע ווינקלאך זענען פאר מיר פול מיט זכרונות.

אבער מארי קוקט אויף מיר מיט אנ׳אויסדרוק, וואס לאזט זיך גאר נישט דערקלערען.

»דו ביסט אזוי קאלט...« זאגט זי פלוצים און גיט א ציטער.

»אבער ניין,« זאג איך, »ניין...«

מיר שטעלען זיך אב אין קרעטשמע, כדי אויסצורוהען זיך און עפעס נעהמען אין מויל אריין. אז מיר זענען אריין אין די גאסען פונ׳ם שטעטיל איז שוין געווארען שפעט אין אבענד. מאַרי ווייזט אן אויף א מענשען, וואס געהט גראד דורכ׳ן גאס.

»הער ראַמפּאַי איז געווארען אנ׳עושר צוליב דער מלחמה.«

און דערנאך באווייזט זיך די געשטאלט פון א פרוי, אנגיטון אין ווייס און בלוי. זי פארשווינדט ביי א׳נעק פון ערגיץ א הויז.

»דאס איז אַנטאָניאַ ווערָאן. זי האט געדינט ביי דעם רויטען צלם. זי האט באקומען א מעדאל צוליב דער מלחמה.«

»א,« רוף איך זיך אב, »עס איז אלץ אנדערש געווארען.«

איצטער זעהען מיר שוין די שטוב. דער מרחק צווישען דעם ראג פון דער גאס און דער שטוב ווייזט מיר אויס עפעס קלענער, ווי עס וואלט באדארפט צו זיין. דער פלאץ פאר׳ן הויז פארענדיגט זיך ראפּטום: ער האט א קירצערע פארם ווי עס האט אין דער אמת׳ן באדארפט צו זיין. און אויך אלע דערינערונגען פון מיין פריהערדיגען לעבען ווייזען מיר אויס ווי פארקליינערט. און אט איז שוין די שטוב, אט זענען די חדרים. איך געה ארויף אויף די טרעפ, און לאז מיך פון זיי ווידער אראב. מאַרי שטעהט די גאנצע צייט און קוקט זיך צו צו מיר. איך האב דערקענט אלע זאכען, אפילו אזוינע, וועלכע איך האב נאך נישט געזעהען. מיר זענען אליין אין דער בין־השמשותדיגער טונקעלקייט, אזוי ווי אלע מענשען וואלטען זיך צונויפגירעדט נישט צו קומען דעם גאסט פאר די אויגען.

»אט זענען מיר שוין אין דער היים,« רופט זיך אב מאַרי צום סוף.

מיר זיך זעצען איינער אנטקעגען דעם אַנדערען.

»וואס וועלען מיר איצט טון?«

»מען וועט לעבען...«

»מען וועט לעבען...«

איך פארטראכט זיך. זי קוקט אויף מיר פון דער זייט, פאר־באהאלטענערהייט, מיט יענעם סודות־פולען אויסדרוק פון פחד, וועלכען איך גיב זיך אלעמאל אונטער. אין איהר קוק באמערק איך א באזונדערע פארזיכטיגקייט. אנ'אנדער מאל דוכט זיך מיר אויס, אז זי האט פארוויינטע אויגען. איך טראכט וועגען דעם לעבען, וואס איך האב געפיהרט אין שפיטאל פון וואנען איך בין ארויס. איך טראכט וועגען דער גרניער גאס און וועגען דעם, וואס אלץ איז אזוי פשוט.

איין טאג איז שוין אוועק. און מיט אמאל איז אלץ ווידער געווארען, ווי געוועזן. איך בין ווידער געווארען דער אייגענער, וואס פריהער, אזוי ווי עס וואלט גאר נישט פאסירט. איך בין מעהר נישט א ביסעל שוואכער און אומרוהיגער געווארען. דער אמת איז אסך פשוטער געווארען. איך פרעג זיך נאך ביי מאַרי'ן וועגען דעם אדער וועגען יענעם. מאַרי זאגט מיר: „דו פרעגסט אלעמאל: פאר וואס? אקוראט ווי א קינד.“ איך רייד איצט ווייניג. מאַרי איז עפּעס אומרוהיג. מען זעהט באשיימפערלאך, אז זי שרעקט זיך פאר מיין שווייגען און מיין שטילקייט. איינמאל זיץ איך אנטקעגען איהר און רייד נישט אויס א לאנגע צייט קיין איינציגווארט. פלוצים פארשטעלט זי זיך דאס געזיכט מיט ביידע הענט, הויבט אן צו וויינען אויפ'ן קול, און פרעגט מיך:

»וואס איז מיט דיר?«

איך ווייס נישט, וואס איך זאל אויף דערויף ענטפערן.

»מיר ווייזט אויס,« זאג איך איהר צום סוף אלס א תשובה, »אז איך זעה די וועלט, ווי זי איז אויף אנ'אמתן.«

»מיין ארים קינד!« זאגט מאַרי.

זי וויינט ווייטער.

דער דאזיגער אומקלארער צער נעמט מיך אָן ביים הארצען... עס איז טאקע אנ'אמת, אז אלץ ארום מיר איז פלוצים געווארען אזוי

פוסט און נאקעט· איך האב פארלוירען יענעם סוד׳ וועלכער מאכט דאס לעבען אינטערעסאנט און פארפלאנטערט· איך פארמאג שוין נישט יענע אילוזיע׳ וועלכע לייגט א שלייער ארום אלע זאכען׳ און גיט זיי צו אנ׳אנדער פארם׳ יענעם ברען׳ יענעם בלינדען און סטי־כישען אימפעט׳ וועלכער יאגט אונז פון שעה צו שעה און פון טאג צו טאג· און פון דעסטוועגען נעם איך ווידער אויף דעם פאדים פון דעם לעבען אויף דעם ארט׳ וואו איך האב איהם גילאזען· איך שטעה גאנץ פעסט אויף מיינע פיס׳ און ווער שטארקער פון טאג צו טאג· איך גיהער נישט צו די׳ וועלכע פארענדיגען דאס לעבען, נאר צו די׳ וועלכע הויבען אן דאס לעבען אויפ׳ס ניי·

איך האב גישמאק גישלאפען׳ איינער אליין אין אונזער בעט·

מארגען אין דער פריה דערזעה איך קרייאָנען שטעהענדיג אין דעם אונטערסטען חדר· ער האט מיר אויסגישטרעקט די ארעמס אנטקעגען און מיר אבגיגעבען א ברייטען שלום עליכם אויפ׳ן קולי נאכדעם ווי ער האט מיר אנגיוואונשען אל דאס גוטס׳ האט ער מיר אנגיהויבען צו דערצעהלען אין א י י ן אטעם·

»צי האט איהר גיהערט׳ וואס עס האט זיך אביסעל אבגיטון אין שטאטראט ? איהר קענט דאך מן הסתם דעם פלאץ׳ וועלכער רופט זיך אן דער קליינער יאנואר׳ און גידענקט דאך אודאי׳ אז ער נעמט זיך בארג אראב און ווערט וואס ווייטער אלץ ברייטער· דארף דארטען שטעהען א לאמטערנע און דערביי אויך א וועכטער־הייזעל׳ ביי וועלכע אלע וועלאסיפעדיסטען ברעכען האלז און נאקען· אט האט זיך נישט לאנג איינער גיגעבען א זעץ אן דער לאטערנע און איז געבליעבען ליעגען א טויטער אויפ׳ן ארט· ביז היינט איז מען נאך נישט דערגאנגען׳ ווער ער איז און וואס איז ער אזוינס· פארשטעהט איהר דאך שוין מן הסתם׳ אז מען האט די לאמטערנע איינגיווארפען· און איצט האט מען פארגישלאגען אויף איהר ארט אנשלאגען א שילדעל מיט א התראה׳ כאטש אלע התראות וועלען העלפען ווי א טויטען באנקעס· ווארום איהר פארשטעהט דאך׳ אז דאס וויל מען דאך מעהר נישט ווי אונטערשטעלען א פיסעל דעם בירגערמייסטער · · · « אבער קרייאָן רעדט צו דער וואנט· וואס

מעהר ער דערצעהלט, אלץ מעהר דערווייטער איך זיך פון די אלע אלטע שמאָכטעס. ער ווערט אנשוויגען, און איך שטעה ווי א גולם און קאן איהם נישט ענטפערן. ער און מאַרי, זייביידע קוקען מיך אן. איך גיב א זאג „א"! ער הוסט, כדי מיך נישט מביש צו זיין און געהט באלד אוועק. עס זענען גיקומען נאך אנדערע בעלי־בתים פון שטעטיל. זיי ריידען פון זייערע גישעפטען און פון די פאסירונגען אין אונזער גאס. אין דער לופט טראגט זיך א הוזשערייי. דער איז גיפאלען, און יענער איז גיווארען אנ'אפיציער, און נאך אנ'אנדערער זיצט אין קאנצעלאריע. אנדערע ווידער זענען נתעשר גיווארען. נו, ווי איז דאס עפעס אין דער מלחמה?

זיי רינגלען מיך ארום מיט אנ'אויספרעגענדיגע מינע, און ווארטען אויף אנ'ענטפער פון מיין צד. און דערביי נויטיג איך זיך אין אנ'ענטפער אין אסך אגרעסערען מאס ווי זיי.

# די אויגען



ס זענען שוין אוועק צוויי טעג, זינט איך בין געקומען צוריק אהיים. איך שטעה אויף אין דער פריה, איך טו זיך אן און עפען די לאדענס. היינט איז זונטאג, און דאס זעהט מען אויף דער גאס.

איך טו אן מיינע פריהערדיגע מלבושים. איך באמערק נישט ווילענדיג, אז איך זוך זיך אויסצופוצען, ווייל עס איז זונטאג. דאס איז דער כוח פון רגילות.

פארגלייכענדיג מיין איצטיגען בילד אין שפיגעל מיט דעם בילד, וועלכען איך פלעג אמאל אין איהם איבערלאזען, דערזעה איך ווי איך בין אראב פון פנים און ווי מיינע באקען זענען איינגיפאלען.

איך געה ארויס אויפן גאס. איך באגעגען דעם און יענעם. פרוי פּייאָ פרעגט מיך וויפיל שונאים איך האב שוין דערהרגעט. איך ענטפער איהר, אז איך האב דערהרגעט מעהר נישט ווי איינעם. פלוצים שפרינגט זי איבער אויף אנ'אנדער ענין. איך פיהל אז צווישען איהרע פראגעס און מיינע ענטפערן איז דא גאר א קנאפּע

עהנלאכקייט. זי פרעגט מיך בוידעם און איך ענטפער איהר פאליצע אומעטום זעהט מען פארמאכטע גישעפטען. אלעמאל דאס אייגענע פארשלאסענע אויסזעהען פון דעם יום־טובדיגען טאג. לעבען דעם צושפאלטענעם וועגווייזער וואלגערט זיך נאך אלץ די אלטע קעסטיל פון קאנסערוועז. איך געה אויף דעם בערגיל פון שאטעניע. ער איז פוסט. דאס גאנצע פריהערדיגע לעבען בויט זיך פאר מיר ווידער אויף פון הויז צו הויז אין דער דאזיגער ברייטער בלאסקייט.

איך קום אראב פון שפיץ בערגיל. די אייגענע ליניעס, די אייגענע טענער. דאס היינט און דאס נעכטען גלייכען צואנאנד ווי צוויי פארביגע פאסטקארטלאך. עס האט זיך קיין איין זאך נישט אומגעביטען אויף איין האהר. איך דערזעה מיין הויז: דריי פערטעל פונ׳ם דאך און פונ׳ם פארנט. א זיסער שוידער לויפט מיר אדורך דורכ׳ן לייב. איך פיהל אז איך האב האָלט דאס דאזיגע שטיקעל ערד, און באזונדער מיין שטוב.

נישט שוין אבער איז אלץ געבליבען ווי גיוועןז נישט שוין איז נישט צוגעקומען קיין שום נייעס? נישט שוין האט זיך קיין שום זאך נישט אומגעביטען אחוץ מיר, אחוץ אט דעם מענשען, וואס געהט פאוואליע אין זיינע ברייטע בגדים, מיט א פארעלטערט פנים און אנשפארענדיג זיך אויף א שטעקיל?

אין דער אייביג פשוטען ליכטיגקייט פון דעם טאג ליגט די גאנצע סביבה א שטומע און אומפראדוקטיווע. איך פארשטעה נישט, פאר וואס איך האב גיהאפט אויף נייע אנטפלעקונגען. מיין קוק בלאנקעט ארום אומזיסט אין דער אומענדלאכער ווייטקייט.

פלוצים אבער ווערט דער הימעל פארטונקעלט דורך כמארעס, וואס זאגען אן א נאהנטען שטורם. דער מארגען באקומט דאס אויסזעהען פון אבענד. און צוליב דעם דאזיגען גרויסען בין־השמשות מיט זיין פארבאהאלטענער הארמאניע ווער איך שטארק צוגעצויגען צום עולם, וועלכער באווייזט זיך איצט אויפ׳ן גרויסען וועג.

אט די אלע פיצינקע שאָטענס, וואס שיטען זיך איינציגווייז אויף דער לענג פון דעם וועג, האבען אלע א י י ן וואוקס, און זענען אבגיזונדערט איינער פון דעם אנדערען. פון דער ווייטענס

דערקענט מען ערשט, ווי עהנלאך עס זענען די מענשען איינע צו די אנדערע. און עס איז טאקע אנ׳אמת, אז איין מענש איז גלייך צום צווייטען. אלע זענען זיי פון דעם אייגענעם מין, פון דעם אייגענעם מאטעריאל, גיקנאָטען פון דעם אייגענעם טייג. דאס איז די איינציגע זיכערע זאך, וואס איך באקום ארויס.

און דער אמת איז אזוי פשוט, אזוי קלאר: דאס, אין וואס איך גלויב, זעה איך אליין מיט מיינע אויגען.

די גלייכקייט פון די אלע דאזיגע מענשלאכע פלעקען, וועלכע באווייזען זיך מיר אין דעם פינסטערען אבשיין פון דעם שטורם׳ דאס איז דאך אנ׳אמתע אנטפלעקונג! דאס איז דער אנהויב פון א קלארען סדר אין דעם פלאנטער און אין דעם כאַאָס. ווי קומט עס, אז איך האב ביז אהער נישט גיזעהען דאס וואס איז אזוי גרינג צו זעהען, ווי קומט עס, אז איך האב ביז אהער גארנישט באמערקט אזא מין באשיינפערלאכע זאך?: אז עס איז נישט דא קיין שום חלוק צווישען איין מענשען און דעם צווייטען, קיינמאל נישט און אין ערגיץ נישט! און אז איך האב דאס דערזעהען און דערקענט, האב איך זיך דערפרייהט, אזוי ווי עס וואלט מן השמים אויסגיפאלען אויף מיין חלק אויסצוגיסען א ביסעל ליכטיגקייט איבער אונז און איבער אונזער וועג.

דער קלאנג פון די גלאקען רופט אונז צום קלויסטער. דער קלויסטער איז איצט ארומגיצאמט מיט נישט־פארטיגע בנינים. עס גריבעלט און שוויבעלט ארום איהם פון מענשען. זיי שטופען זיך אריין אין זיינע טויערן.

די ערד, דער הימעל... גאט זעה איך נישט. איך זעה אומעטום, אומעטום דעם נישט־זיין פון גאט. מיינע בליקען, וועלכע לויפען אדורך דעם שטח, קומען צוריק פארלאזענע. און איך האב איהם אין ערגיץ נישט גיזעהען, אין ערגיץ נישט, אין ערגיץ נישט, אין ערגיץ נישט.

קיינער האט איהם קיינמאל נישט גיזעהען. איך וועיס — איך האב עס אייגענטלאך אלעמאל גיוואוסט — אז מען קאן נישט באווייזען דעם קיום פון גאט, דאס וואס מען רופט אן מציאות הבורא,

און אז כדי צו באווייזען, אז גאט איז פארהאן, מוז מען שוין אפריהער אין איהם גלויבען. וואו ווייזט ער זיך ארויס, ווען העלפט ער בעת דעם חורבן פון דער נשמה, ווען ראטעוועט ער ארויס פון עגמת נפש, יסורים און צרות? און טאמער האט זיך ווען עס איז אויסגידוכט, אז מען פיהלט איהם שוין, אז אט, אט טאפט מען איהם אן און מען נעהמט איהם ארום, צי איז דאס נישט גיווען אלעמאל בלויז דער נאמען פון איהם? דער נישט־זיין פון גאט נעהמט ארום און דרינגט אריין אין איטלאכען מענשען, וואס קניעט פאר איהם און איז מתפלל צו איהם, וועלכער גארט נאך וועלכען נישט איז פארזענלאכען נס, ער דרינגט אריין אין איטלאכען דיינקער, וואס זיצט איינגיבויגען איבער ביכער און פאפירען, אויסקוקענדיג נאך א באווייז, כדי איהם אויפ׳סנייע צו באשאפען, ער דרינגט אדורך דעם בלוטיגען און האספולען ווידעראנאנד פון די רעליגיעס, וואס באוואפענען זיך איינע קעגען די אנדערע. דער נישט־זיין פון גאט דעקט אריבער ווי דער גיצעלט פונ׳ם הימעל די סכסוכים צווישען גוט און בייז, די ציטעריגע האפענונגען פון די צדיקים, די אומענד־ליכקייט, וואס פילט מיך אויס, די בית־עלמנ׳ס מיט די גוססים, די קאמף־פעלדער פון די אומשולדיגע סאלדאטען און די גישרייען פון מענשען, וואס טרינקען זיך. דער נישט־זיין, דער נישט־זיין! אט איז שוין הונדערט־טויזענד יאהר, ווי דאס לעבען זוכט צו דער־ווייטערן פון זיך דעם טויט, און עס איז נישט דא אויף דער וועלט אזא פוסטע און אומזיסטע זאך ווי דעם מענשענס גישריי צו גאט, נישט דא אזא זאך, ווי זאל זיין אזוי ארויסגיווארפען, און וואס זאל געבען אזא פולע השגה פון דעם נעכטיגען טאג און דעם פאראיאהרי־גען שניי.

ווי קומט עס, אז איך האב אבגילעבט ביז אהער נישט פארשטעה־ענדיג, אז איך האב גאט נישט גיזעהען? איך האב גיגלויבט, ווייל מען האט מיר גיהייסען גלויבען. און מיר דוכט זיך אויס, אז איך בין קאפאוו אין קיין זאך אויף דער וועלט נישט צו גלויבען נאר דערפאר ווייל מען הייסט מיר גלויבען, און דערפאר ווייל איך פיהל מיך פריי.

איך לעהן זיך אן אויף די שטיינער פון דער נידריגער מויער

אויף יענעם ארט, וואו איך האב זיך גיפלעגט אנצולעהנען אין די פריהערדיגע יאהרען, בשעת איך האב נאך גיהאלטען פון זיך און גימיינט אז איך פארשטעה עפּעס.

מיין קוק פאלט אנידער אויף די פאמיליעס און די יחידים, וועלכע איילען זיך גיכער צו דער שווארצען טויער פונ׳ם קלויסטער, צו דעם פינסטערין שטח פונ׳ם קלויסטער־שיף מיט זיינע ווייהראך־וואלקענס, זיינע ליכט־רעדער, זיינע פארביגע מלאכים און זיין גיוועלב וואס האט אין זיך אביסעל פון דער פוסטקייט פונ׳ם הימעל.

עס ווייזט זיך מיר אויס, אז איך בין נעהנטער גיווארען צו די באשעפענישען; צווישען די פארביילויפענדיגע בילדער פונ׳ם טעגלאכען לעבען דערקען און אונטערשייד איך געוויסע טיפּענישען: אמאל דוכט זיך אויס, אז מיין בליק שטעלט זיך אב על פי מקרה אויף די פולקייט און ריינקייט פון איין איינציג באשעפעניש צווישען טויזענד אנדערע. איך פארטראכט זיך אפט וועגען דעם, וואס מען רופט אן א שטיל, און רוהיג לעבען, און עס ווייזט זיך מיר אויס, אז מען קאן די ווירקליכקייט אויסדריקען אין עטליכע ווערטער, און אז דאס וואס מען רופט אן א קליין, שטיל און רוהיג לעבען איז פול מיט האפענונגען, בענקענישען, אומענדלאכער מיה און ארבייט, און לאנגע טעג און יאהרען.

איך הויב אן צו פארשטעהען, פאר וואס מען וויל גלויבען אין גאט, און מהאי טעמא פארשטעה איך פאר וואס מען גלויבט אין איהם, וויבאלד מען הייסט גלויבען.

זיצענדיג אנגישפּארט אן דער מויער, דערמאהן איך זיך אן דער פרוי, וואס האט אמאל גיזאגט דא אויף דעמזעלביגען ארט:

»אט די א גלויבט נישט אין גאט! דאס איז, וייל זי האט נישט קיין קינדער, אדער ווייל זי איז קיינמאל נישט גיוועזן קראנק.«

און איך דערמאהן זיך אויך, ווי אפט עס איז מיר אויסגיקומען צו הערען:

»אז עס וואלט נישט גיוועזן קיין גאט אויף דער וועלט, וואלט מען שוין גאר נישט גיקאנט אויסהאלטען!« עס איז נישט דא קיין אנדער באווייז פאר דעם קיום פון גאט, ווי דאס באדערפעניש. »גאט דאס איז

א נאמען פאר אלץ וואס פעהלט אונז, דאס איז אונזער חלום, אונזער תפילה. אל דאס גוטס פארלייגט מען אין קומענדיגע, אומבאקאנטע צייטען; די צרות פארשטופט מען ערגיץ אין אומענדלאכע ווייטקייטען. אלע סתירות לייזט מען אויף אין אנ׳אומבאשטימטע פארשטעלונג, למעלה מן השכל, אבי מען גלויבט אין א געצקע, וואס איז באשאפען גיווארען דורך א ווארט.

און איך, וואו האלט איך אין דער וועלט? איך האב זיך אויפגיכאפט פונ׳ם רעליגיע־דרימעל. דאס איז גיוועזן א חלום. איינמאל אין א פריהמארגען האבען זיך מיינע אויגען גיעפענט, כדי איך זאל מיט זיי מעהר גאר נישט זעהען.

גאט זעה איך נישט, אבער איך זעה דעם קלויסטער, און איך זעה די גלחים. און אין דער דאזיגער רגע אנטפלעקט זיך פאר מיר אנ׳אנדערע צערעמאניע אין אנ׳אנדער ריכטונג: א תפילה לכבוד דעם הייליגען יעגער סענט־היבער אין דעם פריצישען פאלאץ. אנשפארענדיג זיך אויף מיין איילענבויגען, טו איך זיך אין גאנצען אריין אין דער באטראכטונג פון דעם דאזיגען בילד. לעבען רייכע פריצים, אנגיטון אין מיליטערישע יעגער־מלבושים, מאנזבילען און ווייבער, שטעהען אויף דעם גאניק פון א פאלאץ גלחים באפוצט מיט פליטערלאך, אנגנטון אין קאמעדיאנטסקע קליידער און האלטען אב א תפילה מיט גרויס פאראד; אנטקעגען זיי שטעהט דער פראסטער עולם, וועלכען מען האלט אב פון די פני דורך אויסגיצויגענע שטריקלאך. און דאס דאזיגע בילד, אין וועלכען איך זעה, ווי די דינער פון דער געטליכקייט בענטשען די ביקסען, די גייעג־מעסערס און די אנגיבונדענע הינט, ווייזט מיר אן שארפער ווי מיט ווערטער אויף דעם מרחק, וועלכער שיידט אב דעם היינטיגען קריסטליכען גלויבען פון דער קריסטוס־תורה, אויף דעם אב־גרונד, וועלכער ליגט צווישען דער הייליגער און פשוטער התחלה פונ׳ם קריסטענטום און צווישען דעם באגולטען שימעל, וואס איז אויף איהם אנגיוואקסען. דאס וואס איך זעה דא, איז אומעטום. דאס וואס איז קליין, איז גרויס.

די כוהנים און די תקיפים האבען אלעמאל גימאכט יד אחת. איצט איז מיר אלץ קלאר. די רעליגיעס צושטערען איינע די אנדערע

מחמת זיי זענען עטלאכע, זיי צושטערען אלץ, וואס האלט זיך אויף זייערע לעגענדעס. אבער די מנהיגים, וואס אויף זיי האלט זיך די גאנ־צע מאכט פון דעם געצקע, צווינגען די מאסען צו גלויבען. זיי באהאל־טען דאס ליכט. דאס זענען מענשען, וואס פארטיידיגען זייערע מענ־שלאכע אינטערעסען. דאס זענען תקיפים, וואס פארטיידיגען זייער שליטה.

מען מוז! דו טארסט נישט וויסען! א שרעקלאכע דערינערונג גיט אין מיר א׳ ציטער. פאר מיינע אויגען טראגען זיך מענשען, וועלכע האלטען אונטער דורך צוזאגענישען און סטראשונקעס דעם משונהדיגען ואומגליק פון די מאסען צוליב זייערע בשותפותדיגע פארטייאינטערעסען.

איך דערהער טריט. מארי קומט אן, גיקליידט אין גרוי. זי קומט מיך אבפיהרען פון דאנען. פון דער ווייטענס זענען איהרע באַ־קען רויטלאך און אבגעפרישט דורכ׳ן ווינד. פון דער נאהענט זעהען אויס איהרע ברעמען אבגינוצט, אזוי ווי זיי וואלטען גיווען לאנג גי־טראגענע זייד. זי געפינט מיך א פארזונקענעם אין גידאנקען. זי קוקט אויף מיר ווי א שוואכע מאמע, וואס ציטערט וועגען איהר קינד. די דאזיגע אומרוהיגקייט וועגען מיר בארוהיגט און טרייסט מיך.

איך וויַיז איהר אן פון אויבען אויף דעם יום־טובדיגען עולם, און זאג ארויס א פאר ביטערע ווערטער מכּוח די נארישקייט פון די דאזיגע מענשען, וועלכע פארזאמלען זיך אין דעם קלויסטער תּפילה צו טון. דאס איז דאך ארויסגיווארפען. אנדערע פון זיי גלויבען אויף אנ׳אמת, אנדערע אבער טוען נאך.

מארי זוכט נישט אויסצופארשען דעם תּוך פון רעליגיע.

»א,« זאגט זי, »איך האב וועגען דעם קיינמאל נישט גיטראכט. מען האט מיר תּמיד גירעדט פון גאט, און איך האב אלעמאל אין איהם גיגלויבט. אבער ווייסען ווייס איך נישט... איך ווייס מעהר נישט ווי א י י ן זאך,« איז זי מוסיף, באטראכטענדיג מיך מיט איהרע בלויע אויגען, »אז מיר נויטיגען זיך אין א פאנטאזיע, אין אנ׳אילוזיע. דאס פאלק נויטיגט זיך אין רעליגיע, כּדי ער זאל קאנען מקבל באהבה זיין די צרות פונ׳ם לעבען, די קרבנות...«

און באלד הויבט זי ווידער אן מיט א שטארקערען טאָן אין איהר שטים:

»אין רעליגיע נויטיגען זיך די אומגליקלאכע, כּדי זיי זאלען זיך נישט מיאש זיין פון׳ם לעבען. אפשר איז דאס טאקע א נארישקייט אבער אז מען וועט פון זיי צונעמען די אמונה, טא וואס וועט זיי בלייבען?«

די גיוואהנטלאכע, נארמאלע און גוטהארציגע פרוי, וועלכע איך האב דא איבערגיילאזט, טענהט אז מען מוז האבען אנ׳אילוזיע. זי האלט זיך אן מיט אלע כּוחות אן דעם דאזיגען גידאנק, זי וויל פון איהם נישט אבלאזען, זי נעהמט זיך אן פאר די אומגליקלאכע. און אפשר רעדט זי פון זיך אליין, אפשר האט זי נאר רחמנות אויף מיר.

אומזיסט טענה איך:

»אבער בשום אופן נישט פאנטאזיעס, אילוזיעס, בשום אופן נישט ליגענס... ווארום דעמאלט וויס מען שוין גאר נישט וואוהין מען געהט און וואו מען האלט אין דער וועלט.«

זי שאקעלט מיט׳ן קאפּ צום צייכען, אז זי איז נישט מסכּים.

איך ווער אנטשוויגען א פארמאטערטער. איך גיב זיך נישט אונטער אונטער דער אלמעכטיגער סביבה. מיין קוק אנטפלעקט אומעטום נישט ווילענדיג דעם פאלשען גאט און די פאלשע כּוהנים.

שטילערהייט קומען מיר צוריק אין שטאט אריין. יע, מיר דוכט זיך, אז אלע די פאנטאזיעס און אויסטראכטענישען, וועלכע מען האט אנגיזאמעלט איבער אונזערע קעפּ, זענען דער בעסטע מקום מקלט פאר דעם שלעכטס אין לעבען. איך בין נאך לעת עתּה גאר נישט. איך בין נישט מעהר ווי גיוועזן. אבער איך טראג אין מיר דאס באַ־דערפעניש נאך דעם אמת. איך חזר תּמיד איבער פאר מיר אליין, אז עס איז נישט דא קיין זאך, וואס זאל שטעהען חוץ מדרך הטבע, אז קיין זאך פאלט נישט אראב פון׳ם הימעל, אז אלץ ליגט אין אונז אליין, און ווענדט זיך נאר אן אונז. גישטארקט דורך דעם דאזיגען גלויבען נעהם איך ארום מיט מיינע אויגען די פּראכט פון דעם פוסטען הימעל און די פוסטע פעלדער, דעם גן־עדן פון דער מיגלאכען וועלט.

פארבייגעהענדיג פאר׳ן קלויסטער גיט מיר מארי א זאג, אזוי

ווי מיר וואלטען אקערשט ערשט גאר נישט געשמועסט מיטאנאנד:

»גיב נאר א קוק ווי דער קלויסטער איז געניזקט געווארען. א באמבע האט צושטערט א גאנצע זייט פונ׳ם גלאקענטורם. דער גלח איז קראנק געווארען פון עגמת נפש. און אז ער איז ווידער אויפ־געשטאנען פונ׳ם בעט, האט ער נישט גערוהט, ביז ער האט אנ־געקליבען געלד, כדי צו פאררעכטען דעם שאדען.« ארום גיבייי שטעהט אנ׳עולם, באטראכטענדיג דעם היזק. איך קלער וועגען איצטיגע פאר־בייגעהערס, וועגען די, וואס וועלען שפעטער פארבייגעהען, וועגען די, וועלכע איך וועל קיינמאל נישט זעהען און וועגען אנדערע שאדענס פון גלאקענטורעם׳ס. די שענסטע שטים קלינגט איצט אין מיר, און איך וואלט געוואלט זיך באנוצען מיט איהר, כדי צו בעטען ביים עולם:

»בויט נישט קיין קלויסטערס! איהר אלע, וועלכע וועט קומען נאך אונז און וועט אפשר מעהר פאר אונז מסוגל זיין צו זעהען אין דער קלארער לופט פונ׳ם נאכ׳ן מבול דעם סדר פון דער וועלט, בויט נישט קיין נייע קלויסטערס! אסור אויב זיי פארמאגען דאס, וואס איהר האט געגלויבט, אז זיי פארמאגען: אין דעם משך פון גאנצע דורות זענען זיי געווען די גיפענקענישען פון די משיחים, זיי זענען געווען גרויסע ליגענס. אויב איהר גלויבט, טא טראגט דעם בית־המקדש אין אייער נשמה. אויב אבער איהר ברייינגט פון דאס ניי שטיינער, כדי אויפצובויען די אלטע באגרעניצטע און בייזע טרא־דיציעס, וועט זיין א סוף צו אלץ. אין דעם נאמען פון יושר, אין דעם נאמען פון ליכט און אמת, אין דעם נאמען פון רחמנות, בעט איך אייך איהר זאלט נישט בויען קיין נייע קלויסטערס!«

אבער איך האב גאר נישט געזאגט. איך לאז אראב דעם קאפ און געה מיט שווערע טריט.

פרוי מארקאסען געהט איצט ארויס פונ׳ם קלויסטער. זי זעהט אויס זעהר מידע, און פינטעלט מיט די אויגען. אנ׳אמתע אלמנה. איך זאג איהר גוטנ׳אבענד און הויב אן מיט איהר צו ריידען. איך פרווו איהר דערצעהלען פון איהר מאן, ווייל איך האב דאך אונטער איהם געדינט און איך האב געזעהען, ווי ער איז געשטארבען. זי הערט מיך אויס מיט א מרה־שחורהדיגער מינע. זי איז שטארק

צוטראגעןּ איהרע גידאנקען זענען ערגיץ־אנדערס. צום סוף זאגט זי מיר: „איך האב גיהייסען מאכען פאר איהם אנ׳אל מלא רחמים, ווייל עס איז א מנהג". דערנאך ווערט זי אנטשוויגען. דאס באטייט: „נישט דא וואס צו ריידען, און טון קאן מען אויך גאר נישט". שטעהענדיג פאר אזא מין יאוש הויב איך אן צו פארשטעהען, אז מארקאסען האט אבגיטון א שרעקלאכען פארברעך דורך דעם, וואס ער האט זיך גינומען דאס לעבען, כדי זוכה זיין צו שטארבען מיט א העל־דישען טויט.

# די ריזוות

מיר זענען ביידע ארויס א ביסעל שפאציערען אהן קיין שום ציל פאר אונזערע אויגען. עס איז א הארבסט־טאג. גרוי־גיקרייזעלטע וואלקענס. א ווינד. פארוויאנעטע בלעטער ליגען אויף דער ערד. אנדערע בלעטער דרייהען זיך אין דער לופטען. מיר זענען ערשט אין חודש אלול און פונדעסטוועגען איז עס דאך אנ׳אמתר הארבס־טאג. די טעג פונ׳ם יאהר לאזען זיך נישט אזוי שארף אבגרעניצען ווי די מענשען.

מיר פארגעהען ביז צו דער מיהל מיט דעם וואסער־פאל. זינט אונזער חתונה זענען מיר דארט נישט גיוועןּ מארי איז אנגיטון אין א גרויסען שווארצען מאנטעל. אויפ׳ן קאפ טראגט זי א גרויסען שווארצען הוט, פון פארנט אויסגעשטיקט מיט א פארביגע שטיקעל טוך. זי זעהט אויס מיד און איהרע אויגען רויטלען זיך. אז איך געה פון הינטען, זעה איך דעם קנויל פון איהרע שיינע בלאנדע האהר.

און כמעט ווי נישט ווילענדיג הויבען מיר ביידע אן פלוצים צו זוכען די סימנים, וועלכע מיר האבען א מאל אויסגיגראבען אויף די שטיינער און אויף די בוימער. מיר האבען זיי גיזוכט אזוי ווי א פארלוירענעם אוצר אויף די מאדנע בלעטער פון די ווערבעס לעבען דער שטומענדיגער כוואליע פונ׳ם וואסער־פאל, אויף די בעריאזעס, וועלכע שטעהען גלייך ווי ליכט פאר די וויאלעט־

פארביגע קוסטעס, אויף דעם אלטען טענענבוים, וואס האט אונז אמאל אזוי אפט באדעקט מיט זיינע טונקעלע פליגלען. אסך אויפשריפטען זענען פארשוואונדען געווארען. אסך זענען אויסגימעקט געווארען מחמת אלטקייט. אסך ווידער זענען איבערגידעקט גי־ווארען פון אנדערע אויפשריפטען. אסך זענען קאליע און מיאוס געווארען. כמעט אלע זענען זיי מעהר אדער ווייניגער פארשוואונדען געווארען, ווי עס פארשווינדען פארבייגעהענדיגע מענשען. מארי איז מידי. זי זעצט זיך אפט צו און זיצט מיט א מיושבדיגער מינע, איינגעוויקעלט אין איהר גרויסען מאנטעל, ווי א בילד פון דער נאטור, דעם שטח און דעם ווינד.

מיר ריידען נישט מיטאנאנד. מיר לאזען זיך אראב אזוי פאוואליע, אזוי ווי מיר וואלטען זיך אויפגיהויבען ארויף בארג און פארקערעווען זיך אין דער ריכטונג פון דער שטיינערנער באנק לעבען מויער. עפעס זענען די זאכען נישט אזוי ווייט איינע פון די אנדערע ווי א מאל, דער מרחק וואס שיידט אפ איין זאך פון דער אנדערער האט עפעס אנגינומען אַנ׳אנדער פנים. אט למשל האב איך זיך גאר נישט גערעכנט אויף דערויף, אז איך וועל זיך אזוי גיך אנשטויסען אויף דער שטיינערנער באנק. זי איז אסך נעהענטער, ווי איך האב גימיינט. זי באהאלט זיך אין שאטען, דאס איז זי טאקע, אויף נאמנות. דער רויזענקוסט, וועלכער האט זי פריהער אריבערגידעקט איז איצט אויסגעטריקענט, און זעהט אויס ווי א קרוין פון דערנער. אויפ׳ן שטיינערנעם ברוק ליגען צוואיאנעטע בלעטער. זיי קומען פון די קאסטאניענבוימער. גיפאלען זענען זיי אייגענטלאך אויף דער ערד, נאר זיי האבען זיך פאר־קייקעלט אזש ביז אהער, ביז דער שטיינערנער באנק. צו דער דאזיער באנק איז זי צום ערשטען מאל גיקומען זעהען זיך מיט מיר. די באנק האט דעמאלט אין אונזערע אויגען באקומען אזא חשיבות, אז מיר האבען גימיינט, אז אלץ ארום איהר איז באשאפען גיווארען נאר דורך אונז. אויף דער דאזיגער באנק זעצען זיך מיר איצט אנידער, נאכדעם ווי מיר האבען אומזיסט גיזוכט אין דער ארומיגער נאטור סליאדעס פון אונזער אמאליגען שפאציער־גאנג.

די נאַטור אַרום אונז איז רוהיג, פּראָסט און פּוסט, זי דרינגט אַדורך אונזערע לייבער מיט אַ שוידער. מאַרי איז אַזוי אומעטיג און פּראָסט, אַז איטלאַכער גידאַנק מאָלט זיך גלייך אָב ביי איהר אויף דער צורה. איך זיץ איינגיהויקערט, די איילענבויגענס אויף די קניע און באַטראַכט דעם זאַמד ביי אונזערע פיס. און פּלוצים גיב איך אַ ציטער. איך פאַרשטעה, אַז איך האָב גיזוכט מיט די אויגען די סליאַדעס פון אונזערע אַמאָליגע טריט. אַדורך דעם שטיין און אַדורך דעם זאַמד. מיר שווייגען. אין דעם דאָזיגען שווייגען פיהלט זיך אַ מאָדנע גיהויבענקייט. מאַרי׳ס געזיכט נעהמט אָן אַנ׳אויסדרוק פון אומעט און צובראָכענקייט. פּלוצים הויבט זי אָן צו וויינען. און אַז מען וויינט, וויינט מען. איהרע טרעהרען רינען אַראָב פון איהרע אויגען אויף איהר שויס. און כליפּענדיג וואַרפט זי אַראָב פון איהרע נאַסע ליפּען אָבגיהאַקטע ווערטער, אָבער פול מיט יאוש און אַזוי ווילד ווי אַ פּלוצימדיגער גילעכטער:

»אַ,« רופט זי אויס, »איצט איז אַ סוף, אַ סוף צו אַלץ.«

איך נעהם זי אָן ביי דער טאַליע. איך ווער פאַרכאַפּט פון דעם וועהטאָג, וועלכער באַוועגט איהר ברוסט און איהר האַלז, און פון וועלכען זי גיט זיך אָפּ אַ טרייסעל מיט׳ן גאַנצען גוף. דעם דאָזיגען וועהטאָג, אין וועלכען נישט איך און נישט קיין איינציגער מענש אויף דער וועלט האָבען נישט דעם מינדסטען חלק, און וועלכער איז אין זיך און פאַר זיך, ווי אַ גאָט.

זי ווערט רוהיגער. איך נעהם זי אָן ביי דער האַנד. מיט אַ שוואַכער שטים הויבט זי אָן אויסצוצעהלען די פּרטים פון די פאַרגאַנגענע יאָהרען: „דאָס און יענס ... און יענער פריהמאָרגען ...“ זי טוט זיך אין גאַנצען אַריין אין איהרע דערינערונגען. שטילערהייט העלף איך איהר אונטער. זי פרעגט אויס: „דו גידענקסט?“ „אוודאי“ און אַז עס קומט צו רייד פון עפּעס, וואָס האָט אַ באַשטימטערעז כאַראַקטער און ריהרט אַ ביסעל שטאַרקער אָן די סטרונעס פון דער נשמה, זאָגט זי „נישט אַזוי, דו גידיינקסט?“ איך ענטפער: „אַביסעל ....“

די גרויסע פּאַסירונגען, וואָס האָבען איבערגיקערט די וועלט,

דערווייטערן פון אונז די פארגאנגענע יאהרען און גראבען אויס אנ׳אבגרונד צווישען זיי און אונז. אין תוך גירעדט אבער האט זיך גאר נישט פארענדערט. מעהר נישט, אז מען קוקט זיך נעהענטער צו, זעהט מען יא עפּעס.

נאכדעם, ווי מיר האבען ארויסגירופען פונ׳ם עבר א פארכישופּ־טען זומעראבענד האב איך איהר א זאג גיטון „מיר האבען זיך האלט גיהאט” זי ענטפערט: „יא, איך גידענק” איך רוף זי שטיל כדי זי ארויסצורייסען פון איהר שטומקייט, אין וועלכע זי פאלט ארײן, זי הערט מיך אויס, און זאגט מיר דערנאך אין דעם טאן פון א מענשען, וועלכער האט זיך שוין מיאש גיווען פון דער וועלט, און שלום גימאכט מיט איהר:

» מארי, יא, אזוי האסט דו מיך אמאל גירופען. איך קאן זיך איצט גאר נישט פארשטעלען, אז איך האב אזוי גיהייסען. «

איך קעהר אב דעם פּנים, כדי זיך צו דערמאהנען.

אין עטלאכע מינוט ארום זאגט זי מיר, ריידענדיג פון עפּעס אנדערש.

» א, יענעם טאג האט מען גיחלומט וועגען נסיעות, וועגען פּלענער. א, דו ביסט גיזעסען לעבען מיר. «

אמאל האט מען גילעבט. איצט לעבט מען שוין נישט, ווייל מען האט שוין אבגילעבט דאס וועלטיל. דאס וואס מיר זענען אמאל גיווען איז שוין טויט, ווייל מיר זענען איצט דא. ווען איהר קוק שטעלט זיך אב אויף מיר, פארבינדט ער נישטביידע איבעריג גע־בליבענע כוואליעס — מיך און זי, איהר קוק מעקט נישט אויס אונזערע אלמנהשאפט און טראגט נישט ארײן קיין שום שינוי אין די זאכען ארום אונזי. און איך — איך בין שוין צו פיל אנגיזאפּט מיט קלארע פּשטות און מיט אמת, אז איך זאל קאנען ענטפערן: עס איז נישט אזוי, ווען עס איז יא אזוי. אין דער דאזיגער רגע איז מארי פּונקט אזוי ווי איך.

מיר פיהלען דעם אומענדלאכען אומעט פון די מענשלאכע נשמות. מיר דערוועגען זיך נישט איהם אנצורופען ביים נאמען. אבער מיר האבען אויך נישט דעם מוט איהם נישט ארויסצוווייזען

אין אלץ וואס מיר זאגען· מיר דערזעהען א פרויענגישטאלט· וועלכע הויבט זיך ארויף אויף דער סטעזשקע און דערנענטערט זיך צו אונז· דאס איז מארטא· אנ׳אויסגיוואקסענע· אנ׳אויפגעבליהטע· זי זאגט אונז עטלאכע ווערטער און געהט אוועק מיט א שמייכעל אויפ׳ן פנים · · · זי שמייכעלט· אט די· וועלכע האט געשפילט און שפילט א ראלע אין אונזער דראמע· די עהנליכקייט צווישען איהר און מארי· פון וועלכער איך האב אמאל אזוי פיל גיטראכט· מאכט א רושם אויך אויף מארין· זיצענדיג אזוי איינער לעבען דעם אנ־דערען און זעהענדיג ווי עס וואקסט דאס דאזיגע קינד· דאס בילד פון דער גיוועזענער מארי· טראגען מיר זיך ביידע ארום נישט ווילענ־דיג מיט דיזעלביגע גידאנקען·

מארי איז זיך פלוצים מודה· אהן קיין שום הכנות און קוויינקלעניש·

» וואס בין איך אמאל גיוועזן? יוגענד און שיינקייט· און אט האט מארטא מיין יוגענד און מיין שיינקייט·«

און איך· ביי וואס בין איך געבליבען?

און זי הויבט ווידער אן מיט הארצוועהטאג אין איהר שטים:

» קיין אלטע פרוי בין איך נאך נישט· ווייל איך בין סך הכל אלט 35 יאהר· אבער איך האב זיך גיעלטערט פאר דער צייט· איך האב שוין גרויע האהר אין צאפ· וועלכער מען קאן גאנץ גוט זעהען· ווען מען קוקט זיך אביסעל נעהענטער צו· און מיינע אויגען זענען קאליע גיווארען· איך לעב· ווייל עס לעבט זיך· ווייל איך האב פארשיי־דענס צו טון· אבער אחוץ דעם פשוטען· נאקעטען לעבען בין איך שוין גאר נישט· אודאי לעב איך· אבער די צוקונפט פארענדיגט זיך פריהער· איידער דאס לעבען· נאר די יוגענד געפינט זיך אויף איהר ריכטיגען פלאץ· אלע יונגע פארשוינען האבען איין פנים און געהען זיך זיכער זייער וועג· זיי מעקען אויס און צושטערען אלץ אחוץ זיי· און מאכען· אז אלע אנדערע זעהען זיך און פיהלען זיך אזוי ווי זיי זענען אויף אנ׳אמתן· און ווערען איבעריג אויף דער וועלט· « זי איז גירעכט· בנאמנות! ווען דאס יונגע מיידעל גיט זיך א שטעל אויף· פארנעהמט זי אין דער אמת׳ן דעם ארט פון דער

אנדערער אין דעם דמיון און אין דער נשמה פון דעם מאנזביל; זי מאכט פון דער אנדערער פרוי אנ׳עלענט באשעפעניש, וואס בלאנקעט ארום ווי א רוח פון יענער וועלט. דאס איז אמת, איך האב שוין פון לאנג אן גיוואוסט, איך האב אבער נישט גיוואוסט ווי ווייט דאס איז אמת! דאס איז צו נאטירלאך, צו באשיימפערלאך. איך קאן זיי נישט אבלייקענען, אט די אלע זאכען, וועגען וועלכע מען קלערט נישט, ווייל זיי ווארפען אן א מרה שחורה. און פון דער ס׳ניי ווילט זיך מיר מסכים זיין מיט איהרע ווערטער און איך קאן בשום אופן נישט זאגען ניין. איך קאן נישט אראבנעהמען דאס אויג פון מארטעס אויג און בעת איך באטראכט זי מוז איך אין איהר נישט ווילענדיג דערקענען מארי׳ן. איך ווייס, אז זי האט שוין געשפילט עטלאכע ליבעס. אבער איצט איז זי אליין: זי איז אליין און זי זוכט זיך אנצולעהנען אן עמיצען ... צו א פאנטאזיע, צו אנ׳אמת, אבער דער מאנזביל איז נישט ווייט פון איהר. געוויס, איך האלט שוין היינט נישט ווי אמאל, אז עס איז א מין חוב צו באפרידיגען איטלאכע עגאאיסטישע נטיה, איך האב איצט דעם גרעסטען אבשיי און שטעה בדחילו ורחימו פאר׳ן יושר, פאר׳ן אמת, און פונדעסטוועגען פיהל איך, אז ווען דאס דאזיגע באשעפעניש וואלט איצט גיקומען צו מיר וואלט אלץ אין מיר אנגיהויבען צו טאנצען פאר שמחה.

מארי פאלט ווידער אריין אין איהרע גידאנקען עקשנותדיגער־ווייז און זאגט:

»דאס גאנצע לעבען פון א פרוי האלט זיך נאר אויף ליבע, זי עקזיסטירט נאר פאר די ליבע און דורך די ליבע, און אז זי טויג צו דאס נישט, טויג זי שוין צו קיין זאך נישט.«

זי חזרט איבער נאך אמאל.

»דו זעהסט, אז איך בין שוין גאר נישט.«

א, זי איז שוין אויפ׳ן דעק פון איהר אבגרונד; זי האלט שוין ביים סוף פון איהר פרויענטראגעדיע. איצטער קלערט זי שוין נאר וועגען מיר. איהר גידאנק כאפט העכער און ווייטער, און בעת זי זאגט „איך בין גאר נישט ...״ טראכט זי וועגען דער פרוי, וועלכע שטעקט אין איהר, וועגען דער ליבע, וואס זי פארמאגט און

וועגען אַלץ, וואָס איז מעגלאַך, העלפֿען קאָן איהר קיינער נישט אפֿילו איך אויך נישט. איך בין מעהר נישט ווי אַ זייטיגער מענש וואָס זיצט לעבען איהר און הערט זיך צו צו איהרע רייד.

אַט די דאַזיגע פֿרוי, וואָס איז אין גאַנצען ווייכקייט, גוט־האַרציגקייט און פשטות וואָלט איך וועלען ווי עס איז בארוהיגען און טרייסטען, און גראַד דערפֿאַר ווייל זי איז אַזוי, קאָן איך איהר קיין ליגען נישט זאָגען און קאָן נישט גרינגער מאַכען איהר וועהטאָג. פֿאַר וועלכען עס איז נישט דאָ קיין שום תרופֿה.

»אוי,« רופֿט זי אויס, »ווען מען וואָלט גיקאָנט אויפֿשטעהען תחית המתים, ווען מען וואָלט גיקאָנט יונגער ווערען!« אָבער זי פּרוּווט זיך איינצוטשעפּען אין אַנ׳אילוזיע. דורך די סליאַדעס פֿון די טרעהרען זעה איך, אַז זי האָט זיך אָנגיפּודרעוועט די ליפּען און אפשר אויך די באַקען, ווי זי פֿלעגט עס אַמאָל טון שפּילענדיג מיר אויף צו להכעיס. אַט די דאַזיגע פֿרוי, וועלכע פֿלעגט זיך אָבצו־שטעלען אויף זיך אַליין, זיך צו מאַכען עהנלאַכער צו זיך אַליין, וועלכע באַמאָלט און באַפּוצט זיך, כּדי זיך צו דערהאַלטען אין דער צייט, צי טוט זי נישט דאָס אייגענע, וואָס דער טיפֿער רעמבראַנדט און דער ברייטער און פֿיינער טיציאַן האָבען גיטון: ראַטעווען, דערהאַלטען דעם קיום! אָבער דאָס מאָל איז די שוואַכע אַרבייט גיגאַנגען און ניוועץ און אָבגעווישט גיוואָרען דורך אַ פּאָר טרעהרען.

און אַמאָל גיט זי אויך אַ פּרוּוו אַנצוהויכען אויף זיך אַנ׳אילוזיע דורך ווערטער און דאַרטען עפּעס אַנטפּלעקען, וואָס זאָל זי קאָנען איבערמאַכען. זי איז בטבע נישט פֿון די, וואָס קאָנען זיך מקריב זיין: מען קאָן זיך נישט פֿאַרלייקענען, מען קאָן זיך נישט אויס־מעקען פֿון דער וועלט. זיך מקריב זיין — איז אַ ליגען. זי טענהט, ווי אַנוסטען: „מען דאַרף האָבען אַנ׳אילוזיע, מען טאָר נישט זעהען די וועלט, ווי זי איז אין דער אמת׳ן“ אָבער מען זעהט גאַנץ גוט, אַז דאָס זענען פּוסטע דיבורים. און איינמאָל, בשעת זי האָט אויף מיר אַ קוק גיטון מיט איהר אומגליקלאַכער מינע האָט זי אַ מורמעל גיטון:

»דו׳ דו האסט גאר קיין אילוזיעס נישט· סא׳רא רחמנות אויף דיר!«

און אויך אין דער דאזיגער רגע דאגהט זי וועגן מיר און האט רחמנות אויף מיר·

אין איהר אומגליק האט זי פארט עפעס גיפונען פאר מיר·

זי ווערט אנטשוויגען· זי זוכט דאס לעצטע און העכסטע ווארט פון דער טראגיק· זי זוכט יענעם ווארט׳ וואס איז פשוט בתכלית הפשטות און טוט אן דעם גרעסטען וועהטאג:

»דער אמת·«

די מעשה איז׳ אז די ליבע פילט אויס ביי די מאנזביל א געוויסע צייט צווישען פארשיידענע אנדערע צייטען· מיר טראגען אין זיך עפעס אזוינס׳ וואס ענדיגט זיך אסך גיכער ווי מיר׳ און דאס גראד האט פאר אונז די גרעסטע חשיבות· און אויף אזא אופן קומט אויס׳ אז מען לעבט זיך אליין איבער· עס זענען פארהאן זאכען׳ וואס מען מיינט׳ אז מען קען זיי׳ און זיי זענען פאר אונז סודות· ווייס מען און קען מען דען אלץ׳ אין וואס מען גלויבט! מען גלויבט אין נסים· מען פלייסט זיך מיט אלע כוחות זיך ארייני־צוטרייבען אין אנ׳אימפעט׳ אין א התלבות· מען וויל ווייזען׳ אז מען איז א העלד· מען רעדט זיך איין׳ אז מען איז א יוצא מן הכלל׳ און אז אט אט וועט זיך טרעפען עפעס גאנץ אויסטערלישעס· מען ליידט יסורים אזוי לאנג׳ ווי מען האלט אויס· אבער עס קומט די שטילקייט פונ׳ם אמת און קיהלט אונז אב· עס קומט דאס וואס איז אוממיגלאך· מען ווערט אנטשוויגען ווי די שטילקייט אליין·

מיר זענען געבליבען זיצען אויפ׳ן באנק ביז אין אבענד· באגראבען אין שטילקייט און אין נעפיל האבען אונזערע הענט און אונזערע געזיכטער גילויכטען ווי די פייערלאך פון די געוויטער־בליצען·

מען קומט צוריק אהיים· מען ווארט· באלד וועט מען עסען· דערווייל לעבט מען א פאר שעה· מיר זיצען איינער קעגען דעם אנדערען און קוקען זיך אן׳ אזוי ווי מיר וואלטען זיך קיין מאל נישט גיזעהען׳ און מיר ווייסען נישט וואס צו טון· עס וויקעלט זיך פאנאנעדר אנ׳אמתע דראמע· מען לעבט צוזאמען׳ אונזערע

באוועגונגען באריהרען זיך און מישען זיך צונויף. אבער דאס אלץ איז פוסט, אהן קיין שום טעם. מען באגעהרט נישט איינער דעם אנדערען, מען ווארט נישט איינער אויף דעם אנדערען, מען טראכט נישט איינער וועגען דעם אנדערען, מען איז נישט גליקלאך. עפּעס אזוי ווי רוחות וואלטען נאכגימאכט לעבעדיגע מענשען: פון דער ווייטענס דוכט זיך אויס, אז דאס זענען מענשען ווי אלע, אבער פון דער נאהענט זעהט מען אז עס זענען רוחות.

עס קומט די צייט פון שלאפען. זי שלאפט אין קליינעם צימערל וואס געהט ארויס אויפ׳ן קארידאר, אנטקעגען מיין צימער. איהר צימער איז נישט אזוי גרויס און שיין ווי מיינס, עס איז באצויגען מיט אבגיבלאקירטע, געל גיווארענע טאפּעטען, אויף וועלכע די קווייטען שטארצען ארויס ווי פלעקען פון אש און זאמד. אין דעם קארידאר צושיידען מיר זיך. אזוי איז אלעמאל גיוועזן, אבער היינט פיהלען מיר אנ׳אבגעריסענקייט, וואס איז אייגענטלאך נישט קיין פולע און גאנצע אבגעריסענקייט. זי הויבט זיך אן אויסצוטון. זי טוט אויס איהר בלוזקע. דורכ׳ן העמד זעה איך איהר האלז און איהרע ווייך גיווארענע ברוסטען. איהרע בלאנדע האהר צושיטען זיך אויף איהר געניק, די דאזיגע בלאנדע האהר, וועלכע האבען אויף איהר גיפלאמט ווי א פייער פון אנגיצונדענע שטרוי.

זי זאגט נאר:

»אסך בעסער צו זיין א מאנזביל איידער א פרוי.«

און אז איך רוף זיך נישט אב מיט קיין איין ווארט:

»דו זעהסט דאך, אז מיר האבען שוין נישט וואס צו ריידען מיטאנאנדי.«

עפּעס א מין מאדנע ברייטקייט פיהלט זיך אין איהרע ווערטער.

זי געהט אריין אין איהר צימער און ווערט דארט נעלם. פאר דער מלחמה האבען מיר גיפלעגט צו שלאפען אין איין בעט. מיר האבען זיך אויסגיצויגען איינער לעבען דעם אנדערען כדי צו פארזינקען און בטל צו ווערען אין דעם תהום פון אומבאוואוסט־זיניגקייט. (דאס גיוועהנטלאכע לעבען פארמאגט גרעסערע אומגליקען

איידער שעקספירס דראמען: פאר א פאר־פאלק: שלאפען, שטארבען.
אבער זינט איך בין צוריקגיקומען זונדערן מיר זיך אב דורך א וואנדער
דורך די עהרלאכקייט, וועלכע איך האב מיטגיבראכט אין די
אויגען און אין קאפ האט אלץ ארום מיר באקומען א ממשותדיגען
כאראקטער, און אין א גרעסערען מאס, ווי איך האב לכתחילה
גימיינט. מארי באהאלט פון מיר איהר פארעלטערטען קערפער,
וועלכען איך באגעהר נישט.

זי מאכט צו די טיר. זי טוט זיך אויס אין צימער פאוואליע,
אהן חשק, אזוי ווי זי וואלט נישט וויסען צוליב וואס, און נאר
דער שיין פון קליינערן לעמפעל שפילט זיך מיט איהרע צולאזטע
האהר. קיינער אחוץ איהר זעהט איצט נישט און באריהרט נאך
נישט יענע גרויע, קאלטע האהר, וואס ווארפן זיך אדורך דורך איהרע
צעפ. די טיר האט זיך פארמאכט מיט אנ׳אנטשלאסענע באוועגונג.
זי איז אומעטיג און אהן קיין שום רייץ.

צווישען מיינע פאפירען אויפ׳ן טיש האב איך געפונען יענעם
שיר, וועלכען מיר האבען אמאל גיפונען אויף א שטיקעל פאפיר,
וואס האט זיך על פי מקרה פארקייקעלט ביז צו דער באנק, אויף
וועלכער מיר זענען אמאל גיזעסען. אונטען האט זיך דער שיר גיענדיגט
מיט די ווערטער: „איך קען מעהר נישט ווי די טרעהרען, וואס שטעלען
זיך מיר אין די אויגען, בעת איך זעה ווי דיין שיינקייט מישט
זיך צונויף מיט דיין שמייכעל”.

אמאל האבען מיר דערפון גישמייכעלט מיט גרויס שמחה.
אבער היינטיגען אווענד האב איך אויף אנ׳אמת טרעהרען אין די
אויגען. וואס איז דאס אזוינס? איך הויב אן צו פארשטעהען, אז
עס איז פארהאן עפעס אנדערש און עפעס מעהר, ווי דאס, וואס
מיר האבען היינט גיזעהען, גיזאגט און געפיהלט; אפשר וועט
אמאל קומען דער טאג, ווען מיר וועלען זיך זאגען איינער דעם
אנדערען בעסערע און פולערע ווערטער, און אויב אזוי, וועט
פון אונזער גאנצען אומעט און אונזער גאנצען אומגליק עפעס
ארויסקומען.

# דאס וואס מיר האלטען פאר הייליג


יר געה אין פאבריק. איך בין דארט גיווארען אזוי פרעמד, אזוי ווי מען וואלט מיך אהין אריבערגיטראגען נאך א לאנגען שלאף, פון וועלכען מען דערצעהלט אין די בבא־מעשיות. איך טרעף דארט אסך נייע פנימער. די פאבריק איז דריי און פיר מאל גרעסער גיווארען. עס זענען צוגיבויט גיווארען צו איהר אסך נייע בנינים, כמעט א גאנצע שטאט. הער מיעלוואק האט מיר גיזאגט מיט א מין גדלות, אז די בעלי־בתים האבען אין אנדערע ערטער נאך זיבען אזעלכע פאבריקען. דער דירעקטאר איז איצט אנ׳אנדער יונגער פלימעניק פון די הערען גאָזלאַן. ער האט גיוואהנט ביז אהער אין פאריז, און איז צוריקגיקומען פון דארט אין דעם טאג פון דער מאביליזאציע. אבער די גאנצע הנהגה ליגט נאך אלץ אין די הענט פון דעם אלטען הער גאָזלאַן.

אִיך מוז נאך א חודש ווארטען, און איך ווארט פאוואליע ווי אלע. אין די הייזער פון אונזער גאס פעהלען אסך מענשען. אז מען קומט עֶרגיצוואו אריין, רעדט מען דארט פון דעם לעצטען בריף און מען זאגט ארויס וועגען דער מלחמה אלץ די אייגענע סברות, פול מיט גוזמאות און אהן קיין שום נייען גידאנק. עס זענען פארהאן אין שטעטיל אנ׳ערך פון 12 הייזער, וואו מען האט שוין אויף אלץ א מאך גיטון מיט דער האנד און וואו מען ווארט שוין אויף קיין זאך נישט. ווי למשל ביי פרוי מארקאסען. אין אנדערע הייזער ווארט מען נאך יא אויף דעם פארשוואונדענען, אבער די אלע דאזיגע האפענונגען האבען נישט קיין ממשות, ווייל זיי זענען זיך אויף גאר נישט סומך. עס זענען אויך פארהאן ווייבער, וועלכע האבען פון זייער אומגליק גימאכט א מין גליק; זיי האבען באנייט זייַער לעבען און די טויטע אויסגעביטען אויף לעבעדיגע.

אין די גרויסע גאסען און די גרויסע פלעצער איז נישט פארגיקומען קיין שום שינוי, אחוץ דעם קיילעכדיגען פלאץ, וואו עס זענען איצט אנגיבויט א גאנצער הויפען מיט פארשיידענע שפייכלערס. עס גיוועלטיגט דארט דער אייגענער טומעל וואס אמאל, נאך מיט מעהר פרישקייט און לעבעדיגקייט. אסך רייכע יונגע לייט פארברייגגען איצט זייער צייט אין די פארשיידענע קאנצעלאריעס און פארוואלטונגען, וואס טראגען אזוי פיל נעמען, אז מען קאן זיי גאר נישט גידענקען. אט זענען למשל די דעפא־קאנצעלאריע, די עטאפען־קאנצעלאריע, די רעקרוטען־קאנצעלאריע, די פינאנץ־קאנצעלאריע א. א. וו. א. א. וו. אלע שפיטאלען זענען פול מיט גלחים. אז מען קוקט זיך נעהנטער צו צו די פנימער פון די פארשיידענע קראנקען־באדינער, וועלאסיפעדיסטען און שווייצארעס דערקענט מען אז דאס זענען גיוועזענע גלחים. דערפאר אבער האב איך קיינמאל נישט אנגיטראפען א גלחישע גישטאלט אין דעם מונדיר פון א פראסטען סאלדאט אויפ׳ן פראנט, וואו מען מוז טון כל עבודת פרך און אויסהאלטען אויף זיינע פלייצעס די גאנצע משא פון דער מלחמה. איך דערמאהן זיך איצט אן יענע ווערטער, וועלכע עס האט מיר גיזאגט א סאלדאט ליגענדיג אויף דעם שטרוי־זאק אינ׳ם שטאל „וואו איז אהינגיקומען דער יושר?" דאס ביסעל, וואס איך וויים און זעה ווייזט מיר, אז אין איינעם מיט דער מלחמה האט זיך אויפגיהויבען א גאנצע כוואליע קעגען די גלייכע רעכט פון די מענשען, און אויב די דאזיגע אומגירעכטיגקייט, וואס האט גימאכט א חוכא וטלולה פון די גאנצע העלדישקייט פון די סאלדאטען, האט זיך נאך נישט ארויסגעוויזען אין איהר גאנצער ברייטקייט איז דאס מעהר נישט דערפאר, ווייל די מלחמה האט צו לאנג גידויערט און דער סקאנדאל האט זיך אזוי גיווארפען אין די אויגען, אז מען האט שוין גימוזט אננעהמען וועלכע נישט איז מיטלען קעגען דעם. משמעות אז נאר די מורא פאר דער גיזעלשאפטלאכער מיינונג האט גיצוואונגען דערצו.

איך בין גיוועזן ביי פאנטאנען אין איינעם מיט קרייאנען. ארויסגעהענדיג פון שטוב האב איך דערזעהען זיין גישטאלט אין

דער גלעזערנער טיר פון זיין קלייטעל. עס ווערט איהם אלץ שווע־
רער צו לעבען. ער האט זיך זעהר גיעלטערט. זיין שטארק גיבויטער
ארגאניזם איז גיבראכען דורך רעוומאטיזם. מען זעצט זיך אנידערי
קרייאָן קרעכצט און בויגט זיך אזוי טיף אין זיין קאמף מיט די
מיחוש׳ן און חולאת׳ן איז מיר דוכט זיך אויס: אט אט וועט ער זיך
געבען א זעץ מיטן שטערן אן טישעל. ער רעכענט מיר אויס
בפרוטרוט אלע זיינע קליינע גישעפטען, וועלכע געהען שלעכט. ער
פארשטעהט, וואס פאר א ביטערע און עלענטע טעג עס וועלען
אויף איהם אנשטעהען. דערווייל קומט אריין א פעלדפעבעל מיט
בלאנדע וואנצעס און מיט א מאָנאָקל אויפ׳ן אויג. אנשטאט דער
נומער טראגט דער דאזיגער פארשוין אויף זיין קאלנער ווייסע פאס־
קעס. ער זעצט זיך אנידער נישט ווייט פון אונז, און באשטעלט
א גלעזיל פארטוויין. וויקטארינע דערלאנגט איהם דעם וויין מיט
א שמייכעל אויפ׳ן פנים. זי שמייכעלט צו אלעמען אהן קיין שום חלוק,
אזוי ווי די נאטור. דער גאסט טוט אויס די היטעל, גיט א קוק
דורכ׳ן פענסטער און הויבט אן צו גענעצען.

»עס איז נודנע,« גיט ער א זאג.

ער זעצט זיך נעהענטער צו אונז און הויבט אן מיט אונז צו
ריידען. ער פארפיהרט א ברייטען און לעבעדיגען שמועס מכּוח די
היינטיגע צייטען. עס ווייזט זיך ארויס, אז ער ארבייט אין ראטהויז
און ווייסט אסך סודות, וועלכע ער לייגט אונז ארויס אויפ׳ן טעלער.
ער ווייזט אן אויף צוויי געסט, וועלכע זיצען אין דעם ווינקעל, וואו
עס קומען זיך צונויף די סוחרים.

»אט,« זאגט ער, »די קרעמערס פון עסען־ און אייזענווארג, אט
די פארשטעהען אנ׳עסק! לכתחילה טאקע, אז די גישעפטען האבען
זיך גיהאט אבגישטעלט אויף א ווילע צוליב דער ערשטער מהומה
האבען זיי אויך געמוזט אביסעל אונטערליידען, ווי אלע. דערנאך
אבער האבען זיי זיך אבגערעכענט כּדבעי, באוויסענדיג די קונים
אויף וואס די וועלט שטעהט, און זיי רעכנען זיך נאך אב! אַי
האבען זיי דאס אביסעל אנגיפאקט די קעלערס מיט כלערליי סחורות,
ווארטענדיג ביז עס וועט זיך הויבען דער מקח לויט דעם, ווי די

צייטונגען שרייבען! אמת, זיי האבען א תירוץ: עס זענען נאך
דא ערגערע פאר זיי. נישטקשה די סוחרים און קרעמערס וועלען
זיין ארויסווייזען זייער פאטריאטיזם אין משך פון דער מלחמה!«

דער יונגער מאן ציהט זיך אויס אין דער גאנצער לענג פון
זיין קערפער, אנשפארענדיג זיך מיט די פיאטקעס פון זיינע פיס
אויף דער פאדלאגע און מיט זיינע שטייפע ארעמס אויפ׳ן טיש. ער
עפענט ברייט דעם מויל, און עס אַרט איהם גאר נישט צו מען
הערט איהם, צו נישט.

»ווארט נאר אקארשט... אנוסטען האב איך גיזעהן אין
דער אופראַווע גאנצע פעק מיט דערקלערונגען און דעקלעראציעס.
אין די אלע דאזיגע דעקלאראציעס פארלאנגט מען באזונדערע
הוספות פאר׳ן מיניסטעריום. גילייענט האב איך זיי נישט, אבער
איך קאן שווערען, אז אלץ וואס דארט שטעהט איז שקר, וכזב אז
דאס זענען גאנצע הויפענס, גאנצע פעק מיט בלאָף׳ס און ליגענס!«

פון זיין מויל שיטען זיך וויציגע מעשות אהן א סוף מכוח
פארשיידענע סקאנדאלען און מוראדיגע פארדינסטען „בעת די
תמעוואטע מאסע שלאגט זיך און איז זיך מוסר נפש". און מחמת
ער איז אליין א שרייבער אין קאנצעלאריע, טראגען זיינע דערצעה־
לונגען דעם שטעמפעל פון באשטימטקייט. ער רעדט און רעדט און
פארענדיגט דערמיט, אז פון זיינטוועגען מעגען זיך אלע שלאגען
מיט׳ן קאפ אן דער וואנד, אבי מען זאל איהם נישט טשעפען...
דער בעל־הבית, הער פאנטאן, איז איצט אין שיינק. עס קומט
אריין א פרוי, וועלכע שלעפט מיט זיך א בלאס אויסגידארט קינד.

»דאס קינד איז קראנק« זאגט זי, »ווייל עס האט באקומען
צו ווייניג צו עסען.«

»און איך« חכמעט זיך דער בעל־הבית, »בין אויך קראנק, ווייל
איך עס צו פילי.«

דער פעלדפעבעל געהט אוועק, אונז צושאקלענדיג מיט׳ן
קאפ.

»ער איז גירעכט, דער פראַנטיל,« זאגט קרייאָן. »אזוי איז עס
אלעמאל גיוועזן, און אזוי וועט עס בלייבען.«

איך שווייג, זיצענדיג אן א זייט. די גאנצע צייט ביז אהער האב איך פארבראכט רק מיט זיך אליין, און איצט בין איך אין גאנצען א צודולטער פון די ניין מאס ריידי, וואס האבען זיך א שאט גיטון אויף מירי. אבער איך ווייס גאנץ גוט, אז עס איז אלץ אמתי, און אז פאטריאטיזם איז א פוסטער ווארט אדער א גיצייג, מיט וועלכען מען באנוצט זיך, און פיהלענדיג נאך אויף זיך די שמאטעס פונ׳ם פראסטען סאלדאט, קנייטש איך בייז דעם שטערן, און איך פארשטעה, אז עס איז א חרפה פאר ארימע מענשען, וואס זיי לאזען זיך ארייננארען אין זאק אריין.

איך גיב א קוק אויף קרייאָנען. ער שמייכעלט, ווי אלעמאל! אויף זיין ברייטען געזיכט, וואו איטלאכער טאג לאזט איבער סימנים, אויף דעם דאזיגען אבגישטארבענעם געזיכט מיט די קיילעכדיגע אויגען, און מיט דעם מויל, וואס איז אפען און קיילעכדיג ווי א נול, גיסט זיך אויס דערזעלביגער שמייכעל. אמאל האב איך גיהאלטען, אז אונטערגעבען זיך איז א מעלה, איצט זעה איך, אז עס איז א חסרון און אנ׳עולה. דער אפטימיזם, דאס איז דער חבר פון אלע רשעים. אט דער דאזיגער פאסיווער שמייכעל, פאר וועלכען איך האב אמאל גיהאט אזא גרויסען אבשיי, קומט איצט אויס אין מיינע אויגען גימיין.

דאס שיינקעל ווערט וואס אמאל פולער. עס קומען אריין ארבייטער; אנדערע זענען שטאדטיגע, און אנדערע קומען פון פעלד. עס זענען צווושען זיי פארהאן אי אלטע, אי יונגע.

וואס טוען זיי דא, אט די אלע קליינע מענשעלאך, אט די אלע פראסטע נפשות! זיי טרינקען, זיי זענען ברודיג. עס איז נאך פריה און זיי האבען פארהושכטע פנימער. זיי טראגען מיט זיך א פינסטערקייט און עס שלעפט זיך נאך זיי נאך א שלעכטער ריח.

צו די ארבייטער חבר׳ן זיך דריי סאלדאטען, וואס זענען אקארשט ארויס פון שפיטאל. מען דערקענט זיי אן זייערע גראבע מלבושים, אן זייערע סאלדאטסקע היטלאך, אן זייערע גרויסע שיך און אן זייערע באוועגונגען, וועלכע טראגען דעם גלייכען כאראקטער און זענען צוגיפאסט איינע צו די אנדערע. אלע די דאזיגע טרינקערס

מאכען איין כוסה נאך דער אנדערער און הויבען אן אזוי צו שרייען און איבערצושרייען איינער דעם אנדערען, אז זיי הערען און פארשטעהען שוין נישט איינער דעם צווייטען. צום סוף פאלען זיי אלע אריין אין אנ׳אומבאוואוסטזיניגע טעמפּקייט. ביים שיינק־טיש, וועלכער בלישצעט ווי זילבער שטעהט אומבאוועגלאך ווי א ביוסט דער שיינקער. און פון זיינע ביידע זייטען באמבלען זיך זיינע הענט, וואס זענען אהן קיין שום פארב אזוי ווי זיין צורה. ער ווישט אב דעם פארגאסענען וויין און זיינע פינגער טראפּען ווי די פינגער פון א קצב.

»איך האב אייך פארגעסען צו דערציילען,« רופט מיר קרייאָן אנטקעגען, »אז מיט אפּאר טעג צוריק זענען אנגיקומען ידיעות פון אייער פאלק. דעם קליינען מעליסאן האט מען צושפּאלטען דעם מוח ביי אנ׳אטאקע. ד א איז ער גיוועזן א גארנישט און א פּוסט־און־פּאסניק, און דארט איז ער גילאפען אין דער אטאקע מיט אזא אימפּעט, אזוי ווי אין איהם וואלט אריין א דיבוק. אין דער מלחמה ווערען די מענשען אנדערש!«

»און טערמיט?« פרעג איך.

»טערמיט דער וואלד־גנב? טערמיטען זעהט מען נישט מעהר. משמעות אז ער איז נעלם גיווארען. ווי עס ווייזט אויס, האט מען איהם דערהרגעט.«

און דערנאך הויבט ער אן צו ריידען פון די היגע, שטאדטישע ענינים. בריבי איז דער אייגענער ווי גיוועזן, א חצוף־מחוצף פּנים און א סאציאליסט.

»ער,« זאגט קרייאָן, »און נאך איינער, איך מיין יענעם מסוכּנ־דיגען פּארשוין עידאָ מיט זיין גוטסקייט, וועלכע ער ווייזט ארויס פאר לייטען... וואס זאגט איהר דערצו, וואס מען קאן איהם בשום אופן נישט כאפּען ביי זיינע שפּיאנסקע שפּיצלאך! עס איז לחלוטין נישט דא, אן וואס אנצוטשעפּען זיך ביי איהם, נישט אין זיין איצטי־גען לעבען און נישט אין זיין פארגאנגענעם לעבען, נישט אין זיינע מעשים און נישט אין זיינע הוצאות. היינט קאנט איהר זיך שוין פארשטעלען, וואס פאר א גנב ער איז!«

מיר פאלט איין א טראכט צו טון: אפשר איז די גאנצע מעשה א ליגען? און איך אליין באקום נישט ווילענדיג פחד פאר מיין אייגענעם פרווו צו צושטערען א מיינונג, וואס האט זיך אין אונז פון לאנג אן אזוי טיף און שטארק איינגיגעסען. איך דער־וועג זיך דאך צו זאגען:

»ער איז אפשר גאר אין גאנצען אומשולדיג.«

קרייאן גיט א שפרונג אין דער הויך און רופט אויס:

»וואס, איהר זייט איהם חושד, אז ער איז אומשולדיג?«

עס הויבט איהם אן צו צופען אין אלע מוסקעלן פון זיין גע־זיכט און ער פלאצט ארויס מיט א גרויסען גילעכטער, דעם גילעכטער פון דער גאנצער שטעטיל!

»בנוגע צו טערמיטען,« רופט זיך אב קרייאן אין א מינוט ארום, »ווייזט אויס, אז נישט ער פלעגט דאס גנבהנען אין וואלד.«

די סאלדאטען פונ׳ם שפיטאל געהען ביסלעכווייז אוועק. קרייאן קוקט זיי נאך ווי זיי פארלאזען דעם שיינק פארזוייז אנ־שפארענדיג זיך אויף זייערע שטעקענס.

»עס זענען פארהאן פארוואונדעטע און דערהרגעטע,« זאגט ער, »אי פון אונזער שטאט, אי פון אנדערע ערטער. ס׳רוב זענען דאס פון דעם פראָסטען, ארימען עולם. א, ס׳ארא ביטערער רחמנות דאס איז, ווען מען באטראכט, וואס די ארימע נפשות נע־באך האבען זיך געמוזט אנליידען. און אין איטלאכער מינוט ווע־רען מענשען גימימיתט און דערהרגעט — און גארנישט! קיינעם ארט דאס נישט, און קיינער קלערט נישט וועגען דעם. און אין דער אמת׳ן מוז איך אייך זאגען, אז מיר וואלטען גאר נישט גיהאט אזוי פיעל הרוגים, ווען מען וואלט נישט אבגיטון אזוינע נארישקייטען. אלע וייסען דערפון און מען שוויגט. און פונדעסטוועגען,« איז ער מוסיף מיט א לעבעדיגקייט, ארויפלייגענדיג אויף מיין פלייצע זיין האנד, וואס איז די גרויס ווי א קליינער בייקל, »וועלען אלע די דא־זיגע הרוגים אין איינעם מיט די טעות׳ן פון די מנהיגים אמאל אין א שיינעם טאג לחלוטין פארגעסען ווערען צוליב דעם גרויסען נצחון, וואס וועט קומען, און דאס איז דער איינציגער טרייסט, באמנות!«

אין גאס רעדט מען אסך וועגען א יום טוב לכבוד די גיפאַ־לענע. איך האלט עס פאר איבעריג צו זיין אויף דעם יום טוב, אבער איך זעה, ווי מארי געהט ארויס פון שטוב. און דערנאך פיהל איך, ווי עפּעס שטופּט מיך צו געהען, אזוי ווי דאס וואלט גע־ווען א חוב.

איך געה אדורך דעם בריק און שטעל זיך אב ביים ראג פון דעם אזוי אנגירופענען אלטען וועג, דארט, וואו עס הויבען זיך אן די פעלדער. צוויי טריט פון דאנען איז דער שטאטישער בית עלמין, וועלכער האט זיך ביז אהער גאר נישט פארגרעסערט, מחמת אלע, וועלכע שטארבען איצט, שטארבען אין דער פרעמד. איך הויב אויף דעם קאפּ און באקוק דאס גאנצע. דער בערגיל אנטקעגען מיר איז באפּאקט מיט מענשען, ער שוויבעלט און גריבעלט, ווי א בינשטאק. ער איז באגאסען פון דער זון און באפּוצט מין א מין רויטען גאניק, וועלכער פונקעלט פון רייכע טואלעטען, מונדירען, מוזיק־אינסטרומענ־טען. ער איז אבגיצאמט דורך א פּארענץ. פון דער אנדער זייט פון דעם דאזיגען פּארענץ הוזשעט א געדיכטער עולם. איך דערקען דאס דאזיגע גרויסע בילד פון די פארגאנגענע יאהרען, איך דערקען די דאזיגע צערמאניע וועלכע האט זיך איבערגיחזרט אזוי אפט אין דעם משך פון מיינע יונגעלשע און בחורשע יאהרען כמעט מיט די אייגענע מנהגים און אין די אייגענע פּארמעס אזוי רעגוליארנע ווי די פיר תקופות פונ׳ם יאהר. אזוי איז דאס גיוועו אין דעם לעצ־טען יאהר און אזוי איז עס גיוועו אין די אלע אנדערע יאהרען. אזוי איז דאס גיוועו אין דעם פארגאנגענעם דור און אזוי וועט עס זיין אין די קומענדיגע דורות. לעבען מיר שטעהט א פויער אין גרויסע, גראבע שיך; דער דאזיגער אייביגער מענש פון די פעלדער איז איינגעוויקעלט אין שמאטעס אהן קיין שום פארב און אהן קיין שום פארם. ער איז דאס, וואס ער איז אלעמאל גיוועו. ער לעהנט זיך אן אויף זיין שטעקען און בלינצעלט מיט די אויגען. די היטעל האלט ער אין די הענט, ווייל דאס גאנצע טעאטערשפּיל זעהט שוין צו פיל אויס ווי א מין רעליגיעזע צערמאניע, און עס איז ביי איהם רעכט, אז מען דארף פאלען כורעים. און איך — איך פיהל זיך אזוי

ווי איך וואלט יונגער גיווארען און אזוי ווי איך וואלט סוף כל־סוף גיקומען צום פינטעלע מענש אין מיר דורך א גאנצע שורה פון נסיעות אין דער צייט און אינ׳ם שטח·

אויף א בימה׳ באפוצט מיט פאהנען שטעהט א מענש און דרשהנט· ער הויבט אויף אין דער הויך זיין אבגיטאקטען קאפ מיט די ווייסע האהר׳ וואס זעהען אויס ווי מירמעלשטיין·

איך שטעה אזוי ווייט׳ אז איך קאן קוים הערען· אבער דער ווינד טראגט מיר צו א פאר ווערטער פון דער דרשה׳ וואס ווערען גראד ארויסגעשריען העכער איידער אלע אנדערע ווערטער· ער טענהט אז מען מוז זיך אבזאגען און אונטערגעבען׳ און אז דער פאדים פון דער אנטוויקלונג ווערט נישט אבגעריסען· ער בעט זיך ביים עולם׳ אז ער זאל שוין אוועקווארפען איינמאל פאר אלעמאל דעם פאר־שאלטענעם קאמף צווישען די קלאסען און אז ער זאל זיך איבערגעבען דעם קאמף צווישען די ראסען· נאך דער מלחמה וועט זיין אויס מיט אלע גיזעלשאפטלאכע אוטאפיעס· עס וועט קומען די צייט פון דער דיסציפלין׳ וואס די מלחמה האט באוויזען איהר גאנצע גרויסקייט און שיינקייט ; עס וועט קומען די צייט פון אנ׳אחדות צווישען די ארימע און רייכע לטובת דער נאציאנאלער פארשפריי־טונג און דעם פראנצויזישען נצחון אין דער וועלט און אויך לטובת דער הייליגע שנאה צו די דייטשען׳ וואס דאס איז איינע פון פראנקרייכ׳ס גרעסטע מעלות· מיר דארפען גידיינקען !

דערנאך געהט ארויף אנאנדערער ריידנער און שרייט אויס׳ אז דורך די מלחמה האט זיך פאנאנדערגעבליהט אזא פראכטולע העל־דישקייט׳ אז אייגענטלאך דארפען מיר זיך גארנישט אבעסען דאס הארץ׳ וואס זי איז אנגישטאנען אויף אונז· פארקעהרט — די מלחמה איז דאס גרעסטע גליק פאר פראנקרייך· זי האט ארויסגירופען די העכסטע מעלות און די איידעלסטע געפיהלען ביי א פאלק׳ וואס מען האט שוין גיהאלטען פאר עובר בטל· אונזער פאלק נויטיגט זיך אין דעריין׳ אז עס זאל זיך אויפכאפען פון זיין דרימעל׳ אז עס זאל קומען צו זיך׳ אז עס זאל באקומען א נייע פרישקייט· אין קלאנגפולע בילדער׳ וועלכע שוועבען איבער׳ן עולם׳ לויבט ער

די העלדישקייט צו טויטען דעם אנדערן און גיטויט צו ווערען פון דעם אנדערן און צוהיצט די ליבשאפט פון דער פראנצויזישער נשמה צו דער מיליטערישער קאקארדע.

אבגיזונדערט פון דער גאנצער מאסע, זעץ איך זיך צו אויף א שטיין ביים וועג. הערענדיג די דאזיגע ווערטער, די דאזיגע באפעהלען, וועלכע פארבינדען דעם עתיד מיט דעם עבר און די קומענדיגע צרות מיט די גיוועזענע, פיהל איך זיך, אזוי ווי מען וואלט מיך אבגיגאסען מיט קאלטע וואסער. עס איז נישט דאס ערשטע מאל, ווי איך הער אזוינע דיבורים. א גאנצע וועלט מיט גידאנקען ווערט אויפגיבורעט אין מיר. עס איז גיוועזען א מינוט, ווען איך האב א ברום גיטון: ניין! דאס איז גי־ ווען א גישריי אהן קיין שום פארם, א דערשטיקטער פראטעסט פון מיין גאנצער נשמה קעגען דאס דאזיגע גאנצע פארבלענדעניש, וועלכע פאלט אן אויף אונז. דעם דאזיגען ערשטען אויסרוף, וועל־ כען איך האב גיפרווט א ווארף טון צווישען דעם עולם האב איך ארויסגעשריען כמעט ווי א שטומער, אבער אין דער אייגענער צייט כמעט ווי א מענש, וואס ווערט פלוצים באלויכטען פונ׳ם רוח הקדש. דער אלטער פויער האט אפילו נישט גיפונען פאר נויטיג אבצוקעה־ רען זיין קאפ, אויסגיקנאטען פון ערד און שטיין, אין מיין זייט. איך דערהער ווי מען פאטשט בראווא מיט א ברייטקייט, צו וועלכער נאר די מאסען זענען מסוגל.

איך געה ארויף, כדי צו דעריאגען מארי׳ן און מיש זיך צונויף מיט׳ן עולם. איך שטויס זיך אן אויף קופקעלאך מענשען, וועלכע איילען זיך אהיים. פלוצים ווערט שטיל, און איטלאכער בלייבט שטעהען אויף זיין ארט ווי פארגליווערט. אין דער הויך שטעהט דער ביסקופ. ער הויבט אויף זיין פינגער אין דער לופטען און זאגט:

»די טויטע זענען נישט גישטארבען, זיי באקומען זייער לאהן אין הימעל. אבער אפילו דא, אויף ד ע ר וועלט, לעבען זיי נאך. זיי בלייבען וואך אין אונזערע הערצער, וועלכע וועלען זיי קיינמאל נישט פארגעסען. אויף זייער חלק פאלט אויס יענע איי־ ביגקייט, וועלכע נעהמט זיך פון העלדישקייט און דאנקבארקייט. זיי

זענען נישט טויט, און אנשטאט זיי צו באוויינען דארף מען זיי מקנא זיין.« און ער בענטשט דעם עולם, וועלכע בויגט זיך אויף די קניע. איך אליין בין געבליבן עקשנותדיג שטעהען, מיט צונויפ־גיקוועטשטע ציין. און איך דערמאהן זיך אן עפעס און זאג צו מיר אליין: „נישט שוין זשע זענען די טויטע גישטארבען סתם אזוי אין דער וועלט אריין, צוליב גאר נישט? אויב עס איז באשערט, אז די וועלט זאל בלייבען, ווי זי איז — יא."

א פאר מענשען האבען לכתחילה אפילו יא גיפרוווט זיך אוועק־צושטעלען און נישט צו בויגען דעם רוקען, אבער דער סוף איז גי־ווען, אז זיי האבען גיטון דאס וואס אלע טוען. איך האב אליין געפיהלט אויף מיינע אייגענע פלייצעס, ווי ווייט די מאסע קאן דרי־קען אויף דעם יחיד.

הער זשאזעף באָנעאַס שטעהט אין דער מיט פון א רעדיל. דערזעהענדיג איהם איצט פיהל איך נאך אויף א וויילע די גרויסע השפעה, וואס ער האט אייף מיך גיהאט. ער טראגט א מונ־דיר פון אנ׳אפיצער פון הינטער דער פראנטליניע. זיין קראנקער, גישוואלענער האלז איז פארדעקט אונטער דעם הויכען קאלנער. ער דרשהנט. וואס זאגט ער? ער זאגט, אז מען דארף האבען א ווייטען קוקי.

»מען דארף האבען א ווייטען קוקי. בנוגע צו מיר־איז די מי־ליטערישע ארגאניזאציע פון דעם מיליטערישען פרייסען די איינציגע זאך ביי איהם, פאר וועלכע איך האב גרויס אבשיי. נאך דער מלחמה — ווארום מען דארף נישט שטעהען בלייבען ביי דעם היינ־טיגען סכסוך. — וועט מען זיך דארפען לערנען ביי דעם מיליטערישען פרייסען, מעגען זיך אונזערע וואהלע הומאניטאריסטלאך בילען וועגען א וועלט־שלום.«

דערנאך זאגט ער, אז לויט זיין מיינונג האבען די ריידנערס נישט גינוג אנגעוויזען דערויף, ווי נויטיג עס וועט זיין נאך דער מלחמה צו שטיקען און צו ווערגען דעם דייטשישען פאלק אין דעם עקאנאמישען פרט. אנעקסיעס איז ער מוחל — מילא, זאל שוין זיין אהן אנעקסיעס, אבער דערפאר זאל מען פאדערן פון דייטשלאנד

א צאל, כדי צו באווארענען די אינטערעסען פון די פראנצויזישע פאבריקאנטען. א צאל איז א סך וויכטיגער ווי אנעקסיעס. און ער באווייזט מיט ראיות די נוצלאכקייט פון די הריגות און פון דעם חורבן.

ער האט מיך דערזעהען. אויף זיין געזיכט צוגיסט זיך א שמייכעל. ער געהט צו מיר צו און שטרעקט מיר אויס די האנד. איך קעהר האסטיג אב דעם קאפ. איך וויל נישט די האנד פון דעם דאזיגען מענש, וואס איז מיר אין גאנצען פרעמד, וואס האט בוגד גיווען אין דער מענשהייט.

זיי אלע לייגען, לייגען — דער דאזיגער נארישער פארשוין, וועלכער רעדט מכוח דעם, אז מען דארף האבען א וויטען קוק, בעת אויף דער גאנצער וועלט זענען סך הכל פארהאן א פאר פראכטפולע קדושים, וועלכע דערוועגען זיך צו קוקען וויט, און וואס חלומט פון אנ׳אומגליק פאר אונזערע קינדער, נישט באגנוגענדיג זיך מיט דעם אומגליק פון דעם היינטיגען דור! און יענער פארשוין מיט די ווייסע האהר, וואס האט באזונגען די פארשקלאפונג און האט גיפרוווט אבצוקעהרען די פאדערונגען פונ׳ם פאלק אין דער ריכטונג פון טראדיציאנעלע הריגות; און יענער, וועלכער האט פון דער הויך פון זיין בימה גילויבט די שיינקייט און די וואהלקייט פון די קאמפען; און יענער וועלכער האט מזכיר נשמות גיווען כדי אבצולייקענען מיט א שפיל פון ווערטער די שרעקלאכע באשיינפערלאכקייט פונ׳ם טויט און האט באצאהלט די פארמוטשעטע מיט פאלשע מטבעות. דורך אלע זייערע שיינע ווערטער הער איך ארויס זייער באהאלטענעם גידאנק: „ארום אונז און נאך אונז— דער מבול.” און אפשר לייגען זיי גאר נישט; זיי זעהען נישט און ווייסען נישט וואס זיי זאגען.

מען עפענט די רויטע פארענצע. מען פאטשט בראווא, און מען ווינשט זיך אן אל דאס גוטס. די פני פון שטאט געהען אראב פון דער בימה, קוקען אויף מיר און ריידען פון מיר, דעם קריגס־פאר־וואונדעטען. צווישען זיי געפינט זיך יענער אינטעליגענט, וואס האט גירעדט דער ערשטער. ער שאקעלט צו מיט זיין ווייסען

גיגרייזעלטען קאפּ, וואס זעהט אויס ווי א קעפּיל בלומען־קרויט און קוקט זיך ארום פון אלע זייטען מיט זיינע פּוסטע אויגען, וואס זענען אזוי פּוסט, ווי די אויגען ווי ביי א מלך פון קארטען. (מען האט מיר געזאגט, ווי ער הייסט, אבער איך האב ארויסגיווארפען זיין נאמען פון קאפּ). איך גנבה זיך ארויס. עס פּארדריסט מיך שטארק, וואס איך האב אזוי לאנג, אין א משך פון אזוי פיל יאהרען גיגלויבט אין די ווערטער פון דעם הער באָנעאַס. איך ווארף מיר אליין אויף, וואס איך האב אמאל גיהאט אזא צוטרוי צו אט די אלע ריידנערס און שרייבערס, וואס זענען אין תּוך גירעדט שוטים אדער שארלאטאנעס, נישט קוקענדיג אויף זייערע קענטעניישען און זייער באוואוסטהייט. איך אנטלויף פון זיי, ווארום איך בין נישט אזוי פלינק, איך זאל זיי קאנען ענטפערן און פיהל זיך נישט אזוי שטארק, איך זאל זיך קאנען אוועקשטעלען קעגען זיי און זיי א גישריי טון אין פּנים אריין, אז דער איינציגער רושם, וואס בלייבט פון די מלחמה־טעג און וואס מען דארף יא אבהיטען און גידענקען, איז דער רושם פון עקעל און משוגעת.

די עטלאכע ווערטער, וואס זענען אראבגיפאלען פון דער הויך האבען גיקלעקט, כּדי איך זאל עפענען די אויגען און זעהען, אז יענע צושיידונג און אבזונדערונג, וועלכע האט זיך מיר באוויזען אין מיינע וויסטע חלומות פון מיינע שפּיטאל־נעכט איז גראד נישט קיין חלום, נאר א ממשותדיג־זאך, די זעהונגען, אין וועלכע איך האב דעמאלט גיפלאנטערט, נעמען איצט אן באשטימטע און שארפע פאר־מעס. מיינע אויפווארפען און מיינע באשולדיגונגען טרעטען בולט ארויס, אזוי בולט און טראגיש, ווי אט אלע די דאזיגע פּנימער און גישטאלטען, וואס איך האב דא גיזעהען פאר מיינע אויגען.

און קודם כּל זענען עס די קיניגע, די מלכים. עס זענען פאראן פארשיידענע סארטען פון קיניגען, אזוי ווי עס זענען דא פארשיידענע סארטען פון געטער. אבער אומעטום איז עס דאס אייגענע מלכות, וואס שטעלט מיט זיך פאר די פארם פון דער אלטער גיזעלשאפט, די גרויסע מאשינע וועלכע איז שטארקער פאר די מענשען. און אלע די דאזיגע פארשוינען, וועלכע האבען דא

געקיניגט אויף דער בימה — אלע די דאזיגע גישעפטס־מענשען, סוחרים, גלחים, פאליטיקער, גרויסע באאמטע און גרויסע זשורנא־ליסטען, אלטע גענעראלען, באפוצט מיט טייערע מעדאלען, שריי־בערס אין מונדירען — דאס זענען די היטערס און די אויספיהרער פון דעם דאזיגען העכסטען גיזעץ. דאס זענען אלע יענע פארשוי־נען, וועלנע האבען איין איינציגען בשותפותדיגען, אינטערעס, אנ׳איג־טערעס, וועלכער געפינט זיך אין א סתירה צו די אינטערעסען פון דער גאנצער מענשהייט. דער דאזיגער אינטערעס פאדערט אחוץ דעם, אז אלץ באדארף צו בלייבען, ווי גיוועזן! דאס זענען יענע פארשוינען, וועלכע האלטען די אייביגע מאסען אין דער אייביגער ארדנונג, וועלכע נארען אב און פארבלענדען די מאסען, נעהמען ביי זיי צו זייערע מוחות, ווי זיי נעהמען ביי זיי צו זייערע קערפערס, וועלכע חנפענען זייערע נידעריגע און גימיינע אינסטינקטען, וועל־כע טראכטען עקסטרע פאר זיי אויס באגרעניצטע אני מאמין׳ס, וואס פארדרעהען זיי די קעפ, און וועלכע זענען מסביר די גרויסע פאסי־רונגען פון דער צייט, ווי עס פאסט זיך פאר זיי און ווי עס גיפעלט זיי. און אויב די גיזעצען פון דער געשיכטע זענען זיך נישט סומך נישט אויף די גיזעצען פונ׳ם שכל און נישט אויף די פונ׳ם מוסר, איז דאס אלץ צוליב די דאזיגע פארשוינען. עס זענען פארהאן אזוינע צווישען זיי, וואס האבען נישט קיין קלארען באוואוסטזיין פון דעם, וואס זיי טוען; וואס איז די נפקא־מינה? וואס איז די נפקא־מינה, אז נישט אלע פון זיי ציהען א נוצען פון דער גיזעל־שאפטלאכער פארשקלאפונג און אז דער אדער יענער פון זיי האט אמאל אויך א שאדען דערפון; דורך זייער מאטעריעלע און גייסטיגע אחדות זענען זיי דאך פארט אלע די היטערס פון די ליגענס וועלכע שיטען זיך פון אויבען, און פון די פארבלענדענישען, וועלכע קומען פון אונטען. דאס זענען יענע פארשוינען וועלכע קיניגען אנשטאט די מלכים אדער אין דער אייגענער צייט מיט זיי — דאָ, ביי אונז, און אומעטום. אמאל האב איך אין דעם יום־טוב אויף דעם בערגיל אין דעם ליכטיגען שיין פון דער זון גיזעהען אנ׳אחדות צווישען דעם אינטערעס און דעם אידעאל. היינט זעה איך, ווי אין

מיינע קראנקע חלומות, אז דאס לעבען איז צובראכען אויף צוויי שטיק — איך זעה היינט צוויי פיינטלאכע ראסען, באזיגטע און באזיגער.

הער גאזלאן — דאס איז א בעל־הבית פון בעלי־בתים לאנד. דער זקן שניידט ממש גאלד. זיינע גישעפטען זענען א שם־דבר און קלינגען אין דער וועלט, זיין עשירות וואקסט פון זיך אליין, עס איז נישט דא קיין פארדינסט, וואס זאל פאר איהם צו גרויס זיין, און ער האלט דאס גאנצע לאנד אין זיינע הענט. אז ער גיט א מאך מיט דער האנד — און אין דעם דאזיגען מאך דערקענט מען דעם גראבען יונג — אזוי גיט עס פון זיינע פינגער א פונקעל אראב מיט דימענטען, און איבער זיין בייכעל באמבעלט זיך א גאלדענע קייטעל ווי אנ׳אבר קטן. זיינע גענעראלען ארום איהם — די דאזיגע הערשער, וועמעס שמייכעל איז אויסגיקנאטען פון אזוי פיל לעבענס, די אדמיניסטראטארס און די אקאדעמיקער ווייזען מיר אויס ווי נישט קיין וויכטיגע אקטיאָרען.

פּאָנטאַן פארנעהמט א חשובען פלאץ אויף דער בימה. ער דרימעלט, אויסשטרעקענדיג די קיילעכדיגע הענט פאר זיך. דער פּרעסער סאָפּעט מיט א פארשמירטען מויל, און דאס עסען בורצעט ביי איהם אין בויך. ראַמפּאַי דער קצב איז אויך דא. ער איז רייך, אבער ער געהט שלעכט אנגיטון. ער טענהט גיוועהנטלאך: „איך בין א פּראסטער מענטש, קוקט נאר אויף מיינע ברודיגע מלבושים." דא נישט לאנג האט מען גיזאמעלט געלט פאר די גי־פאלענע, כדי צו פארייביגען זייער נאמען, און אז די גבאי׳טע איז צוגיגאנגען צו איהם און האט גיבעטען ביי איהם א נדבה פאר׳ן גאנצען עולם אין די אויגען האט ער זיך נישט גיקאנט ארויסדרעהען און האט אנגיהויבען צו זוכען מיט כעס אין דער קעשענע פון זיין וועסטיל און קוים מיט צרות ארויסגיקראצט פון דארטען 3 סו. (א סו איז אנ׳ערך 10 פעניג נאך דער אלטער וואלוטע.) אזוינע ווי ער זענען דא א היבשע ביסעל. זיי מאכען דעם אנשטעל, אז זיי גי־הערען צו דער מאסע, אבער אין דער אמת׳ן זענען זיי פארבונדען מיט איהר נאר דורך זייער מלאכה אליין און אחוץ דער מלאכה מיט

קיין אנדער זאך נישט. די קיניגען פון היינט טראגען שוין נישט די סימנים פון זייער ממשלה אויף זייערע קליידער, ווי אין די אמאליגע צייטען; זיי פארשווינדען אין די מלבושים פון דער מאסע. אבער אלע די דאזיגע פארשיידענע פנימער פון דער ממשלה האבען א בשותפותדיגען סימן, וועלכער דרינגט אדורך דורך זייערע שמייכלען: גראבקייט, ווילדקייט, אכזריות, אינסטינקטען פון כאפעניש־לאפעניש און דאס יאגען־זיך נאך פארדינסט.

און אט געהט די פינסטערע, פארחושכטע מאסע. זי קומט אן פון דער שטאט און פון'ם דארף און שפאצירט איבער די וועגען און די גאסען. מען זעהט די פארברענטע, פארהארטעוועטע פנימער פון די פויערים, וואס פארברייגען דעם גרעסטען טייל פון זייער לעבען אויף דעם פרייען פעלד, מיט זייערע ארויסשטארצענדיגע באקען־ביינער און דעם פארגליווערטען קוק; מען זעהט אויך פנימער פון פויערים, וואס זענען בלייך געווארען דורך די שטענדיגע באַריהרונג מיט א שלעכטער, שעדלאכער לופט; און אט זענען אויך געזיכטער פון יונגע לייט, וואס זענען פארביטערט און פארעלטערט געווארען פ א ר דער צייט, אט זענען געזיכטער פון פרויען, וואס זענען מיאוס געווארען פ א ר דער צייט: איך זעה, ווי זיי פאר־שפילעווען אויף זייערע אבגיבלאקירטע בלוזקעס און זייערע אבגי־בלאקירטע העלזער די עקען פון זייערע מאנטלען. אט זענען משרתים פון קלייטען און אנגישטעלטע אין ביוראס מיט זייער לעבען אין די פארשפארטע חדרים אהן א טראפען בלוט און אהן א פרייען, שטאלצען קוק. און אט זענען סתם אביונים און דלפנים, קליינע מענשלאך, וואס ציהען קוים די חיונה און קאנען נישט אויפהויבען דעם קאפ מחמת קליינקייט און דחקות. עס באוועגען זיך רוקענס, פלייצעס, הענט און ארעמס אין דער יום־טובדיג גיקליידטער אדער אויך נאקעטער ארימקייט. אט האט איהר אנ'אומבאגרעניצטע מאכט. אט האט איהר רעכט און יושר. ווארום רעכט און יושר זענען נישט קיין פוסטע פארמולעס, נאר טאקע דאס סאמע געזינטעסטע לעבען. דאס זענען די מענשען, אלע מענשען פון אומעטום און פון אלעמאל. די דאזיגע ווערטער — דאס איז נישט קיין פוסטער אבהילך אין

אנ׳אבסטראקטער וועלט. זיי זענען פארוואָרצעלט אין די באַשעפעניש־ן. זיי צאַפּלען און שפּאַרען זיך אַרויס. ווען מען פאַרלאַנגט גירעכטיג־קייט טאַפּט מען נישט אין אַ פאַנטאַזיע, נאָר מען שרייט פון די נשמה־טיפעניש־ן פון די אַלע דאָזיגע אומגליקלאַכע. אַט איז ער דער באַרג פון מענשען, אַנגיוואָרפען אין אַ הויפען ווי שטיינער אויף די וועגען, דערשלאָגען און צוגעשמידט צו די רייכע דורך נויט און דלות, פאַרפּלאָנטערט אין די רעדער פון אַ מאַשינע, וואָס דרעהט זיך אָהן אַנ׳אויפהער. צו דער דאָזיגער מחנה רעכען איך אויך אַלע יונגע לייט, ווער זיי זאָלען נישט זיין, מחמת זייער עם־הארצות און ווייל זיי פאָלגען און טוען וואָס מען הייסט זיי. די אַלע דאָזיגע פּשוטע נפשות שטעלען מיט זיך פאָר אַ גרויסע מאַסע, וועלכע דאָס אויג קאָן קוים פאַרכאַפּען און פאָר וועלכע מען האָט נישט ווילענדיג דרך ארץ מחמת איהר גרויסער צאָהל, אָבער איטליכער באַזונדער איז כמעט גאָר נישט ווערט, ווייל ער איז אָבגיזונדערט און פאַר זיך. זיי צו ציילען איז כמעט אַ ברכה לבטלה; דאָס וואָס מען זעהט, בעת מען באַטראַכט די מאַסע, דאָס איז די גרויסקייט, גימאַכט פון גאָר נישט.

און דאָס היינטיגע פאָלק, וואָס ליגט אונטער דער משא פון פינסטערקייט און עם־הארצות, און איז פאַרשיכּורט דורך פאַרור־טיילען, זעהט רויט, ווייל עס איז פאַרבלענדט דורך דאָס רויטע טוך פון די בימות, און איז פאַרכישופט דורך דעם בליאַסק פון די קרוינען, האַלסבענדער, דעקאָראַציעס און מאַנאַקלעס פון די אינטעליגענטען: עס האָט אויגען, און עס זעהט נישט מיט זיי. עס האָט אויערן און הערט נישט מיט זיי. עס האָט הענט און אָרעמ׳ס און טוט גאָר נישט מיט זיי. עס איז משוגע און חסר־דעה, ווייל אַנדערע קלערען און דיינקען פאַר איהם! ... און די אַנדערע העלפט פון דער אייגענער מאַסע זוכט דעם רעכטען מענשען, און ווערט גיזוכט פון איהם — דאָרטען אין די גרויסע שוואַרצע פעלדער, וואו מען זייט מיט בלוט און וואו די מענשהייט געהט לאבוד ... און נאָך ווייטער, אין אַנ׳אַנדערען טייל פון דער ערד, הויבען זיך אויף אויך אַזוינע בימות ווי די טראַנען און צודריקען אויך אַזוינע מענשען־מאַסען, און די

אייגענע משרתים פון דער ממשלה, ווארפען זיי צו פון דער הויך די אייגענע ווערטער. פרויען אין שווארצע שלייערס ווארפען אריין א פאר שפריינקלאך אין דעם טרויעריגען בילד. זיי בלאנקען און דרעהען זיך ארום אין די גאסען, און האבען זיך פאר די גאנצע צייט פון ששת ימי בראשית אן, נישט אומגעביטען אויף איין האהר. די דאזיגע צוקאליעטשעטע און דערהרגעטע נשמות, פארדעקט אונטער א שווארצען שלייער, גיהערען צו אלע דורות, און קוקענדיג אויף זיי קאן מען נישט באשטימען, צו זיי זענען אלט אדער יונג. מיין זעהונג איז גיוועזן ריכטיג פון אנהויב ביז׳ן סוף. דער בייזער חלום איז מגולגל גיווארען אין א נאך בייזערע טראגי־קאמעדיע, א פאר־פלאנטערטע און שווערע טראגי־קאמעדיע, אין וועלכער איך בלאנקע ארום אהן א טאָלק פון איין פרט צום אנדערען. שווער איז זי ביז צום דערשטיקען, און פונדעסטוועגען ציהט זי מיך צו זיך. אט אזוי איז דאס, און אזוי וועט דאס זיין: גניבה, גזילה ביז צום לעצטען אטעם, ביז מען וועט אויסגעהען מיט די כוחות, ביז אין סאמען טויט אריין.

איך האב דערזאגט מאַרי׳ן. לעבען איהר פיהל איך זיך נאך שוואכער. בעת מיר באקוקען דעם יום־טוב, דעם דאזיגען גאנצען טומעל, וואס בלישצעט, ברומט, רוישט און צוגיסט זיך אין לויב־גיזאנגען, דערזעהט מיך די באראנעסע, שמייכעלט מיר צו און ווינקט מיר, אז איך זאל צוגעהען נאהענטער. איך געה צו, און זי מאכט מיר א פאר קאמפלימענטען וועגען מיין העלדישקייט פאר אלעמען אין די אויגען. זי איז אנגיטון אין שווארצען סאמעט און איהרע ווייסע האהר זענען ביי איהר פארקאמט אין דער פארם פון א קרוין. 25 יאהר פארשקלאפונג האבען גיטון זייערס: איך האב זיך פאר־נייגט פאר איהר נישט אויסריידענדיג קיין איינציג ווארט. איך פארנייג זיך אויך פאר מיינע בעלי־בתים, די הערען גאזלאן, און פארנייג זיך אזוי, אז איך פיהל נישט ווילענדיג, ווי איך בין זיך מבזה. די גאזלאנ׳ס קאנען טון מיט מיר, וואס זיי ווילען. מאַרי באקומט פון זיי א שכירות־צוגאב, אהן וועלכע מיר וואלטען נישט גיקאנט לעבען מיט לייטען צוגלייך. סוף כל סוף איז מען

דאך מעהרנישט ווי א מענש׳ א בשר ודם׳ ווי מען זאגט עס.
טודאר איז פארוואונדעט אויף די אויגען. דאס האט מיט איהם פאסירט אין אַרטואַ. ער האט מורא א טראט צו טון און טאפּט מיט די הענט. די באראנעסע האט איהם גיגעבען א שטעל אין איינער פון די קיכען אין איהר פאלאץ.
»ווי גוט זי איז צו די צוקאליעטשעטע,« הער איך, ווי מען זאגט ארום מיר, »דאס איז באמת׳ן א צדקניות, א בעלת־טובה.«
דאסמאל גיב איך א זאג אויפ׳ן קול:
»אט ווער דער בעל־טובה איז!« און איך טייטעל אן מיט׳ן פינגער די חורבה, אין וועלכע עס איז מגולגל גיווארען דער יונגער מאן, וועלכען אַלע האבען גיקאנט, דאס אומגליקלאכע באשעפעניש אויף צוויי פיס, וועלכער מאכט מיט די זשאַסניעס אין מיט׳ן העלען טאג, און וועלכער שפּארט זיך אן א בוים, ווי אַן א תליה אין דער מיט פונ׳ם פרעהלאכען, יום־טובדיגען טומעל.
»יאָ, יאָ, סוף כל סוף איז עס טאקע אזוי,« ברומען אונטער עטלאכע צווישען דעם עולם, בלינצלענדיג מיט די אויגען, אזוי ווי דאס בילד פון דעם אומגליקלאכען בעל־טובה וואלט זיי אויפגיקלערט.
אבער עס גיט א בלאז א טרומייט, און אין דעם ליארם הערט מען זיי שוין נישט, און זיי הערען זיך אפשר אליין אויך נישט. מען שפּילט דעם נצחון־מארש. עֶס שטעקט אין איהם א מין גשמיותדיגע מאכט. איך האב דאס שוין גיהערט: פארויס, דו טארסט נישט וויסען! דער עולם פאלט אריין אין מוזיקאלישע התפעלות און פּאטשט בראווא. די צערעמאניע פארענדיגט זיך. די, וואס זענען גיזעסען, הויבען זיך אויף פון זייערע ערטער. פאָנטאַן איז שטארק פארשלאפען, מיט גרויס מאטערניש טוט ער אן אויפ׳ן קאפּ דעם צילינדער, וועלכער איז צו שמאל פאר איהם. ער דריקט צו דיביידע ברעגען פונ׳ם צילינדער צו די שלייפען, אזוי ווי ער וואלט איהם צוגי־שרויפט צום קאפּ, און פארקרימט דערביי די צורה. און דערנאך שמייכעלט ער מיט זיין מויל אהן ציינער. אלע ווינשעווען זיך און געבען זיך איינער דעם אנדערען שלום־עליכם. נאך דער פּאטריאטי־שער פארברידערונג וועלען זיי זיך באלד צוריק אומקעהרען צו

זייערע גישעפטען און זייערע חשבונות, דערהויבען אין זייער עגא־איזם, גיהייליגט, פארשענערט, און ווילען נאך גישמאקער ווי פריהער אנטשעפּען זייערע אייגענע אינטערעסען אן די אינטערעסען פונ׳ם כלל און זאגען „מיר!"

נישט ווייט פון אונז לאזט זיך זעהען דער הויפּטריידנער פון דער שמחה, בריבי גיט אויף איהם א ווארף א משונהדיג ווילדען קוק און שרייט אויס „אדוואקאט", אחוץ דעם איז ער איהם נאך מכבד מיט א שארפען מי שברך, אבער די טרומייטען האבען זיך אזוי צולאזט, אז מען הערט נישט וואס דער שמיד זאגט, נאר מען זעהט, ווי ער האלט אפען דעם מויל, הער מיעלוואק צוגעהט ממש פאר נחת, דער דאזיגער מיעלוואק איז אזוי שוואך, אז די דאקטוירים האבען דערקלערט, דאס ער טויג אפילו נישט פאר דער סלוזשבע אין גארניזאן. דער שרייבערל זעהט א סך ערגער אויס ווי פריהער, ער איז אבגיבלאַקירט, צוקראכען, אויסגעטריקענט און איינגיהויקערט דורך זיין לאנגער און שווערער ארבייט, ער קומט צוריק אן אויף זיין פריהערער שטעלע, די אבגעניצטע ערטער פון זיין מאנטעל פארשמירט ער מיט טינט, איצט האלט ער זיך ביי די זייטען לאכענדיג און טייטעלט אן אויף דעם שמיד, שרייענדיג מיר אין אויער ארייו:

»עס זעהט אויס, ווי ער וואלט גיוואלט זינגען און באלייטען די מוזיק!«

פרוי מארקאסען איז אזוי ווי פארשטיינערט, דאס אומגליק, מיט וועלכען זי טראגט זיך ארום טאג און נאכט, האט ארויפגילייגט א שרעקלאכען שטעמפּעל אויף איהר געזיכט, זי פּאטשט אויך בראווא׳ און איהר אויסגעלאשענער פּנים גיט בשעת מעשה א לויכט ווי א בליק, צי איז עס אפשר דערפאר, ווייל מען קוקט אויף איהר?

א דערשלאגענע מוטער, ביי וועלכער מען האט אוועקגיהרגעט א זון, גיט א קליינע נדבה פאר די „געזעלשאפט צו פאראייביגען די געפאלענע." איהר ארימע מתנה גיט זי אוועק יענע, וועלכע זאגען: האלט אין זינען דאס בייז כדי זיך פון איהם צו ראטעווען און איהם אבצוראמען פון דער וועלט, נאר פארקעהרט כדי איהם צו

פאראייביגען, אנצינדענדיג די שנאה אומעטום וואו מען קאן נאר· מאכט פון דער דערינערונג אנ'עפּידעמישע קרענק״ באגיסענדיג זיך מיט בלוט און אין דער אייגענער צייט דארשטענדיג נאך בלוט' צוהיצט פון דעם טעמפּען נקמה־עגאאיזם, ציהט זי אויס די האנד צו דער גבאַי'טע, נאכשלעפּענדיג נאך זיך א קליין מיידעלע, וועלכע וועט אפשר ווען עס איז אויך ווערען א מאמע.

אביסעל ווייטער שטעהט א לערניונגעל און שלינגט איין מיט די אויגען דעם מונדיר פון אנ'אפיציר. ער שטעהט ווי א פאר־היפּנאטיזירטער. די הימעל־בלויע און פורפּורנע קאלירען פון דעם מונדיר שפּיגלען זיך אב אין זיינע אויגען. אין דער דאזיגער רגע איז מיר קלאר גיווארען, אז די שיינקייט פון די מונדירען איז נישט נאר א נארישקייט, נאר אויך אנ'אומגליק, און אפשר איז דאס אומ־גליק גרעסער פאר דער נארישקייט.

אין מוח ביי מיר קלאפּט ווי מיט א האמער יענע שרעק־לאכע נבואה:

»איך האב צוטרוי צו דעם אבגרונד פון דעם פאלק!«

דערשלאגען און צובראכען פון אלץ, וואס איך האב גיזעהען, באהאלט איך זיך אין א ווינקעלע. דער אמת איז פּשוט. אבער די וועלט איז נישט פּשוט. עס זענען פאראן אזוי פיל זאכען אויף דער וועלט! ווי אזוי ארום וועט דער אמת מאכען א נצחון פון זיין מפּלה? . . . ווי אזוי ארום וועט ער אויסהיילען אלע יענע, וועלכע ווייסען נישט און פארשטעהען נישט? איך האב יסורים דערפון, וואס איך בין אזוי שוואך, וואס איך בין איך און נישט קיין אנדערער. די צרה איז, וואס דער אמת איז שטום און די נשמה איז נישט מעהר ווי א דערשטיקטער גישריי! איך קוק זיך ארום און זוך א הילף פון ערגיץ־וואו. איך זוך עמיצען, וועד זאל זיין מיט מיר און מיך נישט לאזען אליין. איך בין שוין צו עלענט און איינזאם. איך קוק זיך ארום פון אלע זייטען — אחוץ דעם שמיד ברּיבּי איז קיינער נישט דא!

קיינער איז נישט דא אחוץ דעם דאזיגען שכור, דעם ליימענעם גולם, דער קאריקאטור פון א מענשען. אט איז ער. פון דער

נאהענט איז ער נאך שיכורער, ווי פון דער ווייטענס. זיינע אויגען זענען אנגיגאסען מיט וויין, זיינע באקען זענען ווי אויסגיקנאטען פון ליים, זיין נאז איז ווי אנ׳אבגיבאקטע קארטאפליע, זיינע האהר זענען צושויבערט, און א ברודיגע פאטלע הענגט ביי איהם איבער׳ן פנים. ער שטעהט אין דער סאמער מיט פון דער גאס און איז אזוי ווי פארכאפט פון דעם ארומיגען טומעל. אט שטעלט ער זיך אוועק אנטקעגען מיר און גיט מיר א שליידער אין געזיכט ווערטער, פול מיט רציחה. אין די דאזיגע ווערטער דערקען איך ערטערווייז די אמת׳ן, אין וועלכע איך גלויב! דערנאך פרוווט ער זיך אויס־צומאלען פאר מיר מיט משונהדיגע העויות די קאריקאטור פון די רייכע קלאסען אין דער גישטאלט פון א מענשען מיט א גראבען בויך, אנגישוואלען ווי א פולער זאק מיט גאלד, וועלכער זעצט זיך אויף דעם פראלעטאריאט און קוועטשט איהם צו ביז דער ערד, אויסרופענדיג אין דער אייגענער צייט מיט פארגלאצטע אויגען און מיט דער האנד אויפ׳ן הארצען: „קודם כל, א סוף צום קלאסענ־קאמף!״ די באוועגונגען, דורך וועלכע דער שמיד פלייסט זיך אויסצומאלען פאר מיינע אויגען די דאזיגע קאריקאטור, זענען צו שווער פאר איהם, און זיי געבען זיך איהם נישט איין, אבער נישט קוקענדיג אויף די גאנצע אומגילומפערקייט פון דעם דאזיגען בילד, וואס איז גיבוירען גיווארען אין דעם פארשטאפטען מוח פון דעם שמיד, שטעקט דאך אין איהם עפעס שרעקלאכעס. אזוי ווי א לאנג איינגיהאלטענער, אמתער ווערטאג וואלט פלוצים אויסגיפלאצט אין א גישריי פון א חיה.

נאכדעם ווי ער האט אבגירעדט, זעצט ער זיך אנידער אויף א שטיין. ער ווישט אב זיין מיאוסע צורה מיט א האנד, וואס איז באצויגען מיט לעדער אנשטאט א הויט און איז באוואקסען מיט ברוינע האהר, ווי ביי א קוה. ווען מען קוקט אויף זיין פרצוף דוכט זיך אויס, אז עמיצער האט אקארשט ערשט אויף איהם אנ־געשפיגען.

» דאס פאלק איז נישט שלעכט,« זאגט ער, » אבער נאריש, נאריש, נאריש.«

און בריבי וויינט.

אין דערזעלביגער מינוט באוויזט זיך אויפ׳ן גאס דער גלח פייאָ מיט זיין קרוין פון די זילבערנע האהר, מיט זיין גוטהארציגען שמייכעל און זיינע אומקלארע, גישטאמעלטע ווערטער, וואס גיסען זיך שטענדיג פון זיינע ליפען. ער בלייבט שטעהען לעבען אונז, גיט איטלאכען פון אונז א שאקעל צו מיט׳ן קאפ און זאגט זיך ווייטער ארויס אויפ׳ן קול זיינע עהרלאכע גידאנקען: „גו, יאָ, דער עיקר איז, אז מען זאל ווידער פרום ווערען, יא.״

ביי די דאזיגע ווערטער, וועלכע קייקלען זיך אראב פון דעם גלח׳ס ליפען מיט א מאוימדיגער ווייכקייט גיט עס מיך א צופ און אויך בריבי ווערט א פארציטערטער. ער גיט א שפרונג אין דער הויך, און גיט א מאך מיט זיין שוואכער פויסט, וועלכע ער רוקט דעם אלטען גלח אונטער דער נאז. ער גיוואלדעוועט:

»ווייסט דו, וואס פאר א פנים דו האסט ביי מיר מיט די דאזיגע ווערטער? זאל איך דיר זאגען, א?«

עס לויפען אן יונגע לייט, וועלכע געבען איהם א נעהם און א שליידער אן דער ערד. ער גיט זיך א זעץ מיט׳ן קאפ אן ברוק און בלייבט ליגען אומבאוועגלאך. דער גלח הויבט אויף די הענט צום הימעל און קניעט לעבען דעם באזיגטען. עס שטעלען זיך איהם טרעהרען אין די אויגען.

איך געה אב מיט מאַרי׳ן. אויפ׳ן וועג קאן איך זיך נישט איינהאלטען און זאג מאַרי׳ן מיט א געוויסען מוט, אז בריבי איז גאר נישט אזוי אומגערעכט אין זיינע מיינונגען. דורך איהר געזיכט לויפט דורך א שאטען. „אָ!״ זאגט זי.

»אמאל,« זאגט זי מיר מיט אנ׳אויפווארף, »האסט דו איהם גי־וואלט שלאגען!«

איך וואלט גיוואלט, אז מאַרי זאל פארשטעהען, וואס איך מיין. איך סטארע זיך איהר מסביר צו זיין, אז הגם בריבי איז א שכור און א מגושמדיגע בריה, איז ער דאך גירעכט אין זיינע גידאנקען. ער שטאמעלט און שלוקערצט ארויס דעם אמת, אבער דער אמת ווערט דערפון נישט קאליע, ער בלייבט ריין און ציכטיג ווי גיוועזן, ווארום

נישט דער שמיד האט איהם גימאכט, און נישט פונ׳ם שמיד קומט
נר ארויס. בריבי איז אנ׳אראבגיקומענער שרייער, אבער די שטיק־
לאך חלומות און פאנטאזיעס, וואס פלאנטער׳ן זיך ביי איהם אין
קאפ, זענען ריכטיג ·· און בנוגע צו דעם הייליגען זקן, וואס איז
די איבערגיגעבענקייט אליין און וועלכער וועט נישט פארטשעפען
קיין פליג, איז ער נישט מעהר ווי א גיהארכזאמער משרת פונ׳ם
ליגען, ער באהעפט זיין קליינע קייטעל מיט דער גרויסער קייט
און שמייכעלט צו צו די תלינים.

» מען טאר קיינמאל גישט צונויפמישען אידעען מיט מענשען.
דאס איז א טעות, וועלכער האט שוין אנגימאכט א סך צרות אויף
דער וועלט. «

מאַרי לאזט אראב דעם קאפ און מורמעלט אונטער.

» יא, דאס איז אנ׳אמת. «

איך נעהם צו די פאר ווערטער, וועלכע זי גיט מיר. דעם
ערשטען מאל דערנענטערט מיך צו איהר א הסכמה פון דעם דאזיגען
מין. זי פארמאגט אין זיך א פונק פון שכל; זי פארשטעהט
געוויסע זאכען, נישט קוקענדיג אויף זייערע בלינדע אינסטינקטען,
פארשטעהען דאך די וייבער גרינגער ווי די מאנזבילען. זי זאגט
מיר דערנאך.

» זינט דו ביסט צוריקגיקומען, עסט דו זיך צופיעל אב
דאס הארץ. «

קרייאַן איז אונז די גאנצע צייט נאכגיגאנגען. ער שטעלט
זיך אוועק אנטקעגען מיר. ער איז שטארק אומצופרידען.

» איך האב גיהערט, וואס איהר האט גירעדט, « זאגט ער מיר.
» איך מוז אייך זאגען, אז זינט איהר זייט צוריקגיקומען האט איהר
א פנים ווי אנ׳אויסלענדער, א בעלגיער אדער אנ׳אמעריקאנער, צו
ווייס איך ווער. איהר זאגט אזוינע זאכען, וועלכע מען קאן נישט
סובל זיין. לכתחילה האט מען גימיינט, אז איהר זייט אביסעל צו־
דרעהט, הלואי וואלט עס אזוי גיוועזן. עס איז אבער נישט אַזוי.
וואס פאר א רוח איז אין אייך אריין? מילא, ווי די מעשה איז,
איך בין נישט מחויב צו וויסען וואס איהר זייט אויסען, אבער זאגען

זאג איך אייך, אז איהר צוקריגט זיך מיט דער גאנצער שטאט. און מיט די מענשען דארף מען זיך רעכענען. איהר האלט אזוינע דרשות, וואס שמעקען מיט א טענדענץ, און מיינט נישט אז מען פארשטעהט זיי נישט. איהר זייט עפעס גיווארען גאר אנדערש ווי אנדערע מענשען. אויב איהר וועט ווייטער געהען אויף דעמזעלביגען דרך, וועט מען פון אייך לאכען, ווי מען לאכט פון א משונהדיגער בריה, און אויב איהר וועט אנהויבען צו ווערען מסוכן, טא היט אייערע ביינער!«

ער שטעלט זיך אוועק אנטקעגען מיר פעסט און שטייף אין זיינע מיינונגען, זיין פארעלטערט פנים זעהט אויס נאך פארהארטעוועטער ווי פריהער אינ׳ם שיין פון דער זון, די הויט איז ווי צוגיקלעבט צו זיין שארבען, די מוסקלען פון זיין האלז און זיין פלייצע ארבייטען שלעכט און פארטשעפען זיך ביי איטלאכער באוועגונג ווי אנ׳אלטע טישקעסטיל, בעת מען ציהט זי ארויס.

»און סוף כל סוף וואס ווילט איהר אייגענטלאך? מען מוז דאך מלחמה האלטען, ווי, נישט אזוי? מען דארף דאך די יעקעס אנלערנען, און גיפטרט אנ׳עסקי.«

איך ווייס אז פון א שמועס מיט איהם וועט גאר נישט ארויס־קומען, און איך בין שוין מיד איידער איך הויב אן צו ריידען. איך גיב נאר א פרעג:

»נו, און דערנאך?«

»וואס דערנאך? דערנאך וועלען פארשטעהט זיך אויך זיין מלחמות, אבער ציוויליזירטע מלחמות. דערנאך? די קומענדיגע דורות, עט! ... וואס ווילט איהר, ראטעווען די וועלט? אז מען לאזט זיך אריין אין אזוינע הויכע ענינים דעררעדט מען זיך דער טייוועל ווייס צו וואס.« די צוקונפט! איך קעהר זיך אב. וואס זאל איך איהם געהען דערצעהלען, אז דער עבר איז טויט, אז דער איצטיגער מאממענט פארגעהט, און אז נאר דער עתיד, די צוקונפט האט א ממשות!

דורך די פריינדלאכע התראות פון קרייאָנען פיהל איך די

ברוגזדיגע מינעס פון אלע אנדערע אין שטעטיל. אמת, קיין שנאה זעה איך נאך נישט, אבער עס איז נישט דאס וואס גיוועןּ צי לאז איך זיך נישט אריין אין א טראגעדיע, וואס איך וועל נישט קאנען אויסהאלטען, זייענדיג אזוי ארומגערינגעלט פון לויטער נישט קיין לעבעדיגע נפשות און טראגענדיג ביי זיך אין הארצען אנ׳אמת, וועלכער איז אלעמען א חוץ מיר לחלוטין פרעמד? די מענשען פון מיין נאהענטסטער סביבה שטעקען ביז איבער די אויערן אין א גרא־בען גלויבען, וועלכער מאכט די מענשען צו ווילדע חיות. זיי באטראכטען מיך מיט חשד און זענען גרייט זיך ארויפצווארפען אויף מיר. מען באדארף גאר נישט קיין סך, כדי איך זאל קריגען אזא שלעכטען שם ווי בריבי וועלכער האט זיך פ א ר דער מלחמה אוועק־גישטעלט אנטקעגען דער מאסע און האט זיי געשריען אין פנים אריין, אז זי געהט אויף א פאלשען דרך וואס פיהרט קיין כף הקלע.

איך געה אוועק, באלייט פון מארין. מיר לאזען זיך ארונ־טער אין טאל אריין און דערנאך הויבען מיר זיך ארויף אויף דעם בערגיל פון שאַטעניע. איך האב האָלט די דאזיגע ערטער, וואו איך בין אמאל אזוי אפט גיוועןּ, בעת איך האב נאך נישט גיזעהען און נישט באמערקט דעם גיהנום, אין וועלכען איך האב זיך גיפונען. און איצט, אז איך בין שוין נישט מעהר ווי א רוח פון אנ׳אנדער וועלט ווער איך צוגיצויגען צו דעם דאזיגען בערגיל פון צווישען די גאסען און די וועגען. איך היט איהם אין מיין זכרון, און ער היט מיך אין זיין זכרון. עס איז עפעס פארהאן אזוינס, וואס מיר ביידע האבען בשותפות און וואס איך פלעג אומעטום מיט זיך ארומטראגען ווי א סוד. איך הער נאך איצט יענעם אויסגיטונענעם סאלדאט, ווי ער זאגט: »ביי מיר אין דער היים זענען פארהאן פעלדער, בוימער, דער ים: נישט אזוי ווי אין אנדערע ערטער.« צווישען מיינע טרויריגע זכרונות בלישצעט דאס דאזיגע אויסטער־לישע ווארט ווי די אנטפלעקונג פון אנ׳אמת.

מיר זעצען זיך צו אויף דעם אבהאנג ביים וועג. מען זעהט פון דארט די שטאט, די באהן און די פוהרלאך אויף דעם שליאַך. אונטען געהען זיך צונויף דריי דערפער. בעת די זון גיט א שיין,

צייכנען זיי זיך אב אביסעל שארפער. פון די ארומיגע פעלדער טראגט זיך א גימורמעלי, וועלכער וויקעלט אונז איין. פון דארט' וואו מיר געפינען זיך איצט, האלטען פיר וועגען אין צונויפגיסען זיך.

אבער איך בין שוין נישט מעהר דער אייגענער. איך האלט אין א י י ן זוכען. מען דארף זעהען די וועלט ביז אין איהר שורש אריין, אין אלע איהרע פועל יוצא'ס. איטלאכע גרופע פון פאקטען און פאסירונגען פאדערט א לאנגען פלפול, דער וועלט־פלאנטער פאדערט א דערקלערונג, וועלכע איז אזוי שרעקלאך ווי ער אליין.

עס לאזט זיך הערען א שוואכער גירויש. עס געהט פארביי א דארע פרויען־גישטאלט מיט עפעס א קליין באשעפענישי וואס שפרינגט לעבען איהר. מארי גיט א קוק און זאגט: „דאס קליינע מלאכיל נעבאך!" זי זאגט עס מעכאנישי אהן קיין שום געפיהלי חי א פרומאַצקעי וואס ציילעמט זיך איבער. דאס איז די קליינע אַנטואַנעטע מיט איהר הינטעל. זי טאפט ארום דעם ברעג פונ'ם שליאַך מיט איהר שטעקען. זי איז שוין אין גאנצען בלינד גיווארען. קיינמאל האט מען זי נישט קורירט, ווי עס באדארף צו זיין. מען האט עס גידארפט טון נאכאנאנדי און מען האט עס קיינמאל נישט גיטון. מען פלעגט תמיד זאגען: „א רחמנות אויף דעם קליינעם מלאכיל" און דערביי איז עס געבליבען. זי טראגט אויף זיך אזעל־כע שמאטעס, אז מען לאזט פאר איהר אראב די אויגען פון חרפה, הגם זי זעהט קיינעם נישט. זי בלאנקעט ארום און זוכט עפעס' און איז נישט ביכולת צו פארשטעהען דאס בייז, וואס מען האט אנגיטון און וואס מען האט דערלאזען — און וועגען וואס קיינער גיט אפילו נישט א טראכט. דאס דאזיגע בלינדע קינד איז דער איינ־ציגער עדות פון די גימיינע אבגילאזענקייט און גלייכגילטיגקייט פון די מענשען.

זי שטעלט זיך אב לעבען אונז און שטרעקט אויס די האנד מיט נישט קיין זיכערע באוועגונג. זי בעט א נדבה! קיינער דאגהט שוין נישט וועגען איהר. זי רעדט מיט איהר הינטעל. ער איז גי־בוירען גיווארען אין פאלאץ. מארי האט מיר דערצעלט ווי די מעשה איז גיוועןי: דאס איז גיוועז דער לעצטער הינטעל פון א גאנצע

כאליאסטרע, וועלכע איז גיבוירען גיווארען מיט אמאל. ארויס איז ער אויף דער ליכטיגער וועלט נישט קיין גיראטענער, מיט א צו גרויסען קאפּ און מיט קראנקע אויגען, און בעת מען האט איהם גיוואלט דערטרינקען האט די באראנעסע, וואס האט תּמיד אין זינען דעם אנדערענ׳ס טובה, גיהייסען, מען זאל איהם אוועקשיינקען דער בלינדער מיידעלע. דאס קינד סטארעט זיך אויסצולערנען דעם הינטעל, ער זאל זי פיהרען. אבער דער הינטעל איז נאך יונג און האט קיין שכל נישט; ער האט שטארק חשק צו שפּילען מיט די פארביילויפענדיגע הינט און וויל איהר נישט פאלגען. עס איז איהם זעהר שווער צו נעהמען זיך פאר דער ארבייט כּדבעי, און ער רייסט ארויס דאס שטריקעל פון איהרע הענט. זי רופט איהם אוןווארט אויף איהם.

עס באווייזען זיך דערנאך אסך אנדערע פארבייגעהערס. מיר קוקען נישט אויף זיי.

אבער אט באווייזט זיך אויפ׳ן ראג, ווי א וויכטיגער פארשוין א בּריסעלער הונד מיט א טייערען שטיין אויפ׳ן האלז. ער געהט פארויס זיין יונגער בעל־הביתטע, דער פריילין עוועלין דע מאנטייאַן, וועלכע זיצט רייטענדיג אויף איהר פּאָני. דאס מיידעלע רייט מיט אנ׳ערנסטער מינע, זי טראגט אנ׳אמאזאנקע און האלט א בייטשיל אין דער האנד. זי איז שוין פון לאנג אן א יתומה. איהר גיהערט דער פאלאץ. זי איז אין גאנצען אלט 12 יאהר און פארמאגט מיל-יאנען. זי ווערט באלייט פון א ליאַקאי אין א פאראדנעם מונדיר, רייטענדיג אויף א פערד. ער זעהט אויס ווי אנ׳אקטיאָר אדער א ליאַקאי ביי א שררה אדער א מאנארך. הינטער איהם באוועגט זיך אין אבגימאסטענע טריט א גוּווערנאנטקע שוין נישט קיין יונגע, אנגיטון אין שווארצע זייד. זי קעהר איצט צו טראכטען פון ערגיץ א קיניג-לאכען הויף.

אז מען זעהט די דאזיגע עוועלין דע מאנטייאן, וועלכע האט אזא שיינעם נאמען, מוז מען נישט ווילענדיג א טראכט טון וועגען אַנטואַנעטען, וועלכע האט כּמעט גאר קיין נאמען נישט. מיר דוכט זיך אויס אז פונ׳ם גאנצען עולם האב איך גיזעהען נאר זיי

ביידע. דער פארשיידענער מזל פון די דאזיגע צוויי באשעפענישען, פון וועלכע איטלאכעס איז גלייך אומשולדיג און שוואך, פון וועלכע איטלאכעס איז גלייך ציכטיג און כשר אין זיין שוואכקייט, אזוי ציכטיג און כשר ווי נאר א קינד קאן עס זיין, רופט ארויס א גאנצע דראמע פון גידאנקען. די ארימקייט און די רייכקייט, וואס זענען אראבגיפאלען ווי פון הימעל אויף די דאזיגע קליינע נישט פארטיגע קעפלאך זענען גיקומען פארביידען אומפארדינטערהייט. מען פיהלט זיך באליידיגט, ווען מען זעהט אנ׳ארים קינד. מען פיהלט זיך אבער אויך באליידיגט, ווען מען זעהט א רייך קינד. איך בין אביסעל אין כעס אויף די קליינע רייכע פריצהלע, וועלכע האט זיך אקערשט ערשט באוויזען, און וואס איז שוין אזוי גרויס ביי זיך נישט קוקענדיג וואס זי איז קליין, און איך האב רחמנות אויף דעם שוואכען קרבן, פאר וועמען דאס לעבען פארשליסט אלע זיינע מתנות. מארי, וואס איז בטבע אזוי גוטהארציג, לעבט איבער די אייגענע געפיהלען, און ווער וואלט זיי נישט איבערגילעבט, זעהענדיג פאר זיך על פי מקרה אזא מין טאפעלטען בילד פון א קינדהייט? אבער איך טרייב פון זיך אוועק די דאזיגע געפיהלען: די וועלט דארף מען פארשטעהען נישט מיט׳ן געפיהל, נאר מיט׳ן שכל. יושר דארף מען האבען, נישט רחמנות, גוטסקייט מאכט דעם מענשען איינזאם. ווער עס האט רחמנות גיסט זיך צונויף מיט דעם, אויף וועלכען ער האט רחמנות. דורך רחמנות פארשטעהט מען טאקע א מענשען ביז צום דעק, אבער רחמנות טראגט ארייך א פלאנטער אין די גיזעצען פונ׳ם קבוץ. ארויסגעהען דארף מען פון א קלארען באגריף, פון א באגריף וואס זאל זיין אזוי קלאר און ליכטיג ווי דער שטראהלענבינטעל פון א לויכטטורם דורך די פלאנטערס און די סכנות פון דער נאכט.

איך זעה די גלייכקייט און איך זעה די אומגלייכקייט. גלייכקייט אין דער וועלט פונ׳ם אמת, אונגלייכקייט אינ׳ם פראקטישען לעבען. דער שורש פונ׳ם בייז שטעקט שוין אין דעם שורש פון דער מענשהייט. דער שורש פון די גיזעלשאפטלאכע עולות — דאס איז די ירושה, אומגירעכטיגקייט, א גימאכטער, אויסגיטראכטער און אויסגעקינצעלטער רעכט, א ממשלה און אנ׳איבערהערשאפט סתם אין דער וועלט אריין,

א ווילדע פאנטאזיע, וואס טוט אן פלוצים קרוינען אויף די קעפ מען דארף ציהען א גלייכע ליניע ביז אוש אהינצו, ביז צו דעם שרעק־לאכען רעכט פון די טויטע און פארטרייבען די פינסטערניש.

איבערצולאזען בירושה זיין האב און גוטס און זיינע פולמאכטען פאר די יורשים — ווי גרויס אדער ווי קליין די דאזיגע קנינים זאלען נישט זיין — דאס איז א זאך, וואס איז נישט על פי שכל און נישט על פי יושר. נאר די לעבעדיגע מענשען אליין האבען א חלק אין די קוואלען און די מתנות פונ׳ם לעבען. איטלאכער דארף פארנעהמען אנ׳ארט לויט זיינע מעשים און נישט לויט דעם מקרה.

אבער דאס האבען מיר דאך בקבלה! דאס איז נישט קיין תירוץ. פארקעהרט, די טראדיציע בינדט אויף א קינצלאכען אופן צונויף דעם איצטיגען מאמענט מיט דעם גאנצען הויפען פונ׳ם עבר. זי טראכט אויס א צונויפבינדונג, וועלכע איז גאר נישט בנמצא. פון איהר נעה־מען זיך אלע צרות אינ׳ם מענשלאכען לעבען. צו דעם אמת׳ען אמת, צו דעם אמת פונ׳ם שכל איז זי מוסיף דעם אמת פון בלויזע פאקטען; זי נעהמט אוועק ביים שכל די פרייהייט און פארבייט זי מיט לעגענ־דעס און בבא־מעשיות, און דערביי פארזאגט זי נאך אז מען זאל למען השם נישט אריינקוקען אינווייניג כדי מען זאל חלילה נישט זעהען, וואס דארטען טוט זיך. בלויזע פאקטען מעגען באקומען דעם באטייט פון א גיזעץ נאר אין דעם תחום פון וויסענשאפטלאכע דערקענטענישען און זייערע פראקטישע אנווענדונגען, און אמאל אויך אויף דעם געביט פון קונסטטעכניק. נ א ר דארטען מעגען זיך פארשידענע אויפטואונגען אנזאמלען.

עס איז אבער א מוראדיגער טעות, דערפון צו דרינגען, אז אויך גידאנקען, פולמאכטען און עשירות דארפען האבען קיניגלאכע רעכט. דאס איז א נארישע צונויפפארונג, וועלכע דערשטיקט די גלייכקייט אין איהרע ערשטע ווארצלען, און לאזט נישט אוועקשטעלען די מענש־לאכע ארדענונג אויף א פעסטען יסוד. דער גיזעץ פון ירושה איז א ממשותדיגע פארם פון דער טראדיציע און איז זיך סומך אויף די טרא־דיציע פון פרינציפען און איינגיווארצעלטע מיינונגען. דער טעות איז זיך סומך אויפ׳ן טעות — און אזוי ווייטער אהן א סוף. און אויב מיר

זעהען אז עטלאכע מענשען האלטען אין זייערע הענט דעם גורל פון גאנצע מאסען, איז דאס מעהר נישט ווי צוליב דער דאזיגער צונויפ־פארונג.

איך זאג עס מארי׳ן. דער הארבער טאן פון מיינע ווערטער מאכט אויף איהר א גרעסערען רושם איידער די קלארקייט און באַ־שיינפערליכקייט פון מיינע רעיונות. זי ענטפערט שוואך: „יא, טאקע אזוי." זי גיט א שאקעל מיט׳ן קאפּ און פרעגט מיך:

» אבער דער גיזעץ פון מוסר, פון וועלכען דו רעדסט, געהערט ער נישט צו דער טראדיציע?«

» ניין. דאס איז א מעכאנישער גיזעץ פון די כּלל־אינטערעסען. דער גיזעץ פונ׳ם מוסר ווערט באשאפען איטלאכעס מאל, ווען עס טרע־טען ארויס די כּלל־אינטערסען. ער איז קלאר און ליכטיג, אזוי קלאר און ליכטיג, אז מען קאן איהם זעהען ביז אין זיינע סאמע ווארצלען אריין. זיין מקור איז דער שכל אליין, און אויך די גלייכקייט, וועלכע איז דאס אייגענע וואס דער שכל. ד א ס איז גוט און י ע נ ז איז שלעכט, ווייל עס איז גוט און שלעכט און נישט דערפאר, ווייל מען האט אזוי גיזאגט און געשריבען. דאס איז דער היפּך פון דעם באפעהל, וואס קומט אריבער בקבלה. א טראדיציע פון גוט איז נישט בנמצא. עשירות און מאכט דארף מען פארדינען דורך ארבייט, און טארען נישט גינומען ווערען פארטיגערהייט; דער גידאנק פון יושר דארף באשאפען ווערען איט־לאכעס מאל אויפסניי ביי איטלאכער נייער גילעגענהייט, און מען טאר איהם נישט נעהמען א פארטיגען.

מארי הערט מיך אויס. זי גיט א קלער און זאגט.

» אז מען וועט נישט טארען איבערלאזען זיין האב און גוטס בירושה פאר די קינדער אדער די קרובים וועט מען אויפהערען צו ארבייטען.«

אבער זי ענטפערט זיך אליין תיכף ומיד

» ניין...«

זי ווייזט אן אויף פארשידענע פאלען אינ׳ם לעבען פון אונזער נאהענטסטער סביבה: ד ע ר און י ע נ ע ר... וויפיעל מענשען מאכען זיך אליין אן צרות נאר צוליב געלט אדער וועלכע נישט איז השפעה,

און אפילו צוליב דעם, וואס עס ווילט זיך ארבייטען, טון און אויפטון. און אחוץ דעם — אט די אלע נייע, אויפגיקומענע נגידים, וועלכע שארען, דוכט זיך, געלט מיט לאפעטעס, ווערען א סך מעהר אבגיהאל־טען אין זייער ארבייט דורך זייער יאגען זיך נאך געלט, איידער די ארבייטער ווערען אבגיהאלטען ווערען צוליב די קומענדיגע איבער־קעהרעניש אין די גיזעצען און מנהגים: אט איז למשל איינער גי־שטארבען צו 20 יאהר, ווייל ער האט צו פיל גישמייעט און גיהאוועט. און נאך אנדערע מיאוסע פאלען. היינט די קאמעדיע פון די יורשים ביים טויטען־בעט מיט זייערע חנ׳דלאך, וואס זיי מאכען דעם גוסס, בעת זיי קאנען זיך נישט דערווארטען די מינוט, ווען ער וועט שטאר־בען. און נאך אזוינע זאכען, וועלכע זאגען ממש א בזיון, דאס אלץ קאליעטשעט די נשמות.

און מארי פאלט אביסעל אריין אין התלהבות, אזוי ווי עס וואלט טאקע גיוועז אזוי גרינג אריינצוכאפען מיט ווערטער דעם אמת דורך דעם פלאנטער פון די פאקטען און פאסירונגען.

זי שלאגט זיך אליין איבער און זאגט:

»מען וועט קיינמאל נישט קאנען אוועקשטעלען די וועלט אויף דעם אמת. מען וועט אלעמאל געפינען א מיטעל, ווי אזוי אבצונארען.« צום סוף זאגט זי:

»יאָ, דאס וואלט אפשר גיוועז זעהר גוט, אבער דאס וועט קיינמאל נישט זיין.«

דער טאל האט זיך פלוצים אנגעפילט מיט א ליארם. אויף דעם שליאך, וועלכער ציהט זיך אין דער לענג פון דעם קעגענ־איבערדיגען אבהאנג קעהרט זיך צוריק אין די קאזארמעס א שפאגעל־נייער פאלק מיט זיין פאהן. די פאהן שוועבט אין דער הויך צווישען א גיפאקטער מחנה, אויסגישטעלט שורותווייז, צווישען פארשיידענע אויסרופען און אויסגישרייען, צווישען וואלקענס פון שטויב און א בליאסקענדיגען מלחמה־נעפיל. מיר האבען זיך ביידע מעכאניש אויפגיהויבען און זיך א שטעל גיטון אויף דעם קאנט פונ׳ם שליאך. און מחמת דער מיליטערישער רגילות האט עס מיך א צופּ גיטון אין ארעם, וועלכער האט זיך שוין גיוואלט אויפהויבען צו באגריסען

בעת די פאהן איז פארבייגיטראגען געווארען לעבען אונז. אבער אזוי ווי די אויפגיהויבענע האנד פונ'ם גלח האט מיך מיט אפאר מינוטען נישט גיקאנט צווינגען זיך צו פארנייגען, אזוי בין איך איצט אויך שטעהען געבליבען אומבאוועגלאך.

(אויסגימעקט דורך די צענזור.)

... דאס איז טאקע אנ'אמת, אבער אויב מען וואלט נישט אנגיפאלען, וואלט מען זיך נישט גידארפט פארטיידיגען. די פארטיידיגונגס־מלחמה נעהמט זיך פון דער אייגענער פארשאלטענער סיבה, ווי די אנפאל־מלחמה. פאר וואס וויל מען זיך אין דערין נישט מודה זיין? צוליב פארבלענדעניש אדער פאלשקייט פאר־עקשענט מען זיך און מען וויל נישט אנדערש צושניידען די שאלה אויף צוויי העלפט, אזוי ווי זי וואלט גיוועזען צו גרויס. אויב מען רעכענט מיט שטיקלאך און ברעקלאך פונ'ם אמת, און נישט מיט דעם אמת אין זיין גאנצער פולקייט — דאן געהען אן כלערליי פאלשע פשט'לאך און שפיצלאך. אבער די וועלט פארמאגט דאך נאר איין איינציגען מין פון איינוואהנער.

עס איז נישט גינוג אנצוטשעפען א שמאטקע אויף דעם שפיץ פון א שטעקען אין א רשות הרבים און מיט איהר צו שאק־לען אויף דעם פארענט פון הייזער אדער אין פארזאמלונגען און צו זאגען: עס איז ידוע, אז דאס איז דער העכסטער צייכען; עס איז ידוע, אז איטלאכער, וועלכער בוקט זיך נישט פאר איהר איז א ימח־שמוניק, וועלכען מען דארף ארייינלייגען אין חרם. דער מענשלאכער גייסט איז מחויב צו קאנטראלירען, צי איז נישט אזא מין צייכען אנ'עבודה זרה. איך דערמאן זיך, אז עמיצער האט אמאל גיזאגט, דאס די לאגיק האט אין זיך שרעקלאכע צונויפפארונגען און פארפלעכטוגגען, און אז איינס האלט דאס צווייטע: דער טראהן, דער מזבח, דאס שווערט.

(אויסגימעקט דורך די צענזור)

אבער אין דעם קנויל פון די מלחמה־פאסירונגען, אין איהרע צונויפ־פלאנטערונגען און פאנאנדערפלאנטערונגען האב איך גיזעהען, אז דאס זענען די גיצייג פון יענער עבודה זרה, ביי וועלכער עס ווערען גיבראכט מענשלאכע קרבנות.

א פארטראכטער, טרעט איך אב עטלאכע טריט אן א זייט. מאַרי זעצט זיך דערוויילע צו. איך רוף ארויס אין מיין זכרון די גישטאלט פון דעם פעלדפעבעל מארקאסען, פון יענעם מענשען, פון וועמען מען האט אקערשט ערשט גירעדט. איך רוף ארויס אין מיר די גישטאלט פון יענעם עהרלאכען און פוסטען העלד מיט זיין ווילדען פאנאטיזם. מיר דוכט זיך אבי אז איך פרעג איהם: „צי גלויבסט דו אין די שיינקייט, אין דעם פראגרעס?" ער ווייס נישט, ער ענטפערט: „ניין!" — „צי גלויבסט דו אין דעם אבשיי פאר דעם לעבען, אין די חשיבות פון דער ארבייט, אין די הייליגקייט פונ׳ם גליק?" — „ניין!" — „צי גלויבסט דו אין דעם אמת און יושר?" — ניין, איך גלויב נישט אין קיין זאך, אחוץ די גרויסקייט פונ׳ם פראנצויזישען נאמען."

דער גידאנק פונ׳ם פאטערלאנד... איך האב זיך קיינמאל נישט דערוועגט, איהם א קוק צו טון גלייך אין פנים אריין, איך בלייב א ווילע שטעהען אין מיינע מחשבות. נו וואס, דאס אויך?... אבער מיין שכל איז אזוי עהרלאך ווי מיין הארץ, און טרייבט מיך ווייטער, יאָ, דאס אויך.

... איך גיב א ציטער, בעת איך הער זיך צו, ווי איך טראכט און רייד כל דבר אסור צווישען די דאזיגע פריינטלאכע ערטער מיט איהר ליבער, בחנטער שטילקייט און אליינקייט, אויף דעם דאזיגען וועג צו וועלכען עס האט מיך געפיהרט די סטעזשקע ווי א טרייער חבר, נישט ווייט פון דעם ארט, וואו דער משופעדיגער אבהאנג בעט

זיך מען זאל זיך אויף איהם אראבלאזען· דער גידאנק פון פאטער־לאנד· ביי װעלכען עס פלעגט מיר אדורכלויפען איבער׳ן לייב א שוידער פון שמחה און התלהבות· אזוי ווי נישט לאנג ביים גידאנק פון גאט!...

אבער אין דעם נאמען פונ׳ם פאטערלאנד· ווי אויך אין דעם נאמען פון גאט· האט זיך די מענשהייט באגנבעט זיך אליין און פרוווט איצטער זיך צו דערשטיקען מיט איהרע אייגענע הענט· און דאס וועט זיך איהר אין גיכען איינגעבען· צוליב דעם פאטערלאנד האבען גרויסע און געזונטע· פולבלוטיגע מדינות איינגישלונגען קלענערע· צוליב דעם פאטערלאנד האט יענער מענש· וועלכער שטעהט בראש פון דעם דייטשישען נאציאנאליזם גימאכט אנ׳אנפאל אויף פראנקרייך און האט ארויסגירופען דעם בירגערקריג צווישען די וועלט־נאציעס· מען דארף די פראגע אוועקשטעלען דארט וואו זי איז· דאס הייסט אומעטום מיט אמאל· מען דארף א קוק טון גלייך אין פנים אריין אלע יענע אומענדלאך גרויסע קיבוצים· איטלאכער פון וועלכע שרייט הויך אויף א קול „איך!״ דער גידאנק פונם פאטערלאנד איז נישט קיין פאלשער· אבער ער איז א קליינער· און א קליינער דארף ער בלייבען· עס איז פארהאן נאר איין איינציגער כלל־אינטערעס· עס איז פארהאן נאר איין איינציגע מאראלישע התחיבות· וועלכע איטלאכער מענש טראגט ביי זיך אין הארצען· די היינטיגע השגה פונ׳ם פאטערלאנד צוטיילט אלע די דאזיגע גרויסע גידאנקען· צוברעקעלט זיי אויף שטיקלאך· פארשפארט איטליכען שטיקעל אין א באזונדער שטייגעל· און צאמט ארום איטלאכען שטיי־געל מיט אייזערנע גראטעס· דורך וועלכע מען קאן נישט אדורכקומען· עס זענען היינט פארהאן אזוי פיל נאציאנאלע אמת׳ן· נאציאנאלע התחיבות׳ן· נאציאנאלע אינטערעסען און נאציאנאלע רעכט· וויפיל· עס זענען פארהאן נאציעס אויף דער וועלט· און אלע די דאזיגע אמת׳ן· התחייבות׳ן· אינטערעסען און רעכט זענען זיך סותר איינע די אנדערע· איט־לאכע מדינה איז אבגיזונדערט פון איהר שכנטע דורך אזוינע מויערן—מא־ראלישע· מאטעריעלע און פינאנציעלע גרעניצען—אז מען געפינט זיך אין איהר ווי אין א גיפענקעניש· מען הערט ריידען פון א הייליגען עגאָאיזם·

פון א שיינער פארשפרייטונג מצד דער אויסדערוועהלטער ראסע דורך די אנדערע, פון איידעלע, הויכע שנאות און פון פראכטפולע נצחונות, און מען זעהט ווי די דאזיגע אידעאלען זוכען אנצונעהמען ממשות־דיגע פארמעס. אזא מין אויסגעקינצעלטע און אויסגיטראכטע פיל־קייט פון דאס, וואס דארף אומעטום בלייבען איינס, פיהרט די גאנצע ציוויליזאציע צו א שעדלאכען אבסורד. גירעכטיגקייט און רעכט קאנען נישט פארשפארט ווערען אין באזונדערע מדינות, מען קאן פון די דאזיגע ווערטער, וועלכע זענען צוגימאסטען צו דעם מענשלאכען כלל נישט מאכען קיין נעמען פאר דעם אדער יענעם יחידישען פרט, אז ווי מען קאן נישט מאכען פון דער געטלאכער השגחה א צוגאב צו דעם אדער יענעם קיניג.

די נאציאנאלע שטרעבונגען — אפענע אדער באהאלטענע — זענען סותר איינע די אנדערע. די פעלקער, וואס וואהנען אזוי נאהענט איינע לעבען די אנדערע, טראגען זיך ארום מיט חלומות, וואס זענען אסך גרעסער פון זיי. די טעריטאריאלע פרעטענזיעס פון די פעלקער, ווי אויך זייערע עקאנאמישע און פינאנציעלע פרע־טענזיעס צושטערען זיך איינע די אנדערע. זיי קאנען נישט אויס־געפיהרט ווערען. און היות ווי עס איז נישט דאָ קיין העכערער קאנטראל איבער דעם דאזיגען גאנצען פלאנטער פון אמת׳ן, וועלכע זענען זיך סותר איינער דעם אנדערן, סטארעט זיך איטלאכע אומה אויסצופיהרען איהר אייגענעם באזונדערען אמת מיט אלע מיגלאכע מיטעל, מיט דעם גאנצען פאנאטיזם, דעם גאנצען כעס און דעם גאנצען גראבען כוח, וואס זי קאן נאר ארויסציהען פון זיך. די גרעניצען, וועלכע טיילען אב דעם פאטריאטיזם פונ׳ם אימפעריאליזם און מיליטאריזם זענען שוין אזוי אויך גינוג שוואך און מטושטשדיג; אין דעם דאזיגען מצב פון אלוועלטלאכער אנארכיע ווערען זיי אין גאנצען איבערגעשפרונגען, אבגעווישט און צוטראטען און אנדערש קאן עס גאר נישט זיין. די גאנצע וועלט מוז אויף אזא אופן ווערען די ארגאניזאציע פון א באוואפענטער קאנקורענץ. און דער־פון מוז ווייטער ארויסקומען א גאנצע שורה פון אומגליקען, וועלכע קייטלען זיך איינע אן די אנדערע. און דערביי קאן קיינער גאר

נישט האפען אויף א נוצען אין דעם משך פון א לאנגער צייט. ווארום גרויסע נצחונות זענען קיינמאל נישט געבליבען אומבא־שטראפט, און די געשיכטע ווייזט אונז א געוויסען אויסגלייך צווישען די אומגירעכטיגען און עולות. די האפענונג אויף נצחון פיהרט אומעטום מיט זיך די האפענונג אויף מלחמה, א י י ן קאמף קייטעלט זיך אן דעם אנדערען און א י י ן הריגה אן דער אנדערער.

די מאנארכען, די קיניגען! — מען טרעפט זיי אומעטום ווען מען פארשט אויס די אומגליקען פונ׳ם כלל ביז צום גרונט!...
די דאזיגע פארשארפונג פון די נאציאנאלע אבזונדערונגען קומט ארויס פון די אנפיהרערס, פון די מנהיגים. ז י י, די דאזיגע אויבער־הארען, קיניגען און גיוועלטיגענדיגע אריסטאקראטען האבען דאס אינ׳ם משך פון דורות באשאפען יענעם הייליגען און רייכען גיביי, ועלכען מען האט ארומגיבויט ארום די נאציאנאלע אבזונדערונג. ז י י האבען דאס אויסגיטראכט די לעגענדע פון די נאציאנאלע אינטערעסען, וואס זענען פיינטלאך צו די מאסען. די פאריייניגונג פון איינציגע יחידים אין באוואהנטע ערטער האט זיך גיפונען בהסכם מיט דעם מאראלישען אמת; דאס איז גיוועז די התגשמות פונ׳ם פראגרעס; אלע האבען דערפון גיהאט א נוצען. דער שארפער שניט אבער, וועלכער איז אריינגיטראגען גיווארען אין די דאזיגע פאריייניגונג, איז גיוועז אנ׳אומגליק פאר די מענשהייט, און נויטיג פאר די קלאסען, וועלכע גיוועלטיגען. צוליב די דאזיגע שארפע אבגרעניצונגען און אבזונדערונגען האבען זיך פריי גיקאנט פאנאנדערשפילען די גישעפטעלאכע און די מלחמה־קאמפען. דאס איז דער לעבענס־פרינציפ פונ׳ם אימפעריאליזם. ווען אויף דער גאנצער וועלט וואלט גיוועלטיגט א פולע אחדות, וואלט עס נישט גיקאנט קומען צו יענע מסוכנדיגע סכסוכים, צו יענע גישוואולסטען אויף דעם גיזעלשאפטליכען ארגאניזם, פון וועלכע דער כלל האט קיין שום נוצען נישט, און וועלכע ברייגגען א נוצען נאר עטלאכע פרשוינען, וואס מאכען פון אלץ א גישעפט, ווארום די כלל־אינטע־רעסען וואלטען גיווארען אין דער אייגענער צייט די אינטערעסען פון די יחידים און דער גיזעץ פון מוסר וואלט באקומען א שליטה איבער

די מענשלאכע גלייכקייט אין אלע מדינות. און מהאי טעמא פלייסען זיך אלע יענע באוואוסטזיניגע כוחות, וועלכע האבען ביז אהער גי־האלטען אין דער האנד דעם גורל פון דער אלטער וועלט, אנצו־ווענדען אלע מיטלען, כדי צו צושלאגען אויף שטיקלאך די מענשלאכע אחדות. די מלוכה־מאכט און די טראדיציעס טשעפען זיך אין אין די נאציאנאלע יסודות, און ווילען פון זיי נישט אבלאזען.

דער משונהדיגער סיסטעם פון די נאציאנאלע קיבוצים, וועלכע זענען צו זייער אייגענעם אומגליק און צום אומגליק פון די אנדערע צושיידט איינער פונ׳ם צווייטען, האט זיינע נביאים און זיינע אדוואַ־קאטען. אבער אומזיסט זוכען אלע די דאזיגע פאלשע נביאים, גילערנטע און טעארעטיקער אנצוזאמלען גאנצע היפענס פון בויך־סברות און פון אויסגעקינצעלטע פשטלאך אויף דעם כלומרשטען יסוד פון כלומרשטער פראקטיקע און פון כלומרשטע עקאנאמיש־עטנישע הצטרכות׳ן: די פשוטע, אהן־חכמותדיגע און פראכטפולע פאדערונג פונ׳ם לעבען וועט צושטערען זייער גאנצע ארבייט, וואס זיי לייגען אריין אין שיטות און טעאריעס, וועלכע קאנען זיך נישט האלטען. דאס וואס מען קוקט אזוי קרום אויף דעם ווארט אינטער־נאציאנאליזם באווייזט די נארישקייט און די גימיינקייט פון דער קהלשער מיינונג. די מענשהייט דאס איז דער לעבעדיגער נאמען פון דעם אמת. די מענשען גלייכען זיך איינער דעם צווייטען, ווי די בוימער! די וואס קיניגען און גיוועלטיגען, וועלען קיניגען און גיוועלטיגען דורך גראבע מאכט און דורך פאלשקייט; אבער קיינמאל נישט דורכ׳ן שכל. דער נאציאנאלער קיבוץ איז א קליינער אין דעם שויס פון א גרויסען. דאס איז א קיבוץ ווי איטלאכער אנדערער; ער קניפעלט זיך פון זיך אליין אונטער די בעשיצענדע פליגלען פון א הויזלאכען דאך, אדער אונטער די פליגלען פון א בלויען הימעל. דאס איז נישט יענער לחלוטינ־דיגער און מיסטישער קיבוץ, אין וועלכען ער איז מגולגל גיווארען דורך דעם כישוף פון ווערטער און אידעען, און וואו מען האט איהם פארשפארט דורך באדריקערישע גיזעצען. וואס איז, מ׳שטעהענס גיזאגט, דער גאנצער גליק פונ׳ם מענשען אויף דער וועלט? צו

דערלעבען זיינע יאהרען ביז צום סוף אויף א כשרען אופן· אויס־צולעבען זיין לעבען· וואו מען וויל נאר לעבען· האָלט האבען, ציהען זיינע יאהרען און ארבייטען אין דעם אויסגעקליעבענעם תחום ווי די אמאליגע פשוטע מענשען פון די אלטע מדינות· וועלכע האבען פארלארען זייערע באזונדערע טראדיציעס פון קעגענזייטיגע גזילה· נעהמט מען אוועק פון דעם גידאנק פונ׳ם פאטערלאנד די שנאה· די קנאה און די פאלשע העלדישקייט· נעהמט מען פון איהם אוועק זיין באדערפע־ניש צו גיוועלטיגען דורך גראבע מאכט· וואס בלייבט פון איהם?

דאס וועט נישט זיין קיין קיבוץ מיט באזונדערע גיזעצען, ווארום גירעכטע גיזעצען טראגען נישט קיין באזונדערען כאראקטער און קעהרען זיך אן דער גאנצער וועלט· דאס וועט אויך נישט זיין קיין קיבוץ מיט באזונדערע מאטעריעלע אינטערעסען· אין וועלכע אנדערע אומות וועלען נישט טארען האבען קיין חלק· ווארום אזוינע אינטערעסען וועלען נישט זיין עהרלאך· דאס וועט אויך נישט זיין קיין אחדות פון וועלכען נישט איז שטאם· פון וועלכער נישט איז ראסע· ווארום די שטאמען און די ראסען זענען צונויפגעמישט און צוזייט איבער דער גאנצער וועלט· דאס וועט זיין אנ׳ענגע· טיפע און בנעימותדיגע פאראייניגונג פון מענשען· א ווייכער געפיהל פאר דעם חן און די שיינקייט פון א געוויסען לשון (נאר שפראכען אליין זענען איינע דעם אנדערען פרעמד)· א באזונדערע· איידעלע אין די טיפענישען פון דער יחידישער נשמה פארבאהאלטענע ליבע צו די שיינקייטען פון א געוויסער נאטור· פון געוויסע גיבייען און א געוויסער קולטור· און אויך דאס וועט האבען זיינע גרעניצען· ווארום דער יראת־הכבוד פאר די העכסטע באשאפונגען פון קונסט און פון גידאנק איז און בלייבט די איינציגע שטרעבונג· וועלכע שוועבט אין דער הויך· איבער אלע דקדוקי־עניות פונ׳ם פאטריאטיזם· אבער· טענה׳ן די אפיציעלע שטימען· עס איז פאראן אנ׳אנדער כשוף־שפרוך: דער גרויסער עבר פון איטלאכער נאציע· די גרויסע געשיכטע· וועלכע די יחידים פון דער דאזיגער נאציע האבען מיט־אנאנד בשותפות· יא· עס איז דא אנ׳עבר· עס איז דא א געשיכטע· דאס איז די געשיכטע פון דעם לאנגען און שווערען וועג· וועלכען

די גירודפטע און באדריקטע פעלקער האבען דורכגעמאכט, די געשיכטע פון יענען גיזעצען, וועלכע די תקיפים האבען באשאפען, כדי צו מאכען פון דעם שטילען יום־טוב פונ׳ם לעבען א בלוטיגען מזבח פאר קרבנות, די געשיכטע פון אלע יענע גידאנקען און לעבענס, וואס זענען דערשטיקט גיווארען, און פון אלע יענע מענשען מיט נייע שעפערישע אידעען, וועלכע זענען פארמשפט גיווארען צום טויט, דאס איז די געשיכטע פון אלע יענע מאנארכען, וועלכע האבען גימאכט גישעפטען מיט די לענדער און דעם בלוט פון זייערע פעלקער און אויסגיראבעוועט גאנצע מדינות, דאס איז די געשיכטע פון יענער גראבער און ווילדער מאכט, וואס האט אלע ווייגלע אבגישטעלט דעם פראצעס פון דער מוסרדיגער אנטוויקלונג און דער מענשלאכער אחדות, וואס האט איהם אלע ווייגלע גישטעלט כלערליי מניעות אויף דעם וועג און נישט גילאזען געהען ווייטער, אזוי אז אפטמאל האט מען שוין גיהאלטען דערביי זיך אין גאנצען מיאש צו זיין, אט די דאזיגע געשיכטע פון חרפה און בזיון, די געשיכטע פון טעות׳ן, פאר־בלענדענישען און חולאת׳ן האבען אלע פעלקער מיט א היסטארישען עבר בשותפות. (אז וואהל איז צו די נייע פעלקער, זיי האבען נישט אויף וואס חרטה צו האבען)!

און די מעלות פונ׳ם עבר: דער בליאסק פון דער פראנצוי־זישער רעוואלוציע, די מתנות פון די ים־רייזענדע, וועלכע האבען מוסיף גיווען צו דער אלטער וועלט נייע וועלטען, די אויפטואונגען און אנטפלעקונגען פון דער וויסענשאפט, וועלכע זיינען ניצול גיווארען על פי נס, צי זענען דאס נישט אזוינע זאכען, אין וועלכע אלע מענשען האבען א גלייכען חלק, אזוי ווי אין די שיינע חורבות פון דעם גריכישען פארטענאן, און די פונקען און בליצען פון שעקספירס פאעזיע און די שטורעמס פון דער בעטהאווענישער מוזיק, אזוי ווי אין דער ליבע און דער פרייד!

דער וועלט־פראבלעם, אין וועלכען דאס היינטיגע ווי אויך דאס פארגאנגענע לעבען האט זיך פארפלאנטערט קאן פארענטפערט ווערען נאר דורך א וועלט־מיטעל, וואס זאל די פעלקער צוריק אריינפיהרען אין יענע גרעניצען, וועלכע די נאטור אליין האט

פאר זיי אבגיצאמט; וואס זאל אוועקנעהמען פון זיי אלעמען יענעם אידעאל פון וועלט־שליטה און וועלט־ממשלה, וועלכען איטלאכער פון זיי האט גיגנבעט ביי דעם גרויסען מענשלאכען אידעאל; וואס זאל דעם דאזיגען אידעאל אויפהויבען אויף זיין אמת׳ן הויך, אויף אזא הויך, אז אלע יענע ווילדע, אהן סדרדיגע אגיטאציעס, וועלכע שרייען אלע מיט אמאל: „מיין מיינונג איז די איינציג אמתע״ זאלען איהם נישט דערגרייכען. דורכדעם וועט איטלאכע אומה באַ־קומען איהרע נאטירלאכע געטלאכע אחדות. די ליבשאפט צו אונזער פאטערלאנד זאל בלייבען ביי אונז אין הארצען, אבער דעם גידאנק פון׳ם פאטערלאנד דארפען מיר אראבווארפען פון׳ם טראן.

אט וואס איך וועל זאגען: די רעפובליק איז ביי מיר טייערער פאר פראנקרייך; פראנקרייך דאס זענען מיר אליין, אבער די רעפובליק דאס זענען מיר אין איינעם מיט די אנדערע. דער כלל־אינטערעס פון דער מענשהייט דארף פארנעהמען א חשובערען פלאץ פאר דעם נאציאנאלען אינטערעס, ווייל דאס קומט איהם על פי יושר. אויב עס איז נאך א גרויסער ספק צו זאגען (ווי מען האט עס גיפרווט פון אלע זייטען, אהן קיין שום יסוד), אז דער נאציאנאלער אינטערעס געפינט זיך בהסכם מיט דעם כלל־אינטערעס פון דער גאנצער מענשהייט, שטעהט דאך דער היפך דערפון העכער פאר איטלאכען ספק; די מענשלאכע כלל־אינטערעסען נעהמען אין זיך ארײן די אינטערעסען פון איטלאכען יחיד. דאס איז קלאר ווי דער טאג און האט דעם גרעסטען באטייט און די גרעסטע חשיבות. פראנקרייך למשל קאן זיך זיין גליקליך און אין דער איי־גענער צייט קאן די גאנצע וועלט זיין אומגליקלאך, אבער די גאנצע וועלט קאן נישט זיין גליקלאך, בעת פראנקרייך איז אומגליקלאך. דער שכל שטעלט ווידער אויף אויפ׳ן סמך פון באשטימטע און קלארע פאקטען, וועלכע מיר אלע שפירען זיי, יענעם גיזועטצ, וועל־כען פאַסקאַל האט אמאל אופגישטעלט, און דורך וועלכען ער האט גיטראכט ארויסצוהעבען די וועלט פון איהרע רעמלאך: פון איין צד קאן איך אלץ פארלירען, פון׳ם אנדער׳ן צד קאן איך אלץ געווינען.

אויף דעם בערגיל פון שאַטעניע׳ אין יענע באחנטע ערטער׳ וועלכע איך האב אזוי האָלט׳ און דארט׳ וואו עס געהען זיך צונויף די פיר וועגען׳ האב איך דערזעהען נייע זאכען׳ נישט ווייל עס האבען זיך גיטראפען נייע פאסירונגען׳ נאר ווייל עס האבען זיך מיר אױפגיעפענט די אויגען׳ איך האב באקומען מיין פולען לאהן — איך הקטן שבקטנים׳ דערפאר׳ וואס איך האב מיט מיין אייגענעם שכל אויסגיפארשט דעם טעות און דאס פארבלענדעניש ביז צום סאמען סוף׳ ביז אין זייערע לעצטע ווינקעלאך אריין׳ ביז צו זייער קדשי־הקדשים׳ דערפאר׳ ווייל איך האב ארויסגישיילט די גאנצע פשטות פון דעם אמת און בולט ארויסגישטעלט פאר אלעמעס אויגען די שארפע ליניעס פוו דעם גרויסען וועלט־היקף׳ די דאזיגע אויסטערלישע אנטפלעקונג׳ וואס איך האב גימאכט׳ ווארפט אויף מיר אליין אן אזא פחד׳ אז די שטילקייט פון די מענשען אונטער די דעכער פון יענע הייזער׳ וואס ליגען אונטען׳ ביי מיר צו פיסענס׳ פארקוועטשט מיר דאס הערץ׳ ווייל איך שפיר אין איהר א סכנה׳ און אויב איך דערוועג זיך קוים ארויס־צוזאגען איהר באטייט אין א פאר קלארע ווערטער איז דאס מעהר נישט דערפאר׳ וואס איטלאכער פון אונז האט אין דער אמת׳ן גילעבט מעהר ווי איין איינציג לעבען און ווייל די דערציהונג האט ארויפגילייגט אויף מיר׳ ווי אויף אסך אנדערע׳ די משא פון פינסטערע דורות׳ פול מיט פארשקלאפונג און דערנידערונג׳ דער אמת פארפעסטיגט זיך פאוואליע׳ טראט ביי טראט׳ אבער עס איז דאך פארט דער אמת׳ און עס זענען פארהאן מינוטען׳ ווען די לאגיק פארכאפט אייך נישט ווילענדיג אין איהר געטלאכען טאנץ׳ אין אונזער בהלה־וועלטיל׳ וואו א שוואך קליין הייפעל לייגט ארויף קייטען אויף די כוחות פונ׳ם גאנצען כלל׳ גיוועלטיגט און קיניגט די טראדיציע׳ דער אני מאמין פון א בלינדען אבשיי פאר אלץ׳ וואס איז גיוועז און וואס איז פארהאן׳ עס קיניגט גאט אהן א קאפ— זינט די אמונה אין דעם גאט פון די חיילות און פונ׳ם נאכגעבען איז שוין נישט בכוח אַליין אהן די הילף פון אנדערע צו הייליג מאכען די אומגלייכקייט׳ צוויי פארמעס פון טראדיציע האלטען דעם גורל

פון דער מענשהייט ווי אין א גיפענקעניש: די ירושה און די גרע־ניצען. די ערשטע פארם איז אין דער צייט, די אנדערע אינ׳ם שטח: דורך די דאזיגע פארמעס פון דער טראדיציע ווערט די מענשהייט דערשטיקט.

אבער איך ווייס נישט וואס וועט פון אונז ווערען. אט דאס בלוט, וואס מען האט פארגאסען, אלע רייד און אלע דרשות, מיט וועלכע מען האט פארפלייצט די מאסען, כדי ארויפצולייגען אויף זיי אנ׳אויסגיטראכטען, אויסגעקינצעלטען אידעאל — צי וועט דאס אלץ קלעקען אויף לאנג, צי וועט מען מיט זיי קאנען אויף א לאנגע צייט טרייבען די מענשען צו מעשים תעתועים, צו מעשים, וועלכע געהען כנגד דעם שכל הישר? די געשיכטע דאס איז א תורה פול מיט פארבלענדענישען. נישט נאר האב איך גיזעהען, ווי עס שיטען זיך פון דער הויך ברכות אויף אלץ, וואס דערהאלט דאס בייז, און קללות אויף אלץ, וואס וואלט קאנען אויסהיילען די מענשהייט פון דעם בייז, נאר איך האב אויך גיזעהען, ווי אונטען צווישען די מאסען, ווערען די נביאים פון דעם מוסר־גיזעץ גירודפט און אויסגילאכט — פון דעם קליינעם טערמיטען אן, וועלכער איז פארשוואונדען גיווארען ווי א מויז אין די קאמפען, ביז שוע הנוצרי.

מיר געהען אוועק. צום ערשטען מאל, זינט איך בין צוריק־גיקומען, לעהן איך זיך אן נישט אויף מארי׳ן. זי לעהנט זיך אן אן מירי.

# נײַן

**ד**י חנוכת הבית פון אונזער נייען מוזעאום האט פאר־נומען דעם גרעסטען ארט אין די פאסירונגען פון די ווייטערדיגע טעג. אויפגיבויט איז ער גיווארען אויף דעם חשבון פון דער שטאט, און דער שטאטראט איז דערמיט אויסען גיוועזען, פראפאגאנדא צו מאכען פאר דער מלחמה: קרייאָן האט דערפון געקליבען גרויס נחת. אין דעם ערשטען זאל פון דעם הילצערנעם גיביי איז גיוועזען אויסגישטעלט א גאנצע

שורה פון גימעלען און צייכענונגען איבער לויטער ענינים, וואס האבען גיהאט א שייכות צו דער מלחמה. נישט אלע גימעלען זע־נען ארויס פון די הענט פון גילערנטע קונצלערס. א טייל פון זיי האבען גימאלען פשוטע דילעטאנטען פון דער אריסטאקראטישער גיזעלשאפט. א סך גימעלען זענען גיקומען פון פאריז.

קרייאן איז גיווען אנגיטון אין יום־טובדיגע מלבושים. ער האט גיקויפט א קאטאלאג, וואס מען האט פארקויפט לטובת פון די פארוואונדעטע, און באקוקענדיג די רשימה פון די מאלערס איז ער אריינגיפאלען אין התפעלות. ער האט גישמאק גירעדט פון אלערליי טיטולען אין גערבען. ער האט זיך נאכגיפרעגט ביי געניטע מענשען איבער דעם אדער יענעם פרט פון די פרי־צישע יחוס־בריעוו. שטעהענדיג פאר א שורה פון גימעלען, גיט ער מיך א פרעג:

» זאגט מיר אקארשט, איך בעט אייך, ווער איז אין פראנק־רייך קליגער, א פרינצעסין אדער א הערצאגינע?«

ער איז שטארק נתפעל פון אלץ, וואס ער באקומט צו זעהען. אנשטעלענדיג די אויגען אויף דעם אונטערשטען קאנט פון די גימעלען, סטארעט ער זיך ארויסצולייענען פון די חתימות די נעמען.

אין דעם אנדערען זאל שטעהט א גרויסער עולם.

דארט שטעהען בענקלאך, אויף וועלכע עס זענען אויסגי־לייגט פאשיידענע חפצים, וועלכע מען האט אבגינומען ביי דעם שונא: קאסקעס מיט א שטאהלענעם שפיץ אין דער מיט, ראנצעס, באצויגען מיט געלען לעדער און שטיקלאך פון גראנאטען. פון פארשיידענע מלבושים, וועלכע מען האט אראבגינומען פון פאר־שיידענע גיפאלענע דייטשישע סאלדאטען האט מען צונויפגישטעלט א גאנצען מונדיר פון א דייטשישען סאלדאט. אינ׳ם זאל איז גישטאנען א קופקעלע פון אויסגיהיילטע פארוואונדעטע, וואס זענען אקערשט ארויס פונ׳ם שפיטאל פון וויוויע. די דאזיגע סאלדאטען האבען גיקוקט און געשוויגען. עטלאכע פון זיי האבען גיקוועטשט מיט די פלייצעס. אבער איינער פון זיי האט א מורמעל גיטון פאר דעם דייטשישען גולם:

»א׳ דער דבר־אחר!«

צוליב פראפאגאנדע־צילען האט מען ארייגישטעלט אין א רעהמיל א בריף׳ וועלכען מען האט גיפונען ביי א גיפאלענען דייטשישען סאלדאט אין קעשענע׳ דאס איז גיוועןא בריף פון א פרוי׳ וועלכע האט געשריבען צו איהר מאן׳ מען האט ארויס־גישטעלט די איבערזעצונג פון דעם דאזיגען בריף׳ אנטייטשענדיג באזונדער אויף אנ׳ארט׳ אין וועלכען די פרוי האט געשריבען: „ווען וועט שוין זיין א סוף צו דער דאזיגער פארשאלטענער מלחמה?״ ווייטער באקלאגט זי זיך איבער די גרויסע הוצאות׳ וועלכע געהען אוועק אויף די דערציהונג פונ׳ם קליינען האנס׳ אונטען האט די פרוי גיצייכענט א ליניע׳ דורך וועלכע זי האט גיוואלט אויסמאלען פאר׳ן מאן די ליבשאפט׳ וואס זי פיהלט צו איהם און וואס וואקסט מיט איטלאכען טאג׳

ווי קלאר און פשוט איז די אמתע טבע פון די זאכען און פאסירונגען! קיין בר־דעת וועט נישט מסופק זיין אין דעריין׳ אז דאס באשעפעניש׳ וועמעס הויזליכער לעבען איז דא געווארען צו א מין רשות הרבים׳ און וועמעס קליידער זענען אנג[illegible] מיט שווייס און בלוט׳ טראגט אויף זיך נישט קיין אחריות דערפאר׳ וואס עס האט גיהאלטען א ביקס אין דער האנד און האט זיך מיט איהם גיצילט אין א באשטימטער ריכטונג׳ שטעהענדיג פאר די דאזיגע רעשטלאך זעה איך באשיינפערלאך׳ אז די מחנה׳ וואס פאלט אן איז פונקט אזוי אומשולדיג׳ ווי די׳ וועלכע פארטיידיגט זיך׳ און אין דעם אופן׳ ווי איך זעה דאס׳ שטעקט א פארביסענע עקשנות׳

אויף א קליינעם טישעל׳ באצויגען מיט רויט׳ ליגט א פאר־בויגענער פראנצויזישער באגנעט׳ ער ליגט לעבען א צעטעל׳ אויף וועלכען עס שטעהט געשריבען: „די ווייסע באפעסטיגונגען׳ 9־טען מאי״

א באגנעט׳ אנ׳עגבער פאר מענשענפלייש׳ וועלכער איז פארבויגען גיווארען!

»א׳ ווי שיין דאס איז!« זאגט א יונג מיידעל פונ׳ם פאלאץ.

»נישט זיי, פעטער־לעבען, זענען דאס די מענשען, וואס וועלען איינבויגען באגנעטען!«

»וואס איז דא פארהאן וואס צו ריידען,« רופט זיך אב ראמפאי, עס איז דאך ידוע, אז מיר זענען די ערשטע סאלדאטען אין דער וועלט.«

»מיר האבען געוויזען א שיינעם ביישפיעל פאר דער וועלט!« רופט זיך אב הויך אויפ׳ן קול א סענאטאר, און גיט דערביי א פריילאכען וואונק מיט׳ן אויג.

וואס ווייטער צוהיצט מען זיך אלץ מעהר. דאס יונגע מיידעל, א שיינס און א בליהענדיגס, קאן פונ׳ם באגנעט קיין אויג נישט אראבנעהמען. זי קאן זיך נישט איינהאלטען, טאפט איהם אן מיט דעם פינגער און ציטערט אין אלע איהרע איברים. זי ווייזט ארויס אפען די געפיהלען פון הנאה, וואס זי האט דערביי:

»איך בין א שאוויניסטקע, איך בין זיך אין דעריין מודה, און אפשר מעהר, ווי דאס באדארף צו זיין! איך בין א שאוויניסטקע און פאטריאטקע!«

[illegible] ארום איהר שאקלען צו מיט׳ן קאפ אלס צייכען פון הסכמה. אזעלכע מיני ווערטער קומען ביי קיינעם נישט אויס פאר צו שטארק, ווארום זיי האבען דאך צו טון מיט הייליגע זאכען.

ארום מיר אבער ווערט פלוצים חושך. עס שווימט ארויס אין דער פינסטערניש א כאראוואד פון גוססים און מתים, וועלכער דרעהט זיך ארום און לאזט זיך אראב צו דער ערד; עס באווייזט זיך מיט אמאל א מוראדיג־משונהדיגע בריה, האלב מענש, האלב פארשוין מיט א קרוין אויף דעם גלאטען, מיאוסען שארבען. זי שטרעקט אויס דעם האלז צום יונגען מיידעל און זאגט איהר: „דו קענסט מיך נישט, אבער דו בימט צו מיר גלייך!" דאס יונגע מיידעל געהט אוועק פריילאך לאכענדיג מיט א יונגען אפיציר, און איך שפין מיר ווייטער דעם פאדים פון מיינע מחשבות. די וואס קומען ווייטער צו, ריידען מיט דעם אייגענען לשון פונ׳ם באגנעט.

און אין זייערע אויגען פינקעלט דער אייגענער שטאלץ.

» שטארקער פאר אונז זענען זיי נישט, אפע! מיר זענען שטארקער פאר זיי!«

» אונזערע פארבינדעטע זענען טאקע גאנץ וואהלע מענשען, אבער עס איז א גליק פאר זיי, וואס זיי האבען אונז.«

» אודאי, וואס דען!«

» נאך נישט דא אזא פאלק אויף דער וועלט ווי די פראנצויזען, אלע זענען פאר זיי די כפרה, די צרה מעהר נישט איז די, וואס מיר אליין האלטען פון זיך אזוי ווייניג!«

זעהענדיג דעם דאזיגען ברען און די דאזיגע שכרות, באטראכטענדיג אלע די דאזיגע מענשען, וואס ווארפען זיך אויף איטלאכער גילעגענהייט כדי צו לויבען און באזינגען דעם פיזישען כוח פון זייער לאנד און די פעסטקייט פון זייערע פויסטען, הערענדיג די קלינגענדיגע ווערטער פון די ריידנערס און די אפיציעלע פאליטיקער „מיר טראגען אין אונזערע הערצער די שנאה צו דער בארבאריי און די ליבשאפט צו דער מענשהייט,״ מוז מען זיך פרעגען די קשיה, צו איז פאראן אויף דער וועלט א גיזעלשאפט, וועלכע זאל קאנען דערטראגען א נצחון ווי עס פאסט פאר מענשען מיט א ישוב־הדעת, נישט אריינפאלענדיג אין דעם טאן פון נארישער גאוה. איך האלט זיך אן א זייט. איך טראג אריין א שאטען אין דעם גאנצען בילד, ווי א בייזער נביא. אינעווייניג אין מיר טראג איך דעם גידאנק, אונטער וועלכען איך בויג זיך ווי אונטער א מוראדיג־שווערער משא. נאר א מפלה קאן עפענען די אויגען ביי מיליאנען פון מענשען!

עמיצער גיט א זאג מיט כעס און שנאה:

» דער דייטשישער מיליטאריזם...«

דאס איז די לעצטע און העכסטע ראיה. יא, בודאי, דער דייטשישער מיליטאריזם איז מיאוס און מוז אויסגיווארצעלט ווערען. עס מוז אויסגיווארצעלט ווערען יענער הייפעלע יונקער וואס ארום דעם קראנפרינץ און דעם קיסר אין איינעם מיט זיי גופא. עס מוזען אויסגיווארצעלט ווערען אלע יענע אינטעליגענטען און גישעפטסלייט וואס דרעהען זיך ארום דער דאזיגער באנדע און וואס לעבען פון איהר, עס מוז אויסגיווארצעלט ווערען דער פאנגערמאניזם וועלכער

וויל פארבען די וועלט אין שווארץ און אין רויט. עס מוז אויס־געווארצעלט ווערען די שקלאפישע געהארכזאמקייט פונ׳ם דייטשישען פאלק. דייטשלאנד איז די שטארקסטע פעסטונג פון מיליטאריזם. די גאנצע וועלט איז דערמיט מסכים. אבער די וועלכע שטעהען בראש פון דער היינטיגער קולטור נוצען אויס דעם דאזיגען הסכם פון דער גאנצער וועלט פאר זייערע אייגענע פניות, ווארום זיי וויסען דאך גאנץ גוט, אז בעת דער פראסטער עולם זאגט „דער דייטשישער מיליטאריזם,” שטעלט ער זיך דערביי אב און געהט נישט ווייטער. זיי בינדען צונויף צוויי ווערטער, זיי מישען צונויף דעם מיליטאריזם מיט דייטשלאנד: וועט נאר דייטשלאנד האבען א מפלה, וועט שוין אלץ ווערען גוט. אויף אזא אופן בינדט מען צונויף דעם אמת מיט דעם ליגען, און מען לאזט אונז נישט זעהען אז דער מיליטאריזם איז אין אמתן פארהאן אומעטום, אין א מעהר אדער וויניגער באוואוסטזוניגער, אין א מעהר אדער וויניגער פאל־שער, צביעותדיגער פארם. ער איז אומעטום גרייט אלץ אין זיך אריינצוכאפען, ווען עס לאזט זיך נאר. מען צווינגט די גיזעלשאפט צו זאגען, „איצטער דארף דעם גידאנק פונ׳ם נצחון אליין אויספילען אונזער גאנצער נשמה. קיין אנדערע גידאנקען טארען מיר נישט האבען”, אבער א מענש מיט יושר מוז אויף דערויף ענטפערן, אז עס איז א פאברעך צו האבען אין זינען תמיד נאר דעם דאזיגען גידאנק, ווייל דער שונא דאס איז דער מיליטאריזם, און נישט דייטשלאנד. איך ווייס; איך לאז זיך נישט אבנארען פון ווערטער, וועלכע מען באהאלט איינע הינטער די אנדערע.

דער ליבעראלער סענאַטאָר האט מיט א כיון גיזאגט אויפ׳ן קול, כדי מען זאל איהם הערען, אז דאס פאלק האט זיך גוט אויפ־געפיהרט, ווייל נאך אלעמען האט עס גיראטעוועט לכל הפּחות דעם קרן, דאס וואס מען האט אריינגילייגט אין קאן. נאך דעם נצחון וועט מען איהם דארפען באלאהנען פאר זיין גוטע אויפפיהרונג. אנ׳אנדער פארשוין פון דער אייגענער קאמפאניע, א רייכער פאד־ריאדטשיק, האט גירעדט פון „דעם וואהלען פאלק און די גראבבענס”, און ער איז מוסיף שטילערהייט.

»כל זמן עס היט אונז, וועט אלץ געהן כשורה.«

„אז זיי וועלען זיך אומקעהרען אהיים וועט מען זיי באלאה־נען ווי עס באדארף צו זיין"‚ זאגט אנ׳אלטע דאמע. מען וועט מאכען פאר זיי גרויס פאראד און מען וועט זיי באקרוינען מיט דעם קראנץ פון העלדישקייט. די גענעראלען זייערע וועט מען מאכען פאר מאַרשאַלען‚ צו זייער כבוד וועט מען מאכען בעלער‚ אויף וועל־כע עס וועלען קומען קיניגע‚ און שררות.

»און אחוץ דעם‚ וועלען דאך א סך פון זיי גאר נישט צוריק קומען.«

עס באווייזען זיך עטלאכע יונגע סאלדאטען פון דער 16־טער אַבטיילונג וועלכע דארפען באלד אוועקגעהען צו דער פראנט.

»פיינע יונגע לייט‚« זאגט דער סענאטאר זעהר פריינטלאך‚ »אבער זיי זענען אביסעל בלאסלאך. מען דארף זיי פילעווען‚ געבען אביסעל וויגאדע!«

א באאמטער פונ׳ם מיניסטעריום קומט צו צו דעם סענאטאר און זאגט איהם:

»די וויסענשאפט פון די מיליטערישע הכנות האלט נאך לעת עתה ביים אנהויב. דאס וואס מיר זעהען איז מעהר נישט ווי א התחלה. דערווייל זענען מיר מכין די סאלדאטען אויף דער גיך‚ אבער די ארבייט פונ׳ם ארגאניזירען דארף גידויערן א לאנגע צייט און וועט ערשט ארויסווייזען איהר פעולה אין די צייטען פונ׳ם שלום. שפעטער וועלען מיר אנהויבען צוצוגרייטען די סאלדאטען פון קינדווייז אויף. דאס וועלען זיין גיזונטע אב־טיילונגען הן אין דעם פרט פון גשמיות הן אין דעם פרט פון רוחניות.«

מען מאכט שוין צו דעם מוזעאום‚ און עס הויבט אן שפילען די מוזיק. דער מיליטערישער מארש ברייננגט אריין דעם עולם אין א מצב פון התפעלות. א פרוי רופט אויס‚ אז דער מארש צוגיסט זיך איהר אין די אברים ווי וויין‚ אקוראט ווי זי וואלט גיטרונקען שאמפאניער. די געסט זענען זיך שוין צוגאנגען. עס ווערט אבענד. איך בלייב נאך אביסעל‚ ווארום איך וויל באקוקען דעם פארנט פון

דעם מלחמה־מוזעאום׳ וועלכער איז באפוצט מיט פלאגעז׳ דאס איז א מין קליינער בית־המקדש׳ וואס איז צוגעבויט גיווארען צום קלויס־טער און איז צו איהם זעהר עהנלאך׳ איך קלער וועגען די צלם׳ס׳ וואס קוקען אראב פונ׳ם שפיץ פון די קלויסטערס און לייגען זיך ווי א משא אויף דעם געניק פון די לעבעדיגע מענשען׳ בינדענדיג ביי זיי די הענט און צומאכענדיג די אויגען׳ און וועלכע ליגען אויף די קברים און די מצבות פון די פראנט־בית עלמן׳ס׳ אט דערפאר׳ וואס עס זענען נאך פארהאן אויף דער וועלט אזוינע קלויסטערס און אנדערע הייליגע גיביידען וועלען די פעלקער׳ וואס טוען אב אומבאוואוסטזיניגערהייט מעשים תעתועים אזוי ווי לונאטיקער׳ אויף אויף להבא ווידער אנהויבען די פינסטערע טראגעדיע פון גיהארכ־זאמקייט׳ ווייל עס זענען נאך פארהאן אויף דער וועלט אזוינע קלויסטערס׳ וועט דער פינאנציעלער און אינדוסטריעלער דעספאטיזם׳ דער דעספאטיזם פון די קסרים און די מלכים — ווארום אלע׳ וועלכע איך באגעגען אויף מיין וועג זענען זייערע חברים אדער גיצייג אין זייערע הענט — וועט שוין אויף מארגען נאך דער מלחמה אנהויבען צו מאכען זיינע גאלדענע גישעפטען און גיוועלטיגען איבער דעם פאנאטיזם פונ׳ם דעם הינטער דעם פראנטיגען עולם׳ די מידקייט פון די צוריקגיקומענע סאלדאטען און דעם שווייגען פון די טויטע׳ (ווען די ארמיע וועט אדורכמארשירען אונטער דעם בויגען פון נצחון׳ וועלכער וועט זעהען׳ אז מיט זיי אין איינעם מארשירען פארביי צעהנטויזענד קילאמעטער פון פראנצויזישע קברים)׳ און די פאהן וועט זיך ווייטער שוועבען אין דער טונקעלקייט איבער איהר קרבן׳ צוטרויסעלט און צובויגען פונ׳ם ווינד נעהמט זי אמאל אן די פארם פון א צלם׳ אמאל די פארם פון א סערפ׳

דאס איז אנ׳אבגימאכטע זאך — אבער זעהענדיג אין מיין כוח־הדמיון דעם בילד פון די קומענדיגע טעג ווער איך פארכאפט פון א מין יאוש אין איינעם מיט א הייליגען שוידער פון כעס און גרימצארן׳

עס זענען דא וויסטע מינוטען ווען מען גיט זיך פלוצים א פרעג׳ צי זענען די מענשען נישט ווערט אלע אומגליקען און

צרות, וועלכע זיי טוען זיך אליין אן! אבער תיכּף גיב איך זיך א כאפּ צוריק: ניין, זיי זענען נישט ווערט. אבער אנשטאט צו זאגען: „איך וואלט געוואלט" דארף מען זאגען: „איך וויל" און דאס וואס מען וויל, מוז מען וועלען אויפבויען מיט א סדר, מיט א גאנג, מיט א דרך, אנהויבענדיג טאקע פון אנהויב, אויב מען האלט שוין ביי דער התחלה. נישט נאר די אויגען דארף מען עפענען, נאר אויך די ארעמס, די פליגלען.

איך קוק מיר אויף דעם הילצערנעם גיביי, וועלכער לעהנט זיך אן מיט איינער פון זיינע ווענט אויף א הויפען פלעקער און איז איצטער אין גאנצען פוסט. עס פליהט מיר אדורך דער גידאנק דורכ'ן קאפ, צי זאל איך איהם נישט אונטערצינדען און מאכען פון איהם א בארג אש.

א ווארף טון דעם ליכטיגען פונק דער נאכט גלייך אין צורה אריין, דער דאזיגער באוועגלאכער נאכט, וועלכע האט דא אין דער בין־השמשות צייט גיטאפּעט מיט די פיס, וועלכע האט געשוויבעלט און געגריבעלט מיט מענשען און האט זיך איצט פארגראבען אין שטאט, כּדי צו באדעקען זיך מיט פינסטערניש אין די ענגע קאמער־לאך פון די הייזער, אויסצוהאדעווען אין די געדיכטע שאטענס נאך מעהר טויט, נאך מעהר שלעכט און אומגליק, אדער ארויסצוברייגגען אויף דער וועלט נייע אומזיסטע דורות, וועלכע וועלען אויסשטארבען צו צוואנציג יאהר.

דער חשק אונטערצוצינדען דעם גיביי, איז ביי מיר אזוי שטארק, אז איך מוז מיר אנטון א ווילדען כּוח, כּדי אבצוטרעטען א פּאר טריט צוריק. איך בין אוועקגיגאנגען ווי אלע אנדערע.

מיר דוכט זיך, אז איך האב גיטון אנ'עבירה, וואס איך האב נישט אונטערגעצונדען דעם מוזעאום. אויב די מענשען, וואס וועלען קומען נאך מיר, וועלען פיהרען א פרייערען לעבען און וועלע' באטראכטען די צייט אין וועלכער איך האב גילעבט מיט א קלארען קוק, וואלטען זיי מיר אפשר גידאנקט פאר אזא מין מעשה. די אבער, וועלכע וועלען מיך נישט זעהען און נישט קענען, נאר וועלכע איך זעה פון דער ווייטענס און אויף וועלכע איך האף — אט די

דאזיגע מענשען בעט איך, זיי זאלען מיר מוחל זיין פאר וואס איך האב עס נישט גיטון.

צוריקגעהענדיג אהיים געה איך אדורך דורך א פוסטע פעלד, וואס איז נאך נישט באארבייט גיווארען. קינדערווארפען שטיינער אויף א גלעזערנעם שערביל, וועלכען זיי האבען אויפגישטעלט אלס א ציל אין א מרחק פון עטלאכע טריט. זיי שטופען און שטויסען זיך מיט א גרויס געפילדער. איטלאכער פון זיי וואלט וועלען זיין דער ערשטער. איך דערמאהן זיך אן דעם שפיגעל, וואס איך האב אמאל צובראכען אין ביזאנסי, ווייל ער האט אויסגיזעהן ווי א לעבע־דיג באשעפעניש! און דערנאך, אז זיי האבען שוין דאס שטיקעל פארגליווערטע ליכטיגקייט צוהאקט אויף פיצלאך, יאגען זיי זיך מיט שטיינער נאך אנ׳אלטען הונט, וועלכער שלעפט נאך זיך א קראנקען פוס. דער פוס שלעפט זיך ביי איהם אזוי ווי דער עק. קיינער דארף איהם שוין מעהר נישט האבען און עס איז שוין צייט, אז ער זאל פגר׳ן. די באַדיונגען נוצען אויס די דאזיגע גילעגענהייט. דאס באשעפעניש הינקט אויסבויגענדיג דעם רוקען, און סטארעט זיך צו אנטלויפען פון די שטיינער. אבער זיינע פיס זענען נישט אזוי פלינק, ווי די שטיינער.

דאס קינד איז א בינטעל פון אומקלארע נטיות. דא שטעקען אונזערע טיפסטע חושים, אונזערע טיפסטע אינסטינקטען.

איך צוטרייב די קינדער, וועלכע ווילען זיך נישט אונטער־געבען. אבער ביסלאכווייז רוקען זיי זיך אב, ווארפענדיג אויף מיר בייזע בליקען. קוים וועל איך אוועקגעהען, וועלען זיי צוריקקומען ווי די וועלף. עס כאפט מיך אן א שוידער, זעהענדיג פאר זיך די דאזיגע שלעכטסקייט, עס כאפט מיך אן א שוידער, זעהענדיג פאר זיך דעם גורל פון דעם אלטען הונט. איך ווייס, אז מען וועט מיך נישט פארשטעהען, אז מען וועט זיך חדושען: „סטייטש, ווי קומט עס צו אייך, איהר האט דאך גיזעהען אזוי פיל פארוואונדעטע, אזוי פיל דערהרגעטע?״ אבער נישט קוקענדיג אויף דערויף איז דאך פארהאן אויף דער וועלט א דרך ארץ פאר׳ן לעבען. איך ווייס, אז עס איז דא א חילוק צווישען באשעפענישען מיט שכל און

באשעפענישען אהן שכל· אבער דאס לעבען· דאס פשוטע· נאקעטע לעבען· דאס דאזיגע לעבען האבען מיר דאך בשותפות מיט די ארימסטע באשעפענישען· ווער עס דערהרגעט א חיה אהן א באזונדערע נויטווענדיגקייט· איז א רוצח· מעג עס זיין די קלייסנטע באשעפעניש· וואס שטעהט אויף דער נידריגסטער מדרגה פון דער אנטוויקלונג·

אויפ׳ן וועג שטויס איך זיך אן אויף לואיזע ווערט· זי בלאנ־קעט ארום· זי איז אראב פון זינען· זי בעט נדבות· זי בעטעלט· זי רעדט פון וועג· אין די גאסען· אין איהר קאָנורע· און אויף איהר צובראכענעם בעט· וואו שכורים זענען זי מאַנס· אלע קעהרען זיך פון איהר אב מיט א געפיהל פון עקעל· עס געהט פארביי א בעל־הבית: „איך מיר א פרוי· א שטיק פעל איז דאס און נישט קיין פרוי· א קישקע אנגעשטאפט מיט קאָלבאַס·״

זי איז בטבע א שטילע און טשעפעט קיינעם נישט· זי זאגט מיר מיט א שוואכען קול· אזוי ווי ער וואלט קומען פון מקומות· וואס געפינען זיך חוץ מדרך הטבע:

» איך בין א מלכה· «

און אריינפאלענדיג אין א ספק איז זי תיכף ומיד מוסיף:

» נעהמט ביי מיר נישט אוועק די דאזיגע אילוזיע· «

איך וויל איהר ענטפערן· אבער איך בלייב שטעהן· איך זאג איהר מעהר נישט: „יאָ״ אזוי ווי מען גיט א נדבה· זי שיינט ביי דעם דאזיגען ווארט· און געהט אוועק א גליקלאכע·

דער אבשיי פאר׳ן לעבען איז ביי מיר אזוי גרויס· אז איך קריג רחמנות אויף א פליג· וואס איך האב גיטויט· באקוקענדיג דעם פיצינקען טויטען קערפער· וואס איך באמערק קוים פון דער הויך פון מיינע אויגען· טו איך נישט ווילענדיג א קלער וועגען דעם· ווי וואונדערלאך עס איז אויפגעבויט דאס דאזיגע ארגאניזירטע קערענדיל מיט זיינע פליגלאך· וואס זענען צוויי טראפענס פונ׳ם שטח· און מיט זיין אויג· וואס האט אין זיך פיער טויזענד שפיגעלאך· איך קלער וועגען איהר אין דעם משך פון א רגע· וועלכע איז זעהר גרויס פאר איהר·

# קלארקייט



ס איז אווענד און איך קוק ארויס דורך דעם אפענעם פענסטער· ווי אין די פריהערדיגע נעכט באטראכט איך דאס טונקעלע בילד פאר מיינע אויגען· וואס איז לכתחילה מטושטש און צושוואומען· און הויבט ערשט אן ביס־לאכווייז אנצונעהמען בולטערע און קלארערע פארמעס: אט הויבט זיך ארויס פונ׳ם טאל דער הויכער טורם פונ׳ם קלויסטער· אט פונקעלט איבער׳ן גאנצען בערגיל דער באלויכטענער פאלאץ ווי א רייכע קרוין· באזעצט מיט טייערע שטיינער; און אט שפרייט זיך אויס פאר מיינע בליקען די שווארצע· משופע׳דיגע מאסע פון די דעכער· באזייט מיט קוימענס· וועלכע צייכענען זיך אב אויף דער נעפיללאזער שווארצקייט פונ׳ם שטח· א פאר פענסטער· אין וועלכע מען איז נאך אויף· ווייסלען זיך פון דער ווייטענס מיט א מילכענער פארב· דאס אויג פארלירט זיך צווישען די שטיקער הייזער· וועלכע זענען אנגיפאקט מיט מאנזבילען און ווייבער· אזוי ווי אלעמאל און אומעטום· אט דאס איז אלץ· וואס איז פארהאן· איז דאס אויך אלץ וואס עס באדארף צו זיין?

איך האב גיזוכט· איך האב גיהאט ספקות· און עפעס האב איך ווען נישט וועז באמערקט און גיזעהען· איצטער האף איך. עס טוט מיר נישט באנג וועגען מיינע יונגע יאהרען· וועלכע זענען פון מיר אוועק· און אויך נישט וועגען אלע מיינע פריהערדיגע מיינונגען און אני־מאמין׳ס· מיין פריהערדיגער לעבען איז אוועק אין גיוועץ· איז גיגאנגען לאבוד· און איך האב איהם אומזיסט גילעבט· די צייט פונ׳ם אמת׳ן כוח· פון דער אמתדיגער קראפט· אבער זעלטען פארמאגט זי א קלארען קוק· זעהר אפט האט זי א שטארקען· גדלנות־דיגען חוש פאר אלץ וואס איז ניי און אויסטערליש· איהר גיפעלט דער חידוש· דער פאראדאקס· נישט מחמת דער חריפות· נאר מחמת דעם ברען און דער היציגקייט וואס שטעקט אין איהם. אבער אין איטלאכען חידוש· אין איטלאכען נייען אויפטו איז פארהאן א מדרגה· וועלכע קאן דערגרייכט ווערען נאר פון מענשען· וואס האבען

אסך גילעבט און איבערגילעבט· עס קאן אבער זיין, אז דער נייער דור, וועלכער זונדערט אב דעם עבר פונ׳ם עתיד אויף דער באוועג־ליכער גרעניץ פון דער מענשהייט, איז עלטער, קליגער און מיושב־דיגער גיווארען דורך די אויסטערלישע שרעקלאכע פאסירונגען· און וואס די האפענונגען זאלען נישט באשטעהען – אויב מען וועט זיי נישט זוכען ביים נייען דור, טא וואו זאל מען זיי זוכען?

ווער וועט נעהמען דאס ווארט? אפריהער דארף מען זעהען, און דערנאך ריידען· · · ריידען, דאס איז דאס אייגענע וואס זעהען, אבער פארט אביסעל מעהר· דאס ווארט פארייביגט דעם בילד· מיר אליין טראגען אין זיך קיין ליכטיגקייט נישט, מיר זענען אויסגיקנאטען פון שאטענס, ווייל די נאכט באדעקט אונזערע אויגען מיט פינסטערניש, און ווייל מיר שטרעקען אויס די הענט, ווען מיר זוכען דעם וועג· בעת די ליכטיגקייט ווערט נעלם· די ווערטער זענען די איינציגע שטראהלען, וואס געהען פון אונז ארויס;

דער אמת ווערט אויפגיבויט דורך דעם מענשענ׳ס מויל· וואס זענען די ווערטער? די ווערטער זענען אונזער אטעם· נישט אלע ווערטער, פארשטעהט זיך, ווארום עס זענען פארהאן אסך קינצלאכע גימאכטע, וואס געהען נישט ארויס פון דער נשמה, אבער די טיפע ווערטער, דער גישריי· אין דעם מענשלאכען גישריי פיהלט זיך דער כוח פונ׳ם קוואל, די קראפט פונ׳ם שורש· דער גישריי געהט ארויס פון אונז גופא· ער איז אזוי לעבעדיג ווי א קינד· דער גישריי טראגט זיך פאנאנדער און רופט צו זיך דעם אמת פון אלע ווינקעלאך, וואו ער באהאלט זיך· דער גישריי חברט זיך צום גישריי·

עס איז פארהאן א שטילער קול, וועלכער פיהרט צונויף אלע יענע וואס זעהען זיך נישט און וועלען זיך קיינמאל נישט זעהען· דאס זענען די ביכער· דאס בוך, וועלכען מען קלייבט אויס, וועלכער איז אייך טייערער פאר אלע אנדערע, וועלכען איהר מאכט אויף, און וועלכער האט אויף אייך גיווארט!

ביז אהער האב איך די ביכער נישט גיקענט· איצטער האב איך זיי האָלט, איך האב האָלט זייערע מעשים· איך האב אנגיזאמעלט, ווי פיל איך האב נאר גיקאנט· אט שטעהען זיי ביי מיר אויף

די ביכער־ברעטלאַך מיט דער לאַנגער שורה פון זייערע קעפּלאַך, מיט זייער טיפן תּוך, זיי שטעהען אויסגיצויגען אַרום מיר אין איין שורה, ווי די הייזער.

ווער וועט אַרויסזאָגען דעם אמת? אָבער מיט ריידען אַליין ווייזט מען נאָך נישט דעם אמת ...

אויף אַ ווײַלע מאָל איך מיר אויס אין מחשבות'ן, אַז איך האָב טאַקע גיפּאַלגט דעם ערשטען שטויס און האָב אונטערגיצונדען דעם מלחמה־מוזעאום. מען סודעט מיך. איך וואָלט זיי גיזאָגט אַסך אמת'ן אין די אויגען, איך וואָלט זיי באַווייזען אַז איך בין גירעכט. פון אַ באַשולדיגטען, וואָלט איך גיוואָרען אַ קטיגור, אַ באַשולדיגער ...

ניין! איך וואָלט אַזוי נישט גירעדט, ווייל איך בין נישט ביכולת אַזוי צו ריידען! איך וואָלט גישטאַמעלט, פול מיט אַנ'אמת, וועלכער צאַפּעלט אין מיר, וועלכער שטיקט מיך און וועלכען איך קאָן נישט אַרויסזאָגען. עס איז נישט גינוג צו ריידען, מען דאַרף אַחוץ דעם פאַרשטעהען דעם באַטייט פון די ווערטער. בעת עמיצער זאָגט: „איך האָב יסורים" אָדער בעת ער זאָגט: „איך בין גירעכט" האָט ער אין תּוך גירעדט גאָר נישט גיזאָגט, ער האָט נאָר גירעדט צו זיך אַליין. נישט אין איטלאַכען אמתדיגען וואָרט טרעט אַרויס דער אמת, מחמת די ווערטער ווערען אָבגינוצט און אָבגעריבען ווי מטבעות, און מחמת איטלאַכען אמת קאָן מען אויפּווייזען דורך פאַרשיידענע טעמים, וואָס בייטען זיך אַלע ווײַלע לויט דעם מאָמענט. נישט איטלאַכער איז מסוגל אויפצווווייזען און מסביר צו זיין, נישט איטליכער איז מסוגל איבערצוגעבען די באַריידעוודיגע פּשטות פון'ם אמת, נישט איטלאַכער איז מסוגל צו אַנטפּלעקען די אינעווייניגסטע אַנטוויקלונג פון די לאָגישע ראיות. נישט איך בין פון יענע מענשען, וואָס זענען מסוגל צו ריידען, איך ווער אַ צומישטער, בעת איך זעה, ווי דער פאַרזאַמעלטער עולם שטעלט אויף מיר אָן די אויגען. נעהם איך אין דער האַנד אַ שטיקעל ליידיגע נישט באַשריבענע פּאַפּיר, אויף וועלכען מען דאַרף עפּעס אָנשרייבען, דערשרעק איך זיך און מיינע אויגן באַדעקען זיך מיט אַ שלייער.

נישט איך בין פון די מענשען, וואס וועלען באדעקען דאס שטיקעל ווייסע פאפיער מיט אותיות, פארשפרייטענדיג ליכטיגקייט. איך פאר־שטעה די טראגעדיע פון א גרויסען ריידנער. איך קאן מעהר נישט ווי חלומ'ן וועגען דעם קומענדיגען מענשען, וועלכער וועט קלאר און באשיינפערלאך פארמולירען די מוראדיגע קריזיס פון די מענשלאכע באדערפענישען אין א חיבור. אין דעם דאזיגען חיבור, וועלכער וועט אויסרופען אונזערע מענשלאכע רעכטען אין דער היינטיגער צייט, וועט קיין זאך נישט פארגעסען ווערען, און קיין איינציגע שטרי־כעלע וועט נישט זיין איבעריג. גיבענטשט זאל ער זיין, יענער בעל־הסברה, פון וואנען ער זאל נישט קומען (גיוואלט וואלט איך אז ער זאל ריידען פראנצויזיש).

נאך אמאל רופט זיך אב אין מיר יענער פארשוין, וועלכער האט זיך צום ערשטען מאל באוויזען פאר מיר ווי א שטן, און וועלכער האט מיך ארייננעפיהרט אין גיהנום אריין. בעת ער האט שוין גיגוססט און זיין קאפ איז גיווארען שווארץ ווי דער קאפ פון אנ'אדלער, האט ער ארויסגישטויסען פון זיך א קללה, וועלכע איך האב נישט פארשטאנען, און וועלכע איך פארשטעה איצט. באטראכ־טענדיג די באשאפונגען פון דער קונסט. ער האט מורא גיהאט פאר דער אייביגקייט, פאר יענע שרעקלאכע מאכט, וועלכע מען קאן נישט טויטען און פארטרייבען. ער האט גיזאגט, אז דער מאָלער וועלאַסקעז, וואס איז דאך סך הכל גיווען א ליאָקאי ביים שפאנישען קיניג אין הויז, האט דאך אריבערגילעבט פיליפ דעם IV, און אז ער וועט אריבערלעבען דעם עסקוריאַל און אפילו גאנץ שפאניען און אייראפע. די דאזיגע קינצלערישע מאכט, וועלכע די קיניגע און מאָנארכעס האבען פארשקלאפט אין אלץ, אחוץ אין זייער גרויסקייט, האט ער פארגליכען מיט דער מאכט פון א דיכטער, א באנייערער, וועלכער ווארפט ארויס אין דער וועלט אריין א פרייען און גירעכטען ווארט, וואס וועט בלייבען אייביג. א בוך, וואס פאר־שפרייט פונקען צווישען די מענשען, וואס זענען שווארץ ווי די קוילען. דער קול פון יענעם שטארבענדיגען מאנארך איז גיקראכען אויף דער ערד און האט פארענדיגט מיט די ווערטער:

„צוריק, אלע די דאזיגע אויסרופען פון דער ליכטיגקייט!"

אבער מיר, וואס זאלען מיר זאגען? מיר דארפען אנהויבען לייענען די גרויסע מגילה פון אונזערע רעכטען אות, ביי אות, אזוי ווי מען לייענט אנ׳אלף־בית. מיר דארפען זיך ווענדען צום פאלק, צום פאלק פון אלע פעלקער און איהם זאגען: „שטעה אויף, פאר־שטעה זיך אליין, קוק זיך ארום און זעה, וועק אין דיר אויף דיינע אלטע געפיהלען פונ׳ם יושר, וואס זענען פארשוועכט גיווארען דורך פארשקלאפונג און אוועק אויף א פאלשען דרך און דערנאך נעהם אן א באשלוס אז מען דארף אלץ ווידער אנהויבען אויפ׳ס ניי! און אנהויבען טאקע פון רעכטען אנהויב, פון סאמען שורש. דאס קודם כל: אויב די מגילה פון אונזערע רעכטען וועט נישט באשא־פען אלץ אויפ׳ס ניי, וועט זי גאר נישט באשאפען. די גיזעלשאפט־לאכע שינויים און רעפארמעס, וועלכע מען וועט דארפען מאכען, וועלען בלייבען הענגען אין דער לופטען און אפילו ווערען מסופנדיג פאר אונז, ווען זיי וועלען נישט האבען אין זינען דעם מענשלאכען כלל. אלע נאציאנאלע רעפארמעס זענען נאר שטיקלאך פון רע־פארמעס, נאר נישט קיין האלבע מיטלען, בעת עס רעדט זיך דערפון, ווי אזוי מען זאל איינהאלטען די וועלט, וועלכע קייקעלט זיך בארג אראפ אין כף הקלע אריין, זענען די האלבע מיטלען מיט זייערע מוראדיגע קליינקעפעלדיגקייט און שמאלקייט פשוט צום לא־כען, נאר נישט קיין האלבע מיטלען, ווייל עס זענען נישט דא קיין האלבע אמת׳ן, טו אלץ — אדער דו ווערסט גאר נישט טון, דערלאז נישט, אז די גיזעלשאפטלאכע שינוים זאלען גימאכט ווערען פון די קיניגע, דאס איז זעהר א חשובער ענין, אפשר דער חשובסטער, אלע די ליבעראלע אויפטואונגען פון די תקיפים, וועלכע האבען גיבראכט די וועלט אין דעם מצב, אין וועלכען זי געפינט זיך איצט זענען מעהר נישט ווי א קאמעדיע, דאס זענען אין תוך גירעדט מיטלען אבצוהאלטען דעם קומענדיגען פראגרעס, אויפצובויען דעם אלטען עבר הינטער א פארלאטעטען פאָרנט. הער זיך נישט צו צו די גרויסע ווערטער, וועלכע זיי זאגען, ווערטער, וואס זייערע אותיות טרעטען ארויס אויף דעם פארנט פון די גיבייען ווי

סקעלעטען. עס זענען פאראן אפיציעלע דערקלערונגען וואס זענען פול מיט די באגריפען פון פרייקייט און רעכט, און וועלכע וואלטען טאקע באמת גיווען שיין, ווען זיי וואלטען אויף אנ׳אמת גיזאגט דאס וואס זיי זאגען. אבער די וועלכע שטעלען זיי צונויף לייגען נישט אריין אין די ווערטער דעם פולען און ריכטיגען מיין. זיי זענען נישט מסוגל צו פארשטעהען, דאס וואס זיי זאגען ארויס, א פשיטא שוין, אז זיי זענען נישט מסוגל עס צו וועלען. דער איינ־ציגער קלארער סימן, וועלכער ווייזט אן אויף דערויף, אז די אידעען און גידאנקען שטעהען נישט אויף א י י ן ארט, נאר אז זיי אנטוויק־לען זיך ווייטער, איז די עובדא, אז עס זענען דא אזוינע זאכען, וועלכע מען דערוועגט זיך שוין היינט נישט, נישט ארויסצוזאגען בפומבי. דאס איז אלץ. פון אויבען אויף דוכט זיך אויס, אז עס זענען דא אסך פארטייען, אז עס שוויבעלט און גריבעלט פון פאר־טייען, אבער אין דער אמת׳ן זענען פאראן מעהר נישט ווי צוויי פארטייען: קאנסערוואטארען און דעמאקראטען. איטלאכער פאלי־טישער אקט מוז סוף כל סוף דערפיהרען צו דער איינער אדער דער אנדערער פארטיי. אלע מנהיגים פון דער פאליטיק און די פני פונ׳ם גיזעלשאפטלאכען לעבען האבען אלעמאל די נטיה צו רעאק־ציע. פארלאז זיך אויף קיינעם נישט און זיי וויסען, אז ווען געוויסע מענשען זאגען ארויס א געוויסע מיינונג, איז דאס אליין שוין גינוג, אז דו זאלסט אין דערין מסופק זיין. ווען די אלטע רעפובליקאנער, וואס האבען שוין קיין שום טעם נישט נעהמען דיין עסק אין זייערע הענט אריין, מעגסט דו בטוח זיין, אז דאס איז נישט צוליב דיין טובה. זיי פול מיט חשד ווי א לייב. לאז נישט ארויס פון אויג די פשטות און די פראסטקייט פון דער נייער וועלט. דער גיזעלשאפטלאכער אמת איז פשוט. אלץ וואס איז פארפלאנטערט שטעהט מחוץ פונ׳ם גי־זעלשאפטלאכען אמת. דאס פארפלאנטערטע — דאס איז די אנזאמ־לונג פון טעות׳ן אין דעם משך פון לאנגע דעספאטען־פאראזיטען־און אדוואקאטען־תקופות. מיט דער מינוט, ווען דו וועסט עס פאר־שטעהען, וועלען דיר קלאר ווערען דיינע התחייבות׳ן און דער אופן, אויף וועלכען דו דארפסט זיי דערפילען. ווער עס וויל דערגעהען

דעם אמת ביז צו זיין שורש מוז אלץ פארשטעהען אויף א פשוטען אופן. דער גלויבען איז פראסט און פשוט בתכלית הפשטות, אויב נישט איז מען א פארפאלענער מענש. לאך זיך אויס פון אלע פיינע און איידעלע סברות, פון אלע יענע אונטערשיידען, וועלכע עס מאכען די ריידנערס און די ספעציאליסטען. זאג אויפ׳ן קול בפומבי: אט אזוי איז דאס; און דערנאך: אט אזוי באדארף עס צו זיין. צו דער דאזיגער פשטות וועסט דו, דו וועלט־פאלק, קיינמאל נישט קומען, אויב דו וועסט זי נישט נעהמען אליין אין די הענט אריין, אויב דו ווילסט זי האבען, טא מאך זי אליין, און ווארט נישט אויף אנדערע. און איך גיב דיר דעם ווינשפינגערל, מיט וועלכען דו וועסט עס דערגרייכען, איך גיב דיר דעם אויסטערלישען כשוף־ווארט: דו קאנסט עס באווייזען! כדי צו באקומען א קלארע השגה פון אלע פאסירונגען, מוז מען דערגעהען ביז זייערע סאמע ווארצלען, מען מוז דערגעהען ביז די סאמע לעצטע צווייגלאך פון די דאזיגע ווארצלען. דער שיינסטער אויפטו פונ׳ם מענשלאכען שכל — איז דער אבראמען מיט אלע באגריפען און השגות, וואס זענען גיקומען צו איהם פון דרויסען, און דער אויסגראבען פון די אייביגע יסודות, וועלכע ליגען פארשאטען אונטער א הויפען פארבלענדענישען. און אז דו וועסט געהען אויף דעם דאזיגען דרך, וועסט דו דערזעהען אז דער גיזעץ פונ׳ם מוסר ליגט אין דער התחלה פון אלע מעשים, און יושר און גלייכקייט וועלען זיך אנטפלעקען פאר דיינע אויגען שיין ווי דער טאג. גישטארקט דורך די דאזיגע העכסטע פשטות שטעל זיך אויף און זאג: איך בין דאס פאלק פון די פעלקער, דאס וועלט־פאלק, און בין אויף אזא אופן דער קיניג איבער די קיניגע. איך וויל, אז פון היינט אן זאל די אויבערהארשאפט און די ממשלה ארויסגעהען נאר פון מיר באשר איך בין די מאכט און דאס רעכט. איך וויל נישט מעהר קיין דעספאטען, מעגען זיי זיין גרויס אדער קליין, מעגען זיי אנערקענט ווערען אדער נישט. איך ווייס און פארשטעה, און איך וויל מעהר נישט וויסען פון די אלע דאזיגע זאכען. די נישטפולע באפרייאונג פונ׳ם יאהר 1789 איז פארשוועכט גיווארען דורך די קיניגע און די מאָנאַרכיעס, אבער די קיניגע און

די מאנארכיעס וועלען פארשוועכט ווערען פון די קומענדיגע פולע באפרייאונג. מיין נישט אבער, אז קיניגע און שררות זענען נאר די, וועלכע געהען ארום אין די הויפען, באפוצט מיט פליטערלאך. גע-וויס, די פעלקער, וועלכע האבען איבער זיך א מלך, פארמאגען א סך מעהר טראדיציעס און זענען מהאי טעמא מעהר גיבונדען איידער די אנדערע. עס זענען אבער אויך פארהאן אזוינע מדינות, וואו קיין איינציגער מענש האט נישט דאס רעכט זיך אויפצושטעלען און צו זאגען: „אט דאס איז מיין פאלק, דאס איז מיין חיל", און נישט קוקענדיג אויף דערויף, שפינען זיי ווייטער דעם פאדים פון דער טראדיציע נאך מיט מעהר זיכערקייט איידער די אנדערע און פאר־פעסטיגען איהם אינ׳ם גיזעלשאפטלאכען לעבען. עס זענען אויך פארהאן אזוינע מדינות, וואו עס שווימען ארויף ווען נישט ווען גרויסע דעמאקראטישע מנהיגים — אבער כל זמן דער גאנצער סדר פון דער גיזעלשאפט וועט נישט איבערגיאנדערשט ווערען, ווע־לען די דאזיגע מנהיגים גארנישט קאנען אויפטון און פון זייערע שיינע און הויכע צילען וועט זיך גאר נישט אויסלאזען, ווייל זיי וועלען בלייבען אבגיזונדערט און נישט געפינען קיין אבקלאנג אין זייער סביבה. ווען עס רעדט זיך פונ׳ם פראגרעס, וועלכע איז אזוי נויטווענדיג, זאלסט דו נישט קוקען אויף אלע יענע יסודות, פון וועלכע עס שטעלט זיך צונויף די אלטע גיזעלשאפט. די מנהיגים פון דער אלטער גיזעלשאפט האלטען זיך אלע פעסט אין איינעם, אסך פעסטער, ווי דו קאנסט זיך עס פארשטעלען. זיי האלטען זיך צונויף דורך די אלטע מאשינע פון די קאנצעלאריעס, די דיפלאמא־טישע שליחות, די צערמאניעס מיט זייער גאנצען קנאק, און אפילו ווען זיי האלטען מלחמה איינע מיט מיט די אנדערע, זענען זיי דאך אלע אויסגיבונדען און פארקניפעלט מיטאנאנד דורך א קשר של קימא. און פון דעם דאזיגען קשר ווילסט דו דאך מעהר נישט וויסען. צו־ברעך די קייט, מאך א סוף צו דעם יחוס און די פריווילעגיעס און זאג, אז עס זאל ווערען גלייכקייט אויף דער וועלט. א י י ן מענש איז אזוי פיל ווערט ווי דער אנדערער. מיט אנדערע ווער־טער — קיין מענש פארמאגט נישט א יחוס, וועלכער זאל איהם

ארויפשטעלען אויף א העכערע מדרגה איידער דעם אנדערען, און זאל איהם מאכען פאר א יוצא מן הכלל. די גלייכקייט פון וועלכע מיר ריידען דא איצט, איז די גלייכקייט פון א פרינציפּ, און באריהרט נישט יענע ריכטיגע און גיזעצלאכע אונטערשיידען וואס קומען ארויס פון א באזונדערע טואונג, פון א באזונדערען טאלאנט אדער פון א באזונדערע מאראלישע גרויסקייט. אזעלכענע אונטערשיידען מוז מען אבהיטען. די גלייכקייט איז שייך צו דעם מענשען אלס בירגער, אבער נישט צו דעם מענשען אלס מענש. דו באשאפסט דאך נישט קיין מענשען, דו קנעטסט דאך נישט אויס קיין באשאפענישען פון לעבעדיגען ליים, ווי גאט אין דער תורה, דו ברייגנסט נאר אריין א סדר אין דער גיזעלשאפט. דו מאכסט גיזעצען, און בנוגע צו דער טבע פונ׳ם יחיד, אויף וועלכער פארשיידענע דיינקער ווילען בויען, איז זי דאך אזוי אומקלאר, אזוי נישטבאשטימט און אומזיכער, און קיינער קאן נישט ארויסטראגען קיין באשטימטע החלטות אויף דעם סמך פון איהר. אין א גוט ארגאניזירטען קיבוץ באקומט די פּארזענלאכקייט פונ׳ם יחיד איהר ווערדע און א געוויסע מדרגה פון השכלה פון זיך אליין. אבער די נייע גיזעלשאפט וועט אין דעם אנהויב פון איהר אנטוויקלונג זיך נישט קאנען באגנוגענען מיט דער דאזיגער שיינער אנארכיע. דער גידאנק פון דער גלייכקייט איז אזוי קלאר און באשיינפערלאך, אז קיין זאך וועט זי נישט קאנען פארבייטען. דער פּראלעטאריער, דער באדערפטיגער איז פיינער און איידעלער ווי אנ׳אנדער מענש, אבער הייליגער איז ער נישט. אין תוך גירעדט איז דער ארבייטער נישט מעהר און נישט וויינגער ווערט ווי איטלאכער אנדערער עהרלאכער מאן. אבער די ארימע־לייט, די באדערפטיגע, די״ וואס ווערען באגזלט און עקספּלאָאטירט, זענען אויף דער וועלט אנדערטהאלבען מיליארד. זיי פארטרעטען דאס רעכט, ווייל זיי זענען די מאסען. דער גיזעץ פון מוסר איז די פאדערונג פון דעם, אז דער כלל־אינטערעס זאל דערפילט ווערען. דער גיזעץ פון מוסר פארלאנגט פון תמיד אן, אונטער פארשיידענע פארמעס און נוסחאות, אז די יחידישע אינטערעסען זאלען באגרעניצט ווערען איינע דורך די אנדערע, ד. ה. אז אויב די אינטערעסען פון

איין איינציגען יחיד שטעהען אקעגען די אינטערעסען פון עטלאכע, מוז דער דאזיגער יחיד מותּר זיין אויף זיין אייגענעם נוצען צוליב דעם נוצען פון די עטלאכע, און דאס אייגענע מוזען די עטלאכע טון בנוגע צו די אינטערעסען פון א כלל. דער רעפּובליקאנישער גידאנק איז די גיזעלשאפטלאכע פארם פון דעם מוסר־גיזעץ. ווער עס פארזינדיגט זיך קעגען דעם רעפּובליקאנישען גידאנק, פארזינדיגט זיך אין דער אייגענער צייט קעגען דעם גידאנק פון מוסר. אין גיזעל־שאפטלאכען פרט דארפען די ווייבער האבען די אייגענע פראוועס ווי די מאנזבילען, באשפּעניששען, וועלכע שטראהלען פון זיך ארויס ליכטיגקייט זענען נישט באשאפען גיווארען נאר צוליב דעם, כדי אוועקצוגעבען אדער אוועקצושיינקען די ווארימקייט פון זייער גוף. עס איז מן היושר, אז די ווייבער זאלען העלפען טראגען די משא פון דער ארבייט, וועלכע ליגט אויפ׳ן גאנצען כלל, אז די ארבייט זאל פארטיילט ווערען גלייכער און הארמאנישער צווישען די יחידים. עס איז מן היושר, אז די ווייבער זאלען דורך זייער כוח העלפען טראגען דעם מענשלאכען גורל. אמת, אז דאס, וואס די ווייבער זענען אזוי להוט נאך אלץ וואס בלאנקט און גלאנצט, וואס זיי פארבען אלץ מיט זייערע אייגענע געפיהלען, און וואס זייערע מינדסטע אינוויינינגסטע באוועגונגען נעהמען באלד אן אנ׳אלגעמיינען כאראקטער — אז דאס אלץ איז א גרויסע סכנה. נאר ווי גרויס די דאזיגע סכנה זאל נישט זיין, איז דאך דער גאנצער שמועס וועגען זייער קליינקעפעלדיגקייט א בבא מעשה, א לעגענדע, א נעפּיל, וועלכען דו וועסט פאנאנדערטרייבען מיט איין מאך פון דיין האנד. עס איז דרך הטבע, אז זיי וועלען נתעלה ווערען, און עס איז אויך דרך הטבע, אז מיר דארפען האפען אויף דעם טאג, ווען די פּאליטישע און סאציאלע קייט פון דער פרוי וועט פאלען, און ווען די מענשלאכע פרייהייט וועט מיט אמאל פארטאפּעלט ווערען. דו, וועלט־פאלק, באגרינד די רעפּובליק איבער די רעפּובליקען, ד. ה. די בשותּפותדיגע הנהגה פון דער אויסענוויינינגסטער פּאליטיק פאר אלעמען אין די אויגען און איבער דער גאנצער אויבערפלאך פון דער ערד, וואו דו עטעמסט, די אלגעמיינע גיזעצען פון דער ארבייט,

פון דער פראדוקציע און פונ׳ם מסחר. דאס וואס אזוינע חשובע גיזעלשאפטלאכע ארגאניזאציעס ווערען פארטילט אויף פארשיידענע נאציעס און נאציאנאלע קיבוצים (די דאזיגע פארגרעסערונגען זענען אין תוך גירעדט פארקליינערונגען) איז אין גאנצען אנ׳אויסגיטראכטע׳ גימאכטע און קינצלאכע זאך׳ וואס מאכט אן שאדען. די אזוי אנ־גירופענע ענגע צונויפפארענישען פון נאציאנאלע אינטערעסען צו־שיטען זיך ווי שטויב׳ ווי נאר מען ריהרט זיך צו זיי צו׳ כדי זיי אויסצופארשען. א קיום האבען נאר די אינטערעסען פונ׳ם יחיד און דער אינטערעס פונ׳ם כלל. איך בין איך און מיר – דאס זענען די מענשען. כל זמן איין איינציגע רעפובליק וועט נישט פאראייניגען די גאנצע וועלט׳ וועלען אלע נאציאנאלע באפרייאונגען זיין מעהר נישט ווי התחלות און צייכענס! דו וועסט אבנעהמען די כלי זיין ביי דעם פאטערלאנד פון איטלאכער מדינה׳ פאר דעם גידאנק פונ׳ם פאטערלאנד וועסט דו לאזען נאר אזוי פיל חשיבות און אזוי פיל באטייט׳ וויפיל עס פארדינט אין דער אמת׳ן׳ דו וועסט אָבּראַמען מיט אלע מיליטערישע גרעניצען און אין איינעם מיט זיי אויך די עקאנאמישע און גישעפטלאכע גרעניצען׳ וואס זענען ערגער פאר די ערשטע. דער פראטעקציאניזם׳ די פאליטיק פון באשיצען די אינדוסטריעלע און סוחרישע אינטערעסען אין א מדינה דורך הויכע צאָלען׳ איז א מניעה פאר די אנטוויקלונג פון דער ארבייט׳ ער טראגט אריין א מאמענט פון גראבער מאכט אין די דאזיגע אנטוויקלונג. אין איהם שטעקט דעם סם המות פונ׳ם מיליטאריזם. דו וועסט אבראמען מיט אלץ וואס דער יחיד רופט אן גניבה׳ גזילה און רציחה׳ און וואס קריגט א הכשר ביי דער נאציע. דו וועסט מאכען א סוף צו אלע סכסוכים׳ נישט אזוי פיל דורכדעם׳ וואס דו וועסט קעגען זיי אננעהמען מיטלען׳ וויפיל דורכדעם׳ וואס דו וועסט עוקר מן השרש זיין זייערע סיבות. ווארום אומעטום וועסט דו דאך ארבייטען מיט דיין אייגענעם כוח און מיט דיינע אייגענע קלארע בארעכענונגי. דו וועסט דאך נישט געהען מלחמה האלטען מיט זיך אליין. די וועסט זיך נישט שרעקען פאר די קלויסטערס מיט זייערע אלטע ניגונים. דיין גרויסער שכל וועט צושטערען יענעם געצקע׳

וועלכער האט דערשטיקט די וואס גלויבען אין איהם. דו וועסט זיך פארנייגען פאר די פאהנען צום לעצטען מאל. דו וועסט זיך גיזעגענען אויך אייביג מיט יענער אלטער התפעלות, וואס האט פארוויגט די יונגעלש־נארישע נשמות פון דיינע עלטערזיידעס. צווישען די אומגליקען פונ׳ם עבר פלעגען זיך פארבלאנזען ווען נישט ווען א פאר שיינע מינוטען. אבער דער אמת איז גרעסער, און די ערד איז פונקט אזוי ווייניג באגרעניצט ווי דער ים! איטלאכעס פאטערלאנד וועט זיין א רוחניותדיגער, נישט קיין גשמיותדיגער כוח. בעת גשמיותדיגע כוחות טרעפען זיך צונויף שטויסען זיי זיך אב איינע פון די אנדערע; בעת אבער רוחניותדיגע כוחות טרעפען זיך צונויף, פאראייניגען זיי זיך. די וועלט־רעפובליק איז דער נויט־ווענדיגער פועל־יוצא פון דער גלייכקייט, פון דעם גלייכען רעכט, וואס אלע האבען אויף דאס לעבען. געהט מען ארויס פונ׳ם בא־גריף פון דער גלייכקייט מוז מען קומען צו דעם פאלקס־אינטער־נאציאנאל, און אויב מען קומט נישט, איז דאס א סימן, אז מען דרינגט נישט ריכטיג און אז מען געהט אראב פונ׳ם דרך הישר. די, וואס געהען ארויס פון היפכדיגע גידאנקען, ווי דהיינו גאט, דעם געטלאכע רעכט פון די פויבסטען, פון די קיניגע און דער אריסטאקראטיע, דעם אויטאריטעט און דער טראדיציע קומען אויף משונהדיגע וועגען צו היפכדיגע מסכנות. אבער די לאגיקע איז א ריכטיגע. דו טארסט נישט ארויסלאזען פון זינען די עובדא, אז מיר האבען צו טון נאר מיט צוויי שיטות. אלץ דארף אבגעבען דין וחשבון פאר דעם שכל, דעם העכסטען שכל, וועלכען די מענשען האבען פארגעטלאכט און ארויפגיהויבען אין דעם הימעל, ווייל זיי האבען גיהאט קראנקע אויגען און די ראיה איז ביי זיי גיוועזען קאליע. דו זאלסט מאכען א סוף צו דעם רעכט פון די גישטארבענע, צו דעם רעכט, לויט וועלכען עס קאנען איבערגעהען בירושה וועלכע נישט איז פולמאכטען. דאס רעכט אויף ירושה איז אנ׳אומגירעכטיגקייט, דאס איז א פארברעך קעגען די ארדענונג פון דער ארבייט און דער גלייכקייט. אט דא שטעקט די גאנצע טראדיציע. די ארבייט איז א גרויסע גיזעלשאפטלאכע

טואונג, וועלכע דארף פארטיילט ווערן צווישען אלע מענשען, סיי מאנזבילען סיי ווייבער, אויב זיי ווילען נישט שטעלען זייער לעבען אין א סכנה. דורך די דאזיגע פארטיילונג וועט די ארבייט צוגעמאסטען ווערען צו איטלאכען איינציגען יחיד לויט זיינע כוחות און מעגליכקייטען און עס וועט נישט קומען דערצו אז די ארבייט זאל אין גאנצען איינשלינגען א מענשען. דו זאלסט נישט דערלאזען אז מלוכות זאלען האבען קאלאניעס אין וועלכע נישט איז פרעמדע מדינות. אזוינע קאלאניעס ווארפען א שאטען אויף דער וועלט־קארטע און עס איז אוממיגלאך צו געפינען א הכשר פאר זיי מצד השכל. דו זאלסט אויסווארצלען די דאזיגע קהלשע פארשקלאפונג. דער אייגענטום פונ׳ם יחיד, ווען ער לעבט נאך, זאל בלייבען, וויל ער געהט נישט אנטקעגען דעם יושר. דער מצב און די תנאים פון אונזער לעבען פאדערן איהם, און עס זענען דא אזוינע פאלען, וואו עס איז גאר נישט מיגלאך אבצוזונדערן דעם רעכט אויף אייגענטום פונ׳ם רעכט גופא. און אחוץ דעם איז די צוגיבונדענקייט צו באשטימטע זאכען אזוי שטארק ווי די צוגיבונדענקייט צו לעבעדיגע באשעפענישען. דער ציל פון דער גיזעלשאפטלאכער ארגאניזאציע איז נישט אויסצוווארצלען די געפיהלען, נאר פארקעהרט — געבען זיי די מעגלאכקייט צו בליהען און צו אנטוויקלען זיך, אויב זיי פארטשעפען נישט די אינטערעסען פון די אנדערע. עס איז מן היושר, אז מען זאל הנאה האבען פון דעם, וואס מען האט כשר פארדינט מיט זיין הארעוואניע. פאר די אלטע ארדענונג איז דער דאזיגער גידאנק א קללה. טרייב ארויס די שלעכטע לעהרערס פון די הייליגע לעהרהייזער פאר קינדער. די לימודים אין די דאזיגע לעהר־הייזער מאכען ביסלאכווייז איבער די גאנצע ציוויליזאציע און שטעלען זי אוועק אויף נייע יסודות. די נשמה פונ׳ם קינד איז א טייערע און ציטריגע זאך, און אלע זענען מחויב זי צו היטען ווי דאס אויג פונ׳ם קאפ. די נשמה פונ׳ם קינד איז א ליידיגי, אומבאשריבען בלעטעל, און די עלטערן האבען גאר נישט דאס רעכט אנצושרייבען אויף דעם דאזיגען בלעטעל אלץ וואס זיי פארגלוסט זיך. זיי האבען נישט

דאס רעכט אויף אזא מין פרייקייט, וואס שטעהט אין סתירה צו איטלאכער אמת׳ער פרייקייט. דאס קינד גיהערט נישט מיט זיין גוף און זיין נשמה די עלטערן. דאס קינד איז א מענש פאר זיך. עס ווערט פריקרע צו הערען, בעת עלטערן זאגען למשל פון זייערע אין דער מלחמה גיפאלענע קינדער: ״איך האב אוועקגיגעבען מיין זון״. דאס איז אנ׳איבערבלייבעניש פון די אלטע דעספאטישע רוימישע טראדיציעס. דאס קלינגט ווי א חילול השם. מען גיט נישט אוועק קיין לעבעדיג באשעפעניש, און דער דיינקען פון א מענשען גיהערט קודם כל דעם שכל. א סוף זאל ווערען צו אלע יענע לערנהייזער, וואו מען לערנט עבודה זרה, וואו די נשמות פונ׳ם יונגען דור וואקסען אויף אונטער דעם פחד פאר א גאט, וועלכער איז נישט בנמצא, און אין וועלכען עס גיסען זיך צונויף אזוי פיל שלעכטע מעשים; זעהר אפט קריגען זיי פון איהם א הכשר. א סוף זאל ווערען צו אלע יענע לערנהייזער, וואו עס ווערט גילערנט די טראדיציע פון א פאטריאטישער פילגעטעריי, וועלכע טאר נישט עקזיסטירען. א סוף זאל ווערען צו אלע יענע לערנביכער, וואו עס ווערען באפוצט מיט א מין קרוין פון גרויסקייט און העלדישקייט די מיאוסטע מעשים פונ׳ם עבר. די לימודים בנוגע צו דעם דאזיגען עבר מוזען זיך אויף להבא באגרעניצען מיט דער אלגעמיינער געשיכטע, מיט יענע גרויסע ליניעס און הויכע שפיצען, יענעם צונויפמישעניש פון ליכטיגקייט און פינסטערניש, פון וועלכען עס ווערט צונויפגישטעלט די אוואנטורע פון 200 מיליארדען מענשען אין א משך פון 6000 יאהר. דערלאז נישט, אז דאס דינען פון גאט זאל זיך אבשפילען אין א רשות הרבים, פאר אלעמען אין די אויגען. זאלסט אראבציהען פון די גלחים זייערע שווארצע קיטלען. אויב עמיצער וויל גלויבען אין גאט, זאל ער באהאלטען זיין גלויבען ביי זיך, און די גלחים זאלען בלייבען ביי זיך אין דער היים, צווישען די פיער ווענט פון זייערע צימערס. סבלנות בנוגע צום פארבלענדעניש איז נאך א גרעסערע פארבלענדעניש. מען וואלט זיך שוין אפילו יא גיקאנט פארשטעלען אנ׳אפיציעלען גלויבען, וועלכער זאל מדריך זיין די מענשהייט מיט

חכמה׳ ווארום ישוע הנוצרי וועט דאך סוף כל סוף אויספיהרען מיט זיין תורה פון מענשלאכקייט׳ אויב עס וועלען נאר זיין נשמות אויף דער וועלט. אבער יענע׳ וועלכע האבען גינומען זיין מוסר אין זייערע הענט און גימאכט זייער אמונה׳ האבען פארסמט דעם אמת׳ און אחוץ דעם האבען זיי געוויזען באשיינפערלאך אין א משך פון צוויי טויזענד יאהר׳ אז די אינטערעסען פון זייער קלאס זענען ביי זיי גיווען וויכטיגער איידער דער הייליגער גיזעץ פון מעשים טובים. קיין ווארט׳ קיין ציפער איז נישט בכוח איבער־צוגעבען אל דאס בייז׳ וואס דאס אפיציעלע קריסטענטום האט אנגיטון די מענשען. אויב עס האט נישט אליין באַדריקט׳ גירודפט און אונטערגיהאלטען די פינסטערנישט מיט גיוואלט׳ האט עס אונטערגיהאלטען די באדריקערס און גיהייליגט מיט זיין אויטאריטעט זייערע פרעטענזיעס׳ און נאך עד היום איז עס ענג פארקניפעלט און אויסגיבונדען מיט אלע יענע׳ וועלכע ווילען נישט די ממשלה פון די ארימע קלאסען. פונקט אזוי ווי די שאוויניסטען סטארען זיך צו קריגען א הכשר פאר די מלחמה פון דער פאמיליע׳ איז זיך דער אפיציעלער קריסטענטום סומך אויף די פאעזיע פון דעם עוואנגעליום; אין דער אמת׳ן אבער איז עס גיווארען אנ׳אריסטאקראטישע פארטיי ווי אלע אנדערע אריסטאקראטישע פארטייען. איטלאכעס מאל ווען מען באצלמט זיך׳ איז אזוי ווי מען וואלט קריסטוסען גיגעבען א פאטש אין פנים. פון דער ליבשאפט און צוגיבונדענקייט צו דעם אייגענעם שטיקעל ערד האט מען גימאכט א נאציאנאליזם׳ און פון קריסטוסען האט מען גימאכט א יעזואיט.

נאר דער אינטערנאציאנאל אליין וועט זיין ביכולת אויסצו־ווארצלען אלע יענע אלטע׳ פארהארטעוועטע עולות וועלכע פאר־פלאנטערן און פארפעסטיגען די נאציאנאלע מחיצות. דער דאקומענט מיט די מענשלאכע רעכטען פון די קומענדיגע צייטען וועט זיך סומך זיין אויף די גרויסע מאראלישע פרינציפען׳ וועלכע וועלען באקומען זייער ריכטיגען פלאץ׳ און אויף די מאסען׳ וועלכע וועלען אויך באקומען זייער ריכטיגען פלאץ. דער דאזיגער דאקומענט פון

להבאי וועלכער ווייזט שוין איצט ארויס שוואכע סמנים׳ וועט צווינגען די צייטונגען אנצוערקענען זיין גאנצע מאכט· דורך א פשוטע און קלארע שפראך וועט ער פאריינינגען אלע אויסלענדער און פרעמדע מענשען׳ וועלכע ווערען איצט פארשקלאפט פון זיך אליין· ער וועט עוקר מן השרש זיין יענעם מיאוסען פלאנטער׳ וואס גיוועלטיגט איצט אין די בית־דין׳ס פון דער מלוכה מיט דער מחנה אדוואקאטען׳ וועלכע טראגען אריין א מין דיפלאמאטיע און מעלאדראמאטישע מיטלען פון מגידות און בארעדעוודיגקייט אין דעם פשוטען און קלארען אפאראט פונ׳ם רעכט· אויף דער לאגיק פונ׳ם פסק־דין ליגט דער אבשיין פון א מלכות׳ און ווען ער פארמשפט א שולדיגען׳ כדי אנצושרעקען די מיגלאכע רשעים (אנ׳אנדער ציל טאר ער נישט האבען)׳ שטעהט ער העכער פאר דער מדת הרחמים· ער וועט צומאכען די שיינקען און וועט פארוועהרען צו פארקויפען דעם סם־המות פונ׳ם אלקאהאל· ער וועט צובינדען די הענט ביי די קרעמערס און שיינקערס׳ וועלכע ווילען צושטערען די שיינקייט פונ׳ם עתיד און די ממשלה פונ׳ם גייסט ביי די מענשען און באַזונדער ביי די יונגע לייט· און אט איז א באפעהל׳ וועלכען איך מאל מיר אויס אין מיין דמיון׳ אנ׳אייזערנער באפעהל׳ אויסגעקריצט אויף א פעלזען׳ א הארטער גיזעץ׳ וועלכער דארף אומברחמנותדיג טרעפען אלע קהלשע גנבים׳ סיי גרויסע׳ סיי קליינע׳ סיי אפענע אדער באהאלטענע׳ אלע יענע וועלכע נוצען אויס זייערע שטעלעס אדער זייער מלאכה כדי צו מאכען א גישעפט פון אומגליקען׳ צרות׳ נויטען און באדערפענישען· ער דארף באשאפען א נייע לייטער מיט שטאפלען — א שטאפעל־לייטער פון פארזינדיגונגען׳ עולות און פארברעכען· דאס וועט זיין די ריכטיגע שטאפעל־לייטער· מען קאן איצט גאר קיין השגה נישט האבען פון דער גאנצער שיינקייט׳ וואס קאן ארויסוואקסען ביי דער נייער ארדענונג! מען קאן איצט גאר קיין השגה נישט האבען פון אל דאס גוטס׳ וואס עס קאנען געבען די ביז אהער לאבוד גיגאנגענע אוצרות; פון אל דעם׳ וואס עס קאן ברייגנען מיט זיך די אויפלעבונג׳ די תחית המתים פון דעם מענשלאכען שכל׳ וועלכער האט ביז אהער גיבלאנזעט אויף

פאלשע וועגען׳ וועלכער איז ביז אהער דערשטיקט גיווארען דורך די גימיינע פארשקלאפונג׳ דורך די נידעריגע נויטווענדיגקייטען פון מלחמות און דורך פארשיידענע פריווילעגיעס׳ וועלכע פארקליי־נערען די ווערדע פון די אמתע מעלות און די אמתע אויפטאונגען. מען קאן איצט גאר נישט משער זיין׳ וואס דער מענשלאכער שכל קאן א מאל געפינען׳ די לחלוטינדיגע ממשלה פונ׳ם פאלק וועט באקרוינען די ליטעראטור און די קונסט מיט א אומבאגרעניצטען גלאנץ. ביז אהערצו זענען דערווייל נכר נאר שוואכע סימנים פון זייער סימפאנישער גישטאלט. די נאציאנאלע גרופּעס אנטוויקלען נאר עם־הארצות און קליינקפּעלדיגקייט; זיי טויטען אב די אריגי־נאליטעט׳ און די נאציאנאלע אקאדאמיעס׳ פאר וועלכע מען האט נאך דרך ארץ׳ מחמת מען איז נאך איינגיטונקט אין פארשיידענע זאבאבאנעס׳ זענען דאך נאר מיטלען אויף אונטערצוהאלטען חורבות. די גיוועלבען פון די אינסטיטוטען׳ וואס מאכען פון דער נאהענט אזא גרויסען רושם׳ זענען דאך אין דער אמתן געגליכען צו יענע מעטאלענע היטעלאך׳ מיט וועלכע מען פארלעשט ליכט. מען דארף ברייטער מאכען׳ אינטערנאציאנאליזירען אהן אנ׳אויפהער אלץ וואס לאזט זיך נאר. מען דארף איינווארפען די גראטעס און די מחיצות׳ וועלכע צאמען אב די פארשיידענע טיילען פון דער גיזעלשאפט פונאנאנד׳ אריינטראגען אהין ליכט׳ לופט׳ און פריי מאכען דעם אויסקוק. מען דארף פריי מאכען דעם וועג׳ וועלכער פיהרט דעם יחיד צו דער מענשהייט׳ און וועלכער איז ביז אהער גיוועו פארווארפען מיט טויטע קערפּערס׳ מיט נבלות פון גידאנקען און מיט שטיינערנע מצבות. דאס דארף מען טון נישט ראפּטום׳ נאר בהתמדה׳ מיט אויסגיהאלטענקייט און העלדישקייט אין דער קליינער און פראסטער ארבייט׳ און אלץ אוועקשטעלען אויף א פשוטען דרך. אויף דער גאנצער וועלט איז נאר פארהאן איין פאלק׳ איין פאלק איז נאר פארהאן אויף דער גאנצער וועלט!

אויב דו וועסט דאס טון׳ אויב דו וועסט צונויפנעהמען אלע דיינע כּוחות און זיי אנשטעלען אויף איין איינציג פּינטעל׳ מעגסט דו זיין בטוח׳ אז דו וועסט ארויסראטעווען די מענשהייט׳ אויף

אזוי ווייט, אויף ווי פיל מען קאן בכלל ראטעווען די מענשען אין אונזער וועלט. דעם גליק וועסט דו נישט ברייגגען, יענע פאלשע חכמים וועלען אונז נישט אנשרעקען דורכדעם, וואס זיי פארשפרייטען דעם גידאנק פון פארגליווערונג און יאוש אונטער דעם אויסרייד אז קיין גיזעלשאפטליכער שינוי איז נישט בכוח צו געבען דעם מענשען גליק, און שפילענדיג זיך מיט די דאזיגע טיפע זאכען, גליק איז א טייל פון דעם אינעווייניגסטען לעבען: דאס איז לחלוטין א פארזענלאכער גן־עדן; דאס איז א בליץ וואס לויכט אויף על פי מקרה אדער רייסט זיך ארויס פון די טיפענישען פון אנ׳אויסטערלישען גייסט; גליק ווערט גיבארען שטילערהייט צווישען מענשען, וועלכע באריהרען זיך. גליק איז אויך דער געפיהל פון גרויסקייט און העלדישקייט. ניין, גליק ליגט נישט אין דיין רשות; ליעגט אין קיינעמ׳ס רשות נישט. אבער אנ׳אויסגעגליכענעס און אנ׳אבגעהיטע לעבען איז נויטיג פאר דעם מענשען, כדי ער זאל קאנען אויפבויען דאס אבגיזונדערטע הייזעל פונ׳ם גליק, און דער טויט איז די שרעקלאכע באריהרונג צווישען אונזערע טיפענישען און די פאסירונגען, וועלכע געהען אוועק. די אויסענווייניגסטע און די אינעווייניגסטע זאכען גיהערען צו צוויי פארשיידענע מהות׳ן, אבער זיי ווערען צונויפגיהאלטען דורך דעם שלום און דורך דעם טויט.

אויב דו וועסט פארענדיגען די גרויסע פראקטישע מלאכה, דעם גרויסען פראקטישען אויפטו, וועלכע שטעהען פאר דיר, אויב דו ווילסט אויפבויען, ארויסקנעטען פון דער היינטיגער גיזעלשאפט דעם גיבייי פון דער צוקונפט, אזוי ווי דער בילדהויער קנעט ארויס פון דעם ליים זיינע פיגורען, זאלסט דו נאר נישט האפען אויף די אוממיגלאכע שינויים פון דער מענשליכער טבע, און פארלאז זיך נישט אויף דעם געפיהל פון רחמנות. רחמנות גיהערט צו די באַזונדערע רעכטען, וועלכע דארפען אויפהערען צו עקזיסטירען, און אחוץ דעם — אזוי ווי מען קאן נישט האָלט האבען קיין פרעמדע, אומבאקאנטע מענשען, אזוי קאן מען אויף זיי נישט רחמנות האבען. דער מענשלאכער גייסט איז באשאפען גיווארען פאר די אומענדלאכקייט.

דאס מענשלאכע הארץ נישט· אויב עס געפינט זיך א מענש· וועלכער פיהלט בפועל ממש די יסורים פון פרעמדע, אומבאקאנטע באשעפענישען, וועלכער שפירט זיי נישט דורכ׳ן שכל, נאר מיט׳ן הארץ, איז דאס א יוצא מן הכלל, אנ׳אויסטערלישע־נערוועזער, נישט נארמאלער מענש, פון וועלכען די אנדערע קאנען זיך גאר נישט אבלערנען. די לאגישע סתירות, וועלכע מוטשענען דעם שכל, באפרוכפערן מעהר· די גיזעלשאפטלאכע וויסענשאפט, איז א מין געאמעטריע, זי איז א מאטעמאטישע וויסענשאפט. דאס ווארט הומאניטאריזם טאר נישט האבען קיין סענטימענטאלען באטייט· ברידערלאכקייט און ליבע זענען פוסטע דיבורים· די דאזיגע ווערטער ווערען אן אין גאנצען זייער באטייט צווישען די גרויסע צאהלען. אט דא אין דער דאזיגער מטושטשדיגער צונויפמישעניש פון געפיהלען און גידאנקען פיהלט זיך די אוטאפיע· דער בשותפותדיגער אינטערעס איז א זאך, וועלכע קעהר זיך אן מיט׳ן שכל· לאגיקע, שכל הישר אויסגיהאלטענקייט· פעסטע ארדענונג, אומברחמנותדיגע פארפול־קאמונג – בקיצור קלארקייט!

איך בין אזוי גיווען פארטון אין מיינע גידאנקען, און מיט אזא ברען, אז איך האב נישט געפיהלט, ווי איך האב פון די טיפענישען פון מיין אבגרונד ארויסגירעדט די דאזיגע ווערטער אויפ׳ן קול אין דער ארומיגער שטילקייט· צו מיין שטילען חלום איז צוגיקומען די הויכע שטים אזוי ווי אין דער נייעטער סימפאניע· איך האב זיך אנגישפארט אן פענסטער· איך באטראכט די נאכט, וועלכע איז אומעטום און וועלכע באריהרט מיך, הגם איך בין מעהר נישט ווי איך, און זי איז די אומענדלאכע נאכט· מיר דוכט זיך, אז אחוץ מיינע איצטיגע גידאנקען, האב איך שוין נישט וועגען וואס צו קלערען· די גידאנקען האלטען זיך צונויף; זיי וועלען זיך באפרייען איינע די אנדערע און וועלען שוין געפינען זייער ארדענונג·

אבער פלוצים באפאלט מיך איינער פון מיינע גרעסטע שרעק· איך האב מורא, אז די מאסע וועט זיך באפרידיגען מיט נישט קיין פולע און פארענדיגטע הנחות, וועלכע מען וועט איהר אומעטום געבען · · · זיי וועלען אנווענדען זייער גאנצען פארעקשנטען און

בארעכענטען כוח, כדי נישט דערלאזען דערצו, אז דאס פאלק זאל פארשטעהען, און אז עס זאל וועלען. אין דעם טאג פונ׳ם נצחון וועלען זיי איהם איינשיכורן און פארבלענדען; זיי וועלען איהם אריינלייגען אין מויל אריין כמעט איבערמענשלאכע אויסרופען, דהיינו: „מיר האבען באפרייט די מענשהייט, מיר זענען די סאל־דאטען פונ׳ם רעכט!" זיי וועלען בודאי נישט מאכען דעם מינדסטען פרווו איהם געבען צו פארשטעהען, וויפיל חשיבות, וויפיל שעפע־רישער גייסט, וויפיעל אומבאגרעניצטע התחייבות׳ן עס ליגען אין אזא מין אויסרוף, וויפיל אבשיי פאר די גרויסע פעלקער, ווער זיי זאלען נישט זיין, און וויפיל דאנקבארקייט פאר די, וואס סטארען זיך צו באפרייען עס שטעקט אין אזעלכע ווערטער. זיי וועלען זיך ווידער א נעהם טון צו זייער אייביגע שליחות, וועלכע באשטעהט אין דעריינען, טעמפ צו מאכען די באוואוסטזיניגע כוחות און זיי אב־צוקעהרען פון זייערע צילען. זיי וועלען ווידער ריידען פון אחדות, פון שלום, פון גידולדיגקייט, פון בההדרגותדיגע שינויים, פון דער סכנה, וועלכע עס ליגט אין א צו שטארקען טראט חס ושלום, פון דעם, אז מען טאר זיך נישט אריינמישען אין דעם שכן׳ס גישעפטען, און פון נאך אזעלכענע פאלשע פשעטלאך. זיי וועלען פרווען אויס־צולאכען און צו דערשלאגען אלע יענע, וועלכע זייערע גידונגענע צייטונגען רופען אן בעלי־חלומות, סעקטאנטען און בוגדים; זיי וועלען ווידער ארבייטען מיט זייערע אלטע מיטלען און אלטע קמיעות; זיי וועלען בלי ספק פארשלאגען א מין אפיציעלען פורים־שפיעל פון א מין אינטערנאציאנאלער גירעכטיגקייט, וועלכע וועט איינמאל פלוצים איינפאלען, ווי עס פאלען איין די באמאלטע ווענטלאך פון א צירק, א מין צוקאליעטשעטען מענשען־רעכט מיט א פאר קינדערשע באגרעניצונגען פון איין צד און משונהדיגע הנחות פון דעם אנדער צד. דאס אלץ וועט האבען א פנים פון די אבמאכונגען צווישען א חברה גנבים. דאס בייז, וואס מען וועט אויסווארצלען ביי מדינות, וואס זענען באוואוסט אלס דעספאטיש, וועט אויסוואקסען און פאנ־אנדערבליהען ערגיץ־אנדערש, אין פאלשע רעפובליקען און אין אזוי אנגירופענע ליבעראלע לענדער, וועלכע וועלען פיהרען

א פארבאהאלטענעם שפיל. טאמער וועלען זיי יא עפּעס נאכגעבען, וועט דאס זיין, כדי צו פארדעקען דעם אלטען פארפוילטען דעספּאטיזם. אויף דעם ארט פון א י י ן אימפּעריאליזם וועט קומען אנ׳אנדער, און די קומענדיגע דורות וועלען זיין גיצייכענט מיט דעם אייזען פון פארשקלאפונג. דו סאלדאט פון אומעטום, סאלדאט פון דער גאנצער וועלט! זיי וועלען פּרוּווען אויסצומעקען דיין גידעכעניש, אדער זיי וועלען פּרוּווען איהם אויסצונוצען צו זייערע צילען; טא גידיינק זשע, אז אויב דו וועסט פארגעסען דעם אמת, וועט דאס זיין דער ערשטער סימן פון דיין אומגליק! הלואי זאל דיר דער נצחון אזוי וויניג שאטען ווי די מפלה. דו שטעהסט העכער פאר זיי ביידען, ווייל דו ביסט דאס אמתע פאלק, דאס גאנצע פאלק.

דער הימעל איז באזייט מיט שטערן; די דאזיגע אחדות, וועלכע נעהמט ארום דעם שכל און פיהרט ארויף דעם גייסט אויף דעם וואונדערליכען גידאנק פון דעם קיבוץ — צי זאל ער אנפילען מיט האפענונג אבער מיט ספקות? מיר שטעהען ערב גרויסע, אויסטער־לישע פּאסירונגען. מיר מוזען וויסען, צו וועלען מיר זיך אויפכאפּען. מיר האבען מעהר נישט ווי איין איינציגע הילף: מיר ווייסען, פון וואס די נאכט איז גימאכט גיווארען. אבער צו וועלען מיר קאנען איבערגעבען אונזערע קלארע אמונה, בעת די אנזאגערס זענען אומעטום אין דער מינדערהייט און בעת די קרבנות אליין האבען פיינט און באטראכטען אלס א פאנטאזיע דעם איינציגען אידעאל, וועלכער איז לחלוטין קיין פאנטאזיע נישט! די גיזעלשאפטלאכע מיינונג, וועלכע שוועבט איבער דער אויבערפלאך פון די פעלקער, אנ׳אומבאשטימטע און א גיהארכזאמע צו יעדוועדעם קעהר פון דעם ווינד, און פון וועלכע דער ס׳רוב מענשען שעפּען זייערע דעות און זייער גיזעלשאפטלאכען באוואוסטזיין, באוואפענט זיך קעגען די אויסטרעטערס פון נייע וועגען; זי שרייט, אז מען איז מחלל אלע הייליגע זאכען, בעת מען ווייזט איהר אן אין איהרע אייגענע גי־דאנקען אזוינס, וואס זי אליין קאן נישט זעהען. זי שרייט, אז מען קאליעטשעט זי, בעת מען וויל זי פארגרעסערן און ברייטער מאכען. איך האב נישט קיין מורא פאר קיין רדיפות. אסך אנדערע האבען

מוראַ, און איך אַליין האָב אַמאָל דערפֿאַר געציטערט. כבוד איז ביי מיר לאו דוקא, און איך האַלט גאָר נישט פֿון איהם אַזוי שטאַרק. אָבער איך וואָלט נישט געוואָלט, אַז די מענשען, צו וועלכע איך קום, זאָלען מיך פֿאַרשילטען. פֿאַר וואָס? איך האָב דאָך נישט דער־ביי קיין פֿאַרזענלאַכע פּניות, און בין נישט אויסען מיין נוצען. דאָס איז דאָך מעהר נישט, ווייל איך בין בטוח אין דערין, אַז איך בין גירעכט. איך בין בטוח אין די פּרינציפּען, וועלכע איך זעה ביי די וואָרצלען פֿון אַלצדינג: יושר, רעכט, שכל הישר, גלייכקייט, אַלע יענע מענשלאַך־געטלאַכע אמת׳ן, וואָס זייער סתירה צו די היינט אַנגינומענע אמת׳ן איז אַזוי שרעקלאַך. איך וואָלט זיך גי־וואָלט ווענדען צו אַלעמען און זיי איבערגעבען די זיכערקייט, וועלכע פֿילט מיך אויס מיט אַ טראַגישע פֿרייד, איך וואָלט זי גיוואָלט איבערגעבען אַלס אַ באַפֿעהל און אַלס אַ בקשה. עס זענען נישט דאָ קיין עטלאַכע וועגען, ווי אַזוי צו קומען דערצו, עס איז דאָ נאָר איין איינציגער וועג: עהרלאַכקייט און פּשטות. נאָר אויף דעם דאָזיגען וועג קאָן מען פֿאַראייניגען דעם אמת מיט דעם לעבען. מען דאַרף אָנהויבען דעם פּלאַן פֿון דעם גיזעלשאַפֿטלאַכען אויפֿבוי, פֿאַר־לאָזענדיג זיך אויף דעם אומבאַגרעניצטען מוט פֿונ׳ם שכל. איך בין פּונקט אַזאַ מענש, ווי אַלע אַנדערע, אַ מענש, ווי איהר אַלע. אַט הערט איהר מיך און שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אָדער קוועטשט מיט די פּלייצעס — פֿאַר וואָס זאָלען מיר ביידע, מיר אַלע, זיין פֿרעמד איינער צום אַנדער׳ן, בעת מיר זענען אין תּוך גירעדט, לחלוטין נישט פֿרעמד איינער פֿאַר דעם צווייטען?

און פֿונדעסטוועגען גלויב איך אין דעם נצחון פֿונ׳ם אמת. איך גלויב אין די חשיבות — פֿון היינט אָן שטעהט זי מחוץ לספק — פֿון יענע עטלאַכע, אויף אַנ׳אמתן ברידערלאַכע מענשען, וועלכע שטעלען זיך אויף אין אַלע מדינות, און צווישען אַלע פֿעלקער, אין דעם גירודער פֿון דעם ווילד גיוואָרענעם, נאַציאָנאַלען עגאָיזם, און שטעהען פֿעסט אויף זייערע ערטער, אַזוי ווי יענע פֿון מירמעלשטיין אויסגיהאַקטע פּראַכטפֿולע בילדער, וואָס שטעלען פֿאָר דעם רעכט און דעם מוסר. היינטיגען אָוונד גלויב איך אין דערין, אַז די

נייע גיזעלשאפט וועט אויפגעבויט ווערן אויף דעם דאזיגען הייפעלע מענשען. איך בין כמעט ווי בטוח אין דערין. און אויב עס זאל אונז אפילו אויסקומען צו ליידען אהן א סוף, וועט דאך דער גידאנק נישט אויפהערען צו פולסירען און צו וואקסען, אזוי ווי עס הערט נישט אויף צו פולסירען דאס מענשלאכע הארץ. ערטערווייז הויבט זיך שוין אויף דער רצון, און צושטערען איהם קאן מען שוין נישט. די וועלט־רעפובליק וועט קומען. דער אינטערנאציאנאלער אמת וועט מקוים ווערען נישט קוקענדיג אויף די רעאקציעס, וועלכע געהען געשווינד פארביי, נישט קוקענדיג אויף די פינסטערניש און אויף די טערארס, און נישט קוקענדיג אויף די טראגישע שווערקייט, וועלכע ליגט אין דערין, וואס מען קאן נישט א הויב טון די גאנצע וועלט אויף א מאל. אבער אויך די גרויסע כוחות פון דער פינסטער־נישט ווערען פארט פארבלייבען עקשנותדיג אויף זייער פלאץ, אויב ־י וועלכע שרייען אויס דעם אמת וועלען שרייען אין דעם מדבר, טא רוף איך צו אייך, איהר פעלקער פון דער וועלט, איך רוף צו אייער יושר, איך רוף צו אייער כעס און גרימצארן; איהר זענט דאך די אייביגע קרבנות פון דער גימיינער און נידריגער געשיכטע. איך זעה אבער, ווי עס וועט אנקומען די גרויסע כוואליע און וועט פארפלייצען די בלוטיגע תליות, די ים־רויבער, די אונטערוואסערדיגע פעלזענס אין איינעם מיט די פאלאצען, וועלכע זענען גיבויט אויף דעם זאמד. אויב דער אמת איז רעוואלוציאנער, איז דאס מעהר נישט דערפאר, ווייל אין דער וועלט גיוועלטיגען אֻומארדענונג און פארבלענדעניש. רעוואלוציע איז בטבע ארדענונג.

# פנים אל פנים

**ד**ורכ׳ן פענסטער — די פענסטער זענען פאר מיר אפט גיווארען א מקום מקלט — זעה איך די גאס. איך געה מיר אריין אין מאריעס חדר, פון וואנען מען זעהט פעל־דער און לאַנקעס. דאס דאזיגע צימער איז אזוי שמאל, אז איידער איך קום צו צום פענסטער מוז איך זיך פארבייגעהענדיג

אנשטויסען אן דעם קליינעם, זעהר גוט פארבעטען בעט און איך גיב נישט ווילענדיג א טראכט וועגען איהר׳ א בעט איז א זאך׳ וועלכע איז קיינמאל נישט אזוי קאלט און טויט ווי אלע אנדערע זאכען׳ עס לעבט אפילו דאן׳ ווען קיינער ליגט אין איהם נישט׳

מאריע ארבייט אונטען׳ אין שטוב׳ פון אויבען הער איך׳ ווי עס רוישען די איבערגירוקטע מעבעל׳ ווי עס שארט דער בעזים׳ און ווי עס קלאפט נאכאנאנד די לאפעטקע אן דעם עמער׳ אין וועלכען זי שיט אריין דעם אנגיזאמעלטען שטויב׳ א גיזעלשאפט׳ וועלכע מאכט כמעט אלע ווייבער פאר דינסטמיידלאך׳ איז נישט על צד היותר טוב׳ מאריע׳ וועלכע איז נישט ערגער פאר מיר׳ האט פאר־בראכט און פארברייגנט איהר גאנצען לעבען אין קעהרען די שטוב׳ אין פוצען די מעבעל׳ אין איינבויגען זיך איבער הויפענס פון שטויב און מיסט׳ אין ארומבלאנזען איבער די צימערס מיט זייערע געדיכטע נישט נאטירלאכע שאטענס׳ אמאל האב איך גימיינט׳ אז דאס דארף אזוי זיין׳ איצט געפין איך׳ אז דאס איז נישט נאטירלאך׳

אונטען איז שטיל גיווארען׳ מאריע האט פארענדיגט איהר ארבייט׳ זי געהט ארויף די טרעפ און זעצט זיך לעבען מיר׳ זינט עס איז פאר אונז קלאר גיווארען׳ אז מיר האבען זיך שוין מעהר נישט האָלט׳ זוכען מיר זיך איינער דעם אנדערן און זענען צוזאמען׳ ווען נאר מיר קאנען׳ מיר זעצען זיך אוועק איינער לעבען דעם אנדערן און באטראכטען דורכ׳ן פענסטער׳ ווי עס קומט אן דער אווענד׳ מען זעהט די לעצטע הייזער פון שטאט אויף דעם ארט׳ וואו עס הויבט זיך אן דער טאל: נידעריגע׳ אבגיצאמטע הייזלאך׳ הויפען׳ גערטענער׳ באדעקט מיט כאטקעס׳ די בוימער פון די גערטענער שטעהען כמעט נאקעט אין דער קיהלער הארבסט-לופט׳ און די גערטענער גופא זענען פוסט און פארשווינדען הינטער זייערע קוסטעס און פארקאנעס; ערטערווייז אבער גיבען פלוצים א שיין גאנצע בינטלאך פון געדיכטע׳ בליהענדיגע בלעטער אין זייער פראכטפולער גרינקייט׳ דאס ברייטע בילד אין זיין גאנצקייט ציהט אונז איצט נישט אזוי צו׳ ווי איטלאכעס איינציגעס הויז באזונדער׳ וועלכעס מיר באקוקען פון אלע זייטען׳ די דאזיגע הייזער׳ מיט

וועלכע עס פארענדיגט זיך די שטאט, זענען נישט גרויס און זענען אויך נישט רייך. אבער אט איז א הויז, איבער וועלכעס עס לייגט זיך א קרענצעל מיט רויך, און מען טראכט בשעת מעשה וועגען דעם אבגישטארבענעם, צוהאקטען האלץ, וואס לעבט איצט ווידער אויף אין אויוועז, מען טראכט וועגען דעם ארבייטער, וואס זיצט איצט מיט פארלייגטע הענט, און רוהט זיך אויס פון דער ארבייט. און אט איז א הייזעל, וואס איז אזוי גופא אין גאנצען אומבאוועגלאך, אבער וואס איז פול מיט די בעוועגונגען פון קינדער. עס בלאזט א קליינער ווינטעל, וועלכער צוזייט איבער די פעלדער שטיקלאך פון זייער גילעכטער, אזוי ווי ער וואלט זיך גיוואלט שפּילען מיט זיי. מען הערט דעם סקריפּען פון קינדערשע פיסלאך איבער דער זאמדיגער ערד. אט קומט א פאצטאליאָן צוריק צו זיך אהיים. העל־דיש איז ער איבערגישטאנען דעם גרויסען, לאנגען וועג. א גאנצען טאג האט ער ארומגיטראגען בריוו פאר די, וועלכע ווארטען אויף זיי, און איצט ברייינגט ער זיך אליין צו זיין פאמיליע, וועלכע וואַרט אויף איהם אויך. די פאמיליע ווייס, וואס עס באטייט א פאטער. אט גיט ער א שטויס די פארטקע און טרעט ארייין אינ׳ם גארטען; די הענט זענען ביי איהם פריי פון די פעקלאך בריוו! אין דער לענג פון דער אלטער, גרויער מויער שלעפּט זיך פאוואליע, טראט ביי טראט פעטער עידאָ, דער אייביגער אלמן מיט דעם שלעכטען נאמען, וועלכען ער טראגט אומעטום ארום מיט זיך. ער גייט איינגי־קארטשעט, און פּלייסט זיך צו פארנעהמען א קלענערען ארט, ווי ער האט באדארפט פארנעהמען לויט זיין פיגור. א פרוי געהט איהם איבער׳ן וועג, און אין דעם בין־השמשותדיגען שאטען אנט־פּלעקט זיך און בליהט אויף איהר גאנצע יוגענד. דאס איז מינאַ. זי געהט זיך באגעגענען מיט עמיצען. זי ציהט צונויף די ביידע עקען פון איהר פאטשיילע אויף איהר ברוסט. מען פיהלט, ווי דער מרחק, וואס טיילט זי אב פון איהר ציל, ווערט בנעימותדיג אלץ קלענער און קלענער, זעהענדיג, ווי זי גייט אזוי, אנ׳איינגיבויגענע, מיט שמייכלענדיגע, אויפגעבליהטע ליפּען, שפּירט מען די מאכט פון איהר ליבע. עס לאזט זיך ביסלעכווייז אראב דער נעפּיל. איצט

זעהט מען שוין כמעט גאר נישט, אחוץ די ווייסע, בלאנקענדיגע זאכען, דהיינו: די נייע טיילען פון די הייזער, די ווענט, דעם גרויסען שליאך, וואס פארייניגט זיך מיט דעם אנדערן שליאך דורך פארשיידענע סטעזשקעס, צוזייט אין דעם שווארצען פעלד, די גרויסע ווייסע שטיינער, שטיל און צוגילאזט אזוי ווי די שעפסען, דעם וואסערבעקען מיט זיין ווייסען אבגלאנץ אויף דעם טונקעלען גרונט. און דערנאך זעהט מען שוין נאר די לחלוטין העלע זאכען: די ווייסע פלעקען פון די הענט, פון די פנימער — פון די פנימער, וואס מען זעהט זיי אין אווענד לענגער, ווי עס באדארף צו זיין און ווי עס ליגט אין דער טבע פון דער זאך. און דערנאך ווערט אלץ נעלם און איינגישלונגען פון דער טונקעלקייט. עס קומט אויף אונז א מין טיפע שטימונג, א שטימונג פון דבקות און כונה. מיר געהען אריין אין צימער און זעצען זיך ווידער אוועק. איך זעץ זיך אויף דעם קאנט פונ׳ם בעט, זי — אויף א שטול ביים אפענעם פענסטער אקעגען דעם פערל-מוטערנעם הימעל. זי קלערט דאס אייגענע וואס איך, ווארום זי קעהרט אב דעם קאפ צו מיין זייט און גיט א זאג:

» און מיר? «

זי זיפצט. עס קומט איהר אריין א גידאַנק אין קאפ. זי וואלט גיוואלט שווייגען, אבער זי קאן זיך נישט איינהאלטען, זי מוז ריידען.

» מיר האבען זיך מעהר נישט האָלט. « איך זעה, אז זי פיהלט זיך אביסעל געדריקט דורך דעם גרויסען באטייט פון די ארויס-גיזאגטע ווערטער.

» אבער מיר האבען זיך א מאל האלט גיהאט, « מאכט זי ווייטער, » און איך וואלט גיוואלט נאך א מאל דערזעהען אונזער גיוועזענע ליבע. «

זי הויבט זיך אויף פון ארט, עפענט אויף דעם שראנק, און קומט צוריק מיט א קעסטעלע אין די הענט. זי זאגט:

» אט איז דאס. אט זענען אונזערע בריוו. «

» אונזערע בריוו, אונזערע שיינע בריוו, « מאכט זי ווייטער, » מען קאן דאס בודאי זאגען, ווארים זיי זענען שענער ווי אלע אנדערע... איך קען זיי אויסווייניג, אבער אפשר וואלסט דו

גיווען א בעלן זיי נאך א מאל איבערצוליייענען? לייען, לייען, עס איז נאך גינוג ליכטיג, ווייז מיר, ווי מיר זענען א מאל גיווען גליקלאך. «

זי גיט מיר איבער דאס קעסטיל, וואו עס ליגען אונזערע בריוו, וועלכע מיר האבען געשריעבען איינער דעם אנדערן בשעת מיר זענען גיווען חתן־כלה.

» אט דאס איז דער ערשטער בריוו, וועלכען איך האב פון דיר באקומען, נישט שוין איז דאס דער ערשטער בריוו? יא... ניין... הא, וואס זאגסט דו? «

איך נעהם דעם בריוו אין האנד אריין, איך מורמעל די ווערטער, און גיב זיי איבער דורך מיין שטים. אין דעם בריוו האט זיך גירעדט פון אונזער עתיד בזה הלשון: „שפעטער א ביסעל — ווי וועלען מיר דאס זיין גליקלאך!"

זי רוקט זיך צו אביסעל נעהנטער, בויגט איין דעם קאפ, לייענט איבער דעם טאג פון חדש און דעם יאהר, אין וועלכען ער איז געשריבען גיווארען און ברומט אונטער:

» 1902... שוין דרייצעהן יאהר, אז דער בריוו איז גישטאר־בען... דרייצעהן יאר איז אסך... ניין, אייגענטלאך איז דאס נישט קיין סך... מען ווייס אליין נישט וואס מען וויל. נא, אט איז אנ׳אנדערער, לייען... «

איך נעהם ווייטער פאנאנדער די בריוו, איינעם נאך דעם אנדערען. איך דערזעה באלד, ווי ווייט מען איז זיך טועה, ווען מען זאגט, אז מען קאן זיי אויסוויייניג. אט איז למשל א בריוו, אויף וועלכען עס שטעהט גאר קיין יאהר נישט. עס שטעהט דער נאמען פונ׳ם טאג: מאנטאג, און מיר האבען גימיינט, אז דערמיט זענען מיר שוין יוצא! איצט פארלירט ער זיך צווישען אלע אנדערע, ווו א בריוו אהן א חתימה.

» זיי זיך מודה, מאריע, אז מען קאן זיי נישט אויסוויייניג. זיך דערמאהנען אן זיך אליין... קאן מען דען דאס אלץ האבען אין גידעכעניש! «

איבערקוקענדיג די בריוו, האב איך זיך געפיהלט פונקט אזוי,

ווי איך וואלט נאך אמאל גילייענט א בוך, וואס איך האב שוין מיט א צייט צוריק גיהאט גילייענט. יענע הייסע און צאפּעלדיגע מינו־טען, ווען די פעדער איז גילאָפען געשווינד איבער׳ן פּאפּיער, און ווען די ליפּען האבען שטיל נאכגיזאגט דאס געשריבענע, שטעהען נישט אויף קיין תחית המתים און ווערען נישט צוריק לעבעדיג. די דאזיגע בריוו מאלען אויס פאר מיינע אויגען דעם צושוואומענעם בילד פון א פּאסירונג, וועלכע אנדערע האבען איבערגילעבט, און די אנדערע דאס זענען מיר גופא. אין דעם בילד פעהלען אחוץ דעם גאנצע שטיקער, ביי איינעם פון די בריוו, אין וועלכען עס האט זיך גירעדט פון דער קומענדיגער ליעבשאפט, פון קושעניש און האלזע־ניש, האט מאריע ארויסגעשטאמעלט: „נישטקשה, די וועלכע האט דאס געשריבען, האט עס גימעגט זאגען!״ זי האט זיך נישט פארשעמט און איז געבליעבען רוהיג ... דערנאך האט זי א שאקעל גיטון מיט׳ן קאפּ און גיזאגט מיט א טרויער אין איהר שטים:

»אט די אלע דאזיגע זאכען פארשטיקען מיר אין אונז ביסלעכ־ווייז און נישט ווילענדיג! ... מען דארף זיין שטארקער פון אייזען כדי אזוי פיעל צו פארגעסען! ...«

פאר איהרע אויגען עפענט זיך א תהום אהן א גרונט. זי הויבט אן זיך לגמרי מיאש צו זיין, און פלוצים שלאגט זי מיך איבער:

»גינוג! צו וואס טויג דאס איבערלייענען? מען קאן נישט וויסען און פארשטעהען דאס וואס שטעהט געשריבען.«

»גינוג זאל שוין זיין! נעהם ביי מיר נישט צו די אילוזיע.«

איצט רעדט זי שוין פונקט ווי אנומאלט די פארוואגעלטע גאַ־סען־משוגענע. זי איז מוסיף שטילערהייט:

»היינט אין דער פריה, בעת איך האב גיעפענט דאס קעסטיל מיט די בריוו, זענען פון דארט ארויסגיפאלען ווערימלאך.«

מיר לייענען שוין מעהר נישט. מיר באטראכטען זיי נאר. דער שטויב פונ׳ם לעבען! אלץ אן וואס מען דערמאהנט זיך און וואס מען רופט ארויס אין זיין גידעכעניש איז כמעט ווי גאר נישט. דאס בילד פון די פארגאנגענע יאהרען איז גרעסער פאר אונז, אבער דאס בילד גופא קאן זיין א לעבעדיגס אדער א טויטס. וואס זענען

זיי די דאזיגע בריוו, די דאזיגע אומפארשטאנדלאכע בלומען, די דא־זיגע שטיקלאך פאפיער, די שטיקלאך בענדלאך? וואס בלייבט פון די דאזיגע גרינגע חפצים? מיר טאפעןביידע דאס קעסטעלע מיט אונזערע הענט. מיר האלטען אין זיי אונזער גאנצען פריהערדיגען לעבען.

און פונדעסטוועגען לייענען מיר ווייטער.

אבער וואס ווייטער מיר לייענען, אלץ מעהר צוואקסט זיך און ווערט גרעסער עפּעס אזוינס, וואס קומט אויס אין אונזערע אוי־גען אויסטערליש מאדנע און כאפּט אונז באלד ארום ווי מיט איי־זערנע ארעמס, אריינווארפענדיג אין א יאוש: אלע אונזערע בריוו ריידען פון קומענדיגע טעג, פונ׳ם עתיד.

אומזיסט טענהט מאריע אלץ.

»דערנאך ... לאמיר לייענען אנ׳אנדערן ... ווארט אביסעל.«

אין איטלאכען בריוו איז גישטאנען: „שפעטער, ווען מיר וועלען פארברייינגען די צייט אין איינעם און ווען מיר וועלען זיך האָלט האבען ... ווי שיין וועסט דו זיין, ווען דו וועסט תמיד זיין מיט מיר ... שפעטער וועלען מיר ווידער מאכען די נסיעה צו די ערטער פון אונזער ליבע, שפעטער וועלען מיר אויספיהרען דעם דאזיגען פלאן, שפעטער ...״

»תמיד דאס אייגענע, קיין אנדערע ווערטער האבען מיר נישט גיהאט!«

א קורצע צייט פאר דער חתונה האבען מיר גיזאגט, אז אונזערע טעג און יאהרען זענען גיגאנגען אין ניוועץ, ווייל מיר זענען גיוועץ ווייט איינער פון אנדערען, און אז מיר זענען גיווען אומגליקלאך.

»א,« מאכט מארי מיט א מין שרעק, »דאס האבען מיר געשריבען און וואס איז ווייטער, ווייטער ...« ווייטער איז אין דעם בריוו, פון וועלכען מיר האבען אזוי פיל גיוואַרט, גישטאנען:

„באלד וועלען מיר זיין תמיד אין איינעם און נישט אוועק־געהען איינער פון דעם אנדערען. אט וועלען מיר דאס א ביסעל א לעב טון!״

»און וואס איז ווייטער?«

»ווייטער איז גאר נישט. דאס איז דער לעצטער בריף.«

ווייטער איז גאר נישט. עס איז ווי א טעאטער־קונצשטיק, וועלכעס ווייזט פלוצים דעם אמת. צווישן דעם גיחלומטען גן עדן און דעם פארלוירענעם גן־עדן ליגט גאר נישט נישט. עס ליגט גאר נישט נישט, ווייל מען וויל אלעמאל דאס, וואס מען פארמאגט נישט. מען האפט, דערנאך האט מען חרטה. אפריהער האפט מען אויף די קומענדיגע טעג, אויף דעם להבא, און דערנאך קעהרט מען זיך אום מיט׳ן פנים צום עבר, און מען הויבט אן שטילערהייט און באלד מיט אימפעט צו האפען אויף די פארגאנגענע יאהרען! יענע צוויי געפיהלען, וועלכע זענען שטארקער פאר אלע אנדערע און גידויערן מעהר פאר אלע אנדערע, האפענונג און חרטה, האלטען זיך אויף גאר נישט. פארלאנגען, באגעהרען, בענקען און נישט פארמאגען! דער מענש איז געגליכען צו אנ׳ארימאן. דאס גליק האט נישט קיין צייט צו לעבען. מען האט, בנאמנות, נישט קיין צייט אויסצונוצען דאס וואס מען פארמאגט. דאס גליק איז אייגענטלאך א זאך, וואס איז גאר נישט דא אויף דער וועלט. און פונדעסטוועגען קומט א מאל דער טאג, ווען עס איז שוין מעהר נישט דא!

איך זעה ווי זי עטעמט שווער, ווי זי ציטערט מיט׳ן גאנצען גוף א פארוואונדעטע ביז צום טויט. זי זיצט אויפ׳ן שטול, ווי אַ פארחלומטע. איך נעהם זי אן ביי דער האנד, ווי אין די אמאליגע צייטען. איך רייד צו איהר, א ביסעל נישט זיכער און בארעכען נישט מיינע ווערטער: די ליבע אויס תאוה, זאג איך איהר, איז נאך נישט די גאנצע ליבע.

»דאס איז די אמת׳ע ליבע!« ענטפערט מאריע.

איך שווייג.

»א,« זאגט זי, »מען פרוווט זיך אלץ צו שפיעלען מיט ווערטער, אבער פון דעם אמת קאן מען נישט אנטלויפען.«

»דער אמת! ... אויב יא אזוי, וועל איך דיר באלד דער־צעהלען, ווער איך בין גיוועזן און וואס איך בין אזוינס ...«

איך האב זיך נישט גיקאנט איינהאלטען און האב עס ארויס־גיזאגט אין דער הויך. מיין קול האט בשעת מעשה געציטערט. איך

בויג זיך צו צו איהר. און א משך פון עטלאכע מינוט האט זיך די טראגישע פארם פון דעם דאזיגען אויסגעשריי אויסגעמאלט אין מיין דמיון, ביז ער האט זיך ארויסגעריסען ביי מיר פון הארצען. עס האט מיך אנגעכאפט א מין משוגעת צו זיין עהרלאך און אפען, צו זיין פראסט און קלאר. און איך וויקעל פאר איהר פאנאנדער די געשיכטע פון מיין לעבען, וועלכען איך האב אבגילעבט מיט איהר און נעבען איהר, די געשיכטע פון מיין גאנצען לעבען מיט אלע זיינע שוואכקייטען און פעהלערן, מיט אלע זיינע אומגילומפערטע גראבקייטען. איך עפען פאר איהר אויף מיין הארץ און אנטפלעק איהר אלע זיינע באהאלטענע ווינקעלאך, איך ווייז איהר אלע מיינע באגעהרען, נויטען און באדערפנישען. קיין איינציגער מענש אויף דער וועלט האט זיך נאך נישט מתודה גיוועזן אויף אזא אפענעם און פרייען אופן. ווער עס וויל זאגען דעם אמת און נישט לייגען ביי די לעבענס־תנאים, אין וועלכע עס געפינען זיך די היינטיגע מענשען, סיי מאנזבילען סיי ווייבער, מוז זיין א האלבער משוגענער. איך לייג ארויס אויפ'ן טעלער אלע מיינע אוואנטיורעס און ליבע־געשיכטעס, פון וועלכע עס האט זיך גאר נישט אויסגילאזט. איך בין גיוועזן א גיוואהנטלאכער מענש, נישט בעסער און נישט ערגער פאר די אנדערע. נו, איז וואס? אט אזוי בין איך, אט דאס איז דער מענש, דאס איז דער ליבהאָבער.

אין צימער איז שוין טונקעל. זי האט זיך א ביסעל אויפגיהויבען פון שטול. זי האט מורא פאר'ן אמת! זי הערט אויס מיינע רייד און קוקט מיך אן ווי א מענשען, וואס רעדט על ה' ועל משיחו. אבער דער אמת האט מיך שוין גיפאקט, און ער לאזט מיך שוין נישט אב. און איך רוף ארויס פון דער פארגאנגענהייט אלץ וואס איז גיוועזן: אט די און יענע, און אלע אנדערע, וועלכע איך האב אמאל ליב גיהאט, נישט האלטענדיג פאר נויטיג צו וויסען וואס זיי האבען מיר מיטגיבראכט מיט זייער קערפער, דעם אכזריותדיגען עגאאיזם, וואס קיין זאך אין דער וועלט האט נישט גיקאנט איינשטילען, און די גאנצע משונהדיגקייט פון מיין לעבען מיט איהר און נעבען איהר. ארויסזאגענדיג דאס אלץ, בין איך אויף אזוי פיל

גיוועזן נישט אבגעהיט, אז איך האב אויסגידערצעהלט אפילו די קליינע גראבע פרטים. איך האב עס גיטון, ווי איינער, וועלכער דערפילט א שווערע התחייבות. מאמענטענווייז האט זי א מורמעל גיטון „איך האב עס גיוואוסט" און דער דאזיגער מורמעל האט גיקלונגען ווי א זיפץ. און ווידער אמאל האט זי א זאג גיטון כמעט ווי מיט א גיוויין „דאס איז אנ'אמת" זי האט אויך א פרווו גיטון צו פראטעס־טירען מיט א מין אויפוואַרף. אבער באלד האט זי זיך אנגיהויבען צוצוהערען מיט מעהר אויפמערקזאמקייט. בּיסלעכווייז איז זי אין גאנצען אנטשוויגען גיווארען. שטיל זיצט זי אין דעם געטלאכען ווינקעל פונ'ם צימער. אויף איהר פאלט נאך אנ'אבשיין, איהרע האהר, איהרע הענט און איהר האלז ווערען באשאטען מיט ליכטיגע ברעק־לאך פונ'ם הימעל.

עס פלאמען מיר ממש די באקען פאר בושה, ווען איך דערמאהן זיך אין די אלע נארישקייטען, וועלכע איך האב אנגירעדט וועגען דער ליבע. איך גידיינק, עס איז דאן גיוועזן א באזונדערע גירעטעניש אויף פרעמדע ווייבלאך, צוטומעלט פון די רייכע אוצרות, וועלכע האבען זיך פאר מיר גיעפענט, האב איך פאר זיי אנגיהויבען צו דרשהנען מכּוח אנ'אייביגער גיטרייקייט, מכּוח אנ'איבערמענשלאכע צוציהונגס קראפט, א געטלאכע התלהבות און א הייליגען, באשערטען מזל, וועלכער מוז נישט אנדערש דערגרייכען זיין ציל, נישט קוקענדיג אויף אלע מניעות, מכּוח מענשען, וועלכע זענען פון ששת ימי בראשית אן באשאפען גיווארען איינער פאר דעם אנדערען און וואס ווארטען פון תמיד אן איינער אויף דעם אנדערען — בקיצור איך האב גירעדט פון אלץ וואס א מויל קאן נאר אויסריידען, כדי נושא חן צו זיין ביי זיי אין די אויגען! און דאס ציקאווע דערביי איז, אז איך האב אליין כמעט גיגלויבט אין מיינע ווערטער. איך בין זיך מודה, אז איך ווארף איצט דאס אלץ פון מיר אראב, ווי איך וואלט זיך באפרייט פון א ליגען — פון א ליגען, וועלכען איך האב גיזאגט אי מיר, אי איהר, אי אלע פרויען, מיט וועלכע איך האב זיך באגעגענט. דער אינסטינקט איז אנ'אינ־סטינקט און ווייטער גאר נישט; זאל ער זיך גיוועלטיגען ווי

א נאטור־כוח; אבער דאס וואס מאכט אלץ קאליע, דאס איז דער ליגען.
איך פיהל, ווי פון ערגיץ וואו אין די טיעפעניש פון מיין נשמה הויבט זיך אויף א מין פראטעסט מיט א קללה קעגען יענע בלינדע איבערגיגעבענקייט, יענע בלינדע דבקות, מיט וועלכע מען באקרוינט די תאוה צו א נקבה אדער צו א זכר, ווייל זי פארמאגט אין זיך א גרויסען כוח, יענע תאוה, פאר וועלכע איך בין גיוועזן א שפילכעל די גאנצע צייט ווי אלע, ווי אלעמאל און אומעטום ...
ניין, צוויי באשעפענישען, וועלכע האבען א תאווה איינס צום אנדערען, זענען כמעט קיינמאל נישט קיין צוויי פריינד. גיכער זענען דאס צוויי שונאים, וועלכע זענען ענג באהעפט איינער מיט דעם אנדערען. איך ווייס עס, איך ווייס עס! בלי ספק זענען פאראן אויף דער וועלט אויך פולקאמנע פארלאך — ערגיץ וואו עקזיסטירט דאך פולקאמקייט, אבער מיר אלע, מיר גיוואהנטלאכע מענשען, מיר פשוטע בשר ודם׳ס! איך ווייס! די אמתע מעלות פון א מענשען, די איידעל־קייט פון די חלומות און פאנטאזיעס, דער זיסער און פארפלאנטערטער סוד פון דער פארזענליכקייט — דאס זענען אלץ זאכען, פון וועלכע ליבהאבערס לאכען זיך אויס! דאס זענען צוויי עגאאיסטישע נטיות, וועלכע שטויסען זיך צונויף און פאלען אן איינע אויף די אנדערע מיט רציחה, זיי זענען זיך ביידע מקריב פאר א פונקען פון תענוג, צוליב דעם דאזיגען פונקען איז מען אפט גרייט אבצוטון אלע מעשים תעתועים. איך ווייס דאס גאנץ גוט, איך ווייס עס אויף געוויס. דאס האבען מיר געוויזען אלע יענע ווייבער, נאך וועלכע איך האב זיך גייאגט, כדי איינצושטילען מיין הונגער, און וועלכע איך האב טיף אין הארצען נישט גיקאנט סובל זיין. דאס האבען מיר געוויזען אפילו אזוינע פרויען, וועלכע זענען נישט גיוועזן בעסער פאר מיר, היינט יענע באדערפעניש נאך נייקייט, צוליב וועלכע די תאוה ווערט אזוי זעדנע, און בייט זיך אזוי אפט, צוליב וועלכע מען זוכט תמיד דעמזעלביגען קיצעל אין אלץ נייע און אנדערע קערפערס, וואס מען ווארפט אוועק ווי נאר זיי ווערען אלט — אט יענע באדערפעניש מאכט פון דעם לעבען א המשך פון אבקומענישען: מען ווערט תמיד אבגינארט אין זיינע

האפענונגען, מען ווערט פארביטערט, מען באקומט א ביטול צו דער נאנצער וועלט, און מען ווערט דער קרבן פון דער האפענונג, וועלכע ווערט קיינמאל נישט מקוים, און פון דער חרטה, פאר וועלכע עס איז שוין נישט דא קיין שום תרופה, די ליבהאבערס, וועלכע שפארען זיך איין נישט אנדערש צו בלייבען אין איינעם, הרגענען אוועק איינער דעם אנדערען. פריהער זענען זיי גיוועזען צושיידט און דאס איז פאר זיי גיוועזען דער טויט; איצטער האט דער טויט אנגינומען אנ׳אנדער פארם — דער זיין אין איינעם, נישט יענער איז עלענט און פארלאזען, וועלכער קומט צוריק איינער אליין אזוי ווי אלימפא, נאר יענע, וועלכע בלייבען אין איינעם, די וועלכע בלייבען צוזאמען זענען טיפער און שארפער צושיידט, ווי די וואס זענען ווייט איינער פון דעם אנדערען.

מיט וואס פאר א רעכט זאגט די תאוה פון דער גשמיותדיגער ליבע: איך בין אויך דאס הארץ און די נשמה, מיר זענען צוגעשמידט איינער צום צווייטען אויף אייביג, און פון מיין נצחון אדער מיין מפלה ווענדט זיך אלץ אין דער וועלט? איך בין די ליבע! דאס איז נישט אמת, דאס איז א ליגען, אמת, די ליבע פארכאפט אלע גידאנקען פונ׳ם מענשען, אבער נישט אויף א נאטירלאכען דרך, נאר מיט גוואלד, און אויב פאעטען און ליבהאבערס באפוצען און באקרוינען זי מיט אלע מעלות, מיט העלדישקייט און טיפקייט וועלכע זי פארמאגט נישט, איז דאס מעהר נישט דערפאר, ווייל זיי זענען ביידע גלייכע עמי־הארצים און ביידע גלייך פארבלענדט. דאס הארץ איז שטארק און שיין, אבער עס איז א חסר־דעה און א ליגנער. פלוצים באקומט דער פנים א משונהדיגען אויסדרוק און א פייכטער מויל זאגט: „ווי שיין דאס איז צו זיין א מטורף!" ניין: מען קאן נישט מאכען אנ׳אידעאל פון א פארבלענדעניש, און א טעות בלייבט אלעמאל א חסרון, וואס פאר א נאמען מען זאל זיי נישט געבען.

איך שטעה אומבאוועגלאך אין א ווינקעל לעבען דעם פארהאנג און רייד שטיל, אבער מיר דוכט זיך אויס, אז איך שריי און מאך דערביי מיט די הענט און מיט די פיס. נאכדעם ווי איך האב אזוי

גירעדט, זענען מיר שוין נישט די וואס גיוועז, ווייל צווישען אונז האט אויפגעהערט דער ליגען.

מאריע שווייגט א וויילינקע. דערנאך הויבט זי אויף צו מיר איהר געזיכט מיט א פאר אויסגילאשענע אויגען, דאס געזיכט פון א מענשען, וועלכע האט שוין אלץ פארלוירען אין לעבען, און גיט א פרעג;

»אבער אויב די דאזיגע ליעבע איז אנ׳אילוזיע, טא וואס בלייבט?«

איך געה צו צו איהר נעהענטער און באטראכט זי אפריהער, איידער איך ענטפער איהר, ביים אבגלאנץ פונ׳ם הימעל, וועלכער קוקט אריין א בלאסער דורכ׳ן פענסטער, באטראכט איך איהרע האהר, וואס די לבנה באזילבערט מיט איהר שיין, און איהר גאנצע פיגור, וואס דער אווענד וויקעלט איין ווי אין א שלייער, איך באטראכט פון דער נאהענט דעם דערהויבענעם אויסדרוק, וועלכען זי טראגט אויף איהר פנים, און איך טראכט בשעת מעשה, אז איך בין נאך מוראדיג צוגיבונדען צו איהר, און אז זי איז נישט גיווארען ווייניגער וויכטיג פאר מיר דורכדעם, וואס מיין חשק צו איהר איז אבגעקיהלט גיווארען. צי׳ זאל דאס זיין מעהר נישט ווי א רגילות? ניין, נישט נאר דאס, די רגילות, וועלכע לייגט ארויף אויף אלץ איהר ווייכע האנד, איז אפשר פארהאן צווישען אונז אויך, אבער עס איז פארהאן עפעס מעהר, נישט נאר די ענגקייט פונ׳ם צימער איז די סיבה דערפון, וואס מיר דערנעהענטערן זיך איינער צום אנדערן, ניין, דא שטעקט עפעס מעהר, עפעס מעהר! אויף איהר פראגע וואס עס בלייבט, ענטפער איך איהר:

»דו בלייבסט מיר.«

»וואס בין איך, מישטעהענס גיזאגט, איך בין גאר נישט.«

»דו ביסט אלץ, פאר מיר ביסט דו אלץ.«

זי הויבט זיך אויף פון איהר ארט; זי שטאמעלט; זי לייגט ארום איהרע ארעמס ארום מיין האלז, אבער זי פאלט א פארחלשטע אויף מיין ברוסט, זי טשעפעט זיך אן אן מיר, און איך טראג זי ווי א קינד צום אלטען שטול, וועלכער שטעהט אין דער מיט פונ׳ם צימער. איך האב ווידער באקומען מיין גאנצען כוח. איך בין שוין נישט מעהר פארוואונדעט, איך בין שוין נישט מעהר קראנק. איך

טראג זי אין מיינע ארעמס. עס איז נישט גרינג צו טראגן אין די ארעמס א באשעפעניש, וואס איז נישט קלענער פאר דעם, וועלכער טראגט. ווי שטארק מען זאל נישט זיין, קאן מען עס דאך נישט באווייזען. און דאס וואס איך זאג איהר, זאג איך איהר נישט מחמת איך בין שוואך, נאר מחמת איך בין שטארק:

»דו ביסט אלץ פאר מיר, ווייל דו ביסט דו, און איך האב דיך האָלט.«

און מיר האבען דיזעלביגע גידאנקען, אזוי ווי זי וואלט גי־הערט, ווי איך רייד:

»דו ביסט א לעבעדיג באשעפעניש, דו ביסט א מענשליכער יחיד, דו טראגסט אין דיר די אומענדליכקייט, וועלכע איטלאכער טראגט אין זיך, און איך בין באהעפט מיט דיר דורך אלץ, וואס דו ביסט. דיינע יסורים, וועלכע דו האסט אקערשט אויסגישטאנען, דיינע טרערען איבער די חורבות פון דער יוגענד אין די בילדער פון דער גיוועזענער ליבשאפט, אט די אלע דאזיגע זאכען באהעפטען מיך מיט דיר, ווייל איך פיהל זיי, און ווייל איך האב אין זיי א חלק. נעהמענדיג דיך ווי דו ביסט מיט אלע דיינע מעלות און חסרונות, און נעהמענדיג זיך אליין מיט אלע מיינע מעלות און חסרונות, קאן איך דיר סוף כל סוף זאגען: „איך האב דיך האָלט”. יא, איך האב דיך האָלט, דיך, וועלכע פארטאפעלט מיין לעבען. כדי צו זיין אין איינעם, דארפען מיר זיך פון קיין זאך נישט אבקעהרען. אלע דיינע גידאנקען, דיינע נטיות, דיינע ליבשאפטען פארנעהמען אויך אנ׳ארט ביי מיר. און הגם איך קאן זיי נישט אלע פיהלען, ווייל איך פיהל אנדערש ווי דו (די פרייקייט איז דאך א טייל פון דער מענשלאכער ווערדע) פארשטעה איך דאך, אז דו ביסט גירעכעט און אזוי באַ־דארף עס צו זיין, און איך שפיר, אז איך לייג דיר איטליכעס מאל, ווען איך רייד נישט מיט דיר.«

איך שפין ווייטער מיינע אייגענע גידאנקען אויף דאן, ווען איך זאג איהר גאנץ הויך:

»איך וואלט אוועקגיגעבען מיין לעבען פאר דיר, און איך בין דיר אין פארויס מוחל אלץ וואס דו וועסט ווען עס איז טון צוליב דיין גליק.«

זי דריקט מיך ווייך אין איהרע ארעמס און איך פיהל איהרע טרעהרען, וועלכע ריידען שטיל און איהרע ווערטער וועלכע זינגען דאס אייגענע ליד ווי מיינס. מיר דוכט זיך אויס, אז דער אמת האט ווידער פארנומען זיין ארט אין אונזער קליינעם צימערל, אז ער האט אנגינומען א לעבעדיגע, ממשותדיגע פארם, און אז צווי־שען אונז האט זיך אנטפלעקט די גרעסטע ליבע, וועלכע האט ווען עס איז באהעפט מיטאנאנד צוויי באשעפענישען, די גרויסע ליעבע, פון וועלכע מיר האבען נישט גיוואוסט, און אין וועלכער עס בא־שטעהט דאס גאנצע גליק פון דעם מענשען.

»אמאל האב איך דיך האלט געהאט צוליב מיר, איצט האב איך דיך האָלט צוליב דיר.«

ווען מען קוקט גלייך, דערזעהט מען סוף כל סוף יענע גרויסע פאסירונג, וועלכע האט נישט קיין אנהויב און האט נישט קיין סוף — דעם טויט. דער טויט איז דער איינציג אמת׳ר באטייט פון אונזער לעבען. אנ׳אמת׳ע השגה פון זייער הארץ האבען די, וועלכע באטראכ־טען איהם ביי דעם דאזיגען שרעקלאכען ליכט. איך ווייס גאנץ גוט, אז ווען מאריע וועט שטארבען וועט דאס זיין פאר מיר פונקט ווי איך אליין וואלט שטארבען, און מיר ווייזט זיך אויס אחוץ דעם, אז מאריע איז דאס איינציגע באשעפעניש אויף דער וועלט, אין וועלכען עס שפי־געלט זיך אב מיין בילד אין גאנצען מיט אלע זיינע פרטים. מיר הא־בען נישט קיין מורא אנצוריהרען די דאזיגע גרויסע זאכען, מיר הא־בען נישט קיין מורא פאר יענע גרויסע, צו גרויסע עהרלאכקייט פונ׳ם שכל. מיר ריידען דערפון, קוקענדיג אויפ׳ן בעט, וועלכעס ווארט אויף יענע פאסירונג, פון וועלכער מען קאן זיך נישט ארויסדרעהען, און וועלכעס איז בודאי גימאכט גיווארען פאר אנדערע זאכען, ווי דער טויט, אבער אגב אויך פאר דער רגע, ווען מען וועט שוין מעהר נישט אויפשטעהען. מיר זאגען איינער צום אנדערען:

»קומען וועט א מאל דער טאג, ווען איך וועל עפעס אנהויבען און נישט פארענדיגען··· אפשר וועט דאס זיין א שפאצירגאנג, אדער א בריוו, אדער א ווארט, א חלום, ווייס איך וואס··· איך קוק אריין אין איהרע בלויע אויגען, אין דער דאזיגער רגע רוף איך ארויס אין

מיין זכרון דעם שווארצען פענסטער, וועלכער איז גישטאנען אפען פאר מיר אין יענע נאכט, ווען איך האב גיהאלטען ביים שטארבען. איך באטראכט איהרע קלארע אויגען אין א משך פון א לאנגע צייט, איך זינק אין זיי אריין, און איך זעה, אז דאס איז אייגענטלאך דער ריכטיגער קבר פאר מיר. קריגען התפעלות פון דער אויסטערלישער שיינקייט פון די דאזיגע אויגען — דאס איז נישט קיין איינריידעניש, דאס איז אויך נישט קיין נדבה. וואס האט פאסירט צווישען אונז היינטיגען אווענד? וואס באטייט דער דאזיגער מאך מיט די פליגלען? נישט שוין זשע עפענען זיך אונזער אונזערע אויגען אלץ ברייטער און ווייטער, וואס טיפער עס לאזט זיך אויף אונז אראב די נאכט? פריהער האבען מיר מורא גיהאט פאר דעם נישט־זיין מיט דער פשוטער פיזיאליגעשער מורא פון ליבהאבערס; איצט אבער האט דער טויט פאר אונז איין איינציגען באטייט — צו שיידען זיך — און אין דערין באשטעהט דער פשוטסטער, פראכטפולסטער באווייז פון אונזרע ליבע. מיר האבען אויך נישט קיין מורא צו ריידען פון אונזערע קערפערס, וועלכע האבען אונז באהעפט מיטאנאנד, מיר האבען נישט קיין מורא צו ריידען דערפון, אז מיר זענען גיווען צונויפגיבונדען אין איינעם, אז מיר האבען זיך גיקענט איינער דעם צווייטען אין גאנצען, און אז אונזערע קערפערס זענען אריינגידרונגען איינער אין דעם צווייטען. די דאזיגע דערינערונג, דער דאזיגער שטעמפעל אין דעם לעבעדיגען לייב, האט א טיפע ווערדע. די ליבשאפט, וועלכע פארשענערט אזוינע צוויי באשעפענישען ווי מיר ביידע איז צונויפגישטעלט פון אלץ, וואס זיי פארמאגען און האבען פארמאגט.

איך שטעה פאר מאריען. זי איז שוין כמעט אין גאנצען אריבערגיגאנגען אויף מיין צד. מיין הארץ גיוועלטיגט איבער מיר ־זוי שטארק, אז איך ציטער און וואקעל, זאגענדיג איהר די דאזיגע ווערטער

»דו זעהסט, דער אמת איז שענער פאר׳ן שלום.«

דער אמת האט אונז גיראטעוועט. דער אמת האט אונז צוריקגיגעבען דאס לעבען. די ליבע איז דאס גרעסטע פון די מענשליכע געפיהלען, ווייל עס איז גימאכט גיווארען פון דרך ארץ, קלארקייט און

ליכטיגקייט. פארשטעהען, גלייך ווערען מיט דעם אמת, דאס איז אלץ, און ליב האבען דאס איז דאס אייגענע ווי קענען און פארשטעהען.

די ליבע, וועלכע איז אין מיינע אויגען אויך רחמנות, ווייל איך זעה נישט קיין חלוק צווישען זיי ביידען, גיוועלטיגט איבער אלץ דורך איהר פארשטאנד. דאס דאזיגע געפיהל איז אומבאגרעניצט, אזוי ווי עס וואלט גיוועהן א טירוף, און איז אין תוך גירעדט קלוג און פול מיט חכמה: עס איז די איינציגע פולקאמנע זאך אינ׳ם לעבען. עס איז נישט דא אזא ברייט געפיהל אויף דער וועלט, וואס זאל נישט קאָנען געפינען קיין פלאץ פאר זיך אין די ארעמס פון דער רחמנות. פארשטעהען דעם לעבען און איהם האָלט האבען ביז אויף דעם סאמען גרונט אין אנ׳אנדער באשעפעניש, דאס איז דער ציל, דאס איז די אויפגאבע פון א מענשען און אין דערין באשטעהט אויך זיין הויפט־אויפטוי. איבערגיגעבען זיין אין גאנצען, בלב ונפש, קאן מען נאר זיין צו איין איינציגען מענשען אויף דער וועלט; מען קאן האבען נאר איין איינציגען נאהענטען שכן אין לעבען.

לעבען איז גליקליך זיין, לעבען איז הנאה האבען פונ׳ם לעבען. דער נוצען פונ׳ם לעבען . . . זיין גלאנץ אין זיין שיינקייט פארמאגען נישט יענע מיסטישע פארמעס, פון וועלכע מען חלומט, בעת מען איז נאך גיבונדען דורך די יוגענד. פארקעהרט: עס שטעקען אין דעם דאזיגען גלאנץ א מין אומרוה און ציטערניש, א מין צער און העלדיש־קייט. דאס מענשלאכע הארץ איז נישט באשאפען גיווארען פאר א גליק אהן א ממשותדיגען תוך, ווייל דער אמת פון דעם ארומיגער וועלט איז אויך נישט באשאפען פאר אזא מין גליק. דאס הארץ וויל התפעלות און נישט שטילקייט.

»דו האסט גוט גיטון, וואס דו האסט מיר דאס אלץ ארויסגיזאגט! יא, עס איז אלעמאל גרינג צו לייגען אויף א ווײלע. אודאי וואלט גאר נישט גיוועהן אזוי שלעכט צו לייגען, ווען מען וואלט גיקאנט אייביג לעבען אין א חלום און ווען מען וואלט סוף כל סוף זיך נישט גימוזט אויפכאפען . . . אבער, אז מען שמועסט זיך דורך, ווערט מען אבגעהיט דערפון, און מען באקומט זיין לאהן. און אפשר איז דאס די איינציגע באלאהנונג אויף דער וועלט.« זי האט דאס גיזאגט אין א טיפען טאן

וועלכער איז מיר דערגאנגען ביז צו סאמען גרונט פון מיין הארץ. איצט איז זי פאר מיר א הילף, און פאר אונזביידען עפענען זיך יענע גרויסע אנטפלעקונגען, וועלכע מען דערפיהלט, ווען מען איז אין גאנצען גירעכט, און אפשר מעהר .... ווי עס באדארף צו זיין. מאריע איז מיט מיר מסכים אין אלע פרטים, איהר הסכמה איז גאנץ און פול אין דעמזעלביגען מאס, און וועלכען זי איז טראגיש און אין וועלכען זי איז גיקומען אומגיהאפטערהייט.

»פריהער בין איך גיוועזן ווי א שטיין, ווייל איך בין גיוועזן ווי אויסגילאשען, און פול מיט בענקענישען נאך דעם עבר. דו האסט מיך ווידער באלעבט ; דו האסט מיך ווידער גימאכט פאר א פרוי. איך האב זיך שוין גיהאט א ווארף גיטון אין די ארעמס פון דער אמונה. מען גלויבט נישט אין גאט כל זמן מען דארף איהם נישט האבען. אבער אז מען האט שוין גאר נישט פונ׳ם לעבען, לערנט מען זיך אויס צו גלויבען. איצט אבער וויל איך עס מעהר נישט.«

אזוי רעדט מאריע ... נאר די, וועלכע דינען עבודה זרה, און שוואכע מענשען נויטיגען זיך אין איינרעדעניש, ווי אין א רפואה. די אנדערע האבען נאר דאס באדערפעניש צו זעהען און איבערצוגעבען דאס גיזעהענע אין ווערטער.

זי שמייכעלט. עפעס איז זי אין גאנצען א גרינגע, איידעלע און א צושוואומענע, אזוי ווי א מלאך. זי שוועבט און דער ריינער אוועגדלופט, צווישען די ליכטיגקייט אין די שאטענס. איך בין אזוי נאהענט צו איהר, אז איך מוז קניען אויף דער ערד, אויב איך וויל זיין נאך נעהענטער צו איהר. איך באדעק מיט קושען איהר נאסען געזיכט און איהרע איידעלע ליפען, האלטענדיג איהרע האנד צווישען מיינעביידע צונויפגילייגטע הענט.

יא, עס איז פארהאן א גאט אויף דער וועלט, און ווער עס וויל האבען א שליטה איבער דעם אומבאגרעניצטען אינעווייניגסטען לעבען, ווי אויך איבער דעם חלק, וועלכען מען האט אין אלעמענס לעבען, דעם אמת — דער טאר זיך פון איהם נישט אבקעהרען.

סעפטעמבער 1918